רחל פייגענבערג

אויף

# פרעמדע וועגן

ראָמאַן

צווייטע אויפלאַגע

פארלאג „אחיספר“,
ביי געז. „צענטראַל“,
וואַרשע, נאָוואָליפקי 7.

# א.

ליבע טרייע עלטערען!—האָט געשריבען מאיר פון אַמעריקא צו זיין טאַטען ניסן דעם סמאַליאַרניק אינ׳ם דאָרף אָלעסיע און צו זיין מאַמען העניע-ערשטענס שרייב איך אייך, אַז איך בעפינדע זיך, אַ דאַנק דעם עוויגען, אין בעסטען געזונד. גיב גאָט ניט ערגער פון אייך צו הערען. צווייטענס, מיינע ליבע עלטערען, קאָן איך אייך שרייבען גוטע נייעס. איך בין שוין געוואָרן אַ „באָס“ 1) פאַר זיך און מיינע „ביזנעס“ 2) האָבען זיך איצט פיל פערבעסערט. די גאַנצע צייט, וואָס איך בין דאָ געוועזן אין אַמעריקא, ווייסט איהר דאָך, בין איך אַלץ געוועזן אַ „באָי“ 3) אין אַ אבושעריי, ביי יענעם און איצט האָב איך אינאיינעם מיט אַ שותּף אַליין געמאַכט אַ בוטשער־סטאָר, דאָס הייסט שוין אַנ׳אייגענע יאַטקע. ער האָט אַריינגעלייגט זיינע טויזענד דאָלאַר און איך נאָר מייניע פיער הונדערט, נאָר די חלקים פון די ביזנעס זענען גלייכע, ווייל א[illegible]ין געוועזן דריי יאָהר ביי אַ „בוטשער“ 4) און בין אין דעם געשעפט [illegible] אין ס׳געהט, דאַנקען גאָט, גוט. ס׳איז אָלרייט.

---

1) אַ בעל-הבית. 2) פערדינסטען. 3) אַ יונג. 4) אַ קצב.

אַלזאָ, ליבע עלטערען, איך קאָן אייך שרייבען, אַז איך טראַכט שוין איצט פון אַ שדוך. פריהער, ווען איהר האָט מיר געשריבען, האָב איך נאָך נישט געקענט חתונה האָבען, נאָר איצט וועל איך שוין קאָנען אויסהאַלטען אַ פאַמיליע אויפ׳ן שענסטען גראַד. מיין שותף האָט אַ „ליידי" [5] און דריי „בייביס" [6] און מאַכט אַ פיינעם לעבען. אַלזאָ איך וויל איצט טון אַ שדוך, נאָר חתונה האָבען מיט אַן׳אַמעריקאַנער מיידעל וויל איך נישט, ווייל זיי זענען דאָ זעהער טרעבאָוואַטעלנע פון די מענער. דעריבער וואָלט איך בעסער געוואָלט טהון אַ שדוך פון דער היים. ווען איהר קאָנט מיר שיקען עפּיס אַ רעכטע פיינע מיידעל פון אַן׳אַנדער קאַנט, וואָלט איך געוועזן זעהער צופרידען. פרעגט אָן ביי לייזער דעם מיהלנער אין ראָדניקאָווע, אויב זיין שיינדעל וועט וועלען פאָהרען, זאָלט איר מיר גלייך מודיע זיין, וועל איך איהר אַרויסשיקען אַ שיפס־קאַרטע און געלד אויף הוצאות. און איהר טאַטען לייזער׳ן זאָלט איהר זאָגען, אַז קיין נדן דאַרף איך נישט און קליידער לווינט אויך נישט פיהרען פון ראָדניקאָווע קיין אַמעריקאַ. איך וועל איהר שיקען אַ שיפס־קאַרטע צווייטען קלאַס איינגעצאָהלט מיט אַלע פאַרגעניגען. מוזיקע פאַר איהר און אַלע שעהנע מענשען פאַר איהר. און אַז זי וועט קומען, וועל איך איהר קויפן שעהנע מתנות און זי וועט, חלילה, געגען לייטישע כלות נישט פאַרשעמט ווערען. נאָר טאָמער וועט זי מאַכען שטיק, אָדער זי וועט זוכען אויף מיר חסרונות, זאָלט איהר זיך נישט שטאַרק בעטען ביי איהר, ווייל איהר האָט מיט אייער זוהן נישט וואָס אַראָפּצופּאַלען ביי זיך. איך וועל קריגען אַ כלה. אויב נישט שיינדעל מעגט איהר זוכען אַן׳אַנדער שדוך פאַר מיר. און איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל: איך דאַרף נישט קיין נדן און קיין גאַרדעראָבע. דאָס מיידעל אַליין זאָל זיין עפּיס אַ רעכטס. איך וויל אַ שעהנע. וועט זיך עפּיס מאַכען, זאָלט איהר מיר גלייך מודיע זיין. נאָר פריהער פרעגט זיך אָן ביי לייזערן אין ראָדניקאָווע וועגען שיינדלען.

מער קיין נייעס האָב איך אייך נישט וואָס צו שרייבען. אויף צו בויען אַ קאַמער בין איך נישט מסכים. זוכט בעסער אַ קונה אויף דער סמאַליאַרניע. גלויב מיר, טאַטע, האָסט אומזיסט מורא פאַר אַמעריקאַ. וואָלסט דאָ אויך געקאָנט מאַכען אַ לעבען און פאַר שרה׳לען

5) אַ ווייב. 6) קינדער.

וואָלט אודאי געווען אַ גליק. נאָר מיר האָט שוין דערעסען צו ריי־ען דער־
פון. זענט געזונד, ליבע עלטערן. צו שרה'לען שרייב איך אַ בעזונ־
דער בריוועל.

אייער טרייער זוהן
מאיר ווילענקין

דער בריף איז אָנגעקומען שבת.

אין דער פריה איז עס געווען. די שלאַנקע בע'חנ'טע שו'ה'לע איז געשטאַנען פאַר דער טהיר מיט'ן טאַטענס וואַטאָוען קאַפטען אויף די שמאָלע אַקסעלעך און האָט צום טאַקט געקלאַפּט אַ פוס צו אַ פוס ווען איבערן דאָרף האָט זיך דורכגעטראָגען דאָס לייכטע שענע שליטעל פון דער פערד־פּאָסט און דער, וואָס איז געזעסן אינעווייניג אין זיין גרויסען פוטער איינגעהילט, האָט דער שטיפערין גלייך צו די הענד געוואָרפען דעם טייערען גרוס פונ'ם גאָלדענעם לאַנד. די איבער־ראַשטע דערפרעהטע שרה'לע האָט פערגעסען דעם דורכפאָרער צו שענקען אַ שוואַרצען בליק און אַ שמייכעל איהר'ס. זי איז גלייך אין שטוב אַנטלאָפען, נאָר איילענדיג דורך דעם האַלב־פינסטערען פאָר־הויז איז זי ווידער געשטרויכעלט געוואָרען. זי האָט פערגעסען, אַז ס'איז שבת און האָט אַליין דעם בריף געעפענט. אין דער מינוט האָ־בען זי די אַמעריקאַנער נייעס געפאַנגען מיט אַלע איהרע חושים. אין טרעהרען און האַרצקלאַפּעניש האָט זי דריי מאָל דיביידע בריוו־לעך איבערגעלעזען. דערנאָך האָט זי זיי בעהאַלטען אויפ'ן קאָמאָד אין אַ חומש און האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענסטער אויסקוקען אויף טאַטע און מאַמע.

אַז ניסן מיט העניען זענען געקומען פון מנין, איז זיי שרה'לע מיט דער גוטער בשורה ענטקעגען געלאָפען און דערביי האָט זי זיך נישט ווילענדיג אַרויסגעכאַפּט, אַז דעם בריף האָט געעפענט דער פּאַרובאָק דאַנילאָ, כאָטש נישט דער טאַטע און נישט די מאַמע האָבען ביי איהר געפרעגט וועגען דעם און נישט זיי איז איינגעפאַלען זי א[ן] עפּיס חושד צו זיין. זיי האָבען אַפילו נישט באַמערקט, ווי אַזוי זי איז רויט געוואָרען, ווייל העניע אַליין האָט מיטאַמאָל געגעבען אַ שיין אין די גרויע האַלב־פערלאָשענע אויגען איהרע און איז צוגע־פאַלען צום חומש מיט אַזאַ אימפּעט, ווי מאיר אַליין וואָלט דאָרטען געלעגען בעהאַלטען. דער רוהיגער ניסן האָט דערווייל פאַמעליך אָבּ־

געזוכט די בריל אין טלית־זעקעל און האָט זיך צוגעגרייט לעזען דעם בריף.

ביים עסען איז צווישען זיי ביידען אַוועק אַ טענה ווי אַזוי מען זאָל זיך דאָ איצט נוהג זיין, מען זאָל, חלילה, מאיר׳ס כבוד נישט אָנריהרען. ניסן האָט געזאָגט, אַז מיט לייזער׳ן איז מען פון אַלע יאָהרען שכנים און אייגענע מענשען, דאַרף מען עס מאַכען אויפ׳ן היימישען אופן. פשוט אַריינגעהן צו איהם אין אַנ׳אויפדער־נאַכט, ווייזען איהם דאָס בריוול און זאָגען אָפענע ווערטער. זאָל ער פרעגען דאָס מיידעל און גלייך געבען אַ תשובה אויפ׳ן אָרט. נאָר העניע האָט דערויף נישט אַריינגעשטימט. לויט איהר מיינונג האָט מען געדאַרפט שיקן אַ שדכן, ווייל טאַטע און מאַמע זאָלען אַליין געהן, איז עס אַנ׳אומכבוד פאַר מאירן.

איהר איז דער גאַנצער ענין נישט געפעלען געוועזן. לייזער איז אַ שעהנער יוד און אויף שיינדלען קיין חסרונות האָט זי אויך נישט געהאַט צו זאָגען, נאָר אויב אָהן נדן און אָהן קליידער, וואָלט זי גע־קאָנט בעשטעהן אַראָבנעהמען פאַר איהר מאיר׳ן אַ שטאָדטיגע כלה. אויך האָט העניע נישט פערגינען לייזערן אַזאַ גליק, גלאַט קומען אין שטוב אַריין און צונעהמען אַ מיידעל ווי זי שטעהט און געהט. נאָר געגען מאיר׳ס רצון וועט זי נישט געהן. וואָס איז זי, חלילה, איהר קינד אַ שונא? דאָך בלייבט ביי איהר דערצעהלען פאַר׳ן גאַנצען ישוב, וואָס מאיר שרייבט, נאָר וועגען שיינדלען דערווייל פערשווייגען.

מיט די געדאַנקען האָט זיך העניע פון בעט אויפגעהויבען. ניסן האָט נאָכ׳ן טשאָלנט געשמאַק געשלאָפען און ביי איהר זענען די אויגען געוועזן, ווי אויסגעוואַשענע. זי האָט אויסגעגלייכט דאָס ווייסע טשיפיקל געגען דעם קליינעם שפּיגעלע, וועלכעס איז משופע איבער׳ן קאָמאָד געהאָנגען. דערנאָך האָט זי אָנגעטהון דאָס זיידענע טיכעל מיט דער וואַרעמער שאַל אויף די אַקסלען און איז אַוועק מאַכען וויזיטען.

אין עטליכע מינוט אַרום איז העניע געשטאַנען אין עק דאָרף נעבען אַנ׳איינגעבויגענעם פערשוואַרצטען צלם און האָט זיך גע׳ישב׳ט וואוהין זי זאָל זיך לאָזען געהן פריהער: אין קרעטשמע צו דבורה׳ן גלייך מיט׳ן אַלטען שליאַך, אָדער דורכ׳ן וואַלד צו די שמידן קיין קריוואָ־דוב. ס׳איז געווען אַ ווייט שטיקעל וועג. נאָר די קריוואָ־דובער שמידען זענען געווען די בעסטע שכנים פונ׳ם גאַנצען אַרומיגען ישוב.

אַ חוץ דעם האָבּען זיך דעם אַלטען שכנא'ס קינדער אינאיינעם מיט מאיר'ן געהאָדעוועט. בשותפות האָט מען תמיד אַ מלמד געהאַלטען. דערנאָך אין שטעדטעל האָבּען די יונגלעך געלערענט אין איין חדר און איצט האָט זי פון איהם אַזאַ בשורה טובה. גוטע פריינד וועט עס אודאי הנאה טהון.

און העניע האָט זיך געלאָזט געהן מיט'ן נאַקעטען פערשנייטען פעלד אין דער זייט אַריין, וואו ביים ראַנד פון הימעל האָט זיך געטונקעלט דער וואַלד מיט זיין אַלטען שוואַרצען דעמב פון קריוואָ־דוב. דער ווינד האָט זי געיאָגט פון אַלע זייטען, קלעפּענדיג די גרוי־סע געקעסטעלטע שאַל צו איהר מאָגערען אויסגעהאָרעוועטען גוף. פון קעלט זענען איהר די אויגען פערלאָפען געווען מיט טרעהרען און זי האָט געשפּרייזט אין די שווערע שיך מיט די געשמידטע אָבּצאַסען, טראַכטענדיג מיט אַ דערפרעהט האַרץ פונ'ם גרויסען חוב, וואָס זי האָט איצט אויף זיך. זי דאַרף אויסקלויבּען פאַר מאיר'ן אַ כלה. אַנ'־איינציגע שנור דאַרף זי נעהמען. שוין זשע איז עס לייזערס מיידעל די גליקליכע? ניין. מען דאַרף זיך נאָך מיישב זיין...

נאָר אין דער צייט, ווען העניע איז אַזוי פערטיפט געווען אין איהרע שווערע גליקליכע געדאַנקען, האָט שרה'לע געאיילט קיין ראָד־ניקאָווע דערצעהלען שיינדלען דעם נייעס, אַז מאיר רופט זי קיין אַמעריקע, זי זאָל דאָרטען מיט איהם חתונה האָבּען.

זי האָט זיך נאָך אַלץ געפיהלט אין דער געהויבּענער שטימונג פונ'ם אַמעריקאַנער בּריף. ווי נאָר די מאַמע איז אַרויס פון שטוב, האָט זי זיך מיט'ן בּערשטעל אָבגעפוצט די שיך זיי זאָלען גלאַנצען און געוואַשען זיך מיט'ן שמעקעדיגען זייף, וואָס לייבּעל קאָראָבּייניק האָט איהר געגעבּען בּסוד אויף אויסצאָהלען. צו דעם דאָזיגען לוקסוס איז זי שוין געוועהנט געווען פון זינט די קאָוונער וואַלד־סוחרים האָבּען בּיי זיי געוואוינט און דער בּראַקער אשכנזי, אַ בּחור אין די יאָהרען מיט אַ נאַקעטען קאָפּ און געגאָלטע וואָנסען, האָט איהר גע־זאָגט, שמייכלענדיג אַ פלעשעלע פּערפומען, אַז זי, שרה'לע, איז אַ שענע. אין צוויי יאָהר אַרום, ווען זי וועט שוין זיין אַ גרויסע, וועט ער קומען חתונה האָבּען מיט איהר און וועט זי צונעהמען אין אַ גרויסער שטאָדט אַריין.

די צוויי יאָהר זענען שוין געווען לאַנג פאָריבּער. אשכנזי'ן דעם בּראַקער האָט שוין שרה'לע געהאַט פערגעסען כמעט, ווייל פון דער

צייט איז זי שוין געווען פערליבט אין ביידע לעהרערס, וועלכע האָ־
בען זיך געביטען אויפ'ן ישוב איינער נאָכ'ן אַנדערען און איצט, כאָטש
ס'איז נאָך געווען ערשט האַלב־ווינטער, איז זי שוין מיט'ן נייעם,
דעם דריטען לעהרער אויך געווען גוט בעקענט. ער האָט שוין איהר
אַפילו פאָרגעלעגט צו לערנען אומזיסט. און דאָס האָט שוין שרה'לע
געוואוסט, אַז דאָס איז אַנ'אָנהויב, ווייל איהרע פריהערדיגע צוויי
ליבעס האָבען זיך אויך אַזוי אָנגעהויבען. אמת זי איז אין דעם נישט
שולדיג געווען. זי האָט אַליין נישט געוואוסט ווי אַזוי פונ'ם לערנען
פלעגט ווערען אַ ליבע, ווייל די מאַמע האָט איהר דעם קאָפּ נישט
געלאָזט אויפהויבען. אַפילו מיט'ן שמעקעדיגען שטיקעל זייף האָט זי
זיך געמוזט בעהאַלטען פון איהר.

דאָס מאָל האָט שרה'לע געאיילט מיט'ן טואַלעט. ווען העניע
האָט קוים בעוויזען דורכגעהן די גוי'עשע גערטנער, איז זי שוין גע־
ווען ווייט אויפ'ן וועג קיין ראָדניקאָווע. אָנגעטהון אין איהר בלאָ
קורץ מאַנטעלע מיט'ן ווייסען פוכענעם טיכעל פערוואָרפען איבער'ן
אַקסעל איין ברעג צום אַנדערען האָט זי זיך געגליטשט מיט'ן גלאַט־
געטאָקטען טראַקט און איז אַלע מאָל שטעהן געבליבען מאַכען אימעצען
אַ חנ'דעל, אָדער אויסהערען אַ שטיקעל מוסר למאי זי שטיפט אויפ'ן
יונגעלשען שטייגער.

נעבען ראָדניקאָווע האָט זי זיך בעגעגענט מיט די קריוואָ־דובער
בחורים, דעם שמידס ביידע זיהן, מאיר'ס געוועזענע חברים. זיי זענען
אויך געגאַנגען צו לייזער'ן. שרה'לע האָט זיי ביידען גלייך אויסדער־
צעהלט די נייעס פונ'ם אַמעריקאַנער בריף און בסוד־סודות אויך וועגען דעם שדוך, וואָס מאיר שרייבט.

בעניען, דעם קלענערן פון די צוויי ברידער, וועלכער האָט
שוין פון לאַנג געהאַט אַנ'אויג אויף שיינדלען, איז די מעשה באַלד
נישט געפעלען געוואָרען, האָט ער געגעבען אַ זאָג אונטער דער נאָז,
אַז אַמעריקאַנער שדוכים וועלען זיין אַזוי מזל'דיג, ווי אַמעריקאַנער
געלד און, פערבייסענדיג זיין צוהאַקטע אייבערשטע ליפּ, איז ער אַ
ברוגז'ער אַוועק אַפריהער. נאָר דער עלטערער ברודער שמעון לייב,
אַ שענער פרעהלעכער יונג, וועלכער איז ערשט פון מיליטער־דינסט
געקומען, איז פון מאיר'ס איינפאַל שטאַרק נתפעל געוואָרען, דער־
ביי האָט ער אויך שרה'לען דערצעהלט אַ נייעס. עפּיס אַ שטאָדטיג
מיידעל, לייזערס אַ קרובה, איז געקומען אַהער זיך אָנקוקען מיט אַ חתן

אוןביידע מיט בעניען געהען זיי קיין ראָדניקאָווע זי זעהן.

שרה'לע האָט אָנגעשטעלט מויל און אויערען. צו איהר גרויס איבערראַשונג איז דער חתן, וואָס מען האָט גערעדט דעם שטאָדטיגען מיידעל, געוועזן פון דער נייער קאַנטאָר אין קרעטשמע ביי די לעוויס, זייער נייער בראַקער אשכנזי. דער זעלבער אשכנזי, וואָס איז אַמאָל איינגעשטאַנען אין אָלעסיע ביי זיי אין שטוב און האָט איהר געזאָגט, אַז אין צוויי יאָהר אַרום, ווען זי, שרה'לע, וועט שוין זיין אַ גרויסע, וועט ער קומען מיט איהר חתונה האָבען און צונעהמען זי אין אַ גרויסער שטאָדט אַריין.

ווי פייל אויסן בויגען האָט זי זיך געלאָזט לויפען קיין ראָדניקאָווע.

## ב.

לייזער דעם מיהלנערס שטוב איז נעבען וואַלד געשטאַנען. פערביי די פענסטער האָט זיך געצויגען דער וועג פונ'ם פריצ'ישען הויף גלייך אין דאָרף אַריין און די טויבע וואַנד מיט'ן גאַניק האָבען געקוקט צו דער וואַסער-מיהל אַרויס. דאָס רוישענדע טייכעל האָט מען נישט געזעהן. זומער איז עס צווישען בריקלעך געוועזן פערבאָרגען און ס'האָט געפלאָנזעט דורכ'ן וואַלד ביז צו די גרויסע וואַסער-שטראָמען פון דער דאָזיגער געגענד. ווינטער איז דאָס טייכעל געלעגען אַ גע-שמידטע אונטערן אייז, בעדעקט מיט שימערענדען שניי. דערביי איז די מיהל אַ פערגליווערטע געשטאַנען מיט די געקאַרבטע שוואַרצע רעדער פערשטאַרט אין וואַסער, ווי אַ בייזע חיה וואָלט מיט די צייהן דאָס אייז געריסען.

אַ פערגרעבטע פאַמיליע איז עס געוועזן.

לייזער איז אַפילו געוועזן אַ געבוירענער אַ שטאָדטיגער און האָט געשטאַמט פון אַ שענער לומדישער משפחה. אַליין איז ער אויך געוועזן אַ פעראיידעלטער למדן מיט אַ בלאָנדער זיידענער באָרד און טונקעלע אומעטיגע אויגען. ער האָט ליב געהאַט אַריינקוקען אין אַ ספר, אָדער אין אַ צייטונג, ווען אַזעלכע איז איהם צו די הענד געקומען. אויך האָט ער די פויערים פון די אַרומיגע דערפער געשריבען בריף צו זייערע זיהן, וועלכע האָבען געדיינט אין מיליטער, נאָר בטבע אַ מענש

אַ בעל־חלום, נישט קיין ענערגישער, האָט ער צו די דאָרפישע גע־שעפטען נישט געטויגט און האָט אויף זיין פאַמיליע אַ קליינע ווירקונג געהאַט. די בעלי־דעות אין שטוב זענען געווען איטע מיט דער שוויגער, וועלכע האָבען איהם פאַר זיין לומדות גרויס כבוד אָבגעגעבען און ער האָט זיך תמיד אַרומגעטראָגען מיט חלומות פון גרויסשטאָדטיגע עסקים, פון עשירות און פון געראָטענע נגידיש־ערצויגענע קינדער.

איטע איז שוין געווען דער היפוך פון איהם. אַ הויכע יודענע מיט לאַנגע ביינער, מיט אַ גרויס מויל און אַ הייזעריגען שטאַרקען קול, ווי פון אַ פוסטער פאַס אַרויס, איז זי געווען אַ בריה, ווי די פערגרעבטע מאַמע איהרע, וועמענס קללות סיי אין יודיש, סיי אין גוי׳עש האָבען גע׳שמ׳ט איבער׳ן גאַנצען ישוב. און יענע איז עס געווען פאַר לייזערן די גרויזאַמע יודענע, וועלכע האָט איהם חתונה געמאַכט מיט איטען.

ער האָט דעמאָלט געקנעלט אויפ׳ן ישוב. נאָך פאַר׳ן פריזיוו איז עס ביי איהם געווען און ביי ראָשע לאה׳ן דער מיהלנערקע האָט ער געגעסען קעסט. זי איז געווען אַ פעריאָגטע יודענע, אַן אַלמנה מיט ניין קינדער, אויסגעגעבענע פעראָרימטע, און קלענערע, וועלכע זי האָט נאָך אַליין געדאַרפט מפרנס זיין. ווינטער, אַז די מיהל איז געשטאַנען, איז זי געווען אַ הענדלערין אין דאָרף און דורך די לאַנגע ווינטערדיגע פאַרטאָגען פלעגט זי שפינען און וועבען צוגלייך מיט די גוי׳עס, נאָר די שטוב איז געווען אָבגעלאָזען און דאָס עסען נישט צו דער צייט. איטע איז שוין דאַן געווען אַ פערזעסען מיידעל. אַ פערביטערטע פון קנאה, וואָס איהרע חבר׳טעס, די רייכערע און שענערע, האָבען שוין חתונה געהאַט, האָט זי די קלענערע קינדער געשאָלטען און געפייניגט. צו דעם מלמד האָט עס אָבער קיין שייכות נישט געהאַט. פאַר לייזערן האָט זי געהאַט גרויס דרך־ארץ און ראָשע לאה אַליין האָט איהם אָפגעהיט ווי אַן אייגען קינד. דערוויסענדיג זיך, אַז ער איז אַ יתום און דאַרף זיך שטעלען, האָט זי איהם דורכ׳ן פריץ אַרויסגענומען פון פריזיוו גאָר פאַר אַ קליינגקייט. נאָר דערנאָך האָט לייזער אַליין נישט געוואוסט, ווען דאָס איז געשעהען. אין אַ שענעם שבת־צו־נאַכט איז ער אַ חתן געוואָרען פאַר דער גרויסער געזונדטער איטען, וועלכע איז פון איהם מיט גאַנצע צוועלף יאָהר עלטער געווען. שטעלען זיך ענטקעגען האָט לייזער נישט געקאָנט. ער האָט פאַר דער מאַמען מיט דער טאָכטער מורא געהאַט אימת־מות.

דערצו איז די כלה געווען אַ יתומה און ראָשע לאה האָט איהם דאָך אָבגעשריבען די שטוב און אַ האַלבע מיהל דעם פריצ׳ס.

אויף דער חתונה האָט לייזער קיינעם פון זיין משפחה נישט געבעטען, שעמענדיג זיך מיט דער כלה׳ס קרובים, די פערגרעבטע אַרענדאַרעס און שמידען פונ׳ם גאַנצען ישוב. דערנאָך, ווען ער פלעגט קומען אַמאָל אין שטאָדט אַריין, האָט ער אויך געווייכט זיין יחוס׳־דיגע פאַמיליע. נאָר אין אַ יאָהר דריי נאָך דער חתונה האָט זיך זיי־נער אַ פעטער דערמאָנט קומען מיט דער מומען אויף אַ שבת צו איהם אין געסט. דער פעטער איז געווען אַ יוד אַ למדן, אַ גרויס־שטאָדטיגער גמרא־מלמד, וועלכער האָט נאָר מיט רייכע יונגלעך געלערענט, אויך האָט ער געהאַט אַנ׳אייגענע שטוב און רייכע געבילדעטע קינדער. איטע מיט ראָשע לאה׳ן האָבען די געסט זעהער שען אויפגענומען. די בעסטע היהנער פון שטוב האָט מען געקוילעט. טאָרטען האָט מען געבאַקען, ווי אויף שמחת־תורה און די פלאַש נאַליווקע, וואָס איז געווען אָנגעגרייט ביי איטען אויף קינד־בעט, איז פון טיש נישט אַראָב.

דער פעטער, אַ תמימות׳דיגער יוד פון דער אַלטער וועלט און בטבע זעהער אַ גוטער, איז גאַנץ צופרידען געווען. האָבענדיג אַליין אַ ווייב אַ משכלת מיט זעהער אַ ברייטער דעה אין אַלצדינג, האָט ער צוגעקוקט ווי אַזוי די צוויי דאָרפישע ווייבער זענען לייזער׳ן אונטער־טהעניג און גיבן איהם אָב כבוד, האָט ער געטראַכט: נו, גאַנץ גוט אַזוי.

נאָר די מומע איז אומגעגאַנגען אַ ברוגז׳ע און אַ פערקרימטע, אָנגעבלאָזען מיט איהר רבנישען יחוס, פון וועלכען זי איז געווען געקנאָטען ביז׳ן פיערטען דור. קיין זאַך איז איהר נישט לויטער געווען אין די אויגען. דער נייער געבלייכטער טישטוך אויפ׳ן טיש, דער בעסטער פון איטעס אייגען געוועב, איז איהר צו גראָב און פונקט אַזעלכע וואָלט זי געוואָלט קויפען אויף קיך־האַנדטיכער. און פונ׳ם געקעכץ מיט די צינענע לעפל הערט זיך בליי. און למאי האַלט מען הינד אין אַ יודישער שטוב. דיביידע ווייבער זענען צופלאַצט געוואָ־רען הערענדיג. דאָך האָבען זיי איהר אָבגעשוויגען. זי איז דורכאויס געזעסען מיט די מאַנסבילען און האָט געשאָטען מיט תורה־ווערטלעך, ווי זי וואָלט אַליין דער גרויסער למדן געווען. און איבער גרויס דרך־ארץ פאַר איהרע לומדות האָט זיך די פאַרגרעבטע ראָשע לאה

גובר געווען און האָט גערעדט מיט איהר ווייך און הכנעה׳דיג.

נאָר די שטאָדטיגע מומע, די מי חסת, האָט זיך אַלץ געהאַלטען פון דער ווייטען. לייזער מיט׳ן פעטער זענען געזעסען ביים טיש, שמועסענדיג פון תורה, פון וועלט־זאַכען און זי איז אויך מיט זיי געזעסען, אָדער זי איז אַרומגעגאַנגען איבער׳ן שטוב מיט צונויפגע־לייגטע הענד האָפערדיג און פאַמעליכען, ווי אַ פּאַווע. איין מאָל האָט זי געוואָרפען אַ בליק אויף די צוויי גראָטענע מיידעלעך, וועלכע האָבען זיך אויפ׳ן הויף געשפּילט. נעבען זיי איז געזעסען די ברייט־ביינינגע איטע מיט איהר גרויסען בויך און פערגעלבט־איינגעפאַלען פּנים. און זי האָט אַ זאָג געטהון מיט אַ שטיל געלעכטערעל צו לייזער׳ן:

—וואָלסט פערקויפען דיין טאַטענס יחוס, וואָלסטו אויך גענומען נדן און אַ פיינעם שווער צוגאָב. האָסט זיך דען געקוואַפּעט אויף שענקייט.

לייזער האָט געקוקט דערשראָקען אין אַלע זייטען אויב איטע אָדער די אַלטע זענען דאָ נישטאָ, נישט וויסענדיג וואָס צו ענטפערען אויף דעם דאָזיגען בימערען געלעכטערעל, וועלכען ער האָט נאָך יונגעל־וויז נישט געקאָנט פערליידען. נאָר דער פעטער איז איהם באַלד צו הילף געקומען אויף זיין גוטמוטהיגען שטייגער.

—נישט קשה! נישט קשה!—האָט ער שטילערהייט געשטאַמעלט—אודאי, אודאי... אַ ווייב דאַרף מען נעהמען פון שענעם אָרט. נאָר נישט קשה. לעב אויס מיט איהר די יאָהרען. אַבי אַן׳עהרליך קינד.

—אַ רעכט קינד—האָט די מומע ווידער געצויגען מיט די דינע ליפּעלעך—אַ יודענע. זי איז עלטער פון מיר...

—נו, נו, אָהן אַ סכנה. לעב אויס מיט איהר די יאָהרען—איז דער אַלטער געשטאַנען אויף דאָס זייניגע.

ביי לייזער׳ן האָט זיך בעוויזען אין אויג אַ טרעהר. און די מומע האָט פערשנורעוועט דאָס מייל׳עכעל, ווי זי וואָלט וואַסער אָנגענומען און מעהר האָט זי דערפון נישט גערעדט.

נאָר דאָ הויבט זיך ערשט אָן ביי לייזער׳ן דער גיהנום.

דער גוטער פעטער האָט אַריינגענומען איטען אין זיין שענער משפחה, איז ער אַ רוהיגער אַהיימגעפאָהרען און לייזער׳ן ווערט דער־נאָך ענג די שטוב. ער האָט מיט אַמאָל שרעקליך פיינט בעקומען איטען. זי האָט געהאַט אַ שווער טראָגען און איז נאָך קיין מאָל אַזוי העסליך נישט געווען. ער האָט איהר קול נישט געקאָנט הערען און,

דערזעהענדיג זי אַזוי אין אַ מיטן טאָג אַ גרויסע, אַ שוואַרצע מיט באָרפוסע קויטיגע פיס, ווי אַ גוי'ע, איז איהם באַלד אויפ'ן האַרץ נישט גוט געוואָרען. עטליכע וואָכען נאָכאַנאַנד האָבען איהם געפּייניגט אַלערליי ווילדע רעיונות און איין מאָל איז איהם אײנגעפאַלען אַ משונה'דיגער געדאַנק: אַנטלויפען פון ראָדניקאָווע ערגעץ וואוהין די אויגען וועלען טראָגען...

---

לייזער האָט זיך אָבגעגנב'עט פון דער היים און איז אַוועק מיט אַ מחנה פרעמדע פויערים, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען פערביי אין די נייע זעג־מיהלען אַרום דעם טייך „פּטיצש" זוכען אַרבייט.

די זיאָזיגע חברה האָט חוזק געמאַכט פון איהם מיט זיין יודיש־גוי'עשן לשון. נאָר ער האָט זיי אויסדערצעהלט זיין ביטער האַרץ, אַז ער געהט פאַר ווייב און קינד אַ שטיקעל ברויט צו פערדינען און זיי האָבען אויף איהם רחמנות געהאַט. קומענדיג אין די נייע זעג־מיהלען, האָבען זיי פאַר איהם אין קאַנטאָר געבעטען אַרבייט, זאָגענדיג, אַז ער, לייזער, איז זייערער אַ היימישער און זיי קענען איהם פאַר אַנ'עהרליכען מענשען. די סוחרים האָבען זיי געגלויבט און מען האָט איהם גלייך געגעבען צו פערדינען. ער איז אויפ'ן פלאַץ נעבען די ברעטער אַ שומר געוואָרען און האָט אַלע טאָג געקריגען אויסגע־צאָהלט אין קאַנטאָר זיין לוין צוגלייך מיט אַנדערע אַרבייטער.

אַזוי האָט לייזער געלעבט פון יגיע כפּיו דריי חדשים. די ער־שטע וואָך האָט ער איטען אַ טרייסט־בריוועל געשריבען, אַז זי זאָל איהם נישט זוכען. ער איז, חלילה, נישט קיין הפקר־יונג, וואָס לאָזט דאָס ווייב אַנ'עגונה און אַנטלויפט קיין אַמעריקא. ער וויל נאָר נישט לעבען פון איהרע מיט דער שוויגער'ס פרנסות. ווען ער וועט זיך אַרויפשלאָגען אויף אַ שטיקעל מעמד, וועט ער איהר אַרויסשיקען געלד און, אויב זי וועט וועלען, קאָן ער איהר אויך געבען גט, ווייל ער וויל נישט, זי, אַ שוואַכע אשה, זאָל פון איהם ליידען.

אַוועקשיקענדיג אַזאַ מין קאַרטעל, האָט זיך לייזער בערוהיגט און האָט טריי געדינט זיינע בעלי־הבתים. ביי טאָג האָט ער געהיט אויפ'ן פלאַץ די ברעטער און גענעכטיגט האָט ער אין דער נייער געביידע. אינאיינעם מיט די יודישע פוהרמאַנעס, וועלכע האָבען צו דער באַהן דאָס געהילץ געפיהרט.

אַזוי האָט ער אָבגעלעבט דעם זומער. נאָר אָסיען־צייט, ווען עס האָבען זיך אָנגעהויבען די רעגענס מיט די קעלטען און אין דער נייער געביידע האָט פערשמעקט מיט שימעל און פֿוסטקייט, איז לייזערן געוואָרען נישט היימלעך אויפ׳ן האַרצען. ס׳איז קאַלט געווען צו שלאָפֿען. די פֿוהרמאַנעס האָבען גע׳קללה׳ט די בעלי־הבתים. זיי האָבען זיך געבונטעוועט און געפּאָדערט אויוועלעך מיט בעסערע טהיר און פֿענסטער, נאָר לייזער האָט געשוויגען. אַ צונויפגעדרעהטער פֿון קעלט מיט׳ן בינדטעל צוקאָפּענס, האָט ער זיך איינגעהערט צום ריטמישען קלאַפּ פֿון די מאָטאָרען, טראַכֿטענדיג פֿון אַ וואַרימער היים. און איין מאָל אין אַ פֿאַרטאָג האָט זיך איהם גע׳חלומ׳ט, אַז איטע איז פֿון צרות געפֿעהרליך קראַנק געוואָרען.

לייזער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ קאַלטען שווייס אויפ׳ן שטערען. ער האָט גלייך גענומען דעם טלית און תּפֿילין מיט די דריי העמדער, וואָס ער האָט פערמאָגט זיין אייגענס, און האָט זיך געלאָזט צופֿוס אין וועג אַריין.

געקומען איז ער אַהיים אַ מידער און אַ פֿערקאַטערטער מיט אַ שטעכֿעניש אין ביידע זייטען. אין ראָדניקאָווע איז געווען טרויעריג און פֿוסט. דער בייזער ווינטער האָט זיך שוין געהאַט פֿערקליבען אין אַלע ווינקעלעך. דאָס טייכֿל אונטער׳ן בריק, אַ פֿערוויגטע פֿון די ביינאַכטיגע פֿרעסטלעך, האָט שוין שטיל געשלאָפֿען און די מיהל איז שוין אויך פֿערגליווערט געשטאַנען מיט די האַלבע רעדער אין אייז. אין שטוב איז געווען קאַלט און אָבגעלאָזען, די פֿענסטער נישט אַרומגעזעהן, די פּריזבעס נישט אָנגעשאָטען. אומעטום האָט דער אַלטער ראשע לאה׳ס אויג געפֿעלט. פֿון זינט לייזער איז אַוועק פֿון דער היים, האָט זי אַוועקגעוואָרפֿען אַלע געשעפֿטען און האָט זיך געלאָזט איבער דער וועלט צו רבנים און גוטע יודען עצות פֿרעגען. פֿון שטאָדט צו שטאָדט איז זי געפֿאָהרען. אין שטעדטיל האָט זי פֿערקויפֿט און פֿערזעצט, וואָס עס איז נאָר געווען אין שטוב. ביידע קאַסטענס, איהרע מיט איטעס, אָנגעלאָדענע מיט טייערע האַנדטיכער און סערוועטען פֿון אייגען געוועב, זענען אין איינע עטליכֿע וואָכֿען פֿוסט געוואָרען, ווי נאָך אַ שׂרפֿה. ראשע לאה האָט עס אַלדינג אָנגענומען פֿאַר ליב, ווייל דאָס טייערסטע, וואָס זי האָט פֿערמאָגט, איז עס געווען לייזער אַליין; און, וויינענדיג אויף איטע׳ס מזל, האָט זי געלאָזט פֿאַלען אַ טרעהר אויף זיך אַליין אויך צוליב דעם אָנגעוואָרענעם פּרק משניות, וואָס

לייזער האָט איהר אַמאָל צוגעזאָגט צו לערנען נאָך איהר טויט.

און איטע האָט דערווייל געטהון איהרס. זי האָט דורכאויס אי-רע צווי מיידעלעך געקלה'ט און געקניפּן. אויך האָט זי איהר בי-טער האַרץ אויסגעלאָזען צו דעם נפש'ל, וואָס זי האָט אונטערן האַר-צען געטראָגען.

אין יענעם פריהמאָרגען, ווען לייזער איז אַהיים געקומען, האָט איטע אַ טוידטען יונגעל געבוירען.

## ג.

יאָהרען זענען אַוועק.

ביי לייזער דעם מיהלנער זענען פיער שענע טעכטער געוואַק-סען: דריי מיידלעך איינס אונטער דאָס אַנדערע און די קליינע גי-טעלע, וועלכע איז ביי איטען געבוירען געוואָרען נאָך די עטליכע יאָהר, וואָס עס האָבען זיך ביי איהר קיין קינדער נישט געהאַלטען. אַלע זענען זיי געווען געוויקסיגע, אין דער מאַמען גערעאָטען, געזונדטע, קלאָרע, מיט לאַנגע געטאָקטע חענד און בלאָנד־פלאַקסענע צעפ גאָר נישט ווי ביי קיין יודישע קינדער. נאָר אויגען האָבען זיי געהאַט דעם פאָטערס. דאָס זענען געווען פיער בלאָנדע דאָרפס־מיידלעך, רויהע נאַטור־קינדער, ווי די פויערשע טעכטער, מיט וועלכע זיי האָ-בען זיך געחבר'ט און אַלע מיט טונקעלע יודיש־פרעמדע אויגען, טיפע, אומעטיגע מיט אַ פייכטען גלאַנץ, ווי אימיצער וואָלט זיי פון ערגעץ ווייט געבראַכט אַהער און אין די פרעמדע קלאָרע פנים'ער איינגעפאַסט. לייזערס מיידלעך זענען געווען אָריגינעל. אַזוי האָבען געזאָגט פריצים, וועלכע פלעגען זיך אַמאָל אָבשטעלען פערבייפאָהרענ-דיג. אַזוי האָט געזאָגט די גלח'טע און איהר שוועסטער די לעהרערין פונ'ם נאָהענטען דאָרף. אַזוי האָט אויך געזאָגט דער עקאָנאָם פון די פריצישע גיטער. איבערהויפט האָט מען בעוואונדערט שיינדלען מיט איהר בליהענד־רייצענדען חן און די קליינע גיטעלע, וועלכע איז געווען אויף איהר עהנליך.

נאָר ביי לייזערן איז עס אַ קליינער כבוד געווען. ער האָט זיך געפיהלט בעליידיגט, וואָס גאָט האָט איהם קיין זוהן נישט געגעבען

און פון די טעכטער איז ער בכלל נישט צופרידען געווען, כאָטש דער גלח׳טעס שוועסטער ברענגט גיטעלען מתנות און בעט ביי איהם ער זאָל זי אָבגעבען לערנען צו איהר אין שולע אריין. און די גרעסערע האָט ער תמיד געהאַלטען אויפ׳ן אויג. פלעגט זיך ווען עס איז אַ פּריץ אומקוקען אויף שיינדלען, איז לייזער פּערציטערט געוואָרען און איז עטליכע טעג דערנאָך אומגעגאַנגען אַ פערטראַכטער, היי־טענדיג איהר יעדען טריט. ס׳האָט זיך איהם געדאכט, אַז די דאָר־פישע מויד זיינע האָט שוין אין דער מחשבה עפּיס אַ גוי, צוליב וועלכען זי וועט אין אַ פינסטערען פרייטאָג-צו-נאַכט אַנטלויפען פון דער היים און וועט זיך אָב׳שמד׳ן. דאָך האָט ער געזעהן אויסערליך רוהיג צו זיין און נישט צו געבען אַזעלכע באַגעגענישען קיין בע־דייטונג, שיינדעל אַליין זאָל נישט מיינען, אַז זי איז אַזאַ שענע, וואָס פּריצים יאָגען זיך נאָך איהר.

אַזוי איז איין מאָל דורכגעפאָהרען פערביי דער פּריציעשער עקאָנאָם מיט עפּיס איינעם אין גילדענע קנעפּ, זיינעם אַ גאַסט, און אָבשטעלענדיג זיך נעבען שמוב, האָט ער געהייסען דעם קוטשער אַרויסרופען שיינדלען. יענע האָט זיך אַרומגעדרעהט ביי דער היימי־שער אַרבייט אין איהר וואָכעדיג אַלט קליידעל, נאָר דערהערענדיג, אַז פּריצים רופען זי, האָט זי אַ צוטומעלטע געכאַפּט אויף זיך אַ העל געפּרעסט קאָפּטעלע און איז צו זיי אַרויסגעלאָפען אַזוי מיט ביידע צעפּ אַרום האַלז פּערוויקעלט. אין שטוב האָבען זיך אַלע צו די פענסטער געוואָרפען. דער עקאָנאָם האָט זיין גאַסט אָנגעוויזען אויף שיינדלען, זאָגענדיג מיט אַ פעטען שמייכעל פון אַנ׳אַלטען בעל־תאוה: אָט דאָס איז אונזער „קראַסנאָיע־סאָלנישקאָ״ און דערביי האָט ער זיך צו איהר געווענדעט ליבליך זי זאָל איהם אַ גלאָז וואַסער דערלאַנגען. שיינדעל האָט זיי גלייך אַרויסגעטראָגען דאָס שענסטע גלאָז און שעלעכעל פון איטעס בעל־הבתישקייט און אַ קריגעל קאַלט וואַסער. ביידע האָבען זיי זי נייגעריג אָנגעקוקט, נעהמענדיג פון איהרע הענד צום טרינקען און דערביי האָט דער פרעמדער זי געפרעגט וויפיעל זי איז אַלט, צי זי האָט שוין אַ חתן און אויב ס׳איז איהר דאָ אין דאָרף נישט אומעטיג. דער עקאָנאָם מיט די גראָויע באַקען־בערד און פייכט־פערלאָפענע קליינע אויגען האָט איהר געדאַנקט אויף זיין אַלט־ציניש שטייגער. נאָר וועלענדיג קנייפּען איהר דאָס בעקעל, ווי זיין טבע איז געווען, האָט ער אין דער רגע דערזעהן לייזער׳ן שטעהן ביים פענ־

סטער. ס׳איז איהם עפּיס נישט היימליך געוואָרען, האָט ער איהם לייכט געגריסט און אין איילעניש שיינדלען אַ קוש־געטהון אין האַנד.

שיינדעל איז רויט געוואָרען. זי האָט געקוקט פערוואונדערט און דערשראָקען אויף די צוויי פּריצים, ווי זי וואָלט זיי געפרעגט מיט וואָס מען דאַרף בעדאַנקען דערפאַר. עפּיס האָט זי געשטאַמעלט, אַז זי איז אַלט נײַנצעהן יאָהר און זי לעזט ביכלעך, וואָס די גלח׳־טע גיט איהר. יענע האָבען עס אויסגעהערט, שלינגענדיג זי מיט די בליקען. דערנאָך האָבען זיי זיך געבייגט צו איהר מיט די היטלעך און זענען אָבגעפאָהרען, פערגעסענדיג אָן לייזער׳ן, וועלכער איז גע־שטאַנען ביים פענסטער אַ צוקאָכטער. ער האָט פערביסען אַ האַלבע באָרד, ווי זיין טבע איז געווען און האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ צו דער שוויגער:

—זעהט איהר שוין וואָס גוים זענען? דער עקָא־אָם, אַנ׳עלטע־רער גוי און אַזאַ הבל׳ניק.

נאָר ראשע לאה האָט די זאַך אָנגענומען פשוט׳ער.

—אָט! איך קוק וואָס!—האָט זי אָבגעהאַקט גוי׳עש־פערגרעבט, אויסשרייענדיג דעם קלאַנג „אָ”, ווי זי וואָלט איהם יעדעס מאָל פון ערגעץ אָבגעשניטען—מען ווייס דאָך די פּריצים. וואָס איז איהם עפּיס מיאוס, צי וואָס? אַ ווייסער קאָפּ אַ דזיוווקו יעמו פּאָדאַוואַי.

און איטע איז גאָר אַרויס פאַר אַ מליץ.

—וואָס איז איהם, אַז אָן די ווייב האַלט זיך אין שטוב נישט איין, שלעפּט זיך אַרום מיט׳ן זעמסקען. אָן נעכטען אין שטעדטיל אויך ביידע געפאָהרען. אַ וואונדער וואָס ער איז אַזוי.

—און גרויסע קינדער—האָט זיך לייזער נישט געקאָנט בערוהיגען און דערזעהענדיג ביי דער טהיר די פערפלאַמטע שיינדעל מיט די דריי קלענערע מיידלעך אַלע אַרום איהר פערטיפט אין אַ גרויסען וויכטיגען סוד, איז ער אין כעס געוואָרען און האָט זיך אָנגעהויבען בייזערן:

—נו, נו. וואָס סוד׳עט מען זיך עס אַזוי? קיינמאָל קיין מענ־שען נישט געזעהן אין די אויגען? און זי מיינט, אַז זי איז שוין אַ בת־מלכּה.

—אַ טייערע מציאה ביי אַ פּריץ אַ קוש אין האַנד—האָט ראשע לאה אונטערגעהאָלפען און איטע האָט אויך איהרס צוגעגעבען:

—זעה אָקאָרשט, אודאי געווען שכּור. דאָס איז מען דאָך אָן פון

הויף געפאָהרען. דאָרטען געגעסען וואַרמעס.

שיינדעל איז ביי זיך פעסט געווען נאָכ'ן ערפאָלג ביי די פריצים און האָט געפונען פאַר נויטיק אויך אַרויסזאָגען איהר אייגענע מיינונג און דוקא מיט כעס, ווי דער טאַטע:

—זעה נאָר, וואָס דאָ טהוט זיך! למאי אין קרעטשמע ביי ברוך'ס ווייבעל קושען אַלע די האַנד? דבורה'ס שנור איז שוין הייליג.

די אַלטע ראשע לאה האָט זיך צושאָקעלט אין אַלע זייטען:

—איי, מאַמעלאַך! און די דבורה אַליין. אָן האָט זי אַמאָל גע־ברענט אַ וועלט. אָן האָט זי גערעדט פאָ־פאַנשקי.

—צו דבורה'ס שנור גלייכט זי זיך!—איז לייזער געוואָרען אָנ־געצונדען—קאָן פריהער ריידען מיט אַ פריץ. יענע איז אַ געבוירענע אַ שטאָדטיגע, אַ געענדיגטע. גלייכט זי זיך צו איהר.

—נו, פאַר וואָס האָסטו מיך אויך נישט געלערענט? פאַר וואָס האַלסטו דיינע קינדער אין דאָרף?

פאַר לייזער'ן איז עס געווען אַ נייעס. דאָס ערשטע מאָל האָט ער געהערט פון זיינס אַ מיידעל טענות למאי ער האָט איהר קיין בעסערע הדרכה נישט געגעבען. נאָר טראַכטען דעריבער איז איהם נישט איינגעפאַלען. ער האָט געהאַט זיין גרייטען ענטפער דערויף:

—אָ, ווען איהר האָט אַנ'אַנדער מאַמע?

שיינדעל האָט זיך צעוויינט און איטע האָט אָנגעהויבען שליי־דערען אַלצדינג, וואָס איז איהר צו די הענד געקומען, מורמלענדיג שטילערהייט פאַר זיך:

—אָן די מאַמע! דאַכט זיך אַלע אין זיין טרפ'ענער שטאָדטיגער „גזע" געראָטען. מיר איז גוט אַזוי. אָט בין—איך נישט קיין קענערקע און האָב אַראָבגענומען אַזאַ לייט.

לייזער האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט און איז אַוועק פון שטוב. נאָר איטע האָט באַלד געוואָרפען אַנ'אונרוהיגען בליק אין פענסטער אַריין און ראשע לאה האָט שטילערהייט אַרויסגעשיקט אַ קינד זעהן, וואו דער טאַטע איז... די קינדער האָבען קיין מאָל נישט געוואוסט פאַר וואָס די מאַמע מיט דער באָבען שפּירען איהם נאָך. נאָר זיי, די ביידע .ווייבער, זענען נאָך אַלץ געווען אונטער יענעם איינדרוק, ווען לייזער איז אין אַ מיטען העלען טאָג ענטלאָפען פון דער היים. ווען ער איז דעמאָלט צוריקגעקומען, האָט איטע גענומען אויף זיך אַ נדר נישט צו שעלטען דעם מאַן און דער אַלטערס פרייד

איז געוועזען אַזוי גרויס, דאָס זי האָט גלייך דעם קשר פון דער מיהל איבערגעשריבען אויף זיין נאָמען.

יאָהרען זענען אַוועק.

לייזער האָט שוין פון לאַנג זיינע יונגעלשע נאַרעשקייטען פערגעסען. ער האָט שוין גערעדט גוט גוי׳עש און איז געוועזען אַ מיהלנער נישט קיין ערגערער, ווי ראשע לאה אַ מיהלנערין. ווינטער, ווען די מיהל איז געשטאַנען, האָט ער געהאַנדעלט מיט תּבואה און איז אַרומגעגאַנגען מיט׳ן זאַק איבער׳ן דאָרף פון שטוב צו שטוב. אויך פלעגט ער פאָהרען אין שטאָדט איינקויפען סחורה פאַר דער היימישער קלייט. אמת ער פלעגט זיך אָפט טועה זיין און ברענגען נישט דאָס, וואָס מען דאַרף, אָדער ס׳איז איהם איינגעפאַלען אַוועקוואַרפען אַלע געשעפטען און אריינכאַפען זיך אין אַ שוהל בין מנחה למעריב הערען אַ מגיד, פערגעסענדיג, אַז צוליב דעם וועט ער שוין מוזען צונעכטיגען. אַזוי אַרום האָט ער זיך שוין פערגינען אין פריהמאָרגען נאָך אַמאָל געהן אין שוהל אַריין, וואו ער איז ווידער געשטרויכעלט געוואָרען דורך עפּיס אַ בעל-דרשן. אויף אַזאַ מין אופן פלעגט ער אָפט זיצען ביז דריי-פיער טעג אין שטאָדט ביז וואַנען די בעל־אכסניה׳טע, אַ יודענע אַ לץ, האָט איהם אַריינגעזאָגט מיט אַ גרינג געמיט, ווי איהר טבע איז געוועזען:

–אַ שאָד, ר׳ לייזער, וואָס איהר האָט נישט מיט זיך די געוואנדטענע קאַפּאָטע, מיר האָבען דאָ היינטיגען שבת זעהער אַ גוטען חזן.

דערהערענדיג אַזעלכע דבורים, פלעגט זיך לייזער געבען אַ כאַפּ ווי פונ׳ם שלאָף אַרויס און האָט זיך גענומען קלייבען אין וועג אַריין.

קומענדיג אַהיים, האָט ער איטען צו די הענד די סחורה אָבגעגעבען און דיביידע מיט דער מאַמען האָבען אויפ׳ן קאָפּ גענומען מאַכען אַ חשבון, דער סך הכל איז תּמיד געוועזען אַ קלאָגעדיגער. דאָך האָט זי איהם מורא געהאַט צו זאָגען אַ וואָרט. נאָר פערשווייגען איז איהר אויך שווער געוועזען. האָט זי גערעדט און געשריען צו די קינדער, אַז דער גאַנצער דלות אין שטוב נעהמט זיך פונ׳ם טאַטענס שטאָדטיגע נסיעות און פון דער פערשאָלטענער „גזע״ זיינער. זי האָט איהם חושד געוועזען, אַז ער געהט דאָרטען צו זיינע געהויבענע קרובים גוטע וואַרמעסען עסען און שענקט זיי מתּנות דערפאַר.

די מיידלעך זענען שוין דערצו געוועהנט געוועזען. האָבען זיי

געשוויגען, אָדער געלאַכט שטילערהייט און לייזער׳ן פלעגט עס שטאַרק פערדריסען. ס׳האָט איהם וועה געטהון, וואָס קיין איין קינד פער־ענטפערט איהם נישט. קיין איינס פון זיי איז נישט געווען עהנליך אויף יענע פעראיידעלטע מיידלעך פון זיין משפחה.

נאָר אָט קומט אָן פון אַמעריקע מאיר׳ס בריף און אין שיינדלען ענטפלעקט זיך דער איידעלער שורש.

# ד.

דאָס מיידעל, וואָס מען האָט גערעדט אשכנזי׳ן, איז געווען ביי לייזערן זעהער אַ חשוב׳ער גאַסט.

זי איז געווען אַ דינינקע, אַ צאַרטע, מיט אַ בלאַס פערוועלקט פּנים׳ל, אויסגעזעהן האָט זי מיד און קרענקליך, נאָר גערעדט האָט זי גרינג און זאַנפט, מיט אָבגעהילכטע קלינגענדע טענער, ווי זי וואָלט זיך מיט איהר אייגענעם קול געשפילט. געווען איז עס אַ מיידעל פון לייזערס איידעלען שורש. אַ שטאָדטיג שען קינד ביי שטאָדטיג־איידעלע טאַטע־און־מאַמע געהאָדעוועט. צו איהרע זעכצעהן יאָהר, ווען זי האָט די פיער־קלאַסיגע שוהל געענדיגט און איז בליהענד־שען געווען, האָט זי נאָר געטרוימט וועגען אַ דיפּלאָם פון דער רוסישער גימנאַזיע, וועלכע דאָס יודישע קינד האָט נאָר געקאָנט דורכגעהן מיט צער און טרעהרען. אויף וואָס זי דאַרף עס, האָט זי אַליין נישט געוואוסט. נאָר אַזוי האָבען געטהון איהרע עלטערע שוועסטער און דאָס אייגענע האָט זי אויך געמוזט דורכמאַכען. ביים אָרימען טאַטען, וואו די קינדער האָבען פון צוועלף יאָהר אָן שטונדען געגעבען, האָט עס איהר גע־קאָסט אַ שטיק יונגען לעבען און אַז זי איז נאָך אלע עקזאַמענעס גע־קומען צו איהר גליק, האָט זי שוין אויסגעזעהן, ווי אַ פערוועלקט בלימעל.

פון דעמאָלט אָן האָט זי זיך פאַר אַן׳עלטער מיידעל גערעכענט. איהרע עלטערע שוועסטער זענען געוואָרען אַקושערינס און דענטיסטינס. דערנאָך זענען זיי זיך צופאָהרען אין שטעדט און שטעדטלעך, וואו זיי האָבען זיך איינגעפונדעוועט אַ היימיש ווינקעל און האָבען אויף גרייטע קעסט מאַנען צו זיך גענומען. די ברידער האָבען זיך דער־

שלאָגען ווער צו אַ הויך־שול, ווער צו אַ שטעלע און זי איז זיבען יאָהר נאָכאַנאַנד געזעסען אין אַ געשעפט אַלס קאַסירערין; געזעסען און געדאַרט, אָבליגענדיג דעם איינציגען פרייען טאָג אין וואָך אויפ׳ן קושעט איינגעהילט אין שאַל, ווי אַ פעראומערטע אלמנה.

פאַר טאַטע־און־מאַמע איז אַ רעטעניש געווען. צו דרייסיק יאָהר האָט עס נאָך ביי זיי נישט געהייסען קיין פערזעסען מיידעל, ווייל זיי האָבען שוין עלטערע געזעהן ביי זיך, אין דער דאָזיגער לומדיש־אינטעליגענטער משפחה פון איידעלע און געבילדעטע קבצנים האָט מען שוין לאַנג נישט געוואוסט דעם נחת פון קינדער חתונה מאַכען. נאָר מיט דעם איז דער עול פון דערוואַקסענע טעכטער אויך קלענער געוואָרען. זייערע מיידלעך האָבען מיט אייגענע פערדינסטען טאַטע־און־מאַמע געשפייזט, ברידערלעך און שוועסטערלעך געמאַכט צו לייט און דערנאָך ערשט אַליין געקומען צו אַ תכלית.

דאָס מיידעל איז אין דער פאַמיליע געוועזן אַנ׳אויסנאַם. לאַנג האָט מען געטראַכט צו וואָס זי זאָל זיך נעהמען, כדי צו ווערען זעלבסטשטענדיג, ביז מען האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז מען דאַרף מיט איהר פשוט טהון אַ שדוך, ווי עס האָט זיך געפיהרט אַמאָל אין דער אַלטער וועלט. זי איז שוין דעמאָלט געווען קרענקליך און נערוועז, האָט מען דערפאַר געזוכט אַ געזונדטען שדוך. מעג זיין נישט קיין געבילדעטער, נאָר אַ מאַן, וואָס זאָל איהר געבען אַ זאַט שטיקעל ברויט. און אַלס אַזעלכען האָט מען עס פון לייזער׳ס האַנד אָנגענומען אַשכנזי׳ן. דאָס מיידעל האָט פון קיין זאַך נישט געוואוסט. אַזוי האָבען געמיינט טאַטע־און־מאַמע און לייזער אַליין אויך. לויט זיין עצה האָט עס גע־הייסען, אַז זי פאָהרט צו איהם אין דאָרף אַריין צו גאַסט אויף אַ פאָר וואָכען.

---

ווען שרה׳לע מיט די ביידע בחורים זענען געקומען קיין ראָד־ניקאָווע, האָט מען נאָך דאָרטען געגעסען וואַרמעס. דער גאַסט איז געזעסען אויבען־אָן נעבען לייזער׳ס רעכטע האַנד און ביי דער זייט האָבען זיך צו איהר געטוליעט די מיידלעך, וועלכע האָבען פערגע־טערט די שטאָדטיגע סאָניע מיט אַלע איהרע קליידער און בלוזקעס. שרה׳לען איז זי אויפ׳ן ערשטען קוק אויך געפעלען געוואָרען. ביי דער גרויער שיין פונ׳ם פערפראָרענעם פענסטער האָט זי יענע אַ פאָר

מאָל מיט'ן בליק דורכגענומען און איז געבליבן צופרידען. דאָס ניי-געריג פרויען־אויג פונ'ם דאָזיגען יונגען מיידעל האָט גלייך בעמערקט, אַז די כּלה איז צופיל געפודערט, טראָגט פרעמדע ציינער און אַרום די אויגען זענען איהר פאַרהאַן קנייטשעלעך—פונקט אַלצדינג, וואָס אשכּנזי'ן געפעלט נישט. און דאָס אייפערזיכטיג געפיהל, וואָס האָט זי מיט'ן וועג אַזוי אַ ברען געטהון, איז אַריבער אין דער פריהערדי-גער גוטער שטימונג פונ'ם אַמעריקאַנער בריף. זי האָט שוין געוואָלט וואָס גיכער אַלצדינג דערצעהלען שיינדלען. נאָר יענע איז דורכאויס געווען פערנומען מיט דער שטאָדטיגער קרובה און אויסריידען מיט איהר אַ פּאָר ווערטער אָן דער זייט האָט מען פאַר קיין אופן נישט געקאָנט. אין שטוב איז עפּיס אויך נישט געווען, ווי אַלע מאָל.

נישט געווען דעם שבת דאָס פריילּיכקייט, וואָס עס פלעגט תּמיד זיין אין ראָדניקאָווע, ווען די יונגע חברה זענען זיך צונויפגעקומען. די בחורים פלעגען זינגען, די מיידלעך האָבען געטאַנצט און דאָס מאָל איז זיי נישט געווען צו דערקענען. אַריינקומענדיג האָבען זיי זיך אויף דער לאַנגער געוואַשענער באַנק נעבען פענסטער אַוועקגע-זעצט אַנ'אַקסל צו אַנ'אַקסל אַלע אין איין שורה, זענען זיי אַזוי גע-בליבען אין די זעלבע אָנגעשטרענגטע פּאָזעס אָהן בעוועגונגען און אָהן לשון. אַפילו דער גוטמוטיגער און פריילּיכער שמעון לייב דעם שמידס עלטערער זוהן, וועלכער איז ערשט געקומען פון מיליטער אַנ'אויסגעפּוצטער. ווי אַ חתן, איז אויך געזעסען אַ שווייגענדיגער. נאָר דער לעהרער, וואָס איז געקומען צו לויפען אַ צוטראָגענער, האָט זיך אַריינגעלאָזט מיט סאָניען אין אַ שמועס. ער האָט זיך פאַר אַ גרויסשטאָדטיגען גערעכענט, ווייל פון זיין געבורטס־שטעדטעל איז ער דריי מאָל געפאָהרען קיין ווילנא האַלטען עקזאַמען. נאָר סאָניע האָט איהם אויף זיינע היציגע פראַגען וועגען שטאָדטיגע נייעס קוים געענט-פערט און איידער ער האָט זיך אומגעקוקט איז זי אַוועק אין קאַמער. איהם איז נאַטירליך נישט איינגעפאַלען, אַז דאָס מיידעל האָט אַ פול האַרץ מיט צרות און זיינע רייד אינטערעסירען זי נישט. בכלל האָט זיך דער דאָזיגער בחור נישט געקאָנט פאָרשטעלען זיך קיין אַנדערע ליידען אויסער עקזאַמענעס. און סאָניע האָט נויטיג געדאַרפט אָבּרוהען. פאַרנאַכט האָט צו איהר דעם דריטען מאָל געדאַרפט קומען אשכּנזי און דאָס האַרץ האָט איהר אַזוי געקלאַפּט...

דער לעהרער האָט דערווייל צום ווענטעל פון אַלקער געוואָרפען

אונרוהיגע בליקען און דורכ'ן פערשאַרטען פאָרהאַנג ביי דער טהיר איז איהם צו די אויגען געקומען דאָס צוקאָפּענס־ווינקעל פון אַ ווייס־אָנגעצויגען בעטעל און אַ שוואַרצער פרויען־קאָפּ מיט אַ צאַרט הענדטעל, וועלכע האָט געהאַלטען אַ בוך. ער האָט זיך דערפיהלט נישט היימ־ליך, וואָס דאָס פריילין איז אין מיטען געשפּרעך אַוועק פון איהם זיך אָברוהען. דאָס זעלבע האָבען אויך בעמערקט די קריוואָ־דובער בחורים און האָבען זיך אָנגעהויבען ווינצלען איבער איהם פאַר שרה'לען אין די אויגען. יענעם איז עס שטאַרק נישט אָנגעשטאַנען. איז ער גע־וואָרען אין כעס און איז אַוועק פון שטוב. נאָך איהם זענען אויך אַרויסגעלאָפען דעם שמיד'ס ביידע זיהן, ווי זיי וואָלטען זיך פון אַ תּפיסה אַרויסגעריסען און די מיידלעך זענען אויך נאָך זיי אַרויסגע־שפּרונגען אויף יענער זייט טהיר. די דאָרפס־יונגען האָבען זיך גע־לאָזט לויפען איבער'ן לאָנקע, וואַרפענדיג זיך מיט שניי. זייער גע־זונד לוסטיג געלעכטער האָט אַלע רגע אָבגעהילכט איבער'ן פּוסטען פעלד און שרה'לע האָט דערווייל געכאַפּט די מינוט איבערצוגעבען שיינדלען דעם סוד פונ'ם אַמעריקאַנער בריף.

—אָבער ווען דו ווייסט וואָס איך האָב דיר צו דערצעהלען!— האָט שרה'לע געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

נאָר שיינדעל האָט איהר געגעבען אַ האַק אָב:

—אָ, דיינע סודות!

יענע איז געוואָרען ערענסט.

—ווילסט נישט, דאַרף מען נישט. מיינסט ס'געהט מיר אין לעבען? ס'איז דאָך וועגען דיר...

שיינדעל איז געשטאַנען אַ פערטראַכטע:

—וואָס זאָגסטו? וועגען מיר?—האָט זי איבערגעפרעגט שטיל.

מיט אַמאָל האָט אימעצער פון הינטער זייערע אַקסלען אַ הוסט געטהון. די ביידע מיידלעך האָבען זיך אומגעקוקט און האָבען אויס־געשריען אין איין קול: בעניע!

דעם שמיד'ס קלענערער זוהן מיט דער צוהאַקטער ליפּ איז גע־שטאַנען נעבען בריקעל ביז די קניהען אין שניי אַ רויטער, אַ פער־שעמטער, ווי מען וואָלט איהם נאָר וואָס געכאַפּט ביי אַ גנבה. די מיידלעך האָבען אויסגעשאָסען אַ געלעכטער און זענען פאַר די הענד ביידע אַנטלאָפען אין שטוב.

אין עטליכע מינוט אַרום זענען זיי געזעסען אין אַ ווינקעל איי־

גע צו דער צווייטער די קעפּ געטוליעט און פערטיעפט אין אַ געהיי־מען וויכטיגען שמועס. שרה׳לע האָט שוין געהאַט אויסגעפרעגט ביי דער נייגעריגער שיינדלען אַלע סודות פון שטוב. בסוד־סודות האָט זי איהר דערצעהלט, אַז אשכנזי איז שוין דאָ געווען צוויי מאָל און היינט אויף דער נאַכט דאַרף ער ווייטער קומען. אויך האָט זיך ביי שיינדלען אַרויסגערעדט, אַז זיי האָבען מיטוואָך ביינאַכט שפּעט גע־שפּאַצירט. לסוף האָט זי געמוזט בעשטעטיגען דעם אמת וועגען סאָ־ניעס אַריינגעשטעלטע שענע צייהנדלעך. דאַן האָט זיך שרה׳לע אויך אונטערגעגעבען.

—נו, גוט. איך וועל דיר דערצעהלען. הערסט דאָך, ס׳איז אַזוי געווען—האָט זי געוואָלט אָנהויבען מיט אַ לאַנגער הקדמה, נאָר נישט געפינענדיג צו דער רגע די נויטיגע אויסדריקען, איז זי אַריינגעפאַ־לען אין איהר מילדען טאָן פון התפּעלות און האָט געזאָגט שטיל:

—ווילסט חתונה האָבען מיט אונזער מאירן?

שיינדעל איז רויט געוואָרען. זי האָט זיך פון דער זייט אומ־געקוקט צו שרה׳לען, ווי זי וואָלט וועלען פון איהרע ווערטער נאָכ־פאָרשען דעם אמת און האָט לייכט אַ שמייכעל געטהון. יענע האָט עס אָנגענומען פאַר אַ גוטען סימן און איז איהר געפאַלען אויפ׳ן האַלז מיט קושען:

—ס׳איז דאָ אַ בריף! היינט ערשט אָנגעקומען. מאיר שרייבט דו זאָלסט קומען צו פאָהרען קיין אַמעריקא. ער וויל דיך פאַר אַ כלה. וועסט פאָהרען צווייטען קלאַס, מיט אַלע שענע מענשען, מיט מוזיקע. ער וועט דיר דאָרטען מאַכען שענע קליידער. ער פערדינט דאָרטען אַ פולע, אַ פולע געלד! ער איז דאָרטען אַ בוטשער.

—אַ בוטשער?—האָט שיינדעל איבערגעפרעגט.

—ווייסט נישט וואָס אַ בוטשער איז? ער האָט דאָך שוין דאָרטען זיין אייגענע יאַטקע. מיט אַ שותּף. דער שותּף איז אַ גרויסער גביר.

—הייסט עס אַ קצב?

—גאָר אַ קצב—האָט זיך שרה׳לע בעליידיגט—מיינסט אידאי, ווי דאָ אין שטעדטיל חיים וואָלף? אוי נאַרישע קאָפּ! אַ גלייכענעש. ס׳איז דאָך אַמעריקא. אַ בוטשער איז גאָר אַנדערש. אַ בוטשער געהט שען אָנגעטהון. האָסט געזעהן מאיר׳ן אויף דער קאַרטע?

שיינדעל האָט זיך דאָך נישט געלאָזט איינריידען:

—איי, וואָס דרעהסטו אַ קאָפּ. אַ קצב איז אַ קצב. געהט, מסתמא,

דאָרטען אַרום מיט פערבלוטיגטע הענד, ווי דאָ חיים וואָלף.
—חכמה! ס׳איז דאָך אָבער אַמעריקא. דאָרטען טהוט מען דאָך אַלצדינג מיט דער מאַשין.
—אַזוי? קומט שוין אויס, אַז קיין שוחטים זענען דאָרטען נישטאָ. עסען דאָרטען יודען פלייש, וואָס מען קוילעט מיט דער מאַשין?
שרה׳לע איז אַ ביסעל אָפּהענדיק געוואָרען, דאָך האָט זי זיך נישט געוואָלט אונטערגעבען.
—גלויבסט נישט? מיר פרעגען דעם לעהרער.
—גוט. מיר הערען. ווי אַזוי זאָגסטו? אַ בוטשער?—האָט שיינדעל איבערגעפרעגט און איז אויפ׳ן האַלבען וואָרט שטעהן געבליבען. אין שטוב איז אַריינגעקומען בעניע. ער איז אַריינגעגאַנגען שטיל, ווי ער וואָלט נישט וועלען מען זאָל איהם בעמערקען און האָט זיך אָנגע־הויבען אַרומקוקען אין אַלע זייטען. שיינדעל האָט געגעבען שרה׳לען אַ שלעפּ פאַר׳ן אַרבעל זי זאָל שווייגען און האָט זיך מיט אַ שמייכעל געווענדעט צו בעניען:
—וואָס געהסטו אַרום אויף די שפּיצען פינגער, ווי אַ גנב? וואו מען זייהט דיך נישט, דאָרטען וואַקסטו אויס
—איך?—האָט ער זיך אַ צאַפּעל געטהון און דאָס בלוט איז איהם ווידער אַריין אין פּנים, ווי אַ פלאַם, פערכאַפּענדיג אין איין אויגען־בליק די אויערען מיט׳ן קאַרק אינאיינעם.
שרה׳לע האָט צוגעלייגט די האַנד צום מויל און איז זיך פער־גאַנגען אין אַ שטיל געלעכטער.
—ווייסטו וואָס?—האָט שיינדעל זיך אָפּגערופען—מיר געהן אַ בי־סעל שפּאַצירען אין אַלט-רודניקאָווע. בעניע וועט אויך מיט אונז געהן
שרה׳לע איז אַ דערפרעהטע אויפגעשפּרונגען פונ׳ם אָרט.
—און פון יענץ וועלען מיר שפּעטער ריידען...—האָט זי גע־זאָגט אין איילעניש—ווייסט דאָך וועגען וואָס...
שיינדעל האָט איהר אַ וואונק געטהון מיט׳ן פינגער אויף בע־ניען, וועלכער איז צו זיי ביידען מיט אַ זייט געשטאַנען. נאָר אין דער רגע האָט ער זיך אומגעקוקט נאָך אַלץ אַ צוטראָגענער און אַ פערשעמטער. קוים האָט ער אַרויסגעשטאַמעלט, שלינגענדיג די ווער־טער, ווי ער וואָלט מורא געהאַט זיי זאָלען איהם דורך דער צוהאַק־טער ליפּ ערגעץ נישט ענטלויפען.

—ווילסט דאָס געהן צו אַפּאַנאַס'ן? האָסט דאָך איהם געוואָלט שענקען אַ האַק. איך האָב זי שוין געמאַכט. זאָג איהם, ער זאָל זי קומען נעהמען.

אַפּאַנאַס איז געווען אַ געוואַלגערט פויער־יונגעל, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַלטען אויף אַ לאַסקאַווע ברויט ביי די שליאַכטעס אין אַלט־ראָדניקאָווע. ביי לייזער'ן אין שטוב איז ער געווען אַ היימישער מענש. ער פלעגט זיך אָפט אַהין אַריינכאַפּען אין אָווענד זיצען אַ ביסעל, אַ לאַך טהון מיט די קינדער און אַריינקוקען אין זייערע לעהר־ביכלעך, וועלכע האָבען זיך בלעטלעך־ווייז געוואַלגערט אויף אַלע טישען. אָדער ער האָט אַזוי לאַנג געקוקט תמ'עוואַטע אויפ'ן גרויסען געזאָדענעם הליאַק, ביז וואַנען איטע האָט איהם אונטערגערוקט אַ גלאָז איבערגעשטאַנענע טהיי מיט אַנ'אַרומגעביסען שטיקעל צוקער.

דערפאַר האָבען איהם שוין די מיידלעך נישט געשאַנעוועט. יעדעס בעזונדער האָט איהם מיט אַנ'אַנדער אַרבייט מכבד געווען. פאַר איינער איז ער געווען מחויב ברענגען וואַסער, פאַר דער אַנדערער— אַריינטראָגען האָלץ און דער דריטער פאָלגען אַ גאַנג פאַר עטליכע וויאָרסט. נאָר די קינדער האָבען איהם ליב געהאַט. מען איז אָפט געגאַנגען צו איהם מיט וויזיטען: זומער אין פעלד, וואו ער האָט געפיטערט די קעלבער און ווינטער פלעגט מען איהם אַרויסרופען פון שטוב אויף אַ סוד, כדי מכבד צו זיין איהם מיט אַ ביסעל טיטון דעם טאַטענס.

דאָס מאָל האָט איהם בעניע אין שיינדעלס נאָמען געשענקט אַ האַק, פון וועלכער אַפּאַנאַס האָט גע'חלומ'ט אַלע זיינע קינדערשע יאָהרען און אַלע דריי זענען זיי איצט געגאַנגען דערפרעהען דעם עלענדען יתום מיט דער גוטער בשורה.

## ה.

אשכנזי איז געקומען פלוצלינג.

געזאָגט האָט ער שבת־צו־נאַכט און איז אין מיטען טאָג, ווי פון הימעל אַראָבגעפאַלען. טרעפענדיג סאָניען האַלב־פערשלאָפען און האַלב־צעטומעלט פון זיין וויזיט, איז ער געוואָרען אויסער זיך וואָס

ער האָט איהר געשטערט און איז גרייט געווען גלייך אַוועקצוגעהן. נאָר אין דער רגע האָט זיך דערהערט פון קאַמער לייזער׳ס אַ לאַנ־גער געניץ און זיין פערשלאָפען קול:

—פאַני אשכנזי, וואָס ענטלויפט איהר? אייך געגזעגעלט זיך טהיי פון סאַמאָוואַר? ער קאָכט דאָרטען ביי אייך איצט אין קאַנטאָר, מסתמא, ווי אַ גזלן.

—אַ חידוש צי ער קאָכט. קומט, ר׳ לייזער, מיר אייך אויך מכבד זיין—האָט אשכנזי געענטפערט, שמייכלענדיג צו סאָניען, וועלכע איז נאָך אַלץ געווען שטאַרק צוטראָגען.

—אָ, ר׳ לייזער וועט שוין מוזען אָבשטופען זיין וועלט אַזוי. סיידען איך וועל אויף דער עלטער ווערען אַ וואַלד-סוחר.

חתן-כלה האָבען זיך צולאַכט.

דערווייל איז איטע אַראָבגעקראָכען פון אויוועז און האָט דער־לאַנגט צום טיש אַ טעלער טרוקענע באַרען. לייזער האָט זיך אויך בע־וויזען פון אונטער׳ן פאָרהאַנג מיט די געקראָכמאַלטע ווייסע אַרבעל אין דרויסען.

—נו, פאַני אַשכנזי—האָט ער איהם געוואונקען צו די באַרען און סאָניע, שוין קומענדיג צו זיך, איז אַריינגעפאַלען מיט איהר הילכיג קול׳כעל:

—פּרובט!

נאָר אשכנזי האָט ווידער אָנגעהויבען איילען אַוועקצוגעהן, פערענטפערענדיג זיך דערביי וואָס ער איז נישט געקומען צו דער צייט. ער איז גראַדע געגאַנגען פון וואַלד פערביי שטוב איז ער אַריינגעגאַנגען בעטען דאָס פריילין אַ ביסעל שפּאַצירען.

סאָניען איז עס געווען זעהער אַנגענעהם צו הערען. איהר איז נאַטירליך נישט איינגעפאַלען, אַז געקומען איז ער דוקא איצט, ווייל ער וויל זי נאָך אַמאָל זעהן ביי דער שיין פון טאָג. איהר איז ער מיט׳ן ערשטען קוק געפעלען געוואָרען. שוין פון עטליכע יאָהר איז זי געווען ביי אַזאַ מדרגה. מענער בכלל זענען איהר לחלוטין נישט געווען אינטערעסאַנט, נאָר פון דעם מין חתנים, די זענען אַלע גוט געווען און פונ׳ם ערשטען בליק האָט נאָר דאָס עלענדע מיידעלשע הערצעל געצאַפּעלט: וואָס וועט ער זאָגען. אַזוי איז עס איצט אויך געהאַנגען אויף אַ האָהר: טאָמער? טאָמער, חלילה, נישט?... נאָר דערביי האָבען זי אויך פערוויגט זיסע חלומות, ווי אַזוי זי וועט זיך דאָ איינ־

אָרדענען אין דער געוויסטער דאָרפישער שטוב זיינער מיט די נייע מעבעל, אַלע יונגע לייט פון קאַנטאָר וועלען קומען צו איהר טהיי טרינקען, אין קאָרטען שפּילען און לעזען צייטונגען. און זי, סאָניע, וועט אַלעמען ליבליך אויפנעהמען. זי וועט שוין נישט דאַרפען אויפ־שטעהן פריה צו געהן אויף דער שטעלע. דער קאָפּ וועט נישט וועה טהון. אין אָוונד וועט אשכנזי זיצען ביי זיך נעבען טיש קעגען דעם העלען שיין פונ׳ם עלעקטרישען הענג־לאָמפּ, אַ גליקליכער און אַ צו־פרידענער מיט זיין יונג ווייבעל.

גאַנץ אַנדערש איז געווען געשטימט אשכנזי. ער האָט זיך זיין קינפטיגען פאַמיליען-לעבען אויך זעהער גוט פאָרגעשטעלט און ער האָט געשטרעבט דערצו, ווייל ער איז שוין געווען נישט יונג. אויך האָט ער געוואוסט פונ׳ם סוד, אַז ער איז נישט פון די מענער, וואָס האָבען ערפאָלג ביי פרויען. תּמיד האָט ער נאָך ליבע געבענקט און געצויגען האָט איהם דורכאויס צו גאַנץ יונגע מיידלעך. נאָר ער האָט זיך שלעכט געפיהלט מיט אַזעלכע, נישט וויסענדיג ווי אַזוי צו אַמו־זירען זיי. דאָך האָט ער זיך אין דעם פּרט תּמיד נאָכגעגעבען און אָפט פלעגט מען איהם בעגעגענען, נאָכשפּרינגענדיג עפּיס אַ זיבעצעהנ־יאָהריגער שטיפערין, וועלכע האָט זיך מיט איהם, ווי מיט אַ שיק־יונגעל געשאַפט.

סאָניע איז איהם געפעלען געווען. נישט קיין שענהייט אַפילו, נאָר אויף אַזוי פיל האָט זי איהם אויסגעזעהן מילד און בע׳חנ׳ט, דאָס קיינער פון זיינע בעקאַנטע און קאָלעגען וואָלטען נישט געוואַגט צו זאָגען, דאָס ער, אַשכּנזי, האָט מיט אַ מיאוס מיידעל חתונה גע־האַט. אַ חוץ דעם האָט זי זיך אָנגעזעהן מיט איהר שטאָדטיגען טאַקט און קליידונג, און געענדיגט די גימנאַזיע, פון אַנ׳איידעלער פאַמיליע און געשטודירטע ברידער און שוועסטער. פּונקט אַלצדינג, וואָס ער זוכט און נאָך קיין נדן האָט ער זיך אויך נישט געיאָגט, נאָר פונ׳ם ערשטען בליק האָט איהם געגאָגט אַ וואָרים—דאָס זענען געווען איהרע געוויסע קנייטשעלעך אַרום די אויגען. ווי אַ ביין אין האַלז זענען זיי איהם געבליבען שטעהן און ער האָט עס נישט געקאָנט אַראָפּ־שלינגען. די לעצטע פּרוב האָט ער געמאַכט. נאָך אַמאָל איז ער גע־קומען זי זעהן ביי דער שיין פון טאָג. נאָר אַ גראָהער ווינטער־טאָג איז עס געווען און די איידעלע צאַרטע סאָניע האָט ווי אַ פערוועלקטע חושכ׳דיגע בלום אויסגעזעהן.

אזוי האָט עס געהאַלטען מיט׳ן שדוך.

אַזוי האָט עס אויך אויסגעזעהן, ביי לייזער׳ן אין די אויגען. מיט כלה׳ס צד איז ער פון דער ערשטער מינוט געווען פאַרטיג, כאָטש סאָניע האָט געמאַכט הנ׳דלעך און גערעדט האַלבע ווערטער. נאָר מיט אשכנזי׳ן האָט ער נישט געוואוסט וואו ער האַלט אין דער וועלט. עפּיס איז עס ביי איהם געווען נישט יאָ, נישט ניין. ער, דער בחור אין יאָהרען, האָט אָויך געמאַכט חנ׳דלעך. און אַזוי איבערגע-שפּיצט, אַז לייזער האָט פאַר קיין אופן נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס ער מיינט דאָ. געפּעלען, זאָגט ער, געפעלט זי איהם, נאָר עפּיס זעהער אַ פעראיידעלטע. ווייטער פרעגט ער זיך נאָך אויף איהרע יאָהרען, פונקט ווי ער אַליין וואָלט אַ יונג יונגעל געווען. אָדער ער וויל מען זאָל איהם אָבגילטען. אמת, דערהערענדיג אַזעלכע דבורים, שאַנעוועט איהם נישט לייזער און זאָגט איהם אַריין אָפענע ווערטער:

—פאַני אַשכנזי, אַ כלה וועגט מען נישט אויפ׳ן וואָג און וועגן געלד בין איך נישט קיין שדכן. קיין ליגענד וועל איך אייך נישט זאָגען, וויפיל מען וועט קאָנען, אַזוי פיל וועט מען אייך געבען. און וואָלטען געווען די גרויסע טויזענדער, דאַרפט איהר פערשטעהן, פאַ-ני אַשכנזי, אַז מען וואָלט דעמאָלט נישט אָנגעקומען צו אייך. סאָניע וואָלט געקאָנט נעהמען אַ געענדיגטען.

—געענדיגטע, ר׳ לייזער, געהען היינט אַרום אָהן שטיוועל— ענטפערט אשכנזי געלאַסען.

—נישט אַזוי די מעשה. אַ מענש מיט בילדונג קאָן זיך נאָך זיין שטעדטעל בעשטעהן.

—נו, נו, געזונטערהייד!—וואַרפט ער זיך אָב—זאָל זי זי נעה-מען אַ געענדיגטען. איך פאַל ביי זיך נישט אַראָב, איהר וועט זעהן, ר׳ לייזער, וואָס פאַר אַ כלה איך וועל נעהמען. אַ יונגינקע, אַ שע-נינקע...

לייזער ווערט אין כעס און עס ווילט זיך איהם אויסשרייען: אַלטער דיאַק! האָסט דאָך שוין געמעגט האָבען קינדער צו לייטען! נאָר אין דער רגע קומט אַריין סאָניע, ווערט אַשכנזי גאָר איבערגע-ביטען און הויבט אָן ריידען זיס און פריינדליך. זי ווייס פון גאָר נישט, חנ׳ט זי זיך און קוועלט. געהט מיט איהם אַוועק איבער׳ן שליאַך שפּאַצירען ביז שפּעט אין אָוונד און וויל דערנאָך נישט זאָ-גען קיין וואָרט, וואָס ער האָט מיט איהר גערעדט. פערדריסט עס

לייזער'ן למאי זי איז אַזאַ נאַר. אַ מיידעל פון דרייסיג יאָהר, אויס־געוואַקסען אין אַ שטאָדט, אַ געשטודירטע און פערשטעהט זיך נישט אויף די היינטיגע יונגע לייט. דאָך זאָגט ער איהר גאָר נישט. נאָר ביי זיך אין האַרצען דריקט עס איהם שטאַרק. לייזער האָט געהאַט אַ ידיעה אין די חברה פון קאַנטאָר און ס'האָט זיך איהם געדאַכט, אַז אַשכנזי האָט שלעכטע מחשבות וועגען סאָניען. דעריבער איז ער די לעצטע עטליכע טעג געשטאַנען ווי אַ שומר אויף דער וואַך אָפּ־צוהיטען איהר כבוד און ער איז גרייט געווען יעדע מינוט אַריינזאָ־גען איהם, דעם אַלטען בחור, ער זאָל זיך נישט מיינען, אַז אָט דאָס מיי־דעל איז עפּיס אַזעלכע, וואָס מען קאָן מיט איהר זיין אַ גוטער ברו־דער און דערנאָך אין קאַנטאָר פאַר דער חברה לצים ריידען נבול פה און אויסלאַכען. ס'איז אַ קינד פון אַנ'איידעלען שורש און אַזעלכע שאַרלאַטאַנעס פון די קאַנטאָרען מעגען ביי איהרע געשטודירטע שוואָגערס פוצען די שטיוועל.

אַזוי האָפּערדיג איז לייזער געווען געשטימט, ווען אַשכנזי איז שבת בייטאָג אין מיטען דערינען אַריינגעקומען מיט עפּיס אַנ'אויס־רייד. אַזוי האָט זיך לייזער'ן געדאַכט... און דאָס נאַרישע מיידעל איז ווידער אַרויסגעלאָפען צו איהם אַ פערקאָכטע, איידער ער האָט נאָך צוויי ווערטער צייט געהאַט אויסצוריידען, איז זי שוין געשטאַנען גרייט אין מאַנטעל מיט דער קוטשמעלע און איז ווידער אַוועק מיט איהם איבער'ן וואַלד אויף שעה'ן לאַנג.

לייזער איז געווען אויסער זיך.

ס'איז געוואָרען נאַכט. די קינדער זענען אַלע געקומען אַהיים און סאָניע איז נאָך נישט געווען. ער איז געווען זיכער, אַז זי איז אַוועק מיט איהם אין קאַנטאָר אַריין, ווייל ער האָט עס איהר פאָר־געלייגט נאָך אין מיטען דער וואָך. נאָר לייזער האָט גלייך פערשטאַ־נען זיין מיין, אַז ער איז נישט אויסען צו ווייזען איהר די זאַבאָלאָ־טאָווער קרעטשמע, נאָר ס'ווילט זיך איהם זעהן וואָס פאַר אַנ'איינ־דרוק זי וועט דאָרטען מאַכען. און דאָס איז איהם שטאַרק נישט אָנ־געשטאַנען. דעריבער האָט ער איהר אָנגעזאָגט, זי זאָל נישט וואַגען צו געהן מיט איהם אַהין, ווייל ס'פּאַסט נישט פאַר איהר מיט אשכנזי'ן ביידען. סאָניע האָט אַליין מסכים געווען מיט דער דאָזיגער מיינונג. דאָך האָט איהם געזאָגט דאָס האַרץ, אַז איצט האָט זי זיך געלאָזט איבעררייידען.

—קינדער, געהט צו אימעצער נאָך סאָניען!—האָט זיך לייזער געגעבען אַ כאַפּ אויף פון זיינע געדאַנקען—זי מוז זיין דאָרטען אין קאַנטאָר ביי דבורה׳ן. בעניע וועט אייך צופיהרען.

דערהערט געהן אין קרעטשמע, איז צווישען די מיידלעך געוואָרען אַ פרייד און עס האָבען זיך דערהערט קולות פון אַלע זייטען:

—איך געה! איך געה! טאַטע, איך האָב נישט מורא.

—אַלע מיט אַמאָל?—האָט ער אָבגעשטעלט דעם עולם אויף זיין בכבוד־טאַטעשן שטייגער—זאָל צוגעהן שיינדעל. בעניע, וועסט זי צו־פיהרען?

—פאַר וואָס נישט?—האָט ער געענטפערט, קנייטשענדיג מיט׳ן לינקען אַקסעל און איז רויט געוואָרען, פונקט ווי אימעצער וואָלט דאָס קלאַפּען פון זיין דערפרעהט האַרץ אונטערגעהערט.

צווישען די קינדער איז דערוויייל געוואָרען אַ טומעל. שרה׳לע האָט זיך באַלד אַרויסגעכאַפּט, אַז זי וויל אויך געהן און נאָך איהר לייזער׳ס קלענער מיידעל, די הויכע אַכטצעהניאָהריגע בתיה. די דאָ־זיגע איז אַרויס מיט טענות, אַז זי איז שוין אַ גרויסע און האָט זיך צעוויינט, וואָס אומעטום פערשטעלט איהר שיינדעל דעם וועג. נאָר ס׳האָט נישט געהאָלפען. לויט׳ן טאַטענס באַפעהל האָט די עלטערע געמוזט געהן און בעניע האָט געדולדיג געוואַרט ביי דער טהיר מיט אַ שטעקען אין האַנד ביז שיינדעל האָט דאָרטען אין קאַמער נעבען שפיגעל אָנגעטהון אויף זיך דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, וואָס זי האָט פערמאָגט. ווען זי איז אַרויסגעקומען, האָט זי די מאַמע בעטראַכט און איז צופרידען געבליבען. אויך דער טאַטע האָט איהר געשענקט אַ בליק און דערביי האָט ער איהר געזאָגט:

—נו, געהט. נאָר פערזיץ זיך דאָרטען נישט ביי דבורה׳ן. אפשר וועט זי דיך עפּיס פרעגען וועגען דעם גאַסט, זאָלסטו וויסען וואָס צו ענטפערען.

—גוט, גוט!—האָט שיינדעל געענטפערט אין אייל׳עניש און איז אַוועק אינאיינעם מיט שרה׳לען און דעם גליקליכען בעניען בעגלייט פון בתיה׳ס געוויין ביז אויף יענער זייט טהיר.

.9

די ראָדניקאָווער מיהלנער און די אַרענדאַרעס פון דער זאַבאָ־לאָטאָווער קרעטשמע זענען קרובים געווען, נאָר פון יאָהרען לאַנג האָט צווישען די צוויי פאַמיליעס אַ שנאה געהערשט. אַמאָל זענען עס געווען צווייגען פון איין בוים. צוויי זיהן פון איין טאַטען אַ רייכען ישובניק האָבען זיך נאָכ'ן פאָטערס טוידט נישט געקאָנט צוטיילן מיט דער ירושה, די פריצישע גיטער צו אַרענדירען. אויך האָבען זיי זיך געקריגט איבער דער מצוה פון הכנסת-אורחים.

די קרעטשמע, וואו די דאָזיגע אַרענדאַרעס האָבען געוואוינט, איז געשטאַנען נעבען אַ שליאַך, אויף אַ הויכען אָרט ביי אַ ברעג פון אַ שמאָלען און לאַנגען טייך, אַ פערבאָרגענעם צווישען וועלדער אויף מיילען ווייט. צום ברייטען טרוקענעם טראַקט האָבען זיך געצויגען זומפּיגע קרומע וועגען פון אַלערליי שטעדטלעך און דערפער. דער דאָזיגער לאַנגער וועג האָט געפיהרט צו דער גרויסער האַנדעלס-שטאָדט פון דער גובערניע. ווי טאָג אַזוי נאַכט זענען פערביי דער זאָבאָלאָ־טאָווער קרעטשמע געגאַנגען אָנגעלאָדענע פוהרען סחורה. האָפערדיגע רייזענדער האָבען זיך געיאָגט אין פריצישע וועגלעך אויף רעסאָרען. ס'זענען געפאָהרען פּאָסט-קאַרעטעס מיט געראויש און גלעקעל־קלאַנג און יודישע בעל־עגלה־בוידען, בעזעצטע מיט פאַרשוינען. דערביי האָט זיך רוהיג געשפּאַנט דער תמ'עוואַטער דאָרפס-בעל־הבית אויף זיין געצערטעלט פערדעל און פוןביידע זייטען וועג דער פערוואָגעלטער פוס-געהער מיט פּאַק און שטעקען.

פאַר די אַלע וועג-לייט איז תמיד געווען אין קרעטשמע אַ מקום-מנוחה. אַ געגרייטער טיש מיט כל טוב איז אין מיטען שטוב געשטאַנען און אַ פאַס וואַסער מיט אַ רינע אויף אַ באַנק ביי דער זייט. אויף דער וואַנד איז געהאַנגען אַ האַנדטוך און דערביי אַ קופערנע קוואָרט מיט צוויי אויערען צום זעלבען נאָגל צוגעשמידט אויף אַ קייט, כדי אַ יודען נישט ברענגען צו קיין נסיון—און ווער עס איז נאָר אַריינגעקומען סיי אָרים סיי רייך, איז ביי דעם דאָזיגען טיש געווען אַנ'אורח. מען האָט נישט געפרעגט קיין געצאָהלט, קיין נאָמען, קיין

שטאָדט, נאָר מיט אַ פרייליך פּנים עסען געגעבען פון אַלצדינג, מיט וואָס די שטוב איז געבענשט געווען.

אַזאַ מנהג איז עס געווען ביי די דאָזיגע אַרענדאַרעס פון יאָהרען. אַלטע לייט פונ׳ם ישוב פּלעגען פון זיי נסים דערצעהלען. שכנא דער שמיד האָט נאָך געדענקט, אַז אין דער זאַבאָלאָטאָווער קרעטשמע האָט זיך אַמאָל פון אַ דייזשעל עלף יאָהר נאָכאַנאַנד דאָס מעהל נישט אויסגענומען און געפעלט האָט זיך די ברכה איבער עין הרע.

פון דור צו דור האָבען די זאַבאָלאָטאָווער אַרענדאַרעס געהיט די מצוה פון הכנסת־אורחים און יאָהרען לאַנג האָבען זיך די צוויי משפּחות איבער דעם געקריגט. די ראָדניקאָווער מיהל איז געשטאַנען אָן אַ זייט פונ׳ם גרויסען טראַקט, וואו זעלטען עס געהט ווער פאַר־ביי. האָבען די מיהלנערס געפאָדערט דערפאַר צו זיך דעם מנין, זיי זאָלען כאָטש ביי זיך אין שטוב הערען אַ גאָט׳ס וואָרט.

לסוף איז דאָס מחלוקת אַליין פון זיך בטל געוואָרען. דבורה איז אָנגעקומען צו די זאַבאָלאָטאָווער אַרענדאַרעס פאַר אַ שנור, האָט זי עס געמאַכט צו גאָר נישט. אויך האָבען זיך דאַן ביסלעכווייז גע-פעלט די אומזיסטע אורחים ביי די טישען. זי האָט אין דער אַלטער קרעטשמע אויפ׳ן ישוב אַריינגעבראַכט די שטאָדטיגע אָרדענונג און שטאָדטיגע מנהגים.

אין שטאָדט איז זי אַ געפאַלענעם שענעם יודענס אַ טאָכטער געווען און האָט אין דאָרף חתונה געהאַט פאַר אַ רייכען ישובניק. אַראָבגעגענומען האָט מען זי אַלס אַנ׳אבן־טוב צו אַ ציטעריגען בן־יחיד פאַר אַ ווייב מיט שענקייט, גראָטענקייט און יחוס אין נדן אַריין. דער שווער איז געווען אַ יוד מיט אַ שגעון, וועלכער האָט ווייב און קינד געהאַלטען אין דער מורא. דערביי איז ער געווען אַ גרויסער בעל־גאוה און מיט דבורה׳ן האָט ער שטאָלצירט, ווי מיט עפּיס אַ זעלטענהייט. פון דער ערשטער מינוט איז זי ביי איהם דאָס נאָכגע־געבענע קינד געוואָרען. זי איז געווען שען, ווייבליך־צאַרט, טאַקטיש און קלוג. אַלס אַזעלכע האָט זי אויפ׳ן שווער אַ גרויסע ווירקונג גע־האַט. דער דאָזיגער ווילד־בעוואַקסענער און דאָרפיש־פערגרעבטער יוד מיט זיין כעס און שגעון האָט דוקא ליב געהאַט די שענע גראָטענע שנור פאַר איהרע שטאָדטיג־איידעלע בענעהמונגען און פיין־ווייבערישע חנ׳דלעך.

דער מאַן איז שוין אויף איהר געווען אַ קלענערער מבין. אַ ניי־דעריגער, אַ גראָבער מיט אַ בעוואַקסען פּנים, ווי דער טאַטע, האָט ער געהאַט אַ שוואַכען שכל און אַ האַרץ פון אַ קינד. תּמיד אַ דערשראָקע־נער דורכ׳ן פאָטער מיט זיין שטרענגען חנוך, האָט ער אויך מורא געהאַט פאַר זיין יונג שען ווייבעל מיט איהר שטאָדטיגער איידעלקייט, וואָס אַלצדינג איז ביי איהר געוואויגען און געמאָסטען. דערשראָקען האָט ער זיך אויך, ווען זי איז באַלד נאָך דער חתונה זיין מלמד געוואָרען און האָט איהם אַוועקגעזעצט איבער פּוילישע און העברע־אישע ביכלעך לעזען. נאָר מיט דער צייט איז ער געוועהנט געוואָרען צו איהר.

אַ וויכטיגע פּערזאָן איז געווען דבורה׳ס מאַן. זי האָט גע׳שמ׳ט מיט איהר שענקייט און חכמה איבער׳ן גאַנצען ישוב. אַפילו די פּריצים פון דער געגענד האָבען זי בעוואונדערט. נאָכ׳ן שווער׳ס טוידט האָט זי די גאַנצע ממשלה איבערגענומען צו זיך אין די הענד אַריין. באַלד האָט זי גע׳פּועל׳ט ביים פּריץ ער זאָל די קרעטשמע איבער־בויען. אויך איז צו איהר אַריבער די פּאָסט אין אַרענדע און אויפ׳ן אָרט פון דער אַלטער אויסגעקרומטער חורבה, וואו די פענסטער האָ־בען שוין געגרייכט ביז צו דער ערד און דער דאַך איז מיט גראָז געווען בעוואַקסען, איז בעשאַפען געוואָרען אַ נייער הויכער בנין מיט אַ געשניצטען גאַניק און גרויסע געווייסטע טהירען. דורך אַ גרויסען קאָרידאָר האָט זיך די שטוב אויף צוויי העלפט געטהיילט: פון איין זייט די קרעטשמע פאר גוים מיט די ביידע קאַמערען פאַר זיך און אַנטקעגען די אויפגעראַמטע הדרים, וועלכע האָבען געהייסען די „נו־מערען". דאָס זענען געווען מעבלירטע צימערען פאַר די איידעלע פּאָסט־רייזענדער אויף אָפּצורוהען זיך.

אין דער דאָזיגער ריינער אָבטיילונג האָט דבורה אַריינגעזעצט דעם מאַן אַנ׳אויסגעפּוצטען אין שבת׳דיגע קליידער. דערביי האָט זי איהם געגעבען אַ שענעם דאָרפס־יונג אויף צו שאַפען זיך, ער זאָל אויפנעהמען איידעלע לייט און פּריצים. זי אַליין האָט זיך אין די „נומערען" נישט געוויזען. סיידען אַ גאַסט האָט די בעל־הבית׳טע גע־פרעגט. דאַן פלעגט דבורה צוזייפען גוט די הענד און אָנטהון דאָס שוואַרצע קאַשמירענע פאַרטיכל מיט דער זיידענער שאַל, וועלכע זי האָט געהאַט פון שווער אַ מתנה און אַריינגעהן פלעגט זי אַ שטילע און אַ מאַט־בלאַסע מיט אַזאַ פאַרגעם און גרויסווירדע, אַז יענער

פלעגט זיך צו איהר פערנויגען, ווי צו אַ פריצה.

נישט איינמאָל האָט זי גערייצט די נערוועז פון איהרע פריצע־שע געסט, מיט וועלכע זי האָט זיך פיין געקאָנט דורכריידען אין די איידעלסטע טענער פון דער פוילישער שפראַך. נישט איין מאָל האָט מען איהר פאָרגעלייגט טייערע מתנות צום אָנדענק. בייטלעך געלד פלעגט מען ביי איהר איבערלאָזען אויפ'ן טיש, כדי נאָך אַמאָל זיך אומקעהרען און קושען איהר די האַנד פאַר איהר איידעלקייט און עהרליכקייט.

צו איהר פלעגען אויך פערפאָהרען די יודישע סוחרים פון שטאָדט, וועלכע האָבען אין דער געגענד געהאַקט די וועלדער. די דאָזיגע האָבען זיך אויך געפיהרט מיט דער ברייטער האַנד. האָט דבורה אַריינגעשיקט אַ רעכענונג איז מען באַלד נתפעל געוואָרען פון איהרע לומדות אין שרייבען לשון קודש און פויליש און אויף די פרייזען האָט זיך זעלטען ווער אומגעקוקט. דערווייל האָט אין שטוב דער מעמד געשטיגען. דבורה האָט זיך געפיהרט אויפ'ן נגיד'ישען שטייגער. איהרע ימים־טובים און שמחות האָבען געהאַט אַ שם אין אַלע אַרומיגע שטעדטלעך. די דאָרטיגע כלי קודש פלעגען פון זיי דערצעהלען חדושים. נאָר די געסט פון דער אַלטער קרעטשמע האָבען זיך ביסלעכווייז געפעלט.

אין דער נייער שטוב איז אויך געשטאַנען אַ גרויסער טיש מיט לאַנגע געוואַשענע בענק; דער האַנדטוך אויף דער וואַנד און די קו־פערנע קוואָרט מיט די אויערען אויף דער קייט איז אויך געווען ווי פריהער. ס'האָט זיך אָבער געפעלט די ברכה אין דער דייזשעל מעהל, וועלכע האָט זיך נישט אויסגענומען עלף יאָהר נאָכאַנאַנד. דבורה איז געווען אַ גרויסע ווירטהין און האָט זיך געפיהרט אויפ'ן שטאָדטיגען אופן. אַלצדינג איז ביי איהר געווען מיט אַ רעכענונג. אַלץ צוגעמאָסטען, צוגעציילט און פערשריבען. דער טיש איז געווען ריין. קיין שטיקער ברויט האָבען זיך אויף איהם נישט געוואַלגערט. קיין קריגלעך מילך מיט שיסלעך קעז און פוטער זענען אויך נישט געשטאַנען אָפען, ווער עס קומט זאָל אַהין אַריינשטעקען אַ האַנד. האָט פערבלאָנזשעט אַמאָל אַ דורכגעהער און האָט געבעטען עפּיס אַ ביס טהון, איז פאַר איהם אין אַ ווינקעל געגרייט געווען אַ ברעג טיש אויף אַ קלאָרער סערוועטענער טישטוך מיט גאָפּעל־מעסער פון אויבען אויף, גאָו' אויפ'ן פריצישען שטייגער, נאָר דערביי האָט מען גוט אַכ־

טונג געגעבען ס׳זאָל אַלץ גאַנץ זיין, ווייל די פּשוט׳ע בלייענע לע־
פעל מיט די שפּיציגע מעסערס אין הילצערנע שטילען, וועלכע שכנא
דער שמיד פלעגט מאַכען אין קריוואָ־דוב, זענען שוין נישט געווען.
אין דער נייער קרעטשמע איז דאָס טיש-געשיר דורכאויס געווען אין
פּראַזשעט און אין זילבער יעדעס שטיק מיט דער בעל־הבית׳טעס
נאָמען געקריצט. האָט מען דאָך אַזעלכע זאַכען נישט געקאָנט אי־
בערלאָזען אויף הפקר. נאָר יענער ביים ברעג טיש, פיהלענדיג, אַז
מען קוקט איהם אין די הענד אַריין, איז ער געזעסען אַ פערשעמטער
און האָט שטיל גאַנצע ביסענס געשלונגען...

דאָס אַלצדינג האָט צוגעקוקט די בעל-הבית׳טע פון דער אַלטער
קרעטשמע, דבורה׳ס שוויגער און האָט אין דער שטיל איהרע רויטע
קראַנקע אויגען געווישט. פון זאָגען עפּיס אַ דעה איז זי ווייט גע־
ווען. אַ פערצייטיגע יודענע, אַ דערשלאָגענע דורכ׳ן מאַנ׳ס שלעכטער
בעהאַנדלונג, האָט זי זיך געשראָקען פאַר דער שנור מיט איהר איי־
דעלקייט און גוטסקייט, ווי אַמאָל פאַר׳ן מאַנ׳ס שגעון. נאָר בעקלאָ־
גען זיך אויף איהר האָט די אַלטע נישט געקאָנט, ווייל דבורה האָט
איהר באמת גרויס כבוד אָבגעגעבען. נאָר צוזעהן דעם פיהרונג איז
איהר שווער געווען. פון איין זייט האָט זיך די שנור געוואָרפען
מיט געלד און האָט אָנגעהאָדעוועט מיט כל טוב, וואו עפּיס פון
שטאָדט אַ רייכער קרוב, אָדער פונ׳ם ישוב אַ זאַטער שכן. תמיד זע־
נען ביי איהר געווען געסט און פאַר אַנ׳אָרימאַן איז די שטוב פער־
שלאָסען געוואָרען. די אַלטע קליינטשקע יודענע האָט זיך אַרומגע־
דרעהט איבער אַלע צימערען, טרייסלענדיג דעם קאָפּ אין די זייטען
און איז איינגעגאַנגען, ווי אַ ליכט. וואָס ווייטער איז זי אַלץ קלענער
געוואָרען און פאַר׳ן טוידט האָט זי ווי אַ צעהניאָהריגעס קינד אויסגע־
זעהן. נאָר געשטאָרבען איז זי ביי דער שנור אויף די הענד און
דער גאַנצער ישוב האָט זייער ליבע בעוואונדערט.

ז.

דבורה האָט דריי קינדער געבוירען. צוויי שענע פעהיגע זיהן,
ווי זי אַליין און איין מגושמ׳דיגע נאַרישע טאָכטער אין טאַטען גע־

ראָטען. ווען די קינדער זענען קליין געווען האָט זי צו זיי געהאַלטען גוטע לעהרער ביי זיך אין דאָרף און דאָס מיידעל האָט געלערענט צוגלייך מיט די יונגלעך, נאָר ווען זיי זענען עלטער געוואָרען האָט זי די יונגלעך אַוועקגעשיקט אין אַ ישיבה אַריין און דאָס מיידעל האָט זי אין דער שטאָדטיגער גימנאַזיע אָבגעגעבען.

אויף דער דאָזיגער ערציהונג האָט זיך דבורה אויסגעבראַכט. איהרע קינדער האָבען זיך אין דער ישיבה פאַר רייכע יונגלעך גע־רעכענט, ווייל זייער פיהרונג איז געווען פון דער ברייטער האַנד אויף פאַרטיגע קעסט און דירה אין פערמעגליך־בעל־הבתישע הייזער. צוליב די גרויסע מאַטעריעלע מעגליכקייטען פון דער היים, האָבען זיך די דאָזיגע נגיד׳ישע בחורים אין אַלע הינזיכטען געפיהלט פרייער פון זייערע חברים און אַרום זיי האָבען זיך גרופירט די בעסטע כחות פון דער דאָזיגער ישיבה, וועלכע האָבען געזוכט נייע וועגען אין דער גרויסער וועלט אַריין. דערנאָך, קומענדיג אויף יום טוב אַהיים אין דאָרף אַריין, האָבען זיי לייזער דעם מיהלנער צורודערט. זיי פלעגען איהם דערוועקען זיינע אַלטע משכילישע חלומות פון אַמאָל.

לייזער פלעגט מבולבל ווערען פון זייערע פרייע געדאַנקען און די טייטשען על־פי־חכמת־הטבע פלעגען איהם הויבען דעם קאָפּ. נאָר ס׳איז איהם געפעלען געווען. די דאָזיגע לעבענס־לוסטיגע בחורים־לעך זענען אַזוי ווייט געווען פון יענעם ישיבה־בחור, דעם עלענדען טאָג־עסער, וועלכען ער האָט געקענט אין זיינע יונגעלשע יאָהרען. דער אָבגעלעבטער דערשלאָגענער לייזער פלעגט דערפיהלען זיינע יונגע כחות פון אַמאָל. גאַנצענע טעג איז ער איבערגעזעסען אין קרעטשמע מיט די יונגלעך, שלינגענדיג יעדעס וואָרט זייערס. אין חול-המועד, ווען דבורה האָט געהייסען שפאַנען אַ פּאָסט־קאַרעטע איה־רע זיהן זאָלען פאָהרען מיט׳ן טאַטען אין שטעדטיל אַריין מאַכען דעם רב אַ בעזוך, איז לייזער מיט׳ן שטעקען אין האַנד צופוס זיי פער־לאָפען דעם וועג. ביים רב אין שטוב האָט קלמן אַרענדאַר באַלד איינגעדרעמעלט ערגעץ אין אַ ווינקעל און צווישען דעם איבעריגען עולם איז אַוועק אַ שטורמישער וכוח פון אַלט און יונג. לייזער האָט אויך געהאַלטען מיט די יונגלעך. דער אַלטער קליינשטעדטילדיגער רב פלעגט נעבעך פערשטעקען זיך די אויערן, ער האָט געשטוינט איבער די מאָדערנע ישיבה־בחורים מיט לייזער׳ן צוגלייך.

פון דבורה׳ס זיהן די פריי-דענקער זענען אויסגעוואַקסען אַ בע־

גאַבּטער בעל-הבּתישער יונגערמאַן לויט׳ן נייעם יודיש-גוי׳עשן שטייגער און דער צווייטער, וועלכער איז געווען ווייניגער בעגאַבּט און אויפ־ריכטיג, איז ביי דער תּורה געבּליבּען. אינ׳ם דאָזיגען האָט זיך אָבּ־געראפען די גאוה פונ׳ם זיידען דעם ישובניק, איז איהם איינגעפאַלען צו זיין אַ מנהיג ביי יודען און ער האָט זיך פּאַר אַ רב אינ׳ם מאָ־דערנעם שניט געגרייט.

זי האָט די קינדער פריה חתונה געמאַכט, נאָר איבּערהויפּט האָט זי זיך צוגעאיילט מיט דער טאָכטער. דבורה האָט געמוזט אַראָבּשלינ־גען דעם ביטערען טראָפּען, וואָס דאָס נאַרישע מגושימדיגע מיידעל מיט די גראָבּע ליפּען און קעלבּערנע אויגען איז אָנגעקומען גראַדע צו איהר. נאָר זי האָט זיך דאָ אויך אַנ׳עצה געגעבּען. קוים האָט דאָס מיידעל געענדיגט די גימנאַזיע, האָט שוין די מאַמע געהאַט פּאַר איהר אָנגעגרייט אַ גערעאָטענעם אָרים-בּחור. עפּיס האָט זי אויפגעזוכט אַ פערוואָגעלטען עקסטערן, ביי וועלכען ס׳איז שוין קיין געדולד נישט געווען ווייטער צו הונגערען און זי האָט איהם איינגעהאַנדעלט פּאַר אַ חתן. דערביי האָט זי זיך אונטערגענומען אויסהאַלטען איהם מיט ווייב און קינד ביז וואַנען ער וועט אויסשטודירען וואָס ער וויל און וועט קומען צו אַ תּכלית.

מיט די זיהן איז עס איהר שוין אָנגעקומען גרינגער. אויף זיי זענען געווען בּעלנים פיינע און רייכע יודען, וועלכע גאָט האָט מיט שענע טעכטער געבּענשט, נאָר פונ׳ם יונגערען, ברוכ׳ן, האָט זי געהאַט אַ ביסעל צרות.

ברוך, דער בעגאַבּטער זוהן דבורה׳ס, איז געווען אַ היבש-ענט־וויקעלטער יונגערמאַן. ער איז געווען שען און הויך געוואַקסען, אַ טונקעלער מיט אַ גרויסען קאָפּ און אַ קיילעכדיג-שוואַרצער באָרד, וועלכע האָט איהם שטאַרק געעלטערט און נאָך בּלוט׳ער געמאַכט דעם האַרטען אויסדרוק פון זיין עקשנות-פּנים. אויך האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פעסטען כאַראַקטער און שטאַרקען ווילען אַלצדינג גרינגדליך צו ערלערנען און קענען. אַזעלכער איז שוין ברוך געווען אויפ׳ן צוואַנציגסטען יאָהר, ווען ער איז פון דער ישיבה געקומען. דעמאָלט איז ביי איהם געווען אַ גרייטער פּלאַן: ביז נאָכ׳ן פּריזיוו זיין אין שטאָדט און לערנען שפּראַכען און דערנאָך פאָהרען קיין אַמע־ריקא שטודירען טעכנישע וויסענשאַפטען, פערדינענדיג זיך דאָס לע־בּענס-מיטעל אַלס אַרבּייטער און דערביי אָנקוקען די גרויסע וועלט.

פון צייט־צו־צייט האָט זיך דער דאָזיגער יונגערמאַן אַרומגע־טראָגען מיט משונה־ווילדע געדאַנקען וועגען מיהלען און דאַוואָדען, וועגען בריקען איבער אַלערליי טייכען און פערלאָזענע קרומע וועגען. אָנגעהויבען האָט ער דערמיט נאָך יונגעלוויז, ווען אַ חברה זיינע חברים האָבען לויט זיין פּלאַן אויסגעטרוקענט אין שטעדטיל דעם דומפּיגען שוהל־הויף, שלעפּענדיג זאַמד און שטיינער פּאַר אַ מהלך פון אַ וויאָרסט. די געבּרוקירטע שטעגלעך יענע, וועלכע האָבען גע־פּיהרט צו די טהירען פון אַלע דריי שוהלען, האָבען זיך געהאַלטען יאָהרען לאַנג. קומענדיג אַמאָל אין שטעדטיל, ווען ער איז שוין אַ גרויסער בחור געווען מיט אַ שם פון אַ למדן און אַן׳אויפגעקלערטען קענער, האָבען עס איהם חשוב׳ע בעלי־הבתים פּאַר אַ שבח דערמאָנט און נישט איין מאָל האָט אַ תמימות׳דיגער בעל־נחלה געהאַלטען זיך מיט איהם אַן׳עצה וועגען אַ שטוב אָנשיטען, איבערמאַכען אַן׳אויוועז, אָדער אַ ברונען גראָבען. נאָר ברוך אַליין איז שוין דעמאָלט ווייט געווען פון די דאָזיגע קליינע השגות. צו צוואַנציג יאָהר האָט ער שוין געהאַט אַ גראַנדיעזען געדאַנק, ווי אַזוי די פּאָלעסיער זומפּען אויסצוטרוקענען, פערטיפענדיג דערביי דעם טייך זאַבּאָלאָטאָוו, וועל־כער איז פערזונקען אין ווילדע וואַסער־געוויקסען און איבערגעפוילטע גראָזען. דעם דאָזיגען פערבינדען מיט׳ן נאָהענטסטען צופלוס פון דניעפּר און דערנאָך אויפ׳ן אַלטען שליאַך בויען אַ פּריסטאַן פּאַר באַרלינעס, דאָ זאָל ווערען דער האַנדעלס־פּונקט פונ׳ם גאַנצען זאַבּאָלאָ־טאָווער ישוב.

אַזוי האָט ברוך געטראַכט, ווען ער האָט זיך אין אַ זומערדיגען פריה־מאָרגען געשיפט איבער׳ן שמאָלען טייך אַ טונקעל־פערשאָטענטען פון די אַרומיגע בוימער, פערוואַרפענדיג זיין קליינע נעץ צו פאַנגען אַ העכטעל דער מאַמען אויף אָנבייסען און האָט יעדעס מאָל אַרויס־געשלעפּט אַ שווערען צופוילטען וואַסער־קאָרץ מיט לאַנגע פערשימעל־טע שוים־פּאַסמעס ביי די זייטען. ער האָט די דאָזיגע מציאה פונ׳ם זומפּיגען אָבּגרונד באַטראַכט, אַרומגעשמעקט, מיט דער האַנד געפּרובט אויב ס׳האָט אַ ממשות און, אַוועקשליידערענדיג עס ווייט צו אַ ברעג, האָט ער מיט עקשנות די ווענדקע ווידער אין וואַסער אַריין געוואָר־פען. דערביי האָט איהם דער קאָפּ געאַרבּייט ווי אַזוי מען קאָן צו־שייז׳ען וואַסער און יבשה, די וואַסערען פון דער ליימיגער ערד זאָ־לען אין טייך אַריינגעגאָסען ווערען און די דערנער פונ׳ם ווילד־

פערוואַקסענעם גרונד אין דער פייכטער יבשה אַריינקנעטען. לויט איהם האָט זיך געדאַכט, איז עס מעגליך געווען. מיט אַלע זיינע געזונדטע חושים האָט ער ליב געהאַט דעם טייך, וועלכער איז תמיד געווען בעהאַלטען צווישען די אויסגעקרומטע ווערבעס און דאָס דערפעל זאַבאָלאָטאָוו מיט דער קרעטשמע נעבען דעם אַלטען שליאַך, וואו זיינע אבות אבותינו זענען געבוירען געוואָרען. די זאַבאָלאָטאָווער פויערים האָבען איהם ליב געהאַט פאַר זיין געזונדטען אויסזעהן, פאַר'ן געשיקטקייט אין רייטען און שווימען און איבערהויפט פאַר מבינות אויף פערד און אויף הינד. אין דאָרף איז ער געווען אַ היימישער מענש. ער האָט געקענט יעדען פויער מיט ווייב און קינד און געוואוסט יעדענס משא ומתן. אויך האָט ער ליב געהאַט מיט זיי צו שמועסען, אַריינלאָזענדיג זיך אין חקירות וועגען גאָט און וועלט־זאַכען. פון זיין רייזע קיין אַמעריקע האָט מען אויך געוואוסט אין דאָרף און די פויערים איז עס דוקא געפעלען געווען, ווייל ער האָט זיי דערצעהלט, אַז ער וויל פאָהרען אַהין זיך אויסלערנען מאַכען גלאָז און קומען דערנאָך קיין זאַבאָלאָטאָוו מאַכען אַ הוטע. דעמאָלט וועט ער זיי אויך אויסלערנען די מלאכה און אַלע וועלען גוט פערדינען, ווייל פון די זאַמדען הינטערן טייך קאָן מען מאַכען גלאָז.

נאָר דבורה'ן האָט געשווינדעלט אין קאָפּ פונ'ם זוהנ'ס פּלאַנען. זי האָט מורא געהאַט אַמעריקא זאָל איהם ביי איהר נישט צונעהמען אויף אייביג. דעריבער איז זי אָפט אין אַ געדריקט געמיטה אַריינגעפאַלען און איז אומגעגאַנגען איבער'ן שטוב מיט פערבראָכענע הענד, בעהערשענדיג זיך קוים.

—איך פערשטעה נישט—האָט זי געזאָגט—ס'פאָהרען אַהין אַזעלכע, וואָס מוזען העמדלעך נייען. איז עס אַ געדאַנק. שעמט מען זיך דאָ עס צו טהון און דאָרטען איז עס קיין בושה נישט. אָבער קיין אַמעריקא שטודירען? שטודירען פאָהרט מען קיין בערלין, קיין קעניגסבערג. צי פערטראָגען אַזוי דעם קאָפּ עבר לים?

ברוך איז דערביי ערגעץ אין אַ ווינקעל געזעסען און האָט געקוקט צו איהר פון אַנ'אָפענעם ספר אַרויס מיט ברייט־געעפענטע אויגען, אַנ'עקשנות־שווייגענדיגער, ווי זיין טבע איז געווען און איהר קול האָט זיך געבראָכען וואָס ווייטער אין ווייכערע טענער.

—צי עבר לים? ברוך, איך זאָג דיר נאָך אַמאָל. הערסט. ווילסט פאָהרען שטודירען, פאָהר, פאָהר קיין בערלין, פאָהר קיין קעניגסבערג,

וואוהין דו ווילסט, איך וועל דיר שיקען אויף דער הוצאה לרוב. קאָנסט פרעגען דעם טאַטען. ס'וועט נאָך קלעקען פון דיינעטוועגען. אָט איז דער טאַטע, קאָנסט איהם פרעגען.

קלמן פלעגט אַריינקומען ברייט, די שוואַרץ-געווענדטענע קאַפּאָ־טע צושפּיליעט און דאָס בייכעל אַרויסגעשטעלט מעשה-גביר. מיט די מלבושי-כבוד, אין וועלכע דאָס ווייב האָט איהם נישט אויפגעהערט צו פּוצען, האָט ער זיך שוין געהאַט איינגעלעבט. ער האָט גערעדט הויך און תקיפ'דיג אויפ'ן רייך בעל־הבתישען שטייגער:

—שוין ווידער זיין אַמעריקא?

ברוך האָט זיך צום פאָטער אַפילו נישט אומגעקוקט. ער איז געווען דורכאויס פערנומען מיט איהר. תמיד איז איהם געווען אינ־טערעסאַנט צו זעהן ווי אַזוי זי, זיין שענע קלוגע מאַמע, ווענדעט זיך צום נאַריש־פערגרעבטען טאַטען גאָך עצות און וויל איהם, ברוכ'ן, ווייזען, ווי אַזוי פעסט זי האַלט זיך אָן זיין דעה.

—ער וויל פאָהרען שטודירען—האָט זי ווידער געזאָגט מיט האַרץ— און האָט מורא טאָמער פערמאָגען מיר נישט צו שיקען איהם אויף דער הוצאה. וויל ער עס דעריבער פאָהרען קיין אַמעריקא.

—אַזאַ משוגעת!

—אַנ'איינבילדעניש! אין דער ישיבה האַלטען ביז נײנצעהן יאָהר איז נישט שווער געווען. אויסצוהאַלטען אַנ'איידים אויף קורסען איז פאַרהאַן, און ער איז אַנ'איבעריגער. אדרבא, זאָל זאָגען דער טאַטע. ס'איז איהם עפּיס שווער פון אייערטוועגען.

—די שווערקייט איז אַזוי...—האָט זיך קלמן געוואָלט אַריינלאָזען אין חקירות וועגען עול-גידול-בנים. נאָר דערצו האָט שוין ברוך קיין געדולד נישט געהאַט און איז איהם אַריינגעפאַלען אין מיטען די רייד מיט זיין פעסטען טאָן, פאַר וועלכען דער פאָטער האָט אַ ביסעל מורא געהאַט.

—טאַטע, בערוהיג די מאַמען, איך וועל קומען צוריק. איך וועל פאָהרען נאָכ'ן פּריזיוו, איך זאָל אין אַלע צייטען קאָנען אַהיים קומען.

—נו, טאַקע, וואָס איז דאָ?—האָט קלמן באַלד מסכים געווען גלייכגילטיג און טעמפּ, פערגעסענדיג דערביי זיין הויכווירדיגע נגידיש־קייט. נאָר אין דער רגע איז איהם דבורה צו הילף געקומען און האָט איהר מאַן ווידער אָנגעקליידעט אינ'ם גדלות־מאַנטעל פון אַ שטאָל־צען פאַטער.

—נו, דו ביזט אַ טאַטע, ביזטו מסכּים, וועל איך דיין דעה נישט איבערשפּאַרען. ס׳איז אָבער אַ קרומע זאַך, קיין אַמעריקא פאָהרט מען העמדלעך נייען, נישט שטודירען.

נאָר דבורה האָט זיך אומזיסט גענערגערט.

די הילף איז געקומען גאָר פון דער זייט. איבער׳ן ישוב האָט זיך דורכגעטראָגען אַ בשורה טובה. די גרויסע וואַלד-סוחרים לעווי האָבען אָבגעקויפט ביי די פּריצישע יורשים די וועלדער פון יענער זייט טייך מיט דער זאַבאָלאָטאַווער קרעטשמע אויף צו בויען דאָ אַ באַהן און זאַוואָדען. און ברוך האָט אַליין זיין פּלאַן וועגען אַמעריקא געענדערט. דאָס אויפלעבונג פון זאַבאָלאָטאָוו איז זיינער אַ פערזענלעכער ענין געוועזן. זיין דאָרף, זיין קרעטשמע, זיין טייך, וועלכען ער האָט געוואָלט דורכגראָבען און פערטיפען, ער זאָל זיך מיט׳ן גרויסען דניעפּר צונויפגיסען. דאָס פערוואָרפענע ווינקעל האָט ער אַזוי אַרום מיט דער גרויסער וועלט געוואָלט פערבינדען. זענען מיט אַמאָל געקומען מענשען מיט מיליאָנען און האָבען צוגעטראַכט עפּיס בעסערס. מען וועט בויען אַ באַהן-ליניע איבער וועלדער און זומפּען און זאַבאָלאָטאָוו וועט ווערען אַ סטאַנציע. ער, ברוך, מוז עס זעהן מיט די אויגען. און עס ווערט ביי איהם אַ פּלאַן אָנקומען צו די לעווי׳ס אויף אַ שטעלע, אָנקלייבען דערווייל אַ ביסעל געלד און דערנאָך ערשט, אין אַ פּאָר יאָהר נאָכ׳ן פּריזיוו, פאָהרען קיין אַמעריקא.

ס׳איז איהם גרינג אָנגעקומען. לעווי׳ס קאַנטאָר האָט זיך גענויטיגט אין מענשען דאָ אויפ׳ן אָרט, וועלכע קענען גוט די געגענד. דערצו איז ער באַלד געוועזן אויפ׳ן אויג, ווייל די קאַנטאָר האָט זיך פון דער ערשטער מינוט אין קרעטשמע איינגעאָרדענט. און דבורה איז איבערגליקליך געוועזן, וואָס ברוך בלייבט נעבען איהר. נישט וויסענדיג זיינע פּלאַנען אויף ווייטער האָט זיך איהר דאָ, ביי די לעווי׳ס גרויסע געשעפטען, זיין צוקונפט געמאָלט אין זעהר ליכטיגע פאַרבען; און געבליבען איז איהר נאָר איין דאגה, ער זאָל טהון אַ פּאַסיגען שדוך. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז ס׳איז גאָר ערגעץ נישטאָ אַזעלכע, וואָס זאָל ווערט זיין דעם דאָזיגען זוהן איהרען פּאַר אַ מאַן צו האָבען. זי האָט בעצייטענס די שנור געאייפערט און נישט פערגינען איהר דעם גליק, נאָר דאָ הויבען זיך אָן ביי דבורה׳ן די אמת׳ע צרות.

---

ברוך האָט צו אַלע זיינע מעלות געהאַט איין גרויסען חסרון. ער איז געווען צופיל איבערגעגעבען פרויען און אין דעם זין פלעגט ער זיך ערלויבען אַזעלכע פרייהייטען, וואָס לויט דבורה׳ס אַ זוהן און זיין אייגענער פערזענליכקייט האָט עס איהם כלל נישט געפּאַסט. קיין שידוכים האָט ער זיך נישט געלאָזט ריידען, ערקלערענדיג פעסט דעם טאַטען מיט דער מאַמען, מען זאָל לאָזען צו רוה די שדכנים, ווייל חתונה האָבען וועט ער נאָר אויס ליבע. און דערפאַר האָט דבורה געציטערט. לויט זי האָט געקענט אין דעם פּרט איהר ברוכ׳ן, איז געווען געפעהרליך אויף איהם אַליין צו פערלאָזען זיך, ווייל איבער יעדעס נאַריש־חנ׳עוודיג מיידעל פלעגט ער פערלירען דעם קאָפּ.

דבורה איז נישט געווען קיין אונטער׳ן־אויווען־יודענע. זי האָט געהאַט אַ ידיעה אין דער וועלט און די אייגענע יוגענד איז איהר נאָך אויך גוט געלעגען אין זכרון. זי האָט געוואוסט, אַז אַ שען מיי־דעל איז אויף אַזוי פיל געשעצט צווישען מענער, אַז קיינער פרעגט נישט איהר יחוס און ביי יעדען איז פאַר איהר תמיד גרייט אַ שמייכעל און אַ שטאַרקע האַנד צו הילף. נאָר דערביי האָט דבורה געוואוסט נאָך אַ זאַך. אַ מיידעל איז זיך אַ מיידעל. מען קאָן איהר נעהמען אין טעאַטער, מען קאָן זי בעגלייטען אַהיים, נאָר חתונה האָבען מיט יע־דעס שען מיידעל וועט מען נישט, ווייל אַזעלכע מעג זיין ווער עס איז און אַ כלה קלייבט מען אויס אַ גלייכען צו זיך אַליין. נאָר לויט איהר האָט זיך געדאַכט איז עס ביי איהר קלוגען ברוכ׳ן געווען אַלץ איינס. אַ כלה און אַ שען מיידעלביידע גלייך. דעריבער האָט זי עס פאַר איהם אַזוי מורא געהאַט.

איבערהויפּט איז דבורה׳ן ביטער געווען זיין מחותנ׳עשאַפט מיט שיינדלען. זי האָט איהר אויסגעזעהן געפעהרליכער פון אַנ׳אַנדער דאָרפיש מיידעל מיט אַ סך זאַכען. ערשטענס איז זי געווען די שענס־טע פונ׳ם גאַנצען ישוב. אויך האָט זי זיך אויסגעצייכענט מיט אַ געוויסער שטילקייט און א־ידעלקייט. דערצו איז זי געווען פון איין משפחה און דערביי אַנ׳איידעלען יודענס אַ טאָכטער און דאָס אַלצדינג וואָלט געקאָנט ביי ברוכ׳ן צו נישט מאַכען דעם אונטערשייד צווישען דעם מין שען מיידעל און כלה.

ס׳האָבען זיך איהר געמישט דערפון די געדאַנקען. קוקענדיג, ווי אַזוי דער זוהן הייסט אַמאָל שפּאַנען די בריטשקע אויף רעסאָרע,

און פאָהרט אַוועק פראַנק און פריי מיט שיינדלען אין שטעדטיל אַריין, פלעגט איהר ווערען נישט גוט נאָר אויף צו חלש'ען. אויך פלעגען איהר גוי'עס דערצעהלען, אַז ער שפּאַצירט מיט איהר אין וואַלד. דערביי האָט מען ביי איהר געפרעגט בתמימות ווען די חתונה וועט זיין אין אַ גוטער שעה.

דבורה האָט גענומען טראַכטען וואָס צו טהון. זאָגען איהם האָט נישט געטויגט. ער איז נישט געווען פון די נאָכגעביגע און ביי אַזאַ זאַך, האָט זי געוואוסט, שטעלט מען זיך אַנטקעגען, ווערט עס נאָך טייערער. דעריבער איז איהר איינגעפאַלען אַ געדאַנק היילען איהם מיט עפּיס אַנדערש. דבורה'ן האָט זיך געלייגט אויפ'ן רעיון אַראָברענגען צו גאַסט איהרס אַ יוגענד-פריינדינס אַ טאָכטער, אַ שטאָדטיג שען קינד פון איידעלע עלטערן, וועלכע האָט מיט אַ יאָהר צוריק געענדיגט די גימנאַזיע. זי איז אַ פריילֿיכע, אַ טאַנצענדיגע, אפשר וועט איהם אַזוינס אויך געפעלען. דעם מיידעלס עלטערן זענען געדריקט און קאָנען איהר אַ גראָשען נישט געבען, נאָר ביי איהר, דבורה'ן, וועט עס זיין אַ מתנה פון גאָט, נאָר אין בלאָטע נישט אַריינקריכען. מיט איטען נישט ווערען קיין מהותנ'עשאַפט און איהר טאָכטער פאַר קיין קינד נישט האָבען.

צוגעטראַכט אַזאַ מיטעל, האָט עס דבורה געטהון מיט קאָפּ. זי האָט איינגעלאַדען אויפ'ן זומער דאָס מיידעל צו זיך אין דאָרף אַריין, נישט זאָגענדיג ברוכ'ן קיין וואָרט דערפון.

און אַ בלאָנד מיידעל איז עס געווען. אַ קליינינקע מיט אַ ווייס העלזעל און אַ גלאַטען צינגעל, וועלכער האָט פריילֿיך געקלאַפּט אָן אַ סוף. אויך האָט זי שען געלעזען, גוט דעקלאַמירט און אויף יעדען טריט האָט זי זיך זעהער גראַציעז געדרעהט און געטאַנצט.

אַזעלכע, אָנגעטהון אין ווייסע באַטיסטען מיט העלע קליינע שיכלעך האָט זי אין אַ זומערדיגען פאַרנאַכט ברוך געטראָפען, זיצענדיג ביים פענסטער, פערוואָרפען דאָס קעפּעל, ווען ער איז פון עפּיס אַ נאָהענטער נסיעה אַהיים געקומען.

די מאַמע האָט זי' איהם גלייך פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז מיינעלע ר' יוספ'ס, דער אייגענער ר' יוסף, וואָס איז מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק געווען אין זאַבאָלאָטאָוו קויפען היי און דערביי האָט זי צוגעגעבען:

—דאָס איז מיין גאַסט. איהר מאַמע איז מיין בעסטע חבר'טע

און זי אַליין האָב איך צוגעוויגט אַמאָל. ווערטו זעהן איה־ זאָל דאָ נישט זיין אומעטיג ביי מיר? אָדער איך זאָל איהר בעצייטענס אויס־ שרייבען עפּיס אַ שענעם קאַוואַליער פון שטאָדט? איך האָב איהר צו־ געזאָגט, אַז עס וועט איהר דאָ זיין פריילּיך.

דאָס בלאָנד־גראַציעזע מיידעל האָט איהם דערלאַנגט איהר קליין פולּ הענטעל פון די העל־דורכזיכטיגע מוסלינען אַרויס און האָט זיך דערביי אַזוי מילד צולאַכט, ווי עס קאָן לאַכען יעדעס יונג מיידעל. ברוכ׳ן האָט זיך גלייך דער קאָפּ פערדרעהט. שוין איז ער געווען פער׳שכור׳ט פון איהר יוגענד און פריילּיכקייט, ווי ער וואָלט זיך מיט אַלטען וויין אָנגעטרונקען.

און זומער איז עס געווען, אַרום קרעטשמע האָבען פון די אויפ־ געבליהטע פעלדער געגלעט דופטיגע ווינטען. פערביי שטוב איז דער שליאַך צווישען די בוימער געווען פערבאָרגען און דער טייך מיט די אָנגעבויגענע ווערבעס ביי ביידע ברעגען, אין זיין טונקעל־גרינער וויג אַ פערוויגטער, האָט געטרוימט אין דער שטיל, פערנעהמענדיג דאָס ריטמישע קלאַפּען פון רודער און די קושען פון די פערליבטע, וועלכע זענען אין שיפעל געזעסען...

---

דבורה האָט געזיגט. דאָס בלאָנד־באַטיסטענע מיידעל, וואָס זי האָט אויסגעשריבען פון שטאָדט פאַר איהר ברוכ׳ן, האָט איהם אויס־ געהיילט. קוים האָט זי זיך ביי איהם אָבגעבעטען מען זאָל אָבלייגען די חתונה ביז נאָך יום טובים.

## ח.

פון זינט ברוך האָט חתונה געהאַט, פלעגט שיינדעל קומען אין קרעטשמע זעהער זעלטען. איהם אַליין האָט זי אויך אויסגעמיטען און זיין יונג קליין ווייבעלע האָט זי זיך גאָר געשעמט צו קוקען אין די אויגען אַריין. שיינדעל האָט געהאַט שלעכטע געדאַנקען. איהר האָט זיך געטראַכט פון ברוכ׳ן. קיין טענות האָט זי צו איהם נישט געהאַט. נאָך בחור־ווייז, ווען ער איז צו איהר גאָר גוט געווען, איז איה־

אויף אַזוינס קיינמאָל נישט איינגעפאַלען. זי האָט דעמאָלט אויך גע־וואוסט, אַז דבורה'ס זוהן, דער שענער גראָטענער ברוך, איז איהרס נישט קיין גלייכען. ס'איז איהר נאָר דעמאָלט זעהער גוט געווען.

זי פלעגט ליב האָבען פאָהרען מיט איהם אין שטעדטעל: ער אין זיין העלען שטויב־מאַנטעל אָנגעטהון, אָדער איינגעוויקעלט אין דער וואַרימער בורקע מיט'ן קליינעם פריצישען היטעלע אַראָבגערוקט איבער די אויגען און זי, שיינדעל, ביי זיין רעכטער האַנד זיצט אָנ־שפאַרט בעקוועם ביים אָנלעהן פונ'ם געפאַרבטען וועגעל, גאָר ווי עפיס אַ פאַניענקע. אומקוקען זיך צו איהם פלעגט זי מורא האָבען, ווי פאַר אַנ'עבירה, נאָר ס'איז איהר געווען גענוג פון צייט־צו־צייט זיין קול צו הערען:

—זיצסט גוט, שיינדעלע? שעם זיך נישט, זאָג.

שיינדלען פלעגט זיך וועלען אַראָבשפרינגען פון וואָגען און לאָ־זען זיך לויפען מיט אַ געזאַנג איבער'ן פעלד די הענד אויפגעהויבען אין דער הויך, דער ווינד זאָל זי ערגעץ ווייט, ווייט אַוועקטראָגען. נאָר געזעסען איז זי שטיל, בעהאַלטענדיג אינ'ם ווייסען שאַליק דעם גליקליכען שמייכעל איהרען:

—איך זיץ גוט.

אַנ'אַנדערש מאָל פלעגט ער אויף איהר וואַרפען אַ בליק פון דער זייט:

—שיינדעלע, וואָס וואָלט געווען, ווען איך גיב דיר איצט אַ קוש, וואָלסט מיך דערפאַר זעהער פיינד געהאַט? אַ, דו שעמסט זיך? ביזט רויט געוואָרן? נו, נו, האָב נישט מורא. נאָר זאָג מיר, שיינ־דעלע, מען רעדט דיר שוין שידוכים? אַוועלכען חתן ווילסטו? ועסט מיך רופען פאַר אַ מבין?

שיינדעל איז געזעסען מיט צוגעמאַכטע אויגען, פערוואָרפען דעם קאָפּ אַהינטער, אַ פער'שכור'טע פון גליק און האָט געענטפערט, ווי פון חלום:

—ניין, אויף קיין יונגע לייט קאָנט איהר דאָך קיין מבינות נישט זאָגען.

—אָ, דו ביסט אַ קלוגע אויך! און איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט נאָר אַ שענע. פון דעסטוועגען זאָלסטו מיר געבען צו וויסען, אַז צו דיר וועט קומען אַ חתן. יאָ? געדענק זשע. אָ, איך וואָלט איהם שוין די ביינער צובראָכען. און דערווייל וועל איך דיר פערבינדען

בעסער דעם שאַליק. אַ שאָד דיינע האָר זאָלען פערשטויבט ווערען.

שיינדעל האָט זיך געלאָזט איהר ווייסען שאַרף אויפ'ן קאָפּ איינ־אָרדענען, קוקענדיג ברוכ'ן אין די הענד אַריין, וועלכע האָבען איהם לייכט געציטערט, און דערביי האָט זי יעדעס וואָרט זיינס געשלונגען.

—אָ, איצט ביזטו אַזוי ווי רבקה. ווייסט וועלכע רבקה? פון חומש. זי איז אויך געוועזען אַ שעמעוודיגע, אַזוי ווי דו. דערזעהן דעם חתן, האָט זי זיך דעם קאָפּ צוגעדעקט. וועסט אויך אַזוי טהון?

—ניין.

—געדענק זשע זאָלסט מיך רופען פאַר אַ מבין. וועסט זעהן איך וועל איהם צוברעכען די ביינער.

שיינדעל האָט נישט געענטפערט. אַ פערבאָרגענער בליק איהרער האָט נאָר איבער זיין אַקסעל געשוועבט און אַליין איז זי געזעסען אַ פערפלאַמטע און אַ גליקליכע, בעהאַלטען אין איהרע אומבאַגרענצטע פריידען, וועלכע האָבען פון איהר גאַנצען וועזען אַרויסגעלייכט.

אויך פלעגט זי איהם אין וואַלד בעגעגענען.

ער פאָהרט פון ערגעץ פערביי און זי, שיינדעל, שטעהט זיך אָן אַ זייט ביים וועג און קוקט איהם נאָך אַ צופרידענע, וואָס ער זעהט זי נישט איצט אינ'ם וואָכעדיגען „הולך” איהרען. נאָר צום מאָל, ווען ער איז אַזוי פערבייגעפאָהרען, האָט זיך איהר, נישט ווילענדיג, צום וואַלד אויסגעשריען: „אַו!” און זי איז באַלד אויפ'ן אָרט שטעהן געבליבען צומישט, ווי זי וואָלט זיך פאַר'ן אייגענעם קול דערשראָ־קען. נאָר כאַפּען צוריק איז שוין שפּעט. פון ערגעץ ווייט צווישען די בוימער רופט זיך אָב דאָס ווידער־קול איהרס און ברוך שטעלט זיך אָב. ער הערט זיך איין, קוקט אין אַלע זייטען און גיט זיך לסוף אַ כאַפּ:

—אַ, דאָס ביזטו, שטיפערקע? וואוהין געהסטו? קום, זעץ וועל איך דיך צופיהרען אַהיים.

—אַ דאַנק אייך, איך קלייב דאָ שוואָמען אויף אָנבייסען—האָט שיינדעל קוים געשטאַמעלט און דערנאָך איז זי שוין יענעם טאָג אַרומגעגאַנגען אַ צוקלעמטע איבער דעם וואָכעדיגען „הולך” איהרען. נאָר פאַר'ן שלאָף, ווען זי איז מיט בתיה'ן אין בעט געלעגען, האָט זי לאַנג מיט אָפענע אויגען אין דער פינסטערניש געקוקט און, איינ־הערענדיג זיך גוט אויב די שוועסטער שלאָפט, האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

—דאָס ביזטו, שטיפערקע?

שיינדעל האָט אויפגעהערט אין שטוב באָרפוס אַרומצוגעהן. זי האָט זיך טאָג-טעגלעך אָנגעהויבען קליידען אין העל־געפּרעסטע קאָפּ־טעלעך און, בעהאַלטענערהייד פון בתיה׳ן, וואַשען זיך די האָהר מיט דופטיגע זייפען. די ביילאַגעס פון דער „ניוואַ״, וועלכע די גלח׳טע פלעגט אַמאָל בעקומען, האָט זי געשלונגען כסדר, לעזענדיג אויף׳ן קול, דער רוסישער אַקצענט זאָל איהר אויסקומען גוט—און צו ברוכ׳ן איז דערווייל פון שטאָדט אַ כּלה געקומען, אַנ׳איידעל קינד, אַ געשטו־דירטע, ווי איהם פּאַסט. ער האָט חתונה געהאַט פון לאַנג. איבער אַלע אַרומיגע דערפער דערצעהלט מען חדושים פונ׳ם יונגען ווייבעל מיט איהרע גילדענע העמד צום העפטען און אויסנייען. שרה׳לעס מאַמע קאָן זיך נישט פערוואונדערען אויף די סך העמדעלעך און טשעפּיק־לעך, וואָס דבורה׳ס שנור גרייט בעצייטענס צום קינד־בעט. שיינדעל הערט עס אַלצדינג און עס קומט איהר אַפילו נישט אויפ׳ן זינען, אַז עס קאָן זיין אַנדערש. נאָר שפּעט אין אָוועגד, ווען די אָנגעהאָ־רעוועטע געזונטע בתיה שלאָפט איין, רוקט זיך ביי שיינדלען אַרויס די אַלטע „ניוואַ״־ביילאַגע, וועלכע זי לעזט נאָך אַלץ צוליב׳ן גוטען רוסישען אַקצענט, און די אויגען ווערען איהר פייכט פון עפּיס אַ טיפען פערבאָרגענעם וועהטאָג. זי פערלעשט געשווינד דאָס לעמפּעל, וואָס שטעהט נעבען בעט אויפ׳ן פענסטער, און ליגט דערנאָך לאַנג אַ פערקוקטע אין דער פינסטערניש.

— ביזט אַ קלוגע אויך?... און איך האָב געמיינט, אַז דו ביזט נאָר אַ שענע...—שלינגט זי די טרעהרען מיט די ווערטער צוזאַמען.

אין פריהמאָרגען איז שיינדעל אַרומגעגאַנגען מיט אַ פערבונדע־נעם קאָפּ און איז אַלע מאָל צוגעשטאַנען צו דער באָבען יענע זאָל איהר זאָגען אויב גאָט איז מוחל שלעכטע מחשבות. ראשע-לאה פלעגט איהר ענטפערען אַ צעהנטען וואָרט, אַזוי נאַריש האָבען איהר אויס־געזעהן איהרע קינדערשע טענות, נאָר ווען זי האָט שטאַרק געבעטען, האָט זי די אַלטע בערוהיגט, אַז אַ מיידעל האָט נאָך „פּיער שטעקענס״ פאַר זיך. פאַר דער חופּה איז גאָט מוחל אַלע עברות. שיינדעל פלעגט זיך דערפרעהען פונ׳ם דאָזיגען ענטפער און האָט דעם טאָג דורכאויס געטראַכט פון ברוכ׳ן און פאַר׳ן שלאָף האָט זי שטיל גערעדט צו זיך אַליין, צוגעהענדיג אין מתיקות:

—ביזט אַ קלוגע אויך?... און איך האָב געמיינט, אַז דו ביזט נאָר אַ שענע...

---

צו דער צייט איז אין דער קרעטשמע אַלץ געגאַנגען אין דער בעסטער אָרדענונג. דאָרטען אויפ׳ן שליאַך האָט עס געקאָכט און גע־רוישט, ווי תמיד. אין די אַמאָליגע „נומערען" איז איצט געווען לעווי׳ס קאַנטאָר און פון דער אַנדער העלפט, וואו ס׳איז פריהער גע־ווען די גוי׳עשע קרעטשמע, האָט דבורה געמאַכט אַ דירה פאַר זיך מיט די קינדער. איצט איז עס שוין געווען אַ שטאָדטיגע וואוינונג מיט געפאַרבטע דילען און געשפרייטע שטעגלעך אונטער די פיס. גרוי־סע בילדער זענען אויף די וועגד געהאַנגען. די פענסטער זענען גע־ווען פערצירט מיט גאַרדינען און בלומען־טעפ. ברוך האָט זיך פון שטאָדט ניי מעבעל אויסגעשריבען. פונ׳ם גאַנצען ישוב איז מען גע־לאָפען אָנקוקען זיין שלאָף־צימער מיט דער שפיגל־שאַפע און די בעטען מיט די געפאַרבטע אייל־בילדער אין די וועגד.

דבורה האָט גרויס נחת דערלעבט. זי איז נאָך ביי איהרע פופ־ציג יאָהר געבליבען מיט שפורען פון איהר אַמאָליגער שענקייט און זי האָט שוין געהאַט די וועלט אויסגעפיהרט. זעקס קינדער האָבען איהר באָבע גערופען און זי איז נאָך אַלץ געווען אַ גלייכע, אַ שלאַנ־קע, מיט געטאָקטע צאַרטע גלידער, ווי אַמאָל. די קינדער האָבען מיט איהר שטאָלצירט, ווי אַמאָל דער שווער, וועלכער האָט זי אַראָבגע־נומען פאַר אַ צירונג אין שטוב אַריין. נאָר דבורה האָט צוגענומען דעם כבוד פון איהרע קינדער איינפאַך און פשוט, ווי אַמאָל די הכנעה פון איהרע פריצישע געסט. איהרע בעציהונגען צום מאַן האָבען זיך אויך נישט געביטען. קלמן איז אַלץ געווען די גרויסע פערזענליכקייט, „דבורה׳ס מאַן" און אַלע שטוב־מענשען האָבען איהם געדאַרפט פאָל־גען מיט׳ן קוק. איצט האָט ער געהאַנדעלט מיט פריצים, געהאַט לאָנ־קעס אין אַרענדע און האָט זיך געהאַלטען בכלל מעשה־גביר. אָפט איז ער אויך אַרויס מיט אַ געבייזער, ווי פאַר אַזעלכען פאַסט און דבורה׳ן איז עס געפעלען געווען. צום מאָל האָט זיך איהר געוואָלט ער זאָל כאָטש זיין אַ שלעכטער בעל־גאוה, ווי זיין טאַטע מיט׳ן שגעון.

דאַס זעלבע האַבען אויך געפיהלט די קינדער. יעדעס ביי זיך

אין האַרצען האָט געוואוסט, אַז דער טאַטע . עפּיס אין שטוב, ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגען, נאָר מען איז מחויב צו זעצען איהם איבען-אָן צוליב זיך אַליין, פונ׳ם אייגענעם כבוד וועגען דאַרף מען איהם שענען און גרויס מאַכען. דאָס איז געווען אַ מין פערבאָרגענער הסכם צווישען מוטער און קינד, איבער וועלכען מען האָט קיינמאָל קיין וואָרט גערעדט, נאָר ענג פערבונדען דורך די איידעלסטע פע־דים פון דער נשמה. אַפילו די מגושמ׳דיגע נאַרישע טאָכטער האָט פערשטאַנען ווי אַזוי פיין צו פאָלגען דעם טאַטען און דער געראָטע־נער איידעם מיט ברוכ׳ס קליין ווייבעלע האָבען זיך אויך גלייך צו־געפּאַסט צו דעם איידעלען פאַמיליען־בונד.

איין ברוך האָט נאָר פון צייט־צו־צייט אין זיין מאַמעס גליק־ליך־צופרידענער שטוב געשטערט די רוהע און היימליכקייט.

ברוך, דער שענער, דער בעגאַבטער מיט זיין גרויס מזל, איז געווען שטאַרק נישט צופרידען מיט זיך. אויך האָט ער איצט צו זיי־נע פינף־און־צוואַנציג יאָהר געהאַט טענות צו דער וועלט. דאָס שטיי־גען זיינס אויף דער שטעלע ביי די לעווי׳ס, די גרויסע זאַבאָלאָטאָ־ווער געשעפטען זייערע, וועלכע האָבען איהם פון אָנפאַנג אַזוי פער־אינטערעסירט און די אַלערליי פעראַנטוואָרטליכע וויכטיגע עסקים, וואָס זענען איהם אין קאַנטאָר געווען אָנגעטרויט—דאָס זענען אַלץ געווען די סיבות, וואָס ער האָט צו פריה חתונה געהאַט. זיין וועג איז גע־ווען אין דער פרייער וועלט אַריין. ער האָט געדאַרפט לעהרנען, ער האָט זיך געדאַרפט ענטוויקלען און געבליבען איז ער אַ בעל־הבתישער גאָרנישט. געקומען עפּיס אַ מיידעל צו גאַסט און אַלע זיינע פּלענער זענען אַוועק מיט׳ן רויך. פון דעמאָלט אָן איז ער אַנ׳עבד־כנעני גע־וואָרען ביי דעם דאָזיגען מיידעל, אַנ׳אייביגער בעל־חוב איהרער, כאָטש ער קאָן זיך פאַר קיין אופן נישט דערמאָנען, ווי אַזוי איז עס איהם איינגעפאַלען חתונה צו האָבען מיט איהר.

ברוכ׳ס בלאָנד ווייבעלע איז נאָך דער חתונה גאָר אַנ׳אַנדערע געוואָרען. אַזוי ווי זי האָט פריהער געטאַנצט און געשפּרונגען, ביי־טענדיג עטליכע מאָל אין טאָג די העלע לייכטע קליידעלעך מיט די בענדער אין די האָהר, אַזוי איז זי דערנאָך געוואָרען פויל אויפ׳ן טראָט און גלייכגילטיג צום קליידונג. דער כאַלאַט מיט די אויסגעניי־טע פּאַנטאָפעל זענען געוואָרען איהר וואָך און שבת און די טענץ זענען מגולגל געוואָרען אין שטריקען און אויסנייען, זיצענדיג אין

גאַנץ בעקװעמע פּאָזעס. נאָר דאָס קלאַפּען מיט'ן געשליפען מײלכעל איז איהר געבליבען, װי פריהער, און דאָס האָט ברוך איבערהױפּט נישט געקאָנט לײדען. פון אַלע זײנע יאָהרען האָט ער פײנד געהאַט פרױען, װעלכע רײדען אַ סך. איהר אָנשיטען אַ שטוב מיט רײד בײ יעדער געלעגענהײט האָט איהם אָפּט אַרױסגעבראַכט פון געדולד ביז צו אַ שאַרף װאָרט, פון װאָס זי אַלײן האָט דערנאָך שטילערהײט גע־װײנט און די מאַמע איז ברוגז געװאָרען אױף דרײ טעג נאָכאַנאַנד, ביז װאַנען ער האָט זי געמוזט דערנאָך איבערבעטען. נאָר דאָס װײ־בעל איז געװען גרינגער אױף דער דעה, װי די שװיגער איהרע, איז עס מיט איהר צו קײן רוגז נישט געקומען. זי איז איצט נאָך דער חתונה מעהר געװען פערליבט אינ'ם מאַן, װי דעמאָלט זומער, װען זי האָט זיך מיט די סטענגעס אױפ'ן קאָפּ גע'חנ'ט פאַר איהם. דערפיהלענדיג דאָס קינד אונטער'ן האַרצען, האָט זי אָהן איהם אַ מי־נוט נישט געקאָנט לעבען. װאו ער איז געגאַנגען און געשטאַנען איז זי איהם אָנגעקומען אַנטקעגען מיט אַ פערקרימט פּנימ'ל, קוליענדיג זיך אין בײדע זײטען, װי אַנ'ענטעל און איהרע נײן מאָס רײד פּאָראױס.

—װאָלט זי כאָטש אַזױ פיל נישט גערעדט—האָט ער געטראַכט צום מאָל, װען אַ רחמנות־געפיהל האָט זיך צו איהר פון זײן האַרץ אָבגערופען. אין דער מינוט האָט ער זיך געשעמט פאַר זײנע אײגע־נע געדאַנקען, װאָס ער בעשולדיגט אין עפּיס אָט דאָס שװאַך בעשע־פעניש, װעלכעס איז מעהר קינד, װי פרױ און מענש צוזאַמען. װער איז דאָך שולדיג, װאָס ער האָט אַזױ יונג חתונה געהאַט? מינע נישט. די מאַמע האָט איהם אױך נישט צוגערעדט. שױן זשע ער אַלײן? װי אַזױ האָט עס, דאַכט זיך, געקאָנט זײן. אַזעלכע פרױען זענען איהם קײנמאָל נישט געװען געפעלען. נאָר אָט איז איהם צו די אױגען געקומען דער טאַטע און בײ דעם אױפגעבראַכטען ברוכ'ן רופט זיך אָב אַ שלעכט געפיהל צו דעם דאָזיגען יודען, װעלכער זיצט אױבען־אָן אין דער זײדענער יאַרמעלקע און זאָגט דעות אױף אַלצ-דינג. אױפ'ן שידוך מיט מינען איז אױך געװען זײן דעה—דערמאָנט זיך ברוך. און אין דער מינוט זאָל נאָר דער אַלטער זאָגען איהם אַ װאָרט, װערט ער גלײך אױפגערעגט און ענטפערט אָב אַזױ האַרט, אַז די שװעסטער נעהמט איהם דורך מיט'ן בליק, מינע דערשרעקט זיך באַלד און די מאַמע װערט ברוגז אױף אַכט טעג נאָכאַנאַנד ביז ע־בעט זי איבער מיט'ן טאַטען צוגלײך.

דערפון איז אָבער ברוכ׳ן נישט בעסער און ער איז גערען, ווען עס קומט איהם אויס אין דער היים נישט צו זיין.

---

איין מאָל אין אַ ווינטערדיגען שבת־צו־נאַכט האָט זיך ברוך גע־קליבען אין שטאָדט אַריין און איז בעזונדער געווען אויפגערעגט און נערוועז. די דעפּעשע, וועלכע האָט איהם אַרויסגערופען אין דער שטאָדטיגער קאַנטאָר פון די לעווי׳ס, איז נאָך אָנגעקומען שבת אין פריהמאָרגען און איבערוואַרטען דעם טאָג איז איהם געווען זעהער לאַנגווייליג. דערצו איז מינע געווען אונערטרעגליך. אַ גאַנצען טאָג האָט זי איהם פון אויג נישט אָבגעלאָזען. אַפילו אין קאַנטאָר האָט זי איהם אָבגעזוכט. איז ער נאָר אַריין אַהין אויף אַ מינוט, איז זי באַלד אויסגעוואַקסען ביי דער זייט, צוגעטוליעט דאָס קעפּעל צו זיין אַקסעל, ריידענדיג דערביי גיך, וואָס עס איז איהר נאָר אין מויל אַריינגע־פאַלען. דער טאָג האָט זיך איהם אויסגעצויגען פאַר אַ יאָהר. יעדעס מאָל האָט ער געוואָרפען אַ בליק אין פענסטער אַריין צו די בלייענע הימלען מיט׳ן פערשנייטען שליאַך און איז געלאָפען בעהאַלטען זיך פון זיין ריידעוודיג פערליבט ווייבעלע.

לסוף איז אָנגעקומען די וואָך און די קרעטשמע האָט אָבגע־לעבט. מיט העלע פייערען האָבען אויפגעשיינט די געווייסטע גרויסע פענסטער אויפ׳ן שליאַך אַרויס. אין קאַנטאָר האָט מען געעפענט די קאַסע און די פויערים, וועלכע זענען נאָך פון פאַרנאַכט שווייגענדי־גע ביי די ווענטלעך געשטאַנען מיט די היטלען אין די הענד, האָ־בען זיך מיט אַמאָל לעבהאַפט צורעדט איינער מיט׳ן אַנדערען. פונקט ווי דער קלאַנג פונ׳ם געלד וואָלט זיי איצט, אויף דער נאַכט פון זונ־טאָג, געבראַכט די גוטע בשורה, אַז די שווערע וואָך פון קלעצער פיהרען איז שוין געענדיגט. אינ׳ם אַנדערען צימער האָט מען בריף צו דער פּאָסט געשריבען. ברוך איז געזעסען ביי זיין גרויסען שרייב־טיש מיט אַ ציגאַר צווישען די פינגער און האָט איבערגעקוקט די נאָר וואָס אָנגעקומענע קאָרעספּאָנדענץ. ביי דער זייט איז געשטאַנען אַשכנזי, אָנגעבויגען איבער אַנ׳אָפענעם רייסטער־בוך, פערצייכענענדיג מאָסען און צאָהל פון די אָבגעקלאַפּטע בוימער פונ׳ם פערגאַנגענעם טאָג. סאָניע איז געזעסען ביי דער צווייטער זייט אַנטקעגען ברוכ׳ן. אַשכנזי האָט זיך געפיהלט פריי און איז געווען גוט געשטימט נאָכ׳ן

שפּאַציר מיט לייזער'ס שטאָדטיגער קרובה. זי איז שוין ביי איהם גע־וועזען פערזאָרגט מיט אַ שליטעל אויף אָבצופיהרען זי אַהיים און אַ גאַנצען פּאַק צייטונגען צום לעזען ביז ער וועט פריי ווערען פון זיין אַרבייט. מיט זיינע ספקות האָט ער געענדיגט. ס'איז געוועזען דער לעצטער וויזיט.

גאַנץ אַנדערש האָט זיך בעצויגען צו סאָניען דער זייטיגער ברוך. פאַר איהם, דעם גרויסען דאַמען־שעצער, איז עס נאָך ווייניג געוועזען, וואָס מען האָט פאַר איהר בעשטעלט אַ שליטעל און געגעבען איהר אַ פּאַק בלעטער צום לעזען. ער האָט געוואוסט ווער דאָס מיי־דעל איז און אויך צוליב וועמען זי זיצט דאָ נעבען שרייב-טיש, נאָר ס'איז ביי איהם געוועזען עפּיס אַזאַ געפיהל, ווי ער אַליין וואָלט פער־אַנטוואָרטליך געוועזען פאַר איהר קומען אַהער. איהם האָט זיך געדאַכט דאָס מען נעהמט זי אויף נישט גוט און ער פערזענליך איז שולדיג אין דעם. נאָר אויף וויפיל עס איז אַמוזירען איהר איז איהם אויך געוועזען שווער. זי איז געזעסען אַזוי נאָהענט, אַז ער האָט זיך גע־פיהלט איינגאַנצען געפאַנגען אונטער איהר בליק און דאָס איז געוועזען גענוג פאַר ברוכ'ן ער זאָל גלייכגילטיג נישט קאָנען זיך אומקוקען צו איהר. ער וואָלט נישט געקאָנט זאָגען, אזיב דאָס מיידעל, וועלכעס זיצט אַנטקעגען אָנגעלעהנט מיט אַ האַנד אויף אַ ברעג טיש, איז שען אָדער נישט. איבערקוקענדיג די בריף איינס נאָכ'ן צווייטען מיט אַ לייכטען ציטער אין די הענד, האָט ער ביי דער געזעצטער שיין פונ'ם גרינעם אַבאַזשור געזעהן נאָר אַ קליין מיילכעל מיט דינע ליפּען און אַ שוואַרצע פוטערנע מופטע צוגעדעקט מיט אַ צייטונג און ס'האָט זיך איהם געדאַכט, אַז אַרום אין צימער איז עפּיס ליכטיגער און היימליכער, ווי פונ'ם גרויסען חדר מיט די אָנגעשטעלטע קאַנטאָר־טישען און לײדיגע פערשאָטענטע ווענד וואָלט די קאַלט-געשעפטליכע אונהיימליכקייט פערשוואונדען.

לסוף זענען די בריף צו דער פּאָסט פאַרטיג געוואָרען. מען האָט זיי ברוכ'ן אין זיין לעדערנעם רייזע־טאַש איינגעפּאַקט און כוועדאָר, אַ הויכער דאָרפס-יונג מיט אַ לאַנגען גאָרגעל, איז געשטאַנען מיט דער בייטש פערוואָרפען איבער'ן אַקסעל, גרייט אין וועג אַריין. דאָס געשפּאַנטע שליטעל האָט געוואַרט ביי דער טהיר. ברוך האָט זיך העפליך פערנייגט צו סאָניען און איז אינאיינעם מיט איינינע פון זיי־נע קאָלעגען אַוועק צו זיך אין שטוב אַריין.

—פּאָהרסט שוין ווידער אַוועק!—האָט זיך מינע געקלאָגט, דער־זעהענדיג דעם מאַן אָנגעטהון אין דער בורקע מיט'ן הויכען קאַראַ־קולענעם הוט איבער'ן שטערען. דער לאַנגער ברייטער וועג־פּוטער מיט'ן גרויסען האָריגען קאָלנער האָבען איהם אַ רייך־מוטיג אויסזעהן צוגעגעבען. דאָס ווייבעלע זיינס האָט געקוקט צו איהם אַרויף מיט איהר בלאַס רחמנות־פּנימ'ל, טענה'נדיג ווי אַ קינד.

—אַלע מאָל פאָהרסטו אַוועק. ס'איז דאָ אַזוי אומעטיג אָהן דיר. זאָל פאָהרען אימיצער אַנדערש. זאָל פּאָהרען פישמאַן—האָט זי אָנגעוויזען אויף אַ יונגען רויט־האָריגען בחור אָהן וואָנסען, וועלכער איז געשטאַנען דערביי.

דער עולם האָט זיך גוטמוטיג צולאַכט און ברוך, פיהלענדיג, אַז עס טרעט איהם ווידער צו דאָס לאַנגווייליג שווער געמיט פון בייטאָג, איז בייז געוואָרען אויף זיך אַליין.

—אַ פאָלק די ווייבער—האָט ער צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך אַליין בעדויערט.

דער אַלטינקער קאַסיר, אַ קליין יודעל מיט אַ גראָה־געשוירען בערדעל פון אַנ'אַמאָליגען משכיל, איז דערוויילַ אַריינגעפאַלען מיט אַ וויץ, מיינענדיג טרעפען די יונגע חברה פאַר זייערע לייכטע בעציהונגען צו זייערע פליכטען אין געשעפט:

—וואָס דען מיינט איהר, ר' ברוך, אַ ווייב איז דאָס עפּיס אַ שטעלע ביי די לעווי'ס, וואָס מען איז אַ פרייער פויגעל. כע־כע־כע. אַמאָל איז אַ שלעכטער בעל־הבית בעסער פון אַ גוט ווייב.

ער איז געווען צופרידען פון זיין אייגענער חכמה און האָט געלאַכט מיט זיין קליין שטיל געלעכטערעל.

—בריות זענט איהר—האָט שוין דבורה אויך נישט אויסגעהאַלטען. זי איז אַלע מאָל געשטאַנען אויף דער וואַך פונ'ם ווייבערישען כבוד און העניע די אָלעסיער, וועלכע איז נאָך פון תחילת־אָוועגד געזעסען פערטיפט מיט איהר אין אַ וויכטיגען שמועס, האָט עס גאָר אָנגעריהרט ביז צום האַרצען. איז זי אַרויס נאָך מיט האַרבערע טענות צו די מענער:

—אָט אַ יוגענד און זעהט שוין די וועלט נישט—האָט זי אָנגעוויזען אויף מינען—מען וואָלט זיי וועמען מכבד געווען מיט אַזאַ פעקעל...

אַרום איז מען זיך פערגאַנגען פון געלעכטער און מינע איז אַ פערשעמטע אַרויסגעלאָפען פון צימער.

—פאָהר נישט. זאָל פישמאַן פאָהרען, זאָל פאָהרען אַשכּנזי—האָט זי זיך ווידער געבעטען, ווען ער איז אַריין אין שלאָף־צימער זיך זעגענען מיט איהר.

ברוך האָט זי איילענדיג אין שטערן געקושט, און איז גע־שווינד פון שטוב אַוועק.

---

ווען ער איז אַרויס פאַר דער טהיר, האָט אין דרויסען אַ קליי־נער שנייעלע געשאָטען. די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע. אַרום קרעטשמע די ליכטיגע פאַסען, וועלכע זענען פון די זעקס פענסטער איבער'ן שניי געפאַלען, האָבען צום וועג נישט דערגרייכט. דער שליאַך האָט זיך ערגעץ פערלאָרען צווישע נאַכט און פעלד און דאָס אויער האָט נאָר פון ערגעץ פערנומען אַ ציטעריגען קלאַנג פון אַ גלעקעל, אָדער דאָס טעמפע גרילצען פון אַנ'אָנגעלאָדענעם פויערשען שליטען, וועלכער האָט זיך שווער געגליטשט איבער'ן אויסגעפאָרענעם טראַקט. פון שטוב האָט זיך געהערט אַ גערויש מיט אַ זשומעריי פון רייד און דאָ הינטערן וואַנד איז פאַמעלעכן געפאַלען דער שניי און האָט די ערד מיט פרישען פוך אויסגעבעט, בעהאַלטענדיג זיין בלענדענדע ווייסקייט אין דער פינסטערניש פון דער ווינטער־נאַכט. כוועדאָרס טריט האָט מען נישט געהערט און איהם אַליין נישט געזעהן, נאָר דאָס שליטעל מיט'ן פערד, וועלכע האָבען זיך פונ'ם ערשטען בליק קוים געצייכענט, ווי אַ שאָטען פון עפּיס אַ זאַך, זענען ביסלעכווייז בולט'ער געוואָרען און דערביי איז ער אַליין אויך אַרויסגעשוואומען פונ'ם חשך מיט זיין לאַנגען קאָפּ, אַ פערוויקעלטען אין באַשליק.

—כוועדאָר?

—אַ, שטאָ, פאַן, יעדעם?

פערביי האָט אימיצער דורכגעשוועבט מיט אַ לאַנגען שאָטען און איז נעבען דער וואַנד צווישען די פענסטער שטעהן געבליבען.

—ווער איז דאָס?—האָט ברוך געפרעגט נייגעריג.

יענער איז ווידער אָבגעשפּרונגען פון זיין אָרט נעבען דער וואַנד און, דורכלויפענדיג פערביי די לעצטע צוויי פענסטער, האָט ער זיך אָבגעשטעלט ערגעץ אין דער פינסטערניש נעבען אַ ווינקעל פון שטוב.

די זאַך איז איהם עפּיס קשה געוואָרען.

—ווער איז דאָס דאָרטען?—איז ער שוין אַרויס שטרענגער און האָט זיך געלאָזט געהן נאָך די טריט גלייך יענעם אַנטקעגען. צוגע־שפּאַרט ביי די שטאַכעטען פון גערטעל איז געשטאַנען אַ געוויקסיגע פרוי אָנגעטהון אין שוואַרצען מיט אַ שאַרף פערדעקט דעם קאָפּ און דאָס פנים, ווי זי וואָלט מורא געהאַט מען זאָל זי נישט דערקענען.

ברוכ׳ס קול איז געוואָרען ווייכער.

—ווער שפּילט זיך עס דאָ אין בעהעלטעניש?

—קיינער נישט—האָט געענטפערט די, וועלכע איז נאָר וואָס, ווי אַ גנב׳טע פערביי די פענסטער דורכגעלאָפען.

—אַ, דאָס ביזטו, שיינדעלע?—איז ער יונגליש דערפרעהט גע־וואָרען—אַ גוטע וואָך דיר! וואָס שטעהסטו עפּיס דאָ? פאַרוואָס געהסטו נישט אַריין אין שטוב?

שיינדעל האָט געשוויגען.

—וואַרטסט דאָ אויף אימעצען? ס׳איז דאָך קאַלט צו שטעהן אַזוי. ביזט דאָך אָבגעשאָטען מיט שניי. אַ, שטיפערקע דו? זאָג, אויף ועמען וואַרטסטו? האָסט דאָ אין קאַנטאָר אימיצען?

שיינדעל האָט געגעבען אַ צאַפּעל, ווי זי וואָלט זיך פאַר עפּיס דערשראָקען און איז מיט פערבראָכענע הענד ערגעץ אָבגעשפּרונגען אָן אַ זייט, ווערענדיג פערשלונגען אין דער פינסטערניש, ווי אין אַ תהום.

—שיינדעלע!—האָט ברוך אויסגעשריען בעפעהלעריש. נאָר גע־ענטפערט האָט איהם קיינער. זיין אייגענער קול האָט זיך נאָר ערגעץ ווייט אין דער נאַכט אָבגערופען.

—שיינדעלע! שיינדעלע!—האָבען זיך ווידער געטראָגען זיינע קולות איבער׳ן פוסטען פערשנייטען פעלד און זענען פערהילכט גע־וואָרען דורכ׳ן רעש פון דער העל-בעלויכטענער שטוב אויפ׳ן שליאַך אַרויס.

ברוך איז אַ פערטראַכטער צוגעגאַנגען צום שליטעל און, איינ־זעצענדיג זיך בעקוועם, האָט זיין האַרץ דורכגענומען אַ בעקאַנט רייצענד געפיהל פון יוגענד־פריידען, ווי אַמאָל בהורוויז, ווען ער פלעגט מיט דער אינ׳ם ווייסען שאַליק אין שטעדטיל אַרומפאָהרען. דעמאָלט איז זי איהם געווען אָנגענעהם און ליב, ווי יעדעס שען מיידעל, נאָר איצט, ווען זי האָט איהם אויסגעמיטען, האָט זי איהם גערייצט די געדרווען און גע׳שכור׳ט דאָס האַרץ. וואו ער פלעגט זי באַגעגענען,

איז זי געלאָפען פון איהם אַ דערשראָקענע און אַנ׳אויפגערעגטע. אַזעל־כע פלעגט זי אָפט לויפען פון זיינע אויגען איבער׳ן שליאַך, ביז זי האָט זיך ערגעץ בעהאַלטען צווישען די בוימער. ברוכ׳ן האָט עס יעדעס מאָל געערגערט און וואָס מעהר שיינדעל האָט איהם געוויכט, אַלץ מעהר האָט איהם געצויגען צו איהר, אַלץ הייסער האָט געגליהט זיין געפיהל. איצט, ווען זי איז ווידער ערגעץ נעלם געוואָרען אַ שטיל־דערשראָקענע, איז ער געזעסען אַ פערוויגטער, גליטשענדיג זיך אינ׳ם לייכטען שליטעל איבער׳ן גלאַטען ווינטער-וועג און האָט געטרוימט פון איהר, ווי פון אַ ווייט פאַנטאַסטיש גליק, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען אין חלום. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז ער ליבט זי שוין פון לאַנגע, לאַנגע יאָהרען, ווען ער האָט נאָך יעדעס שען מיידעל געגליכען צו די אמהות, צו בת־שבע׳ן און צו דער אומגליקליכער מלכה מרים החשמונאית. זיין כלה איז זי געווען, ווען ער איז מיט איהר אין שטעדט־ל געפאָהרען. און איצט?... און איצט?... האָט ער זיך געפרעגט שטרענג און פער׳עקשנ׳ט. ברוך האָט ווידער געזוכט די שולדיגע פאַרוואָס ער האָט מיט מינען חתונה געהאַט און פאַר קיין אופן האָט ער זיך נישט געקאָנט דערמאָנען ווען דאָס איז געשעהן.

---

אין דער צייט איז שוין שיינדעל ווידער געשטאַנען נעבען קרעטשמע צווישען די פענסטער און שרה׳לע, אַרויסלויפענדיג נאָר וואָס פון שטוב אַ דערפרעהטע מיט אַשכנזי׳ן, וועלכער האָט זיך צו איהר געלאָזט דערקענען, האָט צו איהר גע׳טענה׳ט אויף איהר שטייגער:

—מען רעדט דאָרטען פון דיר! כ׳לעבען, שיינדעלע, פון דיר. מיין מאַמע זיצט דאָרטען ביי דבורה׳ן און דער טאַטע איז אויך איצט געקומען. מען רעדט פון דיר מיט מאיר׳ן. און דבורה לויבט דיך אַזוי! ר׳ קלמן לויבט דיך אויך. שיינדעלע, נאָך שבת וועסטו שוין זיין אונזער מאיר׳ס כלה. אוי, ס׳וועט זיין אַזוי גוט! וואָס זשע וויינסטו? ווילסט נישט פאָהרען קיין אַמעריקא? נאַרעלע. צווייטען קלאַס, מיט אַלע שענע מענשען. מוזיקע שפילט. מאיר וועט דיר מאַ־כען שענע קליידער, אין אַמעריקא איז דאָך אַזוי גוט! אַזוי גוט!

שיינדעל האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט. זי האָט שטיל געווישט די אויגען, וועלכע זענען איהר געווען פערלאָפען מיט טרעהרען און

דער שווייגענדיגער בעניע איז מיט אַמאָל אויסגעוואַקסען הינטער׳ איהרע אַקסלען, ווי אַ שאָטען.

*

דעם שידוך צווישען מאיר׳ן מיט שיינדלען האָט זיך אונטערגענומען ריידען דבורה אַליין. צו איחר זענען דעם חתנ׳ס טאַטע־און־מאַמע געקומען אַנ׳עצה פרעגען און זי האָט אויך געפונען, אַז ס׳איז גלייכער מיט לייזער׳ן זאָל פריהער דורכריידען אַ זייטיגער מענש, אָהן דער הסכמה פון קרעטשמע זענען שוין אויפ׳ן ישוב פון לאַנג נישט געטהון געוואָרען קיין שדוכים.

אין עטליכע טעג אַרום נאָך יענעם געוויסען שבת־צו־נאַכט האָט דבורה איינמאָל אין אַנ׳אָווענד געהייסען כוועדאָרן שפאַנען אַ שלי־טעל. זי האָט אָנגעטהון דעם שליאַמענעם פעלץ מיט די פוטער־נע וואָליקעס און איז אַוועקגעפאָהרען קיין ראָדניקאָווע פאַר אַ שדכנ׳טע.

ביי לייזער דעם מיהלנער אין שטוב איז שטאַרק טומעלדיג געווען. אַחוץ דעם אייגענעם געזינד זענען אָנגעפאָהרען פרעמדע מענשען. אַזוי איז עס געווען איינגעפיהרט נאָך אַמאָל ביי ראשע־לאה׳ן. פון זינט זי איז אַנ׳אלמנה געבליבען און מען האָט ביי איהר צוגע־נומען דעם מנין פון שטוב, איז זי יעדע פרייע מינוט געשטאַנען ביים וועג אויף דער וואַך, טאָמער וועט איהר גאָט צושיקען אַנ׳אורח צום טיש. אָפט פלעגט זי זיך נישט פוילען אונטערגעהן אויך צום אַלטען שליאַך און, אַז עס האָט איהר געלונגען אָנצוטרעפען אַנ׳אָרימען דורכ־געהער, איז זי געקומען מיט יענעם אַ דערפרעהטע, ווי עס וואָלט זיך איהר געמאַכט די גרעסטע מציאה. אַזוי זענען ביסלעכווייז די אורחים פון דער זאַבאָלאָטאָווער קרעטשמע אַריבער צו די מיהלנער קיין ראָדניקאָווע. דאָ האָט מען זיך נאָך געפיהרט אויפ׳ן אַלט־דאָרפישען שטייגער און גוטע לייט האָבען דער אלמנה׳ס שטוב נישט פערלאָזען. דערנאָך, ווען לייזער איז אָנגעקומען צו איהר פאַר אַנ׳איידעם, האָט זי שוין פערשפאָרט צו געהן זוכען אורחים אויפ׳ן אַלטען שליאַך. די שענסטע מענשען פונ׳ם ישוב פלעגען צו איהם פערפאָהרען עצות

פרעגען. א שאלה, א דין, א בוררות–אויף אַלצדינג איז לייזער דער למדן געווען צו דער האַנד.

---

ס׳איז געווען דער דריטער טאָג חנוכּה.

איבער׳ן שטוב האָבען זיך געטראָגען פייכטע זאַנפטיגע ריחות פון געפרעגעלטען געגזען־שמאַלץ און צושמאָלצענעם חלב. דאָס אייל אינ׳ם בלעכענעם חנוכּה־לעמפּעל האָט שוין געהאַט אויסגעבּרענט, נאָר די שמש־ליכט, אַ צוגעקלעפּטע אויפ׳ן פענסטער, האָט נאָך געצאַנקט, צוגעהענדיג אין טרעהרען, וואָס איהר הייליגע עובדא האָט זיך אַזוי גיך געענדיגט. אין שטוב איז געווען הייס און טומעלדיג. די מיידלעך מיט פערפלאַמטע פּנימ׳ער האָבען אין קאַמער נעבען דער אָנגעבּרענטער הרובע געבּראָטען קאַרטאָפליעס, והאַלב־זיצענדיג אויף דער פּאָד־לאָגע נעבען סאָניען, וועלכע האָט זיי דערצעהלט שטאָדטיגע מעשׂות און וואונדער. ביי זייערע פּיס איז געלעגען די קודלאַטע בלינדע „מילקע״ מיט אַ פערוואָרפענעם קאָפּ אויסגעצויגען אין דער גאַנצער לענג איהרער, ווי זי וואָלט פער׳חלש׳ט געוואָרען פון מתיקות און תּענוג. די אָנגעגליהטע קוילען האָבען איהר שוואַרצען רוקען אין אַ ברוינעם קאָליר געפאַרבּט, אָבּגלאַנצענדיג מיט אַ שימערענדער רויט־קייט אויף די מיידעלשע הענד און העלזער. אין שטוב איז געווען האַלב־יום־טוב׳דיג. דער אויווען האָט זיך געהייצט און אויפ׳ן גאַנצען טיש איז געלעגען אַ ווייס טישטוך.

ס׳איז געווען חנוכּה און געסט אינאיינעם. אַ חוץ סאָניעס ברו־דער, וועלכער איז געקומען געוואָר ווערען וואָס עס הערט זיך מיט׳ן שידוך, איז נאָך פאַרנאַכט אָנגעפאָהרען דער רב מיט׳ן שמש און זייער בעל־עגלה. די שטעדטילדיגע כּלי קודש זענען אומגעפאָהרען איבער׳ן ישוב נאָך חנוכּה־געלד און האָבען זיך, ווי תּמיד, ביי לייזער, דעם שענסטען דאָרפישען יודען, אָבּגעשטעלט אויף וועטשערע. דערצו האָט נאָך געגעכּטיגט אַנ׳אַלטער סלוצקער משולח מיט זיין בעל־עגלה אויך על פּי חזקה יאָהר־יעהרליך און אַ שטעדטילדיגער יוד אברהמ׳קע דער קרעמער, וועלכער איז געקומען קויפען היי ביי די שליאַכטעס אין אַלט־ראָדניקאָווע, האָט אויך געפונען פּאַר נויטיג אָבּקעהרען אין מיהל אַריין צו לייזער׳ן. פון אַזעלכע געהויבענע אורחים אַלע מיט אַמאָל האָט זיך איטען אַזש דער קאָפּ געדרעהט. זיי זענען

זיך געזעסען ביים טיש און האָבען געשמועסט פון זייערע מאַנסבילשע געשעפטען און זי האָט דערוויילע נישט געוואוסט וואָס כאַפּען פריהער צו טהון. אין אויוועז האָבען זיך ביי איהר לאַטקעס געבאַקען: פאַר אַלעמען אין פליישיגען און פאַר'ן רב מילכיגע בעזונדער, ווייל ער איז געווען אַ יוד אַ חלוש און האָט נאָר מילכיגס געגעסען. דעריבער איז פון זיינטוועגען ביי איהר תמיד געווען אָנגעגרייט אַ קריגעלע סמעטענע אויף חנוכה. האָט זי עס איצט געהאַלטען נעבען זיך אויפ'ן באַנק. נאָר דער בייכיגער קאָטער איז געזעסען אַנטקעגען און האָט זיך אַזוי בעלעקט, קוקענדיג אויפ'ן קריגעל, אַז ס'איז איהר אַלע רגע אויסגעקומען מכבד זיין איהם מיט'ן שטעקען אין זייט, ער זאָל כאָטש ערגעץ אַנטלויפען ביז זי וועט דערלאַנגען טהיי צום טיש. אימיצער פון די מיידלעך זאָל איהר העלפען איז איצט געווען אונמעגליך. פלעגט קומען דער אַלטער משולח, האָבען זיי שוין זיך געדאַרפט בע־האַלטען אין די ווינקלעך. ער איז געווען זעהער אַ פרומער יוד און האָט נישט געקאָנט ליידען אַזוי פיל פרויען אין איין שטוב.

ראשע־לאה האָט זיך אויך נישט געריהרט. זי איז אַלע מאָל געווען נייגעריג אונטערצוהערען אַ מאַנסבילשען שמועס, איבערהויפּט פון אַזעלכע, וואָס קאָנען לערנען. דעריבער איז זי שוין איצט צו דער שטוב נישט שייך געווען. זענען נאָר אויסגעלאָשען געוואָרען די חנוכה־ליכטלעך, האָט זי זיך צוריק אַוועקגעזעצט שפּינען ביי דער טהיר פון קאַמער, דער משולח זאָל איהר נישט זעהן און זי אַליין זאָל קאָנען הערען יעדעס וואָרט, וואָס ווערט גערעדט ביים טיש.

געשמועסט האָט מען איבערהויפּט פון די לעווי'ס מיט זייער עשירות און גרויסע געשעפטען. די קלאַנגען וועגען דער באַהן־ליניע, וואָס זיי האָבען געזאָלט דורכפיהרען פון זאַבאָלאָטאָוו דורך די וועל־דער, האָבען אויפגערודערט דעם גאַנצען ישוב און די אַרומיגע שטעדט־לעך. אַלעמענס אויגען האָבען זיך געווענדעט אויפ'ן שליאַך צו דער נייער קרעטשמע און פון טאָג אויף טאָג האָט מען פון דאָרטען גרוי־סע וויכטיגע נייעס ערוואַרטעט.

— אין קאַנטאָר ריכט מען זיך אויפ'ן אַלטען — האָט לייזער גע־זאָגט מיט אַ טאָן פון אַ וויסענדען מענשען — אָחן זיין הסכמה איז דאָס נאָך דערוויילע גאָרנישט מיט גאָרנישט.

דער אַלטער גרייזגרויער משולח האָט אויסגעגלאָצט די וייס־בלינדליכע אויגען זיינע און צושפּרייט די נאָז־לעכער, ווי ער וואָלט

זיך פאַר עפּיס שטאַרק דערשראָקען:

—אַזוי? אַזאַ גרויסע דעה האָט ער נאָך? כאָ, כאָ, כאָ!

—צי האָט נאָך ר׳ פּנחס אַ דעה?—האָט געשמייכעלט סאָניעס ברו-דער צו זיך אין די וואָנסען אַריין.

איהם, דעם שטאָדטיגען יונגענמאַן, וועלכער האָט זיך שוין עט־ליכע יאָהר געריבען אין די סוחרישע קרייזען פון וואַלד־האַנדעל, איז עס אויסגעקומען קאָמיש, וואָס דאָ זיצען זיך ישובניקעס און אַלטע מלמדים מיט׳ן קליינשטעדטילדיגען רב אויבען-אָן און ריידען פון די לעווי׳ס מיט זייערע געשעפטען.

נאָר דער משולח האָט נישט אויפגעהערט צו דרעהען מיט׳ן קאָפּ.

—אַן׳אַלטער מאַן! אַז איך האָב התונה געהאַט ... ער שוין געווען אַ יוד אַ גביר. דריי יאָהר איז ביי איהם געלעגען איינגעלייגט מיין נדן. אַ זקן! אַ זקן!

ביז היינטיגען טאָג ברענגט מען דאָך אַלע אויף דער נאַכט פון קאַנטאָר צו איהם אונטער׳ן קישען בעהאַלטען די קאַסע—איז לייזער ווידער געקומען מיט זיינע קלאָרע ידיעות, אַרויסרופענדיג נאָך אַמאָל אַ ביטול־שמייכעלע ביי זיין שטאָדטיגען קרוב.

דער רב, וואָס איז בכלל נישט געווען פון די גרויסע ריידער, האָט אויך אַריינגעשטעלט זיין וואָרט אינ׳ם שמועס. איהם איז געווען אינטערעסאַנט צו וויסען אויב דער אַלטער ר׳ פּנחס איז ווירקליך אַזוי פרום, ווי מען זאָגט.

נאָר לייזער איז אין דעם אויך געווען בעהאַוונט. ער האָט גע־וואוסט, אַז דער אַלטער לעווי דאַוונט בצבור, עסט „שמורה" און רעדט נישט שבת פון קיין געשעפטען, כאָטש די קינדער זענען זיך ביי איהם געשטודירטע.

—יאָ, פונ׳ם קליינעם האָט ער נחת—האָט דער שטאָדטיגער יונ־גערמאַן נישט אויסגעהאַלטען, פערגעסענדיג מיט וועמען ער רעדט דאָ פון די לעווי׳ס—זיין איסאַק. ווער עס האָט אין איהם אַ ידיעה. מען מעג זיך עס ווינשען אייגענס, וואָס ער האָט שוין אָבגעקאָסט.

לייזער, אַלס אַ גרויסער אָנהענגער פון געשטודירטע, האָט עס אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנד:

—ע, נאָך אַ יונגעל!

—איסאַק לעווי אַ יונגעל?—האָט סאָניעס ברודער געלאַכט.

—ווייס איך. די היינטיגע חברה דאָרטען האָבען איהם פערפיהרט. ס'איז גאָרנישט.

—אַזוי זאָגט איהר? אַ סברה, אַז ער האָט זיי פערפיהרט. יענער איז פון די אמת'ע רויטע... דער גאַנצער פיהרער זייערער...

דער משולח איז ווידער מבולבל געוואָרען.

—אַזוי? ר' פנחס'עס אַ זוהן? פון דער אַנדער ווייב אפנים. כאַ, כאַ, כאַ! אמת'ע לויים.

—אודאי אמת'ע. פונ'ם של"ה. דער אַלטער האָט דאָך אַ יחוס-בריף—האָט לייזער בעשטעטיגט אויף זיין שטייגער און דער רב האָט אויך אַריינגעשטעלט זיין וואָרט:

—נו, עלי הכהן האָט געמעגט האָבען שלעכטע קינדער.

נאָר לייזער האָט עס פאַר קיין אופן נישט געקאָנט דערלאָזען. ער האָט זיך נאָך אַמאָל געמוזט איינשטעלען פאַר ר' פינחס'עס געשטודירטען זוהן.

-מען קאָן נישט וויסען. אַ גביר'יש קינד. די קאָפּ איז גוט. און מיט קענטעניש איז דאָך אַזוי, וואָס מעהר מען ווייס, מעהר בלאָנדזשעט מען. ס'איז דאָ אַ יש אומרים, אַז די לעצטע צייט איז ער גאָר צוגעשטאַנען צו די ציונים.

—כאַ, כאַ, כאַ! ימח שמם וזכרם!

ביי דער דאָזיגער האַרטער קללה פונ'ם אַלטען גרייז-גרויען משולח איז מיט אַ ברייטען גוט־נאָוועגד אַריינגעקומען שכנא דער שמיד אין זיין פערשמאָלצענעם שאפּען־פעלץ, אָנגעשטעלט דעם קוד־לאַטען קאָלנער אין דער הויך, אַז מען האָט איהם קוים אַרויסגעזעהן. און גלייך נאָך איהם האָט זיך בעוויזען דבורה אין איהרע שליאַמעס, פערוויקעלט דעם קאָפּ אין אַ גרויסער וואַרימער טוך איבער'ן שטערען. אין שטוב איז געוואָרען אַ בעוועגונג. ביים טיש האָט מען זיך אומגעקוקט און צווישען די מיידלעך אין קאַמער איז געוואָרען אַ גע'סוד'ערײ: דבורה איז דאָ! דבורה איז דאָ! בתיה איז גלייך אונטער־געשפּרונגען אַראָבנעהמען פון איהר דעם פוטער, פערגעסענדיג דער־ווייל, אַז דער משולח זיצט אַנטקעגען און זי געהט מיט אַראָבגעלאָזטע צעפּ און איטע איז אויך אַריינגעקומען אין התפעלות.

ס'איז באמת געווען אויסערגעוועהנליך. דבורה פלעגט אויפ'ן ישוב קיינעם נישט מאַכען קיין וויזיטען, סיידען אויף אַ שמחה ביי אימי־צען און דאָס איז עפּיס אין מיט'ן דערינען חנוכה צו דער דרי־

טער ליכטעל איז זי געקומען צו גאַסט. אַפילו לייזער האָט נישט געקאָנט בלייבן דערצו גלייכגילטיג. איין ראשע-לאה איז נאָר גע־בליבן זיצען ביים שפין־ברעט, ווי פריהער. ביי איהר איז דער דאָ־זיגער בעזוך גאָר אַ קליינע זכיה געווען, אַזוי גוט האָט זי נאָך גע־דענקט די אַלטע חשבונות מיט דער זאַבאָלאָטאָווער קרעטשמע.

—וואָס הערט זיך עפּיס ביי אייך?—האָט זיך לייזער געווענדעט צו דבורה׳ן, ווען יענע איז שוין נעבען קאָמאָד געזעסען אויפ׳ן בענ־קעל, וועלכען איטע האָט אַליין אָבגעווישט מיט אַ ברעג פאַרטוך—ווע־לען מיר עס שוין טאַקע באַלד אויפגעריכט ווערען מיט אַ סטאַנציע? איהר מוזט דאָך וויסען דעם אמת.

דבורה האָט אַ שמייכעל געטהון.

—וואו האָט איהר געזעהן ווייבער זאָל מען דערצעהלען דעם אמת?

—איהר זענט אַ בת־תלמיד־חכם. אייך מעג מען דערצעהלען—האָט לייזער געענטפערט מיט הכנעה.

—נו, נאָך מיין ווייבערישען שכל איז דאָס נאָך ווייטליך. ס׳וועט נאָך, מסתמא, געדויערען.

—איך מיין אויך אַזוי—חאָט ער איינגעשטימט און, אָנווייזענדיג אויפ׳ן שטעדטילדיגען קרעמער, האָט לייזער צוגעגעבען גוטמוטיג—און אברהמ׳קע וויל שוין אַריבערטראָגען אויפ׳ן שליאַך די קראָם. ער איז זיך מתקנא אָן די לעווי׳ס. ר׳ פּנחס׳ן אָהן עין הרע געהט נישט שלעכט. אפשר איז עס טאַקע דער אָרט גורם.

ביים טיש איז געוואָרען אַ געלעכטער.

—נו, ר׳ אברהם, זייער מזל דערזאָגען וועט אייך אָנקומען שווערליך—האָט זיך דבורה געוויצעלט.

נאָר דער מידער אָנגעהאָרעוועטער אברהמ׳קע, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסען אָנגעלעהנט מיטביידע הענד אויפ׳ן טיש, סאַ־פּענדיג מיט זיין פערבויגענער רויטער נאָז, ווי אַ שלעפעריגער, איז אויך נישט אָבגעשטאַנען אין דעם פּרט.

—ז׳אָס וויל איך אייך כאָטש דערזאָגען.

—סיידען מיך.

—איהר האָט גאָרנישט מורא?—האָט זיך אברהמ׳קע ווידער גע־קליגט.

—מורא? וואָס בין איך, חלילה, ביי דעם רבונו־של־עולם אַ שטיף־

קינד? ער וועט מיין חלק נישט אוועקגעבען קיינעם.

ביים טיש האָט מען זיך איבערגעקוקט. דער דאָזיגער ענטפער איז דעם רב אויך געפעלען געוואָרען.

—ער איז אַנ׳אדיר. ביי איהם וועט זיין געגוג פאַר אַלעמען.

דער רב האָט אָבגעזאָגט זיינס און ביים טיש איז ווידער אַוועק אַ שמועס וועגען די גרויסע געשעפטען פון די לעווי׳ס און זיי פערזענליך. דאָס מאָל האָט מען שוין גערעדט פון לעאָנען, ר׳ פנחס׳עס זוהן דעם אינזשיניער, וועלכען מען האָט ערוואַרטעט אין זאַבאַלאָטאָוו ער זאָל אַרויסזאָגען דאָס לעצטע וואָרט וועגען דער באהן־ליניע און דערביי האָט סאָניעס ברודער דערצעהלט נישט קיין שעגע זאַכען פון זיין פרוי, וואָס זי שעמט זיך מיט יודישקייט און האָט פיינד יודען.

---

אָן שכנא׳ן דעם שמיד האָט מען דערווייל פערגעסען. ער איז געווען פערנומען מיט עפּיס אַנדערש. אָבשטעקענדיג גלייך ביים אַריינקומען אַ הכנעה׳דיגען „שלום עליכם” דעם רב מיט׳ן איבעריגען עולם, האָט ער אַוועקגערופען דעם שמש אָן אַ זייט און איז מיט איהם ערגעץ געלם געוואָרען. דער רב מיט לייזערן האָבען שוין געוואוסט נאָך וואָס ער איז געקומען. שכנא פלעגט אַלע יאָהר ברענגען דעם רב זיין חנוכה־געלד קיין ראָדניקאָווע. ער איז געווען אַ פערגרעבטער דאָרפס־יוד, וועלכער האָט קוים געקאָנט דאַוונען און אָבזאָגען אַ קאַפּיטעל תהילים, איז עס ביי איהם געווען אַנ׳אָבקומעניש, ווען דער רב פלעגט צו איהם פערפאָהרען צוגלייך מיט אַלע בעלי־הבתים אויפ׳ן ישוב. יענער האָט געמיינט דערמיט איהם אָנטהון אַ כבוד און פאַר איהם איז עס געווען אַ גיהנם. עפּיס האָט ער זיך געפיהלט שולדיג, וואָס ער, שכנא, איז אַנ׳עם־הארץ און קאָן מיט׳ן רב פון קיין תורת נישט ריידען. דערצו איז נאָך יענער געווען אַ חלוש אַ יוד אונטערוועגס נישט געוועהנט. האָט זיך שכנא געמאַכט אַ מנהג אַרויסצופאָהרען איהם אַנטקעגען מיט זיין מתנה כדי יענעם נישט מטריח זיין אין דאָרף אַריין.

די לעצטע יאָהרען איז עס שוין געווען אַ חק ביי לייזערן אין ראָדניקאָווע. דאָרטען פלעגט דער רב וויילען לענגער ווי ביי אַנדערע אָרפס־בעל־הבתים. אויך איז לייזערן אַליין אַזוי געפעלען געווען די דאָזיגע גוטע מדה ביי שכנא׳ן, דאָס ער פלעגט אַלע יאָהר שי־

קען אַ ספּעציעלען שליח קיין קריוואָ־דוב אָנזאָגען, אַז דער רב איז געקומען. שכנא פלעגט כאַפּען ביי אַ גוי אַ פערד און וואָגען און איז גלייך געקומען צופאָהרען.

דאָס מאָל האָט שכנא געבראַכט אַ קוישעל פרישע אייער און צוויי יונגע היהנער, ווייל אין שטעדטיל האָט ער געהערט, אַז ביים רב איז דאָס חליות געוואָרען ערגער און ער דאַרף האָבען נאָר איידעלע אכילה. און פאַר'ן שמש איז ביי איהם געווען אָנגעגרייט בעזונדער אַ זעקעלע הירזשענע גרויפּען מיט אַ גרויסען האָהן, וואָס קרעהט צו דער מינוט, ווי אַ זייגער.

אַרויסנעהמענדיג דאָס אַלצדינג ביי זיך פון שליטען, האָט ער עס אָבגעגעבען דעם שמש צו די הענד און איז אַריין צוריק אין שטוב אַרויסרופען דעם בעל־עגלה יענער זאָל די עופות בעוואָרענען זיי זאָלען גאַנץ זיין. נאָך זיי איז ראשע לאה אויך אַרויס פאַר דער טהיר און האָט זיך געלאָזט געהן צו די וועגען. איהר איז געווען זעהער נויטיג צו וויסען, וואָס שכנא האָט דאָ געבראַכט צופיהרען. געוועגדעט האָט זיך עס ביי איהר אין אַ קליינינקייט. איהר איז גע־גאַנגען אין דעם אויף וויפיל זי, ראשע לאה, איז יוצא מיט די דריי האַנדטיכער, פון וועלכע זי שיקט צוויי דער רבי'עצן און איינעם דער שמש'טע. אָנגערעדט האָט איהר דער יצר הרע צו שיקען דוקא פון די גרעבערע לייוועגד, ווייל די דינע דאַרף זי האָבען פאַר די מיידלעך. זיי זענען שוין אַלע, כאָטש אונטער איין חופּה שטעל זיי אַוועק. דעריבער האָט זי געוואָלט זעהן, ווי אַזוי לייט זענען זיך נוהיג. דבורה, זאָגט מען גיט מזומענע קנאַקענדיגע אַסיגנאַציעס. ווייס זי, אַז דאָס איז פון גזוה וועגען און זי איז איהר אַפּילו די מצוה נישט מקנא. לייזער איז אַ יוד אַ למדן, מיט'ן רב אייגענע מענשען. גיט ער אַלע יאָהר דאָס קריגעל האָניג. ווייס ער, מסתמא, וואָס ער טהוט. נאָר די איבעריגע בעל־הבתים זענען דאָך אַזעלכע פּשוט'ע זינדיגע מענשען, ווי זי אַליין, בפרט זי איז אַנ'אלמנה.

מיט די געגאַנקען האָט זיך ראשע לאה געטרייסט אַ גאַנצען אָוועגד, נאָר צוגעהענדיג צו שכנא'ס שליטען, האָט זי געגעבען אַ נעהם אין האַנד דעם האָהן מיט די צוויי היהנער און איז ביי זיך גלייך שפּל געוואָרען אין די אויגען מיט איהרע דריי האַנדטיכער אינאיינעם. דאָך האָט זי די געבלייכטע לייוועגד נישט געגעבען. זי האָט זיך נאָר דערמאָנט, אַז ס'איז דאָ ביי איהר ערגעץ פערשטעקט,

אונטער׳ן בעליק אַ פּאָר קרענצלעך טרוקענע כּשר׳ע שוועמלעך. האָט זי עס אָבגעגעבען מיט אַ גרינג האַרץ און איז שוין דערנאָך געבלי־בען רוהיג.

אַז שכנא איז אַריין צוריק אין שטוב, האָט שוין דער עולם געהאַט אָבגעגעסען. דער רב איז נאָר ביי זיין גלאָז מילך נאָך גע־בליבען און ביי אַ ברעג טיש איז נאָך דער פערשפּעטיגטער בעל־עגלה זיינער געזעסען ביי אַ שיסעל הייסע לאַטקעס און אַ טעלער גריי־וועֿן, שלינגענדיג גאַנצע ביסענס ווי אַ גאַנז. דער ערשטער האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט אברהמ׳קע. ער האָט געאיילט אַהיים בענשען חנוכּה־ליכטלעך, ווייל דאָס ווייב און קינדער האָבען דאָרטען געוואַרט אויף איהם. דער רב איז געוועזן מיד פון וועג, האָט ער אויך גע־איילט צו קומען וואָס גיכער אויף אַנ׳אָרט. נאָר פאָהרען גלייך אין שטעדטיל אַריין איז ביי נאַכט געווען צו קאַלט פאַר איהם און בליי־בען דאָ, איז נישט געווען קיין אָרט. האָט ער זיך בעטראַכט פאָהרען געכטיגען אין קרעטשמע צו ר׳ קלמנ׳ען.

דבורה האָט עס אויפגענומען מיט דער גרעסטער צופרידענהייט. זי האָט גלייך געבעטען די קינדער מען זאָל איהר געבען פּאַפּיר און טינט אָנצושרייבען דער שנור אַ קוויטעלע זי זאָל וויסען וואו ווען אַנ׳אָרט צו געבען, אויב זי וועט זיך דאָ פערזאָמען. צווישען די מיידלעך איז געוואָרען אַ גערודער. דער טינטער איז געשטאַנען אויפ׳ן קאָמאָד, די פּען איז געווען ערגעץ אין אַ שיפלאָדעל פון טיש, וואו אַלע זענען געזעסען און פון פּאַפּיר איז גאָר דער מין אין שטוב נישט געווען. קוים האָט מען זיך אַנ׳עצה געגעבען, אָבגעריסענדיג אַ שער־בלאַט פון אַ פערוואַלגערט רוסיש ביכעל. נאָר ראשע לאה האָט זיך אַלץ נישט געריהרט פון אָרט. זי איז איצט געזעסען אַנ׳אָנגע־צונדענע פון כּעס און קנאה. ס׳האָט זיך איהר געדאַכט, אַז מיט די דריי אורחים, וואָס פאָהרען אַוועק נעכטיגען אין קרעטשמע, נעהמט דבורה ביי איהר צו די ברכה פון שטוב.

---

דער רב מיט אברהמ׳קען זענען אַוועקגעפאָהרען און שכנא האָט אויך נישט געמאַכט קיין שהיות. אין שטוב איז געוואָרען שטילער, דעם משולח׳ס בעל־עגלה האָט זיך אויפ׳ן באַנק צווישען אויוועו אַוועק־געלייגט שלאָפען און דער משולח אַליין איז געבליבען זיצען פער־

טיפט איבער אַ ספר. הרוב, האָט זיך אויסגעהייצט. אין אויוועז איז פערלאָשען געוואָרען און די רויטע אָבגלאַנצען אויף די ווענד זענען פערשוואונדען. „מילקע״ האָט זיך אויסגעצויגען ביי דער שוועל אָנגעשטרענגט די אויערען צו דער טהיר און די מיידלעך זענען געזעסען אין דער האַלב־טונקעלער קאַמער געטוליעט צו סאָניען, ווי פריהער, וואַרפענדיג דערביי נייגעריגע בליקען אין שטוב אַריין צו דבורה׳ן. מען האָט זיך איינגעהערט צו יעדעס וואָרט איהרס.

זי איז שוין איצט געזעסען ביים טיש פערטיפט אין אַ שמועס מיט לייזער׳ן. ביי דער זייט האָט זיך צוגעהערט סאָניעס ברודער און איטע איז אויך געבליבען שטעהן ביים פענסטער, אונטערגעשפּאַרט מיט׳ן האַנד די באַק, ווי זי וואָלט זיך גע׳חידוש׳ט אויף עפּיס.

דבורה האָט גערעדט דעם שידוך און גערעדט מיט דער אייגענער גוטער כונה, וואָס זי איז געקומען אַהער. זי האָט באמת געוואָלט זיין דער גוטער שליח פון שיינדעלס גליק. נישט צוליב קרובה׳שאַפט, נישט ווייל מען איז שכנים פון אַלע יאָהרען און לייזער איז דער פיינער איידעלער יוד—נאָר פשוט צוליב׳ן מיידעל אַליין. איז איהר באַשערט דאָס גוטע מזל, האָט זי, דבורה, געוואָלט איהר ברענגען עס אין שטוב אַריין. וואָס קאָן שוין זיין בעסער ווי קומען מיט׳ן התנ׳ס בריף אין האַנד. נאָר צו איהר גרויסען וואונדער האָט זי גלייך דערזעהן, אַז זי איז דאָ אַריבערגעפאַלען. ערשטענס האָט דער שידוך אַליין נישט געמאַכט דעם געהעריגען איינדרוק, ווייל די גאַנצע שטוב, פון דער אַלטער ראשע־לאה׳ן ביז דער קליינער גיטעלע, האָבען שוין אַלע געוואוסט דערפון. נאָך זונטאָג איז געקומען צוגעהן פון קריוואָ־דוב שכנא׳ס די עלטערע שנור און האָט איטען אָבגעגעבען מזל־טוב. ווייטער האָט מען זי איבערראַשט מיט דעם נייעס, וואָס שיינדעל וויל נישט. זי זאָגט נישט קיין הסרונות אויף מאיר׳ן, נאָר זי וויל נישט קיין קצב. אַ מיידעל זיצט פערוואָרפען אין ראָדניקאָווע ביי אַ טאַטען אַנ׳אָרימאַן, קוקט אַרויס די אויגען אויף אַ פּאָר שיך מיט אַ קליידעל און זי וויל נאָך נישט. נאָר מעהר פון אַלץ האָט זיך דבורה גע׳חידוש׳ט, אויף לייזער׳ן אַליין. ער בעשטעהט אויך נישט אין דעם שידוך. פונקט, ווי שיינדעל וואָלט ביי איהם געווען אַ בת־יחידה און דער נדן פאַר איהר ליגט אין באַנק. זי וויל נישט, איז נישט. אַפילו קיין צייט אויף ישוב־הדעת דאַרף ער נישט. וויפיל זי האָט איהם די זאַך מיט איהר געפערלעכען מויל נישט בעשענט און געגעבען צו פערשטעהן, ווי אַזוי היינטיגע צייטען

זענען מיידלעך געפאַלען—איז ער מיט אַלצדינג מסכּים און זאָגט זיך אָפּ דערביי קאַלטבלוטיג:

—נו, גוט. איהר זענט גערעכט. מאיר איז זעהער אַ פיינער בחור. די מלאכה מאַכט נישט מיאוס דעם מענשען. בפרט ס׳איז דאָך אַמע־ריקא. ווי זאָגט איהר, זעהער אַ שענע וועלט, כאָטש אַלע זענען שניי־דער. נאָר וואָס קאָן איך העלפען? אַפילו אין דער תּורה שטעהט דאָך: נקרא לנערה ונשאלה את פיה. מילא, זאָל גאָט צושיקען זיי בעסערס און אונז גרעסערס.

איטע האָט די גאַנצע צייט געשוויגען. דער אַמעריקאַנער שידוך איז איהר אויך נישט געווען צום האַרצען. נאָר גענאָגט האָט זי אַ וואָרים, וואָס שיינדעל איז שוין אַלט צוואַנציג יאָהר. צוויי חבר׳טעס איהרע אויפ׳ן ישוב זענען שוין מאַמעס געוואָרען און פאַר די אויגען איז איהר געשטאַנען די פערזעסענע סאָניע. אַ שטאָדטיגע, אַ געשטו־דירטע אין די קלאַסען און אַשכּנזי, דער אַלטער בחור, וואַרפט זיך מיט איהר. און די קליינע בתיה וואַקסט, ווי אין גאָרטען.

—נו, וואָס מיט אַמאָל אַזוי אָבזאָגען—האָט זי נישט אויסגעהאַל־טען—מיר זיך נאָך אפשר מישב זיין.

נאָר ביי די ווערטער האָט זיך פון ערגעץ דערהערט אַ שטיל געמורמעל און פון הינטער ראשע־לאה׳ס אַקסעל איז אַרויסגעשפּרונגען שיינדעל, אַ פערשעמטע, אַ דערשראָקענע, ווי זי וואָלט נאָר וואָס דעם בעווייבטען ברוכ׳ן ערגעץ בעגעגענט:

—זי דאַרף זיך נאָך מישב זיין! איך וויל נישט קיין קצב און שוין. איך וויל נישט פאָהרען קיין אַמעריקא. זאָל זיך מאיר זוכען אַנ׳אַנדער כּלה.

דער עולם איז מבולבל געוואָרען.

—כאָ, כאָ, כאָ! אַזאַ נ׳עזות!—האָט געקנייטשט מיט די אַקסעל דער אַלטער משולח, נישט אויפהויבענדיג די אויגען פונ׳ם ספר און ביי ראשע־לאה׳ן האָט אויך געפלאַצט דאָס געדולד. אויסהערענדיג דעם גאַנצען אָוועגד וועגען דעם שידוך, איז זי שוין פון לאַנג גע־זעסען אַ צוקאָכטע. זי מיט איהרע קינדער האָט בעסער געפיהרט, געהאַט ביי זיי אַ גרעסערע דעה, כאָטש זי איז אַ יודענע אַנ׳אלמנה און ער, לייזער, איז דער למדן און דער חכם. נאָר אַריינמישען זיך און זאָגען עפּיס, איז זי דאָך נישט מעהר ווי אַ יודענע. ער זאָגט פאָרט, אַז אין דער תּורה שטעהט מען זאָל פרעגען דער כּלה. די

העזה אָבער פון שיינדלען אַליין, דאָס איז שוין געווען אַ בּוך איהרע כּחות.

—קיין חרפּה, קיין בושה האָט אַ מויר נישט!—האָט זי צוגעשאָ־קעלט מיט׳ן קאָפּ, ווי אַ גוי׳ע, פערגעסענדיג דערווייל אָן דעם משולח, וואָס ער טאָר קיין הויך ווייבּעריש קול נישט הערען—אָט וועסט בּליי־בּען אַזוי זיצען מיט ווייסע צעפּ. ווארט אויס, מיידעל! אָט וועסטו דעמאָלט פערזינגען.

שיינדעל איז געשטאַנען און האָט געקוקט צו דער ערד, נישט ענטפערענדיג קיין וואָרט.

—אַ בּפרוש׳ער פּסוק—האָט לייזער געזאָגט זעהר ערענסט.

ער איז איצט איבּערגליקליך געווען. אין דעם, וואָס שיינדעל זאָגט זיך אָבּ פון אַזאַ גליק, ווייל זי וויל נישט חתונה האָבּען פאַר קיין קצב, האָט ער געזעהן אַ סימן פון זיין איידעלען שורש. ער אַליין האָט פערבּלאָנזעט. קיין זוהן האָט איהם גאָט נישט געגעבּען און די טעכטער זענען נאָך זייער מאַמעס פערגרעבּטען ישוב אַוועק. נאָר אָט איז אַ נס געשעהן. ערגעץ האָט זיך בּיי זיי אַ טראָפּען בּוימאייל פערוואַלגערט און אָט איז עס איצט אַרויסגעשוואומען פון אויבּען. דער זיידענער שנור, וואָס ער, לייזער, האָט איבּערגעריסען, וועבּט זיך נאָך. אין זיין פערגרעבּט דאָרפיש מיידעל האָט ער זיך אָנגע־קניפּט און זי וועט ווייטער פלעכטען די קייט פון זיין איידעלער משפחה.

נאָר דבורה האָט נישט געוואוסט פון לייזער׳ס זיסע חלומות. זי איז געווען בּעליידיגט אין איהרע בּעסטע געפיהלען. אָנשטאָט אַ דאַנק איז נאָך די דאָרפּס־מויד אַרויסגעלאָפען מיט טענות, נישט זאָ־גענדיג איהר אַפילו קיין גוט נאָוועגד. און לייזער אַליין האָט מיט איהר גערעדט אַזוי, פּונקט ווי זי וואָלט געווען עפּיס אַ שדכנ׳טע פון דער גאַס. דאָך האָט זי עס שטילערהייט אַראָבּגעשלונגען און האָט געזעהן מיט איידעלקייט פערגלעטען ראשע־לאה׳ס ווייבּערישען גע־פילדער.

—נו, מסתמא איז נישט בּעשערט—האָט זי געזאָגט, אויפהויבּענ־דיג זיך פונ׳ם אָרט—זאָל אייך גאָט צושיקען אַ בּעסערען שליח פון מיר. אַ שאָד נאָר מיינע שדכנות. און דו, שיינדעל, זיי נישט בּרוגז אויף מיר. וועסט קריגען אַ גוטען חתן, וועל איך פונדעסטוועגען קו־מען צו דיר אויף דער חתונה.

שיינדעל האָט איהר געענטפערט מיט אַ פערשעמטען שמייכעל און איז געבליבען שטעהן ביי דער וואַנד אַ פערטראַכטע, ווי פריהער.

דבורה האָט זיך גענומען אָנטהון. ווידער איז אונטערגעשפרונגען בתיה דערלאַנגען איהר דעם פוטער מיט די וואָליקעס. סאָניעס ברודער איז צו איהר אויך געווען זעהער העפליך. ער האָט אויפגעוועקט כוועדאָר'ן, וועלכער האָט געשלאָפען, זיצענדיג נעבען אויווען מיט דער בייטש פערוואָרפען איבער'ן אַקסעל און, אַז דבורה איז שוין געשטאַנען ביי דער טהיר, איז סאָניע אַרויסגעלאָפען פון קאַמער מיט איהר זיך בעקענען. דער ברודער האָט זי פאָרגעשטעלט און דבורה האָט זיי ביידען צו זיך אויף לאַטקעס איינגעלאַדען, איבער'חזר'ענדיג עס ווידער אַמאָל, ווען בתיה מיט סאָניען זענען אויפ'ן הויף געשטאַנען נעבען איהר שליטעל און האָבען איהר צערטליך די פיס איינגעדעקט.

---

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער שטאָדטיגער יונגערמאַן, סאָניעס ברודער, געקומען קיין זאַבאָלאָטאָוו צו דבורה'ן מיט אַ וויזיט און האָט איהר געזאָגט מיט אַ גוטמוטיגען שמייכעל, ווען זיי זענען ביי דעם כבוד־געגרייטען טיש אַליין אין זאַל געבליבען:

—אַ ביסעל אייגענטליך בין איך געקומען צו אייך פּאָ־דיעלו, דאָס הייסט מכח אַ געוויסען ענין. איך האָב צוויי טעג נאָכאַנאַנד געטראַכט וועגען דעם און ס'איז ביי מיר געבליבען איך זאָל מיך ווענדען צו אייך. ס'איז אַנ'איידעלער ענין, וואָס נישט יעדען קאָן מען עס אָנגעטרויען. נאָר איר זענט אַנ'אינטעליגענטע פרוי, וועט איהר עס זיכער פערשטעהן. נאָר איך וועל אייך בעטען צונעמען די זאַך ווי דאָס איז. גאַנץ פשוט. איך וויל אייך בעטען איהר זאָלט דעם אַמעריקאַנער שידוך ריידען מיין שוועסטער.

ער איז אויפ'ן לעצטען וואָרט שטעהן געבליבען. דבורה האָט איהם געהערט אַזוי אויפמערקזאַם, אַזוי פעראינטערעסירט, דאָס ער איז ביי זיך עפּיס אָבהענטיג געוואָרען, ווי ער וואָלט זיך פערשעמט פאַר זיין פערזעסענער שוועסטער, וואָס האָט זיך אָנגעכאַפּט פאָהרען קיין אַמעריקע צו חתונה האָבען אומגעזעהן מיט אַ העקער־יונג. נאָר ער איז באַלד צו זיך געקומען און האָט די זאַך ערקלערט דייטליכער און ערנסטער:

—מיר דאַרפען אַ געזונטען שידוך. יחוס און בילדונג האָבען מיר שוין גענוג, צופיל זאָגאַר. דאָך מוז איך אייך זאָגען, אַז דעם יונגען-מאַן דאַרף די זאַך פאָרגעלייגט ווערען אויף פאָלגענדען אופן: צו איהם וויל פאָהרען אַנ'אינטעליגענט פריילין, אַ בעשיידענע, אַ גוטע ווירטהין, וואָס שטאַמט אויך פון אַ שענער פאַמיליע. נאָר אַ חוץ דעם, וואָס מען מוז זיך געפעלען איינער דעם אַנדערען, מוז ער צום ערשטען בעשטעהן דאָס וויכטיגסטע. ער מוז ענדערען זיין בעשעפטיגונג, אַלענפאַלס אַליין זיך נישט פערנעהמען דערמיט, אויך דאַרף ער זיין פערפליכטעט, אויב מען וועט זיך נישט געפעלען, אויסצושטעהן רייזע-קאָסטען צוריק. נאָר געוויס האָט עס צייט. מען קאָן זיך פריהער דורכשרייבען וועגען אַלעס. און וועט איהר פערלאַנגען פאַר אייער טרחה צו וואָלטהעטיגע צוועקען עטליכע צעהנדליג רובל, וועט איהר זיי זיכער בעקומען.

ער האָט געענדיגט גוטמוטיג און שמייכלענד, ווי ער האָט אָנגעהויבען. נאָר דבורה איז נאָך אַלץ געזעסען אַנ'אויפמערקזאַמע און אַ פעראינטערעסירטע. זי האָט נישט געפרעגט קיין קשיות און האָט צוגענומען די זאַך, ווי דאָס איז, נאָר אויף איהר אייגענעם שטייגער.

—איך דאַרף נאָך אַמאָל זעהן אייער שוועסטער, וועל איך אייך דעמאָלט געבען אַ תשובה—האָט זי געזאָגט און האָט מעהר מיט איהם נישט גערעדט קיין וואָרט וועגען דעם.



בעניע האָט דערווייל זעהער געליטען.

פון זינט ער האָט יענעם שבת אונטערגעהערט דעם שמועס צווישען שיינדלען מיט שרה'לען איז ער אומגעגאַנגען ווי אַ משוגענער. אין שטוב האָט מען נישט אויפגעהערט צו ריידען דערפון. די מאַמע האָט איבערגערעדט טאָג-טעגליך, וואָס לייזער'ן מיט איטען איז באַשערט אַזאַ גליק. מען נעהמט צו אַ מיידעל, ווי זי שטעהט און געהט. דעם עלטערען ברודערס ווייבעל מיט דער פאַכטער'ן זענען אויך נישט אָבגעשטאַנען. זיי זענען געווען נישט צופרידען, למאי מען ווערט אָן אַ חתונה אויפ'ן ישוב און דער טאַטע האָט זיך שוין נאָכגעפרעגט בע-

צייטענס, ווי אַזוי מען דאַרף זיך דאָ נוהג זיין מיט׳ן דרשה־געשאַנק. צי דאַרף מען פאַר אַוועקפאָהר דער כלה געבען אַ מתנה, אָדער ווען די חתונה איז נישט דאָ אויפ׳ן אָרט זאָל מען זיין פּוטר דערפון. לויט שכנא׳ן האָט זיך געלייגט אויפ׳ן שכל, וואָלט שיקען דרשה־געשאַנק עבר לים געווען אַ משוגעת. דאָך האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זעהן ווי לייט וועלען טהון. און בעניע האָט עס אַלצדינג אויסגעהערט, צופּלאַצט ווערענדיג פאַר וועהטאָג.

נאָר מעהר פון אַלעמען האָט איהם געערגערט זיין ברודער שמעון־לייב. קומענדיג פון מיליטער־דינסט איז ער גאָר אַנ׳אַנדערער געוואָרען: ערשטענס אַ גרויסער בעל־גאוה. ער האָט זיך דאָרטען אין פּאָלק אויסגעלערענט אַ ביסעל שלאָסעריי, איז ער ביי זיך געוואָרען גאָר אַ גאַנצער פּריץ: מאַכט חוזק פונ׳ם טאַטענס אַרבייט און עס שטעהט איהם שוין גאָרנישט אָן צו זיין אין דאָרף. דערצו האַלט ער זיך אין איין פּוצען און חנ׳ען און ווי טאָג אַזוי נאַכט רעדט ער פון מיידלעך: אָהן זיי קאָן ער גאָר נישט לעבען.

אָט, זאָגט ער, געפעלט איהם בתיה, הערט ער נישט אויף צו ריידען פון איהר און האָט ער אַ פּרייע מינוט לויפט ער באַלד קיין ראָדניקאָווע. איהם אַהרט נישט וואָס לייט וועלען זאָגען. ער דערצעהלט אַלעמען פון זיין ליבע און דעם גרעסטען חלק צו הערען וועגען דעם קומט אָן איהם, בעניען. סיי אין שטוב, סיי ביי דער אַרבייט איז נאָר בתיה. ער רעדט וועגען איהר שענקייט, וועגען איהר בריה׳־שאַפט און בערימט זיך אַלע מאָל מיט די קושען, וואָס זי גיט איהם פאַר׳ן אַוועקגעהן. נאָר דערביי ווינקט ער נאָך צו מיט אַנ׳אויגעל:

—איי, בעניע, ביזטו אַ יאָלד. וואָס לעבסטו גאָר אויף דער וועלט? דיר האָט דאָך נאָך, מסתמא, קיין איין מיידעל קיין קוש נישט גע־געבען. אָ, דו לאַכסט? לאַכסט, ברודערקע, מיט יאַשצערקעס, איך זעה, וואָלסט אויך אַ בעלן געווען. דיר געפעלט זי אויך. נאָר שאליש, ברו־דער, איך וועל צונעהמען בתיה׳ן. שיינדלען נעהמט צו מאיר קיין אַמעריקא און דו ביי וועמען וועסטו נעבעך בלייבען? וועסט סיידען אויסוואַרטען אויף גיטעלען. ע, ברודערקע, שלעכט מיט דיר.

און ריידענדיג אַזוי, איז ער בעניען אַזוי פיל אַריין אין די ביינער, דאָס יענער האָט זיך איין מאָל געכאַפּט צו איהם שלאָגען.

שפּעט אין אָווענד איז עס געווען.

אין שטוב זענען שוין אַלע געשלאָפען. אַ שווערע היץ האָט זיך

געטראָגען פונ׳ם אויסגעהייצטען אויוועז. ס׳האָט געשמעקט מיט פריש־געבאַקענעם ברויט און איבערגעזויערט׳ן געקעכצען. בעניע מיט שמעון־לייבן זענען נאָך וואַך געוועז. זיי זענען ביידע געלעגען אויף דער ה״סער הרובע מיט די קעפּ צום וואַנד פונ׳ם אָנגעבּרענטען אויוועז, יעדערער פערנומען מיט זיינע געדאַנקען. שמעון־לייב איז ערשט געוועז פון ראָדניקאָווע געקומען. אַריינגעהענדיג שטילערהייט אין שטוב, האָט ער אַ גלעט געטהון דעם הונד איבער׳ן האַלז, יענער זאָל שווייגען און אַזוי אַרום איז עס איהם אַראָב גלאַט, דער טאַטע האָט נישט געהערט זיין אַריינקומען. איז ער שוין איצט געלעגען אין דער וואַרים און האָט געשמייכעלט אַליין צו זיך, וואָס נאָר ער, שמעון־לייב אַליין, ווייס ווי אַזוי ס׳איז, אַז בתיה בעגלייט אויף יענער זייט טהיר און גיט אין איילעניש אַ קוש.

בעניען האָבען אַנדערע רעיונות נישט געלאָזט שלאָפען. ער איז געלעגען אַ צוקלעמטער פון קנאה און אייפערזוכט, וועלכעס האָט איהם גענאָגט אין האַרצען, ווי אַ וואָרים. און זיין בלוט וואָלט ער זיך געקיהלט. מאיר מיט זיין אַמעריקאַנער בריף האָט איהם אַלץ גע־קלאַפּט אין קאָפּ אַריין. קוקענדיג פערטראַכט אויף די פערפראָרענע פענסטער, וועלכע האָבען זיך געווייסט אין דער פינסטערער שטוב, ווי צוויי בלינדע מיט בעלמעס פערצויגענע אויגען—האָט זיך איהם אַלע מאָל אויפגעהויבען די האַנד, אַ צונויפגעלייגטע אין אַ פויסט, ווי ער וואָלט ווען אימיצען שלאָגען. נאָר די דאָזיגע האָט דורכאויס געטראָפען אין די צוויבעל־קרענץ, וואָס זענען אונטער׳ן בעליק איי־בער זיין קאָפּ געהאָנגען און ער האָט אונטער דער נאָז שאַרפע גראָ־בע ווערטער געריעדט.

—וואָס איז דאָס מיט דיר?—האָט שמעון־לייב געפרעגט אין דער שטיל—פאַרוואָס שלאָפסטו נישט? האָסט זיך נעכטען אויך געדרעהט אַ גאַנצע נאַכט ווי אַ וויון.

בעניע האָט געשוויגען.

—ע, ברודער, ווען דו לויפסט זיך אַלע טאָג דורך, אַזוי ווי איך, וואָלסטו שוין געשלאָפען געשמאַק. נאָר וואָס רעדט מען מיט דיר, אַז דו ביזט, נעבעך, אַ יאָלד, אַ ווייסט, בענקע?—איז מיט אַמאָל זיין קול געוואָרען ווייך און האַרציג—ווייסט? איך האָב שוין גערעדט מיט בתיה׳ן אָפענע ווערטער און זי וויל, איך זאָג דיר זי חלש׳ט. זי הייסט מיך אַליין איבעררעדען מיט׳ן טאַטען.

—לייזער וועט דיך נישט וועלען. איהם וועט נישט אָנשטעהן נעהמען אַ שמיד פאַר אַנ׳איידעם—האָט בעניע געענטפערט, קיהלענדיג זיך דאָס האַרץ.

—אַזוי זאָגסטו? חכם מיינער. אַ שמיד בין איך. מיינסט טאַקע איך וועל פּאָלגען דעם טאַטען און וועל אין אָלעסיע שטעלען אַ קוז־ניע. צוליב דעם האָב איך געדאַרפט האָבען שלאָסעריי. אָן אַרום בויען זיך זאַוואָדען, וועל איך מיר בעסער דאָרטען קריגען אַ שטעלע. אויף אַ זאַוואָד איז דאָך אַ חיות. איך אַרבייט מיר אָב מיין צייט און דערנאָך בין איך מיר אַ פריץ און דאָס פערדינסט איז פון חודש צו־גלייך מיט אַלע מענשען פון קאַנטאָר. אַלע צוויי וואָכען צאָהלט מען דיר אויס טאַקע די האַרטע נייאינקע אַסיגנאַציעס און טהו מיט זיי וואָס דו ווילסט. אָט וועסטו זעהן, איך וועל מיר געפינען אויף אַ זאַ-וואָד אַ שטעלע.

—מען וועט דיך אויסכאַפּען—איז בעניע ווידער אַריינגעפאַלען מיט אַ שטעכווערטעל.

—ניין זאָגסטו? אַ סך האָסטו דאָ עפּיס שמידען, וואָס זאָלען האָ־בען אַ ידיעה אין שלאָסעריי? איך קאָן שוין אויסקומען אָהן אָלעסיע. וועסט זעהן, איך וועל ריידען מיט׳ן טאַטען אָפענע ווערטער. שטעל זיך דו דאָרטען אַ קוזניע. זאָל שטעלען מאָטעל. פאַר מיר האָט ער שוין נישט וואָס צו דאגה׳נען.

עטליכע מינוט זענען זיי ביידע שטיל געבליבען, יעדערער פער־טיפט אין זיינע געדאַנקען. איבער׳ן דאָרף איז אימיצער דורכגעפאָהרען. הינד האָבען אָנגעהויבען בילען איינער נאָכ׳ן אַנדערען און פון אונ־טער׳ן אויוועון האָט אַ יונגער האָהן אויסגעזונגען זיין ערשטען „משמר״ אין דער נאַכט אַריין. דער גליקליכער שמעון-לייב, שוין גאָר אַ פער־וויגטער אין זיינע ליבע־חלומות, האָט זיך ווידער צורעדט. ער איז געוועזען אַזוי איבערפולט מיט פריידען, דאָס ער האָט זיך געמוזט טיילען מיט וועמען עס איז. זיין קול האָט ממש געגלעט.

—ווייסט, בענקע, איך רעכען, ווי איך וועל נאָר קריגען אַ שטע־לע, גלייך שרייבען תנאים און אין אַ חודש אַרום שפּילען חתונה. אויף אַ זאַוואָד, אַז מען אַרבייט, גיט זיך דאָך אַ דירה. אָ, נאָך וואָס פאַר אַ דירה! און איך וועל עס ברענגען אַהין מיין בתיה׳ן. זי וועט עס מיר אויסצאַצקען אַ שטיבעלע. ווייסט זי איז אַ בריה. שיינדעל איז אַ שטרויענע פּאַנע, קוים וואָס זי ריהרט זיך, און ביי דער ברענט

אונטער די הענד. אָט וועט ביי מיר זיין אַ ווייבעלע!—האָט ער זיך אַ קוש געטהון די שפּיצען פינגער—ביזט מיך מקנא, בענקע, האַ? ווער האָט דיך געהייסען זיין אַ יאָלד. אַזעלכע צוויי מיידלעך אונטער דער האַנד, האָסטו געדאַרפט וואַרטען ביז איך וועל זיך אויסדינען און מאיר זאָל ווערען אין אַמעריקא אַ גביר און זאָל צונעהמען שיינדלען.

ביי די דאָזיגע ווערטער איז מיט בעניען עפּיס פאָרגעקומען אַזוינס, דאָס ער האָט פערלאָרען די געדאַנקען. ווי אַ גזלן האָט ער זיך אַ וואָרף געטהון אויפ׳ן עלטערען ברודער און גענומען איהם שטי־קען מיט די קניהען און פויסטען, שטאַמלענדיג אין רציחה:

—אָט איז דיר מאיר!... אָט איז דיר אַמעריקא מיט מאיר׳ן!...

אַ ?. וועסט נאָך אַמאָל זאָגען מאיר?...

דעם ערשטווינטען צוגעדריקטען שמעון-לייב׳ן האָט אָטהעם פער־פעהלט.

—אוי... מאַמע...—האָט ער קוים געקאָנט אויסשרייען הייזעריג.

און די פינסטערע אין שלאָף־פערזונקענע שטוב איז, ווי פערטרייסעלט געוואָרען. די אַלטע טאַטע און מאַמע זענען פון די געלעגערס אַראָפּ־געשפּרונגען דערשראָקענע און צומישטע, נישט וויסענדיג, וואָ דאָ איז געשעהן. דער הונד האָט זיך מיט אַ בילעריי אַ וואָרף געטהון צו דער טהיר, נאָר טרעפּענדיג זי פערשפּאַרט, האָט ער זיך געלאָזט לויפען צו די פענסטער און דראַפּען זיך גלייך אויף די וואַנד אַרויף. בעניע האָט דערווייל אין שרעק אָבגעלאָזען שמעון־לייב׳ן און איז דורך יענעם אַראָבגעשליידערט געוואָרען פון דער הרובע.

דער ערשטער איז צו זיך געקומען שמעון-לייב. ער האָט זיך גלייך געכאַפּט דערצעהלען פון אַ בייזען חלום, אַז גזלנים זענען איהם בעפאַלען. ער האָט זיך געוואָלט שטעלען אַנטקעגען און אַזוי האָט ער פון שלאָף אַראָבגעוואָרפען בעניען.

דער אַלטער שכנא האָט אַרויסגעשאַרט אַ גליהענדע קויהל פון אויווען ז״ן האָט אָנגעצונדען אַ קין־העלצעל צו זעהן וואָס דאָ טהוט זיך; און אַנטקעגען דעם שוואַכען ציטעריגען שיין איז ער אַליין אויסגעוואַקסען, ווי פון דער ערד אַרויס, אַ הויכער, אַנ׳אימה׳דיגער מיט זיין צווייענדיג געשטאַלט, אין ברייטע לייוועטענע העמד און הויזען, ווי אַ פויער און אַ פערשמאָלצענער יאַרמעלקע אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ מיט צוויי גרויע דין־געקרייזעלטע פּיאות פוןביידע זייטען.

אין שטוב איז אַלצדינג געווען אויף די ערטער, ווי פריהער, נאָר דאָס געלעגער פון די ביידע בחורים איז געווען צעוואָרפען. דער שטרוי-זאַק איז געלעגען אויף דער ערד און אַ קישען האָט זיך אַזש נעבען בעט געוואַלגערט. מיט׳ן ברענענדיגען העלצעל אין האַנד האָט שכנא אַלצדינג בעטראַכט רוהיג און געלאַסען. ער האָט אַ קוק געטהון צום ווינקעל-פּאָליצע מיט די פערשעמטע עטליכע ספרים׳לעך צי די צוויי קופּערנע פאַנען שטעהען אויפ׳ן אָרט. אויפ׳ן שענקעל מיט די רייהען פּאָרצעלייענע טעלער געוואָרפען אַ בליק, געפּרובט דעם ריגעל ביי דער טהיר און איז דערנאָך אַרויס אין פּאָדער-הויז גע־וואָהר ווערען צו דעם אַזוי גערופענעם קינדערשען שטיבעל, וואו ס׳האָט געוואוינט דער עלטערער זוהן מיט זיין פאַמיליע.

דאָס אַלצדינג האָבען צוגעזעהן בעניע מיט שמעון-לייבן: איינער, שטעהענדיג אַ שווייגענדיגער, די האָהר צושויבערט מיט אַ נאַקעט צו־שפּיליעט האַרץ און דער אַנדערער איז געזעסען אויף דער הרובע מיט אַ בעהאַלטענעם שמייכעל אויף די ליפּען, ווי עס וואָלט גאָר קיין זאַך נישט געטראָפען. קוקענדיג ווי דער טאַטע זוכט אין אַלע ווינ־קעלעך די גנבים, האָט זיך איהם געוואָלט לאַכען, נאָר אַנטקעגען איז געשטאַנען די מאַמע אַזאַ דערשראָקענע, דאָס זי האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען. דער צוטומעלטער פריידען איז די שטוב אַפילו אין זינען נישט געלעגען. זי האָט נאָר געוואָלט וויסען אויב מיט די יונגלעך איז קיין בייז נישט געשעהן. איז זי געשטאַנען אינ׳ם געלאַטעטען קורצען אונטער-קליידעל, פערדרייט די פאַלדען אויף פאָ־רענט, אַנ׳איינגעבויגענע, אַ חשכ׳דיגע און האָט געציטערט פאַר קעלט, צושאָקלענדיג מיט איהר גרוי-געגאָלט קעפעל, פון וואַנען דאָס סיצען הייבעל האָט זיך איהר אַראָבגערוקט אַהינטער. און אַזוי איז זי טאַ־קע נישט דערגאַנגען וואָס מיט די יונגלעך איז געשעהן. דער אַלטער איז אַריין צוריק אין שטוב, האָט ער אויף איהר אַ געשריי געטהון:

—בהמה! וואָס שטעהסטו? אָן, די קאָפּקע שוין ביי דיר אויפ׳ן פּלייצע. געה, לאָז זיי שלאָפען.

פריידע האָט אַרויפגערוקט דאָס טשיפּיקעל און איז שטילערהייט אַוועק אין ווינקעל צו די בעטען; און בעניע האָט זיך אויסגעבעט אויפ׳ן באַנק נעבען אויווען.

---

פון יענער נאַכט אָן האָבען דיביידע ברידער צווישען זיך נישט גערעדט. זיי האָבען געשלאָפען באַזונדער און אויסגעמיטען איינער דעם אַנדערען סיי אין שטוב, סיי ביי דער אַרבייט. שכנא איז געווען זעהער אויפגעבראַכט דערפאַר. ער האָט פיינד געהאַט זיינע קינדער זאָלען טראָגען שנאה איינס אויף דאָס אַנדערע, בפרט איבער אַ זאַך, וואָס ער ווייס נישט דערפון. זיי האָבען ביידע פאַר קיין אופן נישט געוואָלט אויסזאָגען פאַר וואָס זיי זענען ברוגז, כאָטש דער אַלטער איז געווען אין כעס און האָט געבאָטען פעטש ביידען צוגלייך. דאָך האָט ער זיי גענויט צו ווערען שלום. דער קלענערער האָט פאַר'ן טאַטען אין די אויגען איבערגעבעטען דעם עלטערען

בעניען איז עס געווען ביטער ווי דער טוידט. ער איז איצט געווען שמעון־לייב'ן נאָך אַ גרעסערער שונא, ווי פריהער. זיין ווייכטע בעציהונג צו דעם, וואָס צווישען זיי איז פאָרגעקומען, האָט בעניען שטאַרק געערגערט. איהם האָט זיך אַפילו נישט געוואָלט וויסען פאַרוואָס ער, בעניע, איז עס אַזוי אויפגעבראַכט, פונקט ווי ער וואָלט אַ וואַלד־גזלן געווען, וואָס וואַרפט זיך שלאָגען אין מיטען נאַכט אויף אַנ'אייגענעם ברודער. ס'איז נישט זיין עסק, וואָס ער געהט אַרום מיט אַ וועהטאָג אין האַרצען. איהם לעבט זיך ווידער גוט. ער איז פריילּיך, האָט צוגעטראַכט פון בתיה'ן אַ ליד און צוזינגט זיך אויפ'ן קול, ווי דער טאַטע טרעט נאָר אַרויס מיט אַ פוס פון קוזניע. שפעטער, ווי ס'ווערט נאַכט, לויפט ער קיין ראָדניקאָווע, צוטראַכטענדיג אַלע טאָג אַנ'אַנדער תירוץ. דערנאָך בעגינען קאָן מען איהם נישט דערוועקען און ער, בעניע, דאַרף אָפט פערענדיגען זיין אַרבייט. דאָך האָט ער געמוזט פאָלגען דעם טאַטען און זיין מיט איהם שלום, ווייל ער, שמעון־לייב, איז אַנ'עלטערער ברודער.

אַזאַ מנהג איז עס דאָ געווען.

ביי די קריוואָ־דובער שמידען האָט מען זיך נאָך געפיהרט אויפ'ן אַלט־פעטערישען שטייגער, ווי זייערע דאָרפישע שכנים, די צונויפגעוואַקסענע מיט דער ערד פויערים־פאַמיליעס. דער עלטסטער אין שטוב איז געווען דער גאַנצער בעל־דעה און איהם האָבען אַלע געמוזט פאָלגען. ביי איהם איז דאָס געלד געווען בעהאַלטען און ווער פון שטוב ס'האָט געדאַרפט אַ גראָשען, האָט זיך געווענדעט צום אַלטען מיט אַ קלאָרען חשבון. אונטער זיין השגחה איז אויך געווען דאָס איבעריגע האָב און גוטס פון דער פאַמיליע און אָן דעם אַלטענס וויסען

האָט קיינער גאָרנישט געטאָרט נעהמען. אויפ׳ן קאָפּ האָט ער געדענקט יעדעס אַרשין לייווענד, יעדעס עוף און איטליכעס מעסטעל קערנער, וואָס דאָס יאָהר האָט געבראַכט אין שטוב אַריין.

די ווייבער האָט מען געהאַלטען אין דער מורא און אַמאָל, ווען זיי זענען ווערט געווען, אויך נישט געקאַרגט דעם קלאַפּ. געגעסען האָבען זיי ביים טיש אינאיינעם מיט די מאַנסבילען נאָר אום שבת און געגאַנגען זענען זיי געקליידט און געשיכט לויט׳ן אַלטענס גוטען ווילען. וואָס ער האָט געבראַכט פון יריד, דאָס איז גוט געווען.

שכנא האָט זיך אויך געפיהרט ווי זיינע אור־עלטערן. ער האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער שמידישער משפחה אויפ׳ן ישוב, וועלכע איז געווען בעריהמט מיט אריכות־ימים. זייערע זיהן און טעכטער זע־נען געווען אַזוי שטאַרק און לאַנגעוועריג, ווי דער דעמב אין די טונקעלע אימה׳דיגע וועלדער אַרום זייערע דערפער. דאָס לאַנגע לע־בען האָט זיי נישט איינגעבויגען, נישט אָבגעשוואַכט די חושים זייערע און נישט פערמיאוסט ביי קינדער אין די אויגען. געקרעפטיגטע מיט אַרבייט פון הענד האָמער זענען די קריוואָ־דובער שמידען געווען, ווי דאָס אייזען, וואָס זיי האָבען געהאַרטעוועט אַלע זייערע יאָהרען און די זילבער־ווייסע קעפּ האָבען זיי אַזוי בעשענט אויף דער עלטער, ווי די סאַמעט־שוואַרצע אין דער יוגענד.

אַזעלכער איז אויך געווען שכנא. מיט דער חזקה אויף קריוואָ־דובער שמידעריי האָט ער בעקומען פון טאַטען בירושה אויך זיין וואוקס, זיין קראַפט און זיין אריכות ימים. ער האָט נאָך ביי זיינע זעכציג־און־זיבעציג יאָהר געאַרבייט מיט׳ן האַמער צוגלייך מיט די זיהן און פלעגט אין צוויי שעה פערגעהן צופוס אין שטעדטיל אַריין, וועל־כעס איז געווען פון קריוואָ־דוב פאַר אַ מהלך פון גוטע צעהן וויאָרסט.

ער איז געווען פערגרעבט און זעהער קאַרג. זיין שטוב איז געווען פול מיט כל טוב, נאָר געלעבט האָט ער ווי אַ קבצן, וואָס קומט קוים אויס מיט דער חיונה. די צעהנדליגער עופות, וועלכע פלעגען זיך אויספיהרען אַלע זומער, די קאַסטענס אייער פון אייגע־נע שטובּיגע היהנער און דאָס ביסעל פרוכט פון סעדעל ביי דער שטוב–דאָס אַלצדינג איז געווען אָנגעגרייט צו דער בעשטימטער צייט אַוועקצופיהרען אין שטעדטיל, אָדער אין שטאָדט אַריין פערקויפען. אַפילו פון די מילכיגס האָט שכנא געזעהן מאַכען אַ תכלית. פלעגט פריידע אויסשלאָגען פוטער, אָדער אָבוואַרפען קעז, איז ער שוין גע־

שטאַנען בײ דער זײט, קוקענדיג איהר אין די הענד אַרײן, זי זאָל כאָטש נישט אַראָבנעהמען אַ שטיקעל פון די קינדערס וועגען. דאָס האַרץ איז איהם ג׳עוועזן נישט גאַנץ ביז, וואַנען ער האָט עס אין אַ שטיקעלע לײוונד אָבגעוואויגען אויפ׳ן בעזמען און בעהאַלטען אונטער׳ן שלאָס אָבצושיקען עס אין שטעדטיל אַרײן צום נגיד און גרויסען אכ׳לער אַבאָ „שור הבר“.

און דאָס אַלצדינג איז אויסגעגאַנגען צו פרײדעס קאָפּ. אַזאַ מזל האָט זי שוין געהאַט. אַ קלײנע, אַנ׳אויסגעדאַרטע, פון דרײסיג יאָהר אָן אַ הוסטערין, האָט זי געהאַט כח צו טראָגען אויף זיך גאַנצע בערג מיט צרות. פאַר׳ן מאַן האָט זי געציטערט און אַלע מאָל איז איהר אויסגעקומען בעשיצען פון איהם די קינדער. מיט דער מאַמישער טרעהר אין אויג איז זי תמיד געשטאַנען צווישען זײ אויף דער וואַך טאָמער וועט זיך זײן בײנעריג־שטאַרקע האַנד אַראָבלאָזען איבער זײערס אַ קאָפּ, זאָל זי קאָנען איהר אײנגעבויגענע פלײצע אונטערשטעלען.

זעקס יונגלעך און צוויי מײדלעך זענען בײ איהר געוואַקסען און קײן אײנס האָט נישט געוואָלט וויסען פונ׳ם טאַטענס שגעון. זײ זענען גאָר אַנדערע געוועזן און פאַר זײן קאַרגשאַפט האָבען זײ געהאַט טענות צו איהר. די מאַמע איז אין אַלצדינג שולדיג געוועזן. פאַר אַלץ האָט זי געדאַרפט בעשטעהן. זענען זײ געוועזן קלענער האָט זי צוליב אַ בעסערען ביסען זײערען געדאַרפט גנב׳ענען פון טאַטען און ווידער אַלאָל גנב׳ענען פאַר׳ן מלמד, וועלכער פלעגט אַלע מאָל אַנטלויפען איבער שלעכטע קעסט און האָט בערעדט פאַר לײטען. דערנאָך, אַז די קינדער זענען עלטער געוואָרען, האָט זיך אויף פרײדען אָנגערוקט נאָך אַ גרעסערער עול. צו זײערע פאַרלאַנגען איז קײן ברעג נישט געוועזן. יעדעס בעזונדער האָט געוואָלט געהן שען אָנגעטהון און דערצו נאָך האָבען דעם מזומנעם גראָשען בײ זיך. שכנא האָט דערפון נישט געוואָלט וויסען. אַלע פאַר פסח פלעגט ער ברענגען אַ פעל רימען און אַ שטיק קאָרט און עטליכע אַרשין סיץ פאַר איהר מיט די מײדלעך, איז ער שוין יוצא געוועזן. זכריה דער שנײדער מיט הירשעל דעם שוסטער זענען געקומען אויף אַ פאָר וואָכען און האָבען בענײט די שטוב שוין אויף אַ גאַנץ יאָהר. און טאָמער האָט בײ וועמען אַ שוך, אָדער אַ רעקעל נישט אויסגעהאַלטען ביז׳ן

צווייטען פסח, איז עס נישט זיין דאגה געווען, כאָטש מען זאָל אויס־געהן נאַקעט.

דערצו איז זי נאָך אַ מאַמע פון צוויי טעכטער געווען.

אכזרים זענען זיי געווען צו איהר. די מיידלעך אויפ׳ן ישוב האָבען געהאַט קאָרסעטען און לאַקירטע שיכלעך. אין זיידענע שאַלען פלעגט מען זיך אויספוצען שבת און יום־טוב. איהרע טעכטער האָבען פון קיין זאַך נישט געוואָלט אָבשטעהן און פאַר דעם אַלעמען האָט פריידען געדאַרט דער קאָפּ. פלעגט פערפאָהרען אַ קרעמער מיט שניט־סחורה, אָדער אַ קאָראָבייניק איז אַמאָל אַריינגעקומען, זענען די ביידע מיידלעך געשטאַנען מיט טרעהרען אין די אויגען און האָבען זיך געבייזערט אויף דער מאַמען למאי זי קויפט גאָרנישט. וועלכע סחורה יענעם איז איינגעפאַלען צו בעווייזען, האָבען זיי עס געדאַרפט און זי אַליין האָט אויך געוואָלט איהרע טעכטער זאָלען געהן אָנגעטהון לייטען־גלייך. אַזוי אַרום פלעגט זי ווידער אַמאָל גנב׳ענען פונ׳ם אַלטען. ביי דער ערשטער געלעגענהייט האָט זי עפּיס צוגענומען פון שטוב און האָט עס בסוד־סודות פערקויפט אין שטעדטיל זי זאָל האָבען פאַר די מיידלעך אַ מזומנעם גראָשען.

אַזוי האָט פריידע אָבגעלעבט אַלע איהרע יאָהרען. די זיהן, אויסער בעניען, האָבען זיך אַלע אויסגעדינט. דער אַלטער האָט אויס־געגעבען די קינדער, נישט פרעגענדיג ביי איהר קיין עצה און קיין דעה. די צוויי יונגלעך זענען שוין נאָר געבליבען—אויך אָט חתונה צו מאַכען און פריידע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף דער וואַך צווי־שען איהר מאַן און קינדער. זי האָט נאָך אַלץ גע׳גנב׳עט פון שטוב, וואָס איז איהר צו די הענד געקומען, נאָר איצט איז עס שוין גע־ווען אויף מתנות פאַר די אייניקלעך.

אמת די לעצטע צייט פלעגט שוין פריידע אָברייסען וואָס עס איז פאַר זיך אויך. זי איז געווען ביי שכנא׳ן דאָס אַנדערע ווייב און איז געווען מיט גאַנצע זעכצעהן יאָהר יונגער פון איהם, דאָך איז זי שוין ביי איהר זעקסטען צעהנדליג געווען גאָר אַ צובראָכענער שאַרבען, אָהן אויגען, אָהן לונגען, מיט איין פערגרינטען קרומען צאָהן אין מויל. דערגעהענדיג צו אַזאַ מדרגה האָט שוין פריידע אָנ-געהויבען טראַכטען עפּיס פון דער נשמה וועגען און האָט אויף דאָס ביי אָנגעהויבען גנב׳ענען אויף צדקה. ער, דער אַלטער, האָט איהר פון זיינע מצוות גאָר נישט געוואָלט צוטיילען. דאַ אויף דער וועלט

האָט ער איהר נישט איבעריגס נאָכגעגעבען און איז אויפ'ן עולם האמת אויך געווען שטרענג.

—איך האָב אַליין נישט!—פלעגט ער ענטפערען האַרט.

ביי זיין גוטער מינוט איז עס געווען. שבת אָדער יום טוב, ווען ער האָט, זיצענדיג ביים טיש, געשפּילט זיך מיט די אייניקלעך. פריידע פלעגט צוגעהן שטיל, געגעבען אַ גלעט אַ קינדערש קעפּעל און האָט געזאָגט מיט אַ זיפץ:

—וואָס איז אַ יודענע?... זאָל מען נישט זינדיגען מיט די רייד. שכנא, גיב מיר כאָטש אַ צעהנטעל... מען וואוינט צווישען גוים. שבת צום מנין האָב איך קיין כח נישט צו געהן. קיין תפילה, קיין קדושה ברוך השם... שכנא...

—נו, נו! אַ יודענע דאַרף נישט קיין עולם־הבא. עהרליך האַל־טען דעם מאַן איז פאַר איהר די גרעסטע מצוה.

—האָסט דען עפּיס צו מיר?—האָט זי געפרעגט, ווישענדיג מיט אַ ברעג פאַרטוך זיך די אויגען.

—וואָס ווילסטו? איך האָב אַליין נישט.

נאָך די דאָזיגע ווערטער האָט שוין פריידע מעהר נישט גע־רעדט. זי איז נאָר אַוועק אין אַ ווינקעל מיט'ן פעסטען בעשלוס אַליין זיך צו פערזאָרגען מיט וואָס זי וועט נאָר קאָנען.

זי האָט אַפילו אָנגעהויבען וואַרפען בעזונדערע גראָשענס אין די צוויי צדקה־פושקעס איבער דער טהיר.

## יא.

שמעון-לייב האָט אויסגעפיהרט זיינס

אין די נייע זעג־מיהלען אַרום „פטיצש" האָט ער געקריגען אַ שטעלע אויף חודש־געהאַלט מיט אַנ'אומזיסטער דירה, בעהייצונג, עלעק־טרישע בעלייכטונג און צוויי מאָל אין טאָג טהיי אין קאַנטאָר. נאָר נישט גרינג איז עס איהם אָנגעקומען, ער איז פריהער בייגעשטאַנען אַ גרויסע מלחמה מיט'ן טאַטען און פריידע האָט דערביי געגוג טרעה־רען פערגאָסען. וועלענדיג ביי דער שלעכטער מינוט זיך אַריינמישען, האָט זי נישט איין מאָל געכאַפּט אַ שטויס פונ'ם מאַן ביז אויף יענער זייט טהיר.

שכנא איז ביי זיך געדעכט געווען. ער האָט געוואָלט זיין קינד גוטס טהון. מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק, ווען אין אָלעסיע איז גע־שטאָרבען דער שמיד, וועלכער האָט נאָר איבערגעלאָזט איין טאָכטער אַנ׳אויסגעגעבענע אין שטעדטיל פאַר אַ ווייבערישען שניידער, האָט דעמאָלט שכנא צוטיילט צווישען די אָלעסיער פויערים דריי טעפּ בראָנפען און האָט מיט זיי אָבגעמאַכט, אַז פון דער פרעמד קיין שמיד זאָלען זיי נישט נעמען. ער וועט זיי געבען זיינעם אַ זוהן, נאָר דאָס קאָן ערשט זיין דעמאָלט, ווען דער עלטערער בחור זיינער וועט זיך אויסדינען און וועט קומען אַהיים. די אָלעסיער פויערים זענען בע־שטאַנען דערויף מיט דעם תנאי נאָר, אַז ביז יענער צייט זאָל ער שיקען אַלע וואָך אימיצען פון די זיהן זיינע אויף אַ פּאָר טעג אַר־בייטען צו זיי אין דאָרף אַריין.

און אַזוי איז עס געבליבען. שכנא האָט געהאַלטען וואָרט. סיי זומער, סיי ווינטער האָט ער זונטאָג בעגינען אויסגעריכט בעניען קיין אָלעסיע, אָנזאָגענדיג איהם מיט׳ן האַרבען וואָרט ער זאָל ביז מאָנטאָג פאַרנאַכט נישט וואַגען אָבטרעטען פון קוזניע. נאָר שכנא האָט געגאַרט די מינוט שמעון־לייב זאָל קומען, וועט ער איהם דאָרטען בעזעצען און איינפונדעווען מיט אַ בעל־הבתישקייט ער זאָל קאָנען באַלד אַ שידוך טהון. ווייל מיט בעניען האָט ער זיך נישט געוואָלט צושיידען. ער איז ביי איהם געווען דער מיזיניק און דאָס בעסטע קינד זיינס. האָט שכנא געוואָלט אויף דער עלטער האָבען איהם נעבען זיך.

נאָר ווען שמעון־לייב איז געקומען אַהיים האָט ער צושטערט אַלע זיינע פּלענער. דאָס ביסעל שלאָסעריי, וואָס ער האָט זיך אויס־געלערענט דאָרטען אין פּאָלק, איז איהם דוקא געפעלען געווען, נאָר איבער זיינע רייד וועגען אַ שטעלע האָט שכנא געשטוינט הערענדיג ווי קומט צו זיינס אַ קינד אַזעלכע געדאַנקען? זיינער אַ זוהן זאָל ווע־לען אַנטלויפען פון דער היים, לאָזען אַ גרויסען רייכען דאָרף אַרום שטוב און געהן זוכען ברויט איבער דער וועלט. אין שטעדטיל זענען זיי הפקר־מענשען, האָבען דאָרטען טאַטעס פערשיקט זייערע קינדער עבר לים. ביי ניסן דעם סמאַליאַרניק געווען אַ בן־יחיד האָט ער איהם נאָכגעגעבען ער זאָל זיך דורכפּאָהרען קיין אַמעריקא. אַנ׳אַנדער שכן אויפ׳ן ישוב האָט געוואָלט אויסאיידלען זיינע קינד׳ער און מאַכען זיי פאַר שטאָדט־לייט. נאָר דער אַלטער שכנא האָט נישט געוואָלט ווי־סען פון די אַלע זאַכען. ביי איהם זענען קינדער נישט הפקר און

איהם איז גוט, אַז זיי וועלען זיין פשוט'ע דאָרפישע שמידען, ווי ער אַליין און זיינע אור־עלטערן זענען געווען.

און שכנא האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען. מיט זיינע אַלע כחות, וועלכע ער האָט גע'ירש'ענט פון דורות און געזאַמעלט פון יאָהרען, האָט ער דעם זוהן פערשטעלט דעם וועג פון דאָרף אַרויס.

פריהער איז עס געגאַנגען מיט גוטען:

—מיינסט איך וועל דיך אַריינזעצען אין אַ גוי'שער כאַלופע?— האָט ער געזאָגט שמעון־לייב'ן רוהיג און געלאַסען, ווי זיין טבע איז געווען—וועסט, אם ירצה השם, נאָר ווערען אַ חתן, שטעל איך דיר באַלד אַ שטוב. און נאָך וואָס פאַר אַ שטוב. פון געזעגטע בערווענעס איינס אין איינס. וועסט וועלען שאַליעווען די פענסטער, וועסטו זיך שאַליעווען. וועט זיך דיר וועלען אַ געהובעלטע פאָדלאָגע—געזונטערהייד. פון מיר וועט קיין מניעה נישט זיין. איך וועל דיר אָפּגעבען דיין טייל, וועסטו זיך האָבען.

שמעון־לייב האָט זיך געקרומט און געמורמעלט עפּיס אונטער דער נאָז, אָדער, טראַכטענדיג וועגען בתיה'ן, האָט ער אין די קליינע שוואַרצע וואָנסען זיין שמייכעל בעהאַלטען און דער טאַטע האָט ווידער געבויט זיין גליק אין אָלעסיע:

—מיינסט גראָבען אַ ברונען אויפ'ן הויף איז אַזאַ בעטרעף? וועסט זומער חתונה האָבען, אם ירצה השם. וועסט ברענגען אַ יונג ווייבעל אין שטוב אַריין, זאָל זי טאַקע אָנקומען אויף אַלעם גרייטען. וועסט וועלען קאַרטאָפּעל אויפ'ן ווינטער, וועסטו זיך נעהמען. איך וועל דיר אַליין ברענגען צו פיהרען. אַ יוגענד, זאָל זי זיך זיצען, ווי אַ פויגעלע אין נעסט. אַ וועגעל היי פאַר דער בהמה וועסטו אויך מעגען נעהמען.

—טאַטע—איז שמעון לייב געוואָרען אומגעדולדיג.

נאָר דער אַלטער האָט ווייטער גערעדט, אָבטאָקענדיג יעדעס וואָרט בעזונדער.

—וואָס וועסטו זיין אַ בעל־הוצאה. מען דאַרף נאָר קאָנען איינהאַלטען דעם גראָשען. ביי דיר איז ער אָבער אַ ממזר. אַ מטבע, דאַרפסטו וויסען, איז אַ גליטשיגע זאַך, מען דאַרף עס קאָנען איינהאַלטען, ס'זאָל נישט אַרויספאַלען צווישען די פינגער. ע, זיי נאָר אַ מענש. אָלעסיע איז אַ גילדענער פינגערל.

—טאַטע, איך האָב גערעדט מיט דיר אָפענע ווערטער!—האָט יענער נישט אויסגעהאַלטען און איז אַריינגעפאַלען דעם טאַטען אין די

רייד, ווי ער וואָלט זיך פון אַ קייט אַרונטערגעריסען.

שכנא האָט איהם אָבגעמאָסטען מיט'ן בליק פון אויבען אַראָב:

—געהסט מיט עזות? אַנטקעגן מיר? ע, בחור...

שמעון-לייב האָט אָנגעקוואָלען פון זיך אַליין, וואָס ער איז אַזוי פעסט ביי זיך און איז געוואָרען נאָך האַפערדיגער.

—איך רייד מיט דיר אָפענע ווערטער. איך וועל אין אָלעסיע נישט בלייבען, בעזעץ דאָרטען בעניען.

—געהסט מיט עזות? זאָגסט מיר דעות וואָס איך זאָל טהון מיט מיינע קינדער? אַ, דו שלעפּער. ווארפסט אַראָב ברויט פון לאָפּעטע, גאָטס גאָב און ווילסט זיך אַוועקשלעפען איבער דער וועלט זוכען אַ ברעקעל? היינט דאָ, מאָרגען דאָרטען, ווי אַ ציגיינער. זאָל איך דיך לאָזען? וואָס פאַר אַ טאַטע וואָלט איך דיר געוועזן. ניין! פערגעס, ברודערקע. ביז וואַנען מיינע אויגען זענען נאָך אָפען, וועלען מיינע קינדער קיין שלעפערס נישט ווערען. איך וועל געבען פּרעסק, אַז די אויגען וועלען אַרויס. ווייסט דאָך, זוהנעלע, איך שאַנעווע נישט.

שמעון-לייב האָט עס אויסגעהערט און איז ווידער געבליבען אַ צופרידענער מיט זיך. דעם טאַטענס דראָהען האָט אויף איהם לחלוטין קיין איינדרוק נישט געמאַכט.

—טאַטע—האָט ער איהם געוואָלט ווידער אַריינגעזאָגען זיינס אויפ'ן יונג-העזה'דיגען שטייגער. נאָר אין דער רגע איז ביי דער זייט געבליבען שטעהן די מאַמע מיט אַ ציטערדיגער טרעהר אויף דער ברעם און אַ קוק צו איהם, נאָר ווי ער, דער זוהן איהרער, וואָלט דעם אייגענעם פאָטער געוואָלט דער'הרג'ענען.

דאָך האָט פריידע איהם נישט איינגעהיט פונ'ם טאַטענס אַ קלאַפּ, כאָטש איהר אַליין איז דערביי אויך אָנגעקומען אַ חלק. ס'האָט שוין געהאַלטען דערביי שמעון לייב זאָל אַנטלויפען פון דער היים אָהן דעם טאַטענס וויסען. ביי איהם איז שוין אַפילו געווען בעשטימט די מינוט ווען און ווי אַזוי. אין קאַנטאָר ביי די לעווי'ס האָט מען איהם געזאָגט, אַז אין די נייע זעג-מיהלען אויף יענער זייט טייך דאַרף מען האָבען אַ שמיד און אַהין האָט ער געאיילט. פריידע איז אָבער געשטאַנען אויף דער וואַך: פון איין זייט איבער'ן זוהנס שלעכטע מחשבות און פון דער אַנדערער—ביים טאַטענס צאָרען. ווי אַ שווערד איז ער איבער שמעון-לייב'ס קאָפּ געהאָנגען. ווען ער פאָהרט אַוועק אַהין דעם טאַטענס וויסען, וואָלט עס איהם יענער קיינמאָל נישט

מוחל געווען. האָט זי זיך געוואָרפען פון איין זייט צו דער אַנדע־רער מיט תחנונים און טרעהרען, אונטערשטעלענדיג יעדעס מאָל איהר איינגעהויקערט געשטאַלט פאַר אַ קרבן. לסוף איז זי צוגעפאַלען צום זוהן מיט די לעצטע קרעפטען פון איהר שוואַכקייט און גוטסקייט און האָט גע׳פועל׳ט ביי איהם ער זאָל זיך אָבבעטען ביים טאַטען, נאָר אויף דערווייל, אויף פרוב. ביז פסח זאל ער איהם אָבלאָזען און דערנאָך וועט מען זעהן.

דאָס איז געווען איהר אייגענער איינפאַל. אַליין האָט זי עס צוגעטראַכט מיט איהר ווייבעריש קליין קעפעל דורך די שלאָפלאָזע נעכט, ווען זי איז געזעסען אָנגעשפאַרט אויףביידע הענד און האָט געהוסט אָהן אַ סוף. שמעון־לייב האָט איהר צוליב געטהון און דער אַלטער האָט נאָכגעגעבען.

—געה!—האָט ער געזאָגט, נישט אויפהויבענדיג די אויגען—האָסט נאָך קיין פרעמדען ברויט נישט געגעסען. פרוב זיך. זאָג דער מאַ־מען זי זאָל דיר געבען אַ לעבעל ברויט מיט אַ פּאָר העמדער. וועסטו נישט קומען אויף פסח, ביזטו נישט מיין זוהן. געה!

פריידע האָט געמאַכט אַ פּעקעל. צום לעבעל ברויט האָט זי נאָך צוגעלייגט בגנבה אַ שטיקעל פוטער מיט עטליכע טרוקענע גאָמעלקעס אויף האָט זי איהם אין דער האַלב־פינסטערער פאָר־הויז אַריינגעשפּאַרט אין האַנד אַריין אַ זילבערנעם רובעל.

—זיי געזונד, מאַמע—האָט איהר שמעון־לייב געזאָגט אין איילע־ניש—פערגעס נאָר נישט זאָגען דעם טאַטען ער זאָל שיקען צו לייזער׳ן אַ שדכן.

פריידע איז שטעהן געבליבען ביי דער שוועל, ווישענדיג זיך מיט אַ בּרעג טיכעל די אויגען און אַזוי איז זי געשטאַנען ביז ער איז מיט׳ן פּעקעל אונטער׳ן אָרים אַרויס פון דאָרף.

---

אין ראָדניקאָווע איז מען דערווייל אויך נישט רוהיג געווען. דאָרטען זענען געווען דריי דערוואַקסענע מיידלעך און מען האָט דורכאויס געמאַכט תנאים... 

האָט דורכאויס גערעדט פון חתנים. לייזער האָט נאָך נישט צייט גע־האַט חתונה צו מאַכען די עלטערע טאָכטער זיינע, איז מען געקומען און מען האָט שוין ביי איהם געוואָלט אויסכאַפּען די קליינע אַכצעהנ־יאָהריגע בתיה. נאָך נישט אויפגעהערט צו ריידען פונ׳ם אַמעריקאַנער

גליק מיט מאיר׳ן, האָט זיך שוין אָנגעהויבען אַ טומעל מיט שמעון-לייב׳ן. פריהער זענען געקומען שדכנים פון אָלעסיע און דערנאָך פון קריוואָ־דוב.

לייזער האָט זיך קיין עצה נישט געקאָנט געבען. ערשטענס האָט ער נישט געוואָלט חתונה מאַכען די קלענערע פאַר דער עלטערער, כאָטש שיינדעל אַליין האָט זיך געשוואָרען, אַז איהר אַהרט נישט. צווייטענס זענען איהם נישט אָנגעשטאַנען די קריוואָ־דובער שמידען. דאָך האָט ער מורא געהאַט אָבצוזאָגען. די געשיכטע מיט סאָניען, וואָס זי האָט זיך אָנגעכאַפּט פאָהרען קיין אַמעריקא צו מאיר׳ן אומגעזעהן, איז פאַר לייזער׳ן געווען אַזאַ קלאַפּ, אַז ער האָט וואָכען־לאַנג צו זיך נישט געקאָנט קומען. ער האָט עס דורכאויס געשאַצט און געמאָסטען צו זיך מיט זיינע מיידלעך און איז שוין איצט מיט׳ן אַנדער שידוך געווען פּאָרזיכטיג. צוויי חדשים נאָכאַנאַנד זענען פון חתנ׳ס צד נעגאַנגען שדכנים און לייזער האָט אַלץ נישט געגעבען קיין קלאָרע תשובה. ער האָט זיך נאָך אַלץ געוואָלט מישב זיין און דערביי האָט ער פון צייט צו צייט אויסגעלאָזט זיין ביטער האַרץ צו בתיה׳ן. אַז ביי איהר מיט שמעון־לייב׳ן איז עס שוין אַנ׳־אָבגערעדטע זאַך האָט ער נישט געוואוסט. האָט איהם נישט געקאָנט איינפאַלען זי זאָל געבען דעם שמידס בחור אַ שבועה, אַז אויב דער טאַטע וועט נישט וועלען, גנב׳עט זי זיך אַרויס פון דער היים און אַנטלויפט מיט איהם אין שטאָדט שטעלען אַ חופּה. פון די שרעקליכע סודות איז לייזער ווייט געווען. ער איז געווען אויפגעבראַכט פאַר איהר חוצפה׳שער הסכמה אַליין. ווען זי האָט איין טראָפּען בלוט פונ׳ם טאַטענס איידעלען שורש, וואָלט זי נישט געוואָלט קיין גראָבען יונג פאַר אַ מאַן. אַ בעוויז האָט ער געהאַט שיינדלען.

זי איז ביי איהם איצט זיין געליבט קינד געוואָרען. ער איז געוואָרען געריהרט פון איהר פערהאַלטען זיך צו בתיה׳ן, ווי פיין און ווי איידעל זי האָט איהר דעם אָרט אָבגעטראָטען. אויך האָט ער בעוואונדערט איהר גלייכגילטיגקייט צו מאיר׳ס שידוך. מיט סאָניען האָט גע׳רעש׳ט דער גאַנצער ישוב. מען האָט דערצעהלט חידושים, ווי אַזוי מאיר האָט זיך אין איהר פערליבט מיט׳ן ערשטען קוק אויפ׳ן בילד. נאָך אין דעם אייגענעם טאָג האָט ער איהר אַרויסגעשיקט אַ שיפס-קאַרטע פון צווייטען קלאַס און דאָרטען איז שוין ביי איהם געווען אָנגעגרייט פאַר איהר פון אַלדאָס גוטס. אַפילו אומבייטען

די פרנסה איז ביי איהם רעכט געווען צוליב איהר. ער איז גרייט איבערצוגעבען די יאַטקע דעם שותף אויף פראָצענטען און אַליין נעהמען אַ פערמע אין אַרענדע. אין שטאָדט צווישען דער משפחה האָט מען שוין בעצייטענס גערעדט פון איהם, ווי פון אַ רייכען אַמע-ריקאַנער פערמער און אַלע האָבען זיך מיט סאָניעס גרויסען גליק געפרעהט. נאָר שיינדלען האָט עס נישט געאַהרט און לייזער'ן איז עס געפעלען געווען. זי איז איצט געווען זיין טרייסט און זיין האָ-פענונג. אַ בת-יחידה איז זי ביי איהם געוואָרען און די איבעריגע איטעס דאָרפישע מיידלעך, זאָלען זיי חתונה האָבען פאַר וועמען זיי ווילען, האָט ער געטראַכט.

---

שכנא'ס פערבלאָנזעטער זוהן האָט געהאַלטען וואָרט און איז געקומען אויף פסח אַהיים.

ער איז אַראָבגעפאָהרען מיט אַ געדונגענער פוהר אַנ'אויסגעפוצ-טער, אַ פרעהליכער, אָנגעטהון אין נייע שטיוועל מיט מזומנע עט-ליכע רובעל איינגענייט אין זשילעטקע און דעם לעבעל ברויט, וואָס די מאַמע האָט איהם געגעבען אויפ'ן וועג, האָט ער געבראַכט אינ-גאַנצען צוריק. אין שטוב האָט עס געמאַכט אַ רושם. בעניע איז מיט איהם גלייך שלום געוואָרען. פון זינט שיינדעל האָט זיך אָבגעזאָגט פאָהרען קיין אַמעריקא צו מאיר'ן, איז ער איהם בכלל קיין שונא נישט געווען. אַפילו דער טאַטע אַליין איז ווייכער געוואָרען, איבער-הויפט ווען ער האָט איהם אָבגעגעבען צו די הענד דאָס אָבגעשפּאָרט ביסעל געלד. קומענדיג מיט די זיהן יום-טוב אין קרעטשמע צום מנין, האָט שוין שכנא גערעדט פון זיין שמעון-לייב'ן מיט גדלות און בערימט זיך מיט זיינע קינדער, וועלכע ווערען אין ערגעץ נישט פערפאַלען און דערביי האָט ער געהאַט אַנ'אויג אויף לייזער'ן, אויב יענער הערט וואָס ער דערצעהלט.

און לייזער איז באמת געווען גוט געשטימט. געהענדיג אַהיים צוריק פון מנין, האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַז אַ שלאָסער איז נישט קיין פשוט'ער שמיד און חודש-געהאַלט, וואָס מען בעקומט פינקטליך אויסגעצאָהלט אין אַ קאַנטאָר, זענען נישט קיין דאָרפיש-גוי'שע פער-דינסטען. און אַ דירה מיט עלעקטריע האָט אויך עפּיס אַ ווערט. דער-צו האָט ער נאָך אַראָבגענומען פון שמעון-לייב'ן דעם טאַטענס קאַרג-

שאַפּט, ווייל פון זינט ער מיט בעניען זענען ביי איהם אין שטוב געוואָרען אָפּטע בעזוכער, האָט ער געזעהן, אַז זיי זענען דוקא ברייט אויף דער האַנד. לייזער האָט עס אַלצדינג געוואויגען און געמאָסטען און ביז חול-המועד האָט זיך דער פערגרעבטער קריוואָ-דוב מיט'ן איידע־לען ראָדניקאָווע ווי עס איז אויסגעגלייכט.

לייזער האָט נאָך אַמאָל געפרעגט שיינדלען אויב זי איז מסכים אָבטרעטען דאָס אָרט דער קלענערער שוועסטער. דערביי האָט ער איהר צוגעזאָגט נדן פונקט צוויי מאָל אַזוי פיל און בעטגעוואַנד ווענ די מאַמע אָנשיטען פאַר ביידען מיט אַמאָל. אויך וויל ער זיי זאָלען זיך צוטיילען גלייך מיט דער לייוועגד קאָסטען. שיינדעל האָט אויף אַלצדינג איינגעשטימט אַזוי פיין און אַזוי איידעל, אַז איטען האָט פערקלעמט ביים האַרצען און זי איז אַוועק אין אַ ווינקעל זיך אויס־וויינען. עפּיס האָט אין איהר געוויינט אַ גליד אויף דער שטילער נאָכ־געביגקייט פון איהר קינד, ווי יענע וואָלט איהר גוטען מזל אַוועק־געגעבען אימיצען אַנדערש. די אַלטע ראשע-לאה איז אויך געווען געריהרט ביז טרעהרען פון שיינדעלס איידעלקייט און גוטסקייט. האָט זי איהר דערפאַר אַוועקגעשענקט די גרעסטע העלפט פון איהרע גע־בלייכטע האַנדטיכער און טישטיכער. בתיה אַליין איז נאָר געבליבען גלייכגילטיג צו דער שוועסטערס חסדים. איהר דער, אַכצעהניאָהריגער פערליבטער עגאָיסטין, איז עס געווען אַלץ איינס. זי האָט נישט גע־וואוסט די קראַפט, וואָס זאָל איהר קאָנען צושיידען מיט שמעון-לייב'ן און ווען שיינדעל איז נישט מסכים, וואָלט זי מיט איהם אויך חתונה געהאַט.

---

ס'איז געווען דער צווייטער טאָג חול-המועד-פסח.

אין די וועלדער איז נאָך ערטערווייז דער קלאָרער שניי גע־לעגען. איבער'ן טייך זענען נאָך געגאַנגען די גרויסע קריעס אייז, נאָר אין דער לופט האָבען זיך שוין געטראָגען בשורות ונחמות פון פריהלינג. די גליקליכע פערליבטע בתיה האָט אין שטוב נישט גע־קאָנט איינזיצען. אומזיסט האָבען איהר די מאַמע מיט דער באָבען געגעבען צו פערשטעהן, אַז ס'פּאַסט נישט פאַר אַ כלה אַזוי אַרומצו־לויפען. זי האָט קיינעם נישט געהערט און איז געשטאַנען פאַר דער טהיר אָנגעטהון אינ'ם נייעם שוואַרצען קלייד מיט אַ בייטש רויטע

קאָרעלן אויפ'ן האַלז אַן'אויפגערעגטע און אַ צוטראָגענע. פערשטעלענ־
דיג מיט דער האַנד די אויגען פאַר דער בלענדענדער זונען־ליכט
פונ'ם העלען אויפגעשיינטען טאָג, האָט זי געקוקט אין דער ווייטעניש
אויפ'ן וועג קיין קריוואָ־דוב. בתיה האָט געוואַרט אויף די מחותנים.
דער הויף איז שוין געוועזן פול מיט אויסגעשפּאַנטע פוהרען. כמעט
אַלע שכנים פון אַרום האָבען זיך שוין געהאַט צונויפגעקליבען. אַפילו
דבורה מיט ר' קלמנ'ען זענען שוין געקומען, נאָר די קריוואָ־דובער
אַליין זענען נאָך נישט געוועזן.

און דער כלה איז געווען גרויס די מינוט. זי האָט אומגעדול־
דיג געוואַרט און געפרעגט ביי דער זון, ווי שפּעט ס'איז, אָדער זי
האָט זיך אויסגעבויגען אַראָב איבער'ן לויטער'ן טייכעל מיט אַ שמיי־
כעל צו איהר האַלז קאָרעלן און די ראַנדען פון איהרע ווייכע לאַנגע
צעפּ. דאָס וואַסער אַרום דער מיהל האָט געררוישט, געשוימט נעבען די
רעדער און געבאָלבעט, שטראָמענדיג אין די גראָבענס און שפּאַלטען פון
דער ניי-געבוירענער ערד. בתיה'ס אָנגעשטרענגטער אויער האָט עס
פערנומען, ווי אַ גערויש פון אַ פוהרעל און זי האָט זיך געלאָזט לוי־
פען מיט'ן וועג אין די אָרעמס פון אַ וואַרים ווינדטעל, וועלכעס איז
ערגעץ פון הינטער די וועלדער נאָר וואָס געקומען צו שוועבען,
אָדער אַנטקעגען אַ בעקענט פויגעלע נאָך פון פאַראַיאָהרען, וואָס
איז בעצייטענס געקומען צו גאַסט אויפ'ן זומער. דער וועג האָט גע־
לאָזט. די לייכט פערפראָרענע טייכלעך פון ביינאַכט זענען קעגען
דער זון צופלאָסען געוואָרען און האָבען פערטרונקען די אויסגעקרומ־
טע פערלאָזענע וועגען פונ'ם צוזייטען ישוב. די מחותנים האָבען פער־
שפּעטיגט איבער פריידען. זי האָט מורא געהאַט צו פאָהרען איבער
די וואַסערען און דעריבער איז זיי אויסגעקומען מאַכען אַ קרייז אַרום
וואַלד. דערצו האָט נאָך שכנא געוואָלט זיך אָבשטעלען אין אָלעסיע
בעטען ניסנ'ען מיט העניען אויף תנאים פון זיין צד. נאָר יענע האָ־
בען זיך גאָרנישט געלאָזט ריידען. העניע האָט באַלד אָנגעהויבען
שילטען שיינדלען זי זאָל פערזיצען ביז'ן גרויען צאָפּ און ניסן האָט
געענטפערט רוהיג, ווי זיין טבע איז געווען:

—פערקערט, איך בין לייזער'ן קיין שונא נישט. בעשערט גע־
ווען מיין מאיר זאָל נעהמען אַן'איידעל קינד, אַ געלערענטע. איז ער
געווען דער גוטער שליח. זאָל ער דערפאַר האָבען נחת פון זיינע
קינדער. נאָר געהן צו איהם אויף אַ שמחה, דאָס בין איך נישט מחויב.

און איהר, ר׳ שכנא, האָט קיין פעריבעל נישט. איהר ווער, אם ירצה השם, חתונה מאַכען בעניען, דעמאָלט וועלען מיר זיין מחותנים.

שכנא האָט ניסנ׳ען געגעבען גערעכט און איז איבעריג נישט צוגעשטאַנען, נאָר דיביידע בחורים מיט פריידען האָבען גע׳פועל׳ט שרה׳לע זאָל כאָטש פאָהרען. ס׳איז אויף איהר געווען אַ גרויס רחמנות. זי האָט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען.

די תנאים האָט לייזער געמאַכט מיט דער ברייטער האַנד, ווי ער האָט ליב געהאַט. דערצו האָבען זיך ראשע-לאה׳ן מיט איטען זע־הער גוט איינגעגעבען די טאָרטען און טייגלעך. די ווייבער האָבען זיך גאָרנישט געקאָנט אָבלויבען און דבורה האָט געזאָגט, אַז דאָס איז פונקט שטאָדטיגע געבעקס. פון קאַנטאָר איז געקומען אַשכנזי מיט אַ יונגער פרעהליכער חברה משמח זיין חתן־כלה און לייזער אַליין האָט געהאַלטען אַ דרשה. ער האָט דערצעהלט שענע מעשות פון די אַמאָליגע תנאים, וואָס האָבען געלעבט פון יגיע כפי. דערנאָך האָט ער אויסגעפיהרט אַ פיינעם מוסר־השכל, אַז די ברכה איז נאָר אין די הענד פונ׳ם מענשען. בעניע איז געזעסען אין אַ ווינקעל און איז צו־גאַנגען פון מתיקות הערענדיג.

איהם איז אין דער מינוט בכלל זעהער גוט געווען. שיינדעל האָט איהם אַלע מאָל אויסגעזוכט אין ווינקעל און דערלאַנגט עפּיס זיסע זאַכען קיינער זאָל נישט זעהן. דער עולם האָט זי בעוואונדערט ווי שען זי האָט צו די טישען געגרייט. אויף איהר איז נישט געווען צו בעמערקען קיין שאָטען פון קנאה. אַ ביסעל האָט נאָר קאַ־ליע געמאַכט איטע. נאָכ׳ן קבלת־קנין, ווען די אַלטע ראשע־לאה האָט פאַר פרייד אַ שמיץ געטהון אין דער ערד צוויי טעלער מיט אַמאָל, איז זי אַרויפגעפאַלען שיינדלען אויפ׳ן האַלז מיט אַ געוויין: ווער, מיין טאָכטער, אויך אַ כלה ווערען!

שיינדעל איז רויט געוואָרען. זי האָט זיך מיט כעס אויסגע־דרייט פון דער מוטערס אָרעמס און איז אַנטלאָפען אין שפּייכלער. דאָרטען איז זי אויף אַ זאַק תבואה אומגעפאַלען און האָט שטיל די טרעהרען געשלונגען.

—

שבת נחמו איז ביי בתיה'ן די חתונה געווען.

לייזער האָט אויסגעגעבען די טאָכטער אויפ'ן פיינעם בעל־הבתּישען אופן. ער האָט איהר געמאַכט אַ זיידען קלייד מיט אַ פּליו־שענעם מאַנטעל, געגעבען איהר אַ דעמבענע שאַפע און דאָס איבערי־גע אויך נישט ערגער ווי ביי לייטען. אמת, דער חתן האָט איהם אַ ביסעל געגעבען צושטייער. דאָרטען, אויף די נייע זאַוואָדען, וואו שמעון־לייב איז געווען אויף דער שטעלע, זענען אַלע מיידלעך און ווייבלעך געגאַנגען שען אָנגעטהון. האָט זיך איהם געוואָלט זיין בתיה זאָל אויך נישט פערשעמט ווערען. נאָר צוליב דעם האָט ער געמוזט אויסנאַרען ביים טאַטען דעם שלישית פונ'ם איינגעלייגטען נדן און אָבגעבען עס דעם מחותּן. דערפאַר האָט זיך שוין לייזער פערגינען מאַכען די חתונה אויך פון דער ברייטער האַנד, ווי ער האָט ליב געהאַט.

די גליקליכע צופרידענע בתיה האָט זיך אויך געהאַט אין זי־נען. פון זינט מען האָט געבראַכט פון שטעדטיל איהר שאַפע, האָט זי אָנגעהויבען אַהין בעהאַלטען אַלצדינג, וואָס איז איהר צו די הענד געקומען און דעם שליסעל האָט זי נאָר געהאַלטען ביי זיך. אַ חוץ די לייוועגד פון קאַסטען, וועלכע איטע האָט צוטיילט פאַר איהר מיט שיינדלען צוגלייך, האָט זי נאָך צוגענומען פון שטוב וואו אַ קלאָרער האַנדטוך, אָדער אַ דין טישטוכל. אויך איז זי צוגעשטאַנען צו שיינד־לען מיט גוטע ריידעלעך, יענע זאָל איהר נאָך עפּיס שענקען פון איהרס.

—מען דאַרף דאָך האָבען מילכיגע און פליישיגע און איך וויל צום פּאָר—האָט זי איהר געזאָגט שטילערהייט—ביז דיין חתונה וועט די מאַמע אָנוועבען אַנדערע, נאָך בעסערע. דיר וועט דער טאַטע ברענגען פון שטאָדט. שיינדעלע, איך וויל צום פּאָר.

—די מאַמע וועט שרייען—האָט זיך שיינדעל געפּרובט שטעלען אַנטקעגען. נאָר זי איז שוין געווען ביי יענער אין די הענד. בתיה איז נישט אָבגעטראָטען.

—די מאַמע דאַרף ביי דיר וויסען? ס׳איז דאָך דיינס. גיסט דען אַ פרעמדען. גיסט דאָך אַ שוועסטער. שיינדעלע, נאָר איינס, איך וויל צום פּאָר.

שיינדעל האָט זיך געלאָזט איינריידען און געגעבען אַלע מאָל איינס, ביז וואַנען די באָבע האָט עס דערזעהן און האָט זיך צושריען אויף איהר:

—אוי אַ נאַר! אוי אַ נאַר! דורען דאַיע, אַ אומני בערע *)

בתיה האָט זיך דערשראָקען, אַז מען וועט עס דערצעהלען דעם טאַטען און האָט גלייך אָפּגעגעבען דעם שליסעל פון איהר שאַפע דער באָבען. ראשע־לאה מיט איטען האָבען נאָך אַמאָל צוטיילט די לייוועגד אויף צוויי גלייכע חלקים. נאָר פון לייזער׳ן האָט מען עס פערשוויגען.

ער איז בעזונדער געווען פערהאַוועט. זומערדיגע צייט, ווען דער פויער איז אַ גאַנצע וואָך פערנומען אין פעלד, האָט מען אַלצ־דינג געמוזט צוגרייטען ביסלעכווייז. אויך האָט ער געדאַרפט שרייבע חתונה־בריוולעך און דאָס איז ביי איהם געווען אַ מין עבודה. פריהערן דאָס צוגרייטען זיך צום שרייבען. צווישען די מיידלעך פלעגט ווע־רען אַ געררודער. בתיה האָט מיט אַ ווייס שמאַטקעלע געווישט דעם טיש און געבלאָזען פון איהם יעדעס שטויבעלע. שיינדעל איז געלאָ־פען אויפ׳ן לאָנקע ביי אַ גאַנז פון אַ פליגעל אַרויסרייסען פּאַמעליכען אַ פעדער. די קלענערע האָט צוגעגרייט דאָס איבעריגע געצייג צו דער איידעלער אַרבייט. לייזער אַליין האָט זיך דערווייל מיט זייף די הענד געוואַשען, דערנאָך געשאַרפט די פעדער, געשפּיצעלט דאָס בויגעלע פּאַפּיר אַרום און צרום, ס׳זאָל זיין גלייך ווי אַ האָהר און דערנאָך ערשט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויבען־אָן מיט אַ ברייטער האַנד אויסדרייען אַ „לכבוד”, אָדער אַ „בעזרת”. אַנטקעגען איז געזע־סען די קליינע גיטעלע אָנגעלעהנט אויפ׳ן טיש דאָס קעפּעל און האָט איהם געקוקט גלייך אין די הענד אַריין און די עלטערע קינדער זענען מיט דרך ארץ געשטאַנען פון ווייטען.

---

דער זומער איז געווען אַ נאַסער.

---

*) אַ נאַר גיט און אַ קלוגער בעהמט.

די ברויטען אויף די פעלדער זענען צייטיג געוואָרען. ס׳איז געקומען די צייט פון שניט און די רעגענס האָבען נישט אויפגע־הערט צו גיסען. אין דאָרף האָט זיך געפיהלט אַ געדריקט געמיט. יעדער טריבער טאָג האָט געבראַכט חשך און אומעט אויף דער פויער־שער פאַמיליע, וועלכע איז געזעסען ביי די גילדענע טעג פון שניט פערשפאַרט אין שטוב, אַרויסקוקענדיג דורכ׳ן קליינעם פערוויינטען פענסטערעל אויף אַ זונען־שטראַהל. דער גלח איז אומגעפאָהרען איבער די דערפער תפילות אָבריכטען און אויפמונטערען דעם עולם ער זאָל נישט אָנווערען דעם בטחון.

אין אָלעסיער קלויסטערעל האָט מען אויך געבעטען גאָט אויף שענע טעג. ס׳איז געווען פרייטאָג נאָך תשעה באב און אויף מאָרגען האָבען זיך צום הימעל געטראָגען די זעלבע תפילות אויף יודיש. שבת נחמו, ווען מען האָט צום מנין אויפגערופען שמעון־לייב׳ן, האָט מען געזאָגט „עצרת גשמים” און אין קריוואָ־דוב האָט פריידע גענו־מען אויף זיך אַ תענית, ביז דער חתונה זאָלען אויסטריקענען אויפ׳ן ישוב די וועגען.

די חתונה איז געווען אויפ׳ן שליאַך אין דער זאַבאָלאָטאָווער קרעטשמע. דבורה האָט אָבגעגעבען דערצו איהר גרויסע שענע שטוב און אין קאַנטאָר ביי די לעווי׳ס זענען איינגעשטאַנען די מחותנים.

פריידע האָט זיך מיט׳ן תענית נישט אָבגענאַרט. די וועגען זע־נען אויסגעטרוקענט געוואָרען. נאָך זונטאָג איז אויפגעגאַנגען אויפ׳ן לויטערען הימעל די זון און האָט די נאַסע פערקיהלטע ערד בעגליקט מיט אַ גילדענעם שמייכעל. נאָר די פויערים, וועלכע זענען פון ראָד־ניקאָווע געפאָהרען אויפ׳ן יריד אין שטעדטיל אַריין, האָבען אַלץ גע־קוקט אויפ׳ן ווייסען שטיקעלע וואָלקען אין מערב־זייט, וואָרענענדיג דערביי איינס דאָס אַנדערע מען זאָל זעהן וואָס גיכער קומען אַהיים. און ווירקליך, ביז האַלבען טאָג איז דער קלאָרער פינטעל ביים ראַנד פון הימעל אויסגעוואַקסען אין אַ בלייענעם שטיק וואָלקען, וועלכער האָט זיך גרויזאַם געצוקט אויף דער וועלט און פאַרנאַכט האָט אויס־געבראָכען אַ גוס־רעגען. נאָר מאָנטאָג אין שפעטען פריהמאָרגען האָט זיך בעוויזען די זון אויפ׳ן לויטערען הימעל, ווי זי וואָלט אַרויסגע־קוקט פון צווישען אַ פּאָר טונקעלע שווערע פאָרהאַנגען און ביז מיטאָג זענען די דאָזיגע פערשוואונדען געוואָרען אין צוויי בעזונדערע זייטען, איבערלאָזענדיג די וועלט אַ געטרייסטע מיט ליכט און וואַרימקייט.

דער דינסטאָגדיגער טאָג האָט געברענט ווי אין תמוז. פון די דערפער זענען יונג און אַלט אַרויס מיט׳ן סערפּ אין פעלד אַריין. קיין פוהר האָט מען פאַר קיין געלד נישט געקאָנט דינגען, סיידען אַ גוטער פויער האָט געוואָלט אַ טובה טהון און געבען אַ פערד און וואָגען אויף אייגענע הענד. נאָר חתונה־לייט האָבען קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. לייזער איז נישט געווען אַזאַ שכן אויפ׳ן ישוב מען זאָל איהם קאָנען פערשעמען און קיין זאַבאָלאָטאָוו האָבען זיך פון אַלע זייטען געצויגען גוי׳שע פוהרען מיט גרויסע יודישע קישענס, בעזעצט מיט יודען, ווייבער און קינדער. חתנ׳ס צד אַליין זענען געקומען מיט פינף אָנגעלאָדענע וועגען. שכנא האָט קיין איבעריגע געסט נישט איינגעלאַדען. ער איז נאָר געפאָהרען מיט אַלע זיינע אויסגעגעבענע קינדער, שניר, איידעמס און אייניקלעך, וועלכע זענען זיך צונויפגעקומען פריהער צו איהם קיין קריוואָ־דוב.

לייזער׳ס איידעלער שורש איז אויך געקומען בעשענען איהם די חתונה. אַראָבגעפאָהרען דער גוטער שענער פעטער מיט דער מומען דער משכלת. זיי זענען שוין איצט געווען אַלט. ער, זילבערווייס, נאָר שען און גוט ווי פריהער, אָנגעטהון אין אַטלעס מיט אַ ווייסען זיידענעם טלית־קטן און זי איז קוים געבליבען ביי איהר געטען צונג און ווייבערישע לומדות. איצט אויף דער עלטער האָט ער שוין נישט געקנעלט און געלעבט האָבען זיי בכבוד אין דער אייגענער שטוב, אַרומגערינגעלט מיט רייכע און געבילדעטע קינדער און אייניקלעך. מיט זיי איז אויך געקומען לייזער׳ס אַ מומע פון טאַטענס צד, געווען איז עס אַנ׳אַמאָליגע בכבוד׳ע בעל־הבית׳טע און איצט אַ היימע יודענע מיט אַנ׳אָבגעפאַלענעם גוידער, וועלכע לעבט פון קצבה. דערזעהענדיג דעם חתן מיט זיין משפחה, די דאָרפישע שמידען, הויכע, געזונטע מיט רויטע פנים׳ער, ווי די גוים און זייערע פערגרעבטע גרויסע ווייבער, טראָגעדיגע און זייגעריגס מיט אָפענע בוזימער — האָט זיך ביי איהר, דער אָבגעקומענער שטאַדטיגער מיוחסת, פעוויזען טרעהר אין די אויגען

— אַנ׳ערב רב...

נאָר ביי דער אַנדער מומע, דער משכלת, איז עס שוין קיין חידוש נישט געווען.

— ט׳זיך דערמאָנט צו ווייגען — האָט זי יענע געטרייסט מיט אַ דין שמייכעלע — ווילסט אויף אַ ווילדען בוים זאָל וואַקסען גוטע פירות.

וועמען זאָל נעמען איטעס אַ טאָכטער? ט'זיך דערמאָנט ווייגען.

—נישט אַזוי די מעשה—איז דער פעטער אַריינגעפאַלען מיט זיין נוסח—בעלי מלאכות זענען היינט אין דער מעלה. אַ טייערער בחור. דעם נדן האָט ער דאָך איהם אָבגעגעבען צוריק ביז אַ גראָשען.

ער איז געבליבען דער זעלבער, ווי מיט עטליכע יאָהר צוריק. דעמאָלט האָט ער מיט אַ גרינג האַרץ אַריינגענומען איטען אין דער משפחה און איצט דאָס אייגענע שמעון־לייב'ן.

—ביזט גערעכט—האָט ער געזאָגט צו לייזער'ן, וועלכער איז אַלע ווייל אַריינגעפאַלען געוואָהר ווערען צו זיינע מיוחסים אין חדר אַריין—האָסט פריהער אַ גוט וואָרט געזאָגט—די וועלט דאַרף זיך טאַקע אויסגלייכען.

לייזער'ן איז איינגעפאַלען דער דאָזיגער געדאַנק נאָך דעמאָלט צו די תנאים, ווען ער האָט פאַר'ן דאָרפישען עולם זיין דרשה געהאַלטען. פון יענער צייט אָן האָט ער זיך געפרעהט מיט דעם און איז גערען געווען ביי דער ערשטער געלעגענהייט אַרויסצוזאָגען עס וועמען ס'איז פון זיינע קרובים.

—איך האָב געוואוסט, פעטער, אַז אייך וועט עס געפעלען. די וועלט מוז זיך אויסגלייכען

—ווי אין אַמעריקא, ברוך השם. אַלע גלייך—האָט די מומע מיט'ן אָבגעפאַלענעם גוידער שטילערהייד געזיפצט און געווישט זיך די אויגען.

מיט דער כלה האָט זיך אָבגעגעבען דבורה'ס עלטערע שנור, וועלכע איז געקומען מיט די קינדער פון שטאָדט צו דער שוויגער פערברענגען דעם זומער. די צווייטע שנור איהרע, מינע, איז איצט נישט געווען אין דער היים. פון דער קינד-בעט איז זי געווען שוואַך און נערוועז, האָבען זי דאָקטוירים געשיקט קורירען קיין אויסלאַנד, נאָר איהר אָרט אויף דער חתונה איז נישט געבליבען ליידיג. די אַם פון איהר האַלב־יאָהריגען זוהן איז געווען אַ מחותנת'טע צוגלייך מיט אַלעמען.

בתיה'ן אַליין האָט מען אויסגעצירט אויפ'ן שטאָדטיגען אופן. אויבען־אָן אין זאַל, פון וואַנען מען האָט אַרויסגעטראָגען דאָס גאַנצע מעבעל, איז פאַר דער כלה אַוועקגעשטעלט געוואָרען אַ ווייכער שטול אָנגעצויגען אין ווייסען, דערנאָך צוקאָפּענס ביים אָנלעהן אַ הויכען אויפ־געבליהטען פיקוס און פון ביידע זייטען אַלע בלומען־טעפּ, וויפיל ס'זענען געווען אין שטוב. פינף אַ זייגער בייטאָג איז שוין בתיה גע־

זעסען אין איהר ראָזעווען וואָלענעם קלייד אַ געקרוינטע אויפ׳ן בלומען־טראָן, אַרומגערינגעלט מיט אויסגעפוצטע מיידלעך און ווייבלעך. נאָר די חופה איז געווען שפעט. איבער די פיל חתונות, וואָס זענען שבת־נחמו געווען אין שטעדטיל, זענען די כלי־זמר געקומען נישט צו דער צייט און דערנאָך האָט מען געוואַרט אויפ׳ן רב. שוין געווען אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין. די לבנה האָט זיך איבער׳ן וואַלד אויפגעהויבען, ווען ער איז געקומען צו פאָהרען אינאיינעם מיט׳ן חזן און נאָך זיי אויף דער אַנדער פוהר ישראל נח דער שמש מיט זיין קאַסטען געפעס, וועלכע ער פלעגט געבען אויף פראָקאַט צו אַלע שמחות.

אין זייל איז דערווייל געוואָרען אַ טומעל. דבורה׳ס שטאָדטיגע שנור האָט געוואָלט נישט דערלאָזען מען זאָל בעזעצען די כלה, וועלכע האָט געהונגערט העכער אַ מעת־לעת. נאר ראשע-לאה האָט עס דערהערט איז זי אַריינגעלאָפען פון קיך אינ׳ם ב ייטען פאַרטוך מיט די פעטע האַלב־הוילע הענד פאָראויס און איז אָנגעפאַלען אויפ׳ן ווייבעל:

—ווער קומט עס דאָ זאָגען דעות? וואָס איז עס פאַר אַ שטאָדטיגע גאַנגען? בעל-הבית׳טעס!

אַרום איז געוואָרען אַ גע׳סוד׳עריי

—אַ! אויף דבורה׳ס שנור...

נאָר ראשע־לאה האָט ווידער געשריען. דאָס מאָל שוין צו פריידען, וועלכע איז געשטאַנען אָן דער זייט; אָנגערוקט דאָס גרויע כאַטענענע טיכעל איבער די אויגען:

—וואָס שטעהט איהר? איהר זענט דאָך אַ מאַמע. וואו איז ערגעץ איטע? נעהמט צופלעכט דער כלה די צעפּ. געהמט אַראָב דעם צירונג. פערגעסט נישט אויסטרייסלען איהר די קעשענעס. וואו איז ערגעץ איטע?

ביי דער טהיר האָט זיך בעוויזען דבורה׳ס קאָפּ אינ׳ם שוואַרץ־שימערענדען פאַרוק מיט אַ גילדען שפילקעלע ביים אָפענעם צאַרטען האַלז. דער עולם האָט איהר גלייך געמאַכט אַ וועג, נאָר זי איז געבליבען שטעהן אויף דעם זעלבען אָרט, האַלטענדיג מיט׳ן האַנד צונויפגענומען דאָס לאַנגע טונקעלע זיידען־קלייד. זי האָט דער שנור קיין איין וואָרט נישט געזאָגט, נאָר יענע איז גלייך נאָך איהר אַרויס פון זאַל.

אַרום איז ווידער געוואָרען אַ טומעל. ראשע־לאה האָט זיך צד־שריען אויף ישראל נח׳ן פּאַר וואָס ער האָט איהר פון שטעדטיל קיין איין אָרימאַן נישט געבראַכט אויף דער חתונה. נאָר די צוויי מומעס פונ׳ם איידעלען שטאָדטיגען שורש האָבען זיך נישט געמישט אין קיין זאַך. זיי זענען געזעסען נעבען דער כלה שווייגענדיגע, אָנגעבלאָזענע און האָבען נאָר צוגענומען דעם כבוד, וואָס דער פּער־גרעבטער דאָרפישער עולם האָט זיי צוגעטיילט.

ביי די טישען האָט מען זיך ערשט געזעצט אַרום האַלבע נאַכט. אין איין צימער האָט דער חתן מיט שכנא׳ן פערנומען דעם אויבען-אָן נעבען דעם שענעם אַטלעסענעם פעטער און אינ׳ם אַנדערען—איז בתיה ווידער געקרוינט געוואָרען צווישען די צוויי שטאָדטיגע מומעס. נאָר דאָס יונגוואַרג איז געבליבען אין זאַל ווי פריהער, פער׳שכור׳ט פון מוזיק, טענץ און יוגענד. אַשכנזי האָט זיך אויך צוגערעכענט צום זאַל־פּובליקום, כאָטש די מחותנים פון ביידע צדדים האָבען זיך זעהער געערגערט למאי ער דרעהט זיך אַרום צווישען די יונגלעך מיט די מיידלעך. די לעווי׳ס אַ בראַקער, האָט מען איהם געוואָלט אַוועקזעצען ביים טיש נעבען ברוכ׳ן, נאָר ער האָט זיך נישט געלאָזט כאַפּען פון קיינעם. פערגעסענדיג די יאָהרען מיט׳ן נאַקעטען קאָפּ איז ער אַ גאַנצען אָוונד נאָכגעשפּרונגען דער בע׳חנ׳טער יונגינקער שרה׳לען. דערביי האָט ער אַרומגעטראָגען אויפ׳ן האַנד איהר וועהער, דערלאַנגט וואַסער און געהיט זי פון אַ צוג־לופט. און זי האָט אומגעפיהרט נאָך זיך איהם, דעם לייטיש־בעשיידענעם בחור אין יאָהרען, מיט קינדער־שען חן און תמימות, ווי מען שפּילט זיך מיט אַ גוטען אַלטען פעטער. אויך האָט ער געדאַרפט זאָגען מבינות אויף איהרע טענץ, ווייל ער אַליין איז געווען שווער אויפ׳ן טראָט און האָט קיין פוס נישט גע־קאָנט שטעלען.

די פענסטער זענען דערווייל בעלאַגערט געוואָרען פון דער נייגעריגער דאָרפס־יוגענד. פיהרענדיג די פערד אויף נאַכט-פיטער אין די לאָנקעס אַריין, האָבען זיך דאָ אַ חברה דאָרפס־יונגען בעגעגענט מיט די שניטערקעס, וועלכע זענען מיט לויב־און געזאַנג־לידער גע־גאַנגען אַהיים און זענען אַלע איינאיינעם געוואָרען אומגעבעטענע מחותנים ביי בתיה׳ן אויף דער חתונה. יעדעס מאָל, וואָס די כלי־זמר האָבען אין שטוב אָנגעהויבען שפּילען, זענען אונטער די פענסטער באַרפוסע פויערים־יונגען און שיקסעס אַוועק טאַנצען. געשלאָסען אַ

האַנד צו אַ האַנד אין זייערע פערביגע קליידער, פאַנטאַסטיש־בעלייכ־טענע מיט זילבער־שיין, האָבען זיי געזונגען און געטאַנצט קעגען דער לבנה, פערגעסענדיג די פערד, וועלכע זענען געשטאַנען צוגע־בונדען אַרום שטוב און האָבען געדולדיג געוואַרט אויף אַ פריש בי־סעל גראָז מיט׳ן באַלד־קומענדען אַרבייטס-טאָג אינאיינעם.

נאָר צווישען דעם דאָזיגען עולם פריילִיכע מחותּנים אויף בתיה׳ס גליקליכער חתונה זענען געווען דריי געדריקטע געמיטהען, וועלכע האָבען נישט גערעדט צווישען זיך, נאָר איינס דאָס אַנדערע פון אויג נישט אָבגעלאָזען. דאָס זענען געווען ברוך, שיינדעל און דער אָנגע־בלאָזענער שווייגענדיגער בעניע.

ברוך איז געזעסען ביים טיש, ווי אַ געפאַנגענער. זיינע שכנים דער רב מיט לייזער׳ן און פון דער אַנדער זייט דער שענער שטאָד־טיגער פעטער האָבען איהם אַריינגענומען אין זייער שמועס דתּלמידי־חכמים און איהם איז די שטוב ענג געווען. זיין בליק האָט געבלאָנ־זעט ביי דער אָפענער טהיר פון זאַל און דאָס האַרץ האָט איהם גע־קלאַפּט, ווי ביי אַ פערליבטען יונגלינג. שוין פון עטליכע חדשים איז ער געווען, ווי פער׳כשופ׳ט. פון יענעם שבת־צו־נאַכט, ווען שיינדעל איז פון איהם אַנטלאָפען, האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטען פון איהר.

---

ער האָט די לעצטע צייט פיל געליטען.

פון זינט דאָס קינד איז ג׳בוירען געוואָרען האָט ער זיך מיגען נאָך מעהר פערשולדיגט. זי, דאָס בלאָנד שוואַך ווייבעלע זיינס, האָט ער נישט ליב געהאַט, נאָר ער, דער קליינינקער זשאַמעלע, איז גע־ווען זיין זוהן. שטאָלצע פאָטערליכע געפיהלען האָט ער איהם גע־בראַכט און זי איז געווען זיין מאַמע. ער האָט געמאָנט פאַר איהר, געטריבען פונ׳ם פאָטערס האַרץ יעדע שלעכטע מחשבה, צונישט געמאַכט יעדען פרייען געדאַנק און די טענות צו זיך וועגען זיין לייכטזיניגער חתונה זענען גאָר אַוועק אין אַ זייט און האָבען זיך ערגעץ פערפלאָנ־טערט אין אַ פינסטערען ווינקעל פון דער נשמה, ווי אין אַ תּהום, וואוהין מען האָט מורא אַריינצוקוקען. נאָר איבער דעם גייסטיגען פלאָנטער פונ׳ם יונגען ברוך איז געשטאַנען יענע שטילע פרויען־געשטאַלט מיט איהר מילדען רייץ, וועלכע האָט שוין פון לאַנג זיין

קלאָרען געדאַנק בעהערשט און געשטערט זיינע פליכטען צו ווייב און קינד. זי האָט איהם אויסגעמיטען, ווי פריהער און ער האָט נישט אויפגעהערט צו חלומ'ען פון איהר. זי האָט אין איהם געוועקט פער־באָרגענע שטורמישע כחות פון יוגענד און קראַפט. דערביי האָט זי איהם גע'שכור'ט זיינע ליידענשאַפטען אין ווילדען תענוג און פער־וויגט איהם אין מתיקות פון היימליך-שטילע ליבעס־פריידען. עטליכע מאָל איז ער שוין געווען צוליב איהר קיין ראָדניקאָווע געפאָהרען, זיך אָבגעשטעלט נעבען דער מיהל און אַריינגעגאַנגען צו לייזער'ן אין שטוב אַריין, צוטראַכטענדיג אַ גלאַטען תירוץ, יענער זאָל נישט מבולבל ווערען פון זיינע אָפטע וויזיטען. שיינדעל אָבער האָט זיך יעדעס מאָל אויסבעהאַלטען. ווי זי פלעגט איהם דערזעהן דורכ'ן פענסטער, אָדער ביי דער טהיר, איז זי באַלד ערגעץ נעלם געוואָרען.

נאָר אָט איז זי דאָ אין זאַבאָלאָטאָוו ביי איהם אין שטוב אויף איהר שוועסטערס חתונה. אין דער פריה האָט ער זי געזעהן אויפ'ן לאָנקע הינטער'ן גאָרטען, וואו מען האָט די פיש געקאָכט, זי איז געשטאַנען נעבען דער באָבען אָנגעטהון אין אַ ווייס פאַרטיכעל האַלב־יום־טוב'־דיג. ער איז צוגעגאַנגען, דערלאַנגט איהר די האַנד און אָבגעגעבען זייביידען מזל־טוב. דערביי האָט ער זיך צורעדט מיט דער אַלטער. שיינדעל איז דערווייל אַנטלאָפען אין שטוב און איז ערגעץ נעלם געוואָרען אויף אַ גאַנצען טאָג. דערנאָך ה"ט ער זי ווידער דערזעהן ביי דער חופה צווישען די מיידעלשע ויי.ען מיט די ליכט אין די הענד. דאָס מאָל שוין אין אַ העל ראָזאָווען קלייד, ווי די כלה, מיט אַ רויטער געאָרגיניע אין קאָפּ. און די דאָזיגע בלום אינ'ם מיידעל־שען קעפּעל מיט'ן טונקעל־גאָלדענעם אָבגלאַנץ און אַ האַנד אין אַ ראָ־זאָווען קורצען אַרבעלע האָט ער געזעהן דורך דער אָפענער טהיר דעם גאַנצען אָוונד, וואָס ער איז געזעסען אין געפּענגעניש דעם טיש צו בעשענען.

דאָך איז ער נישט אויסגעזעסען ביז'ן סוף.

שפּעט ביינאַכט זענען אָנגעקומען אויף דער חתונה די אַזוי גערופענע „איידעלע קריסטען". געווען איז עס די דאָרפישע קריסט־ליכע אינטעליגענץ, אַ פריילינע חברה, וואָס איז זיך פערזעסען אין אָלעסיע ביים גלח. די נאַכט איז געווען אַ בלענדענד־ליכטיגע. שלאָ־פען האָט זיך נישט געוואָלט. איז זיי איינגעפאַלען געהן קיין זאַ־באָלאָטאָוו אָנקוקען אין קרעטשמע די יודישע חתונה און זענען דאָ,

ווי פון הימעל אַראָבגעפאַלען. די איבעררַאַשטע חתונה־לייט, איבער־הויפּט דאָס יונגוואַרג, זענען אַריינגעקומען אין גרויס התפּעלות. דער־זעהענדיג איינס נאָך דאָס אַנדערע דעם שרייבער פון וואָלאָסט מיט'ן פעלדשער, דער גלח'טעס שוועסטער די לעהרערין און דעם גלח'ס ביידע ברידער—די סטודענטען, אַ פריילין זייערס אַ גאַסט און צווישען זיי אַלע שיינדעלס אַלטער פערעהרער, דער גראָהער און אייביג־יונגער עקאָנאָם פון די פּריצעשע גיטער.

לייזער איז זיי אַרויסגעלאָפען אַנטקעגען און האָט זיך באַלד פערלאָרען. אויף דער הייסער מינוט איז איהם גישט איינגעפאַלען, וואו ער זאָל זיי מכבד זיין. זעצען זיי ביים ווייבערשען טיש איז עפּיס געווען נישט שען, צווישען די מאַנסבילען—איז געווען נאָך ער־גער און לאָזען זיי דאָ מיט די יונגע חברה איז, לויט זיין מיינונג, געווען אַ פּחיתת הכבוד פאַר'ן פּריצ'ישען עקאָנאָם. דאָך אַנ'עלטערער קריסט. אַ נס וואָס דבורה האָט איהם אויסגעלייזט. זי און איהר שטאָד־טיגע שנור זענען אַריינגעקומען מיט'ן איידעלען רוסיש ריידען איז אַרום און אַרום געוואָרען גוט.

ערשטענס האָט זי זיי איבעררַאַשט מיט דער באַבקא יאָכימיכעס קוילעטש. געווען איז עס בתיה'ן אַ מתנה פון דער אַלטער גוי'שער הויבאַם אין ראָדניקאָווע, וועלכע האָט ביי איטען אַלע קינדער גע־נומען. דאָס דאָזיגע זיס־ווייצענע ברויט איינגעוויקעלט אינ'ם קלאָ־רען האַנדטוך, ווי די אַלטע גוי'ע האָט עס געבראַכט, איז אַוועקגע־לייגט געוואָרען אויפ'ן קיילעכדיגען טיש, וואָס מען האָט צוליב די קריסטליכע געסט אין זאַל אַוועקגעשטעלט. דערביי האָט מען דערלאַנגט לעקאַך און בראָנפען מיט אַ פּאַלומיסאָק געפילטע פיש דערצו.

דער עקאָנאָם האָט זיך דוקא נישט בעליידיגט, וואָס ער איז געבליבען צווישען די יונגלעך מיט די מיידלעך. ער האָט באַלד אָב־געזוכט שיינדלען און, ווי ער האָט זי דערזעהן אַ פערפלאַמטע אינ'ם ראָזאָווען קלייד מיט דער רויטער געאָרגיניע אין די האָהר, האָט ער צונומען די הענד און האָט אויסגעשריען אויפ'ן קול:

—שיינדעלקאַ! קראַסנאָיע סאָלנישקאָ!

ביי די דאָזיגע ווערטער איז ברוך אַרויסגעשפּרונגען פון טיש אין מיט'ן בענטשען און האָט זיך געלאָזט געהן צו דער אָפענער טהיר אין זאַל אַריין.

—אַ, הער ברוך!—האָט איהם דער עקאָנאָם גוטמוטיג בעגעגענט

—ביי אייך זענען דאָ איצט אַזוי פיל שענע דאַמען און איהר זיצט דאָרטען צווישען די זקנים. פאַר גאָט האָט איהר קיין מורא נישט. פאַר וואָס אַמוזירט איהר זיי נישט? און נאָך אַזאַ שענער יונגערמאַן.

—איך שעם מיך פאַר מיין זוהן, העט עקאָנאָם.

—ע, איהר האָט מורא ער זאָל נישט דערצעהלען דער מאַמען? איך פערשטעה. זענט רוהיג. פרויען זענען פון דער נאַטור נישט קיין שלעכטע. זיי זענען מוחל.

—גוט איז אייך, אַז מען איז אייך מוחל.

דער עקאָנאָם איז, ווי תמיד, צווישען יונגע פרויען געווען זע־הער גוט געשטימט. אַרויפלייגענדיג ברוכ׳ן די האַנד אויפ׳ן אַקסעל, איז ער מיט איהם צוגעגאַנגען צום פענסטער, וואו שיינדעל איז גע־שטאַנען.

—מיט פרויען, הער ברוך, איז עס איבעראַל נישט שלעכט. אָט איז פון שיינדעלקען היינט ליכטיג אין זאַל האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל און דערביי האָט ער איהר לייכט געקניפען דאָס בעקעל, ווי זיין טבע איז געווען.

ברוך איז בלאַס געוואָרען. אויפ׳ן שטערען האָט זיך איהם אַ בלויער אָדער אָנגעגאָסען און די אונטערשטע ליפ האָט איהם לייכט אָנגעהויבען ציטערען, ווי ביי דער מוטער, ווען אימיצער האָט גע־וואַגט איהר כבוד אָנצוריהרען.

דערווייל איז אַרויסגעגאַנגען צו די געסט די כלה און די צוויי סטודענטען, געהמענדיג עפיס אין מויל אַריין, זענען ריידעוודיג גע־וואָרען. זיי זענען געווען בעלנים צו טאַנצען מיט די יודישע מייד־לעך, איבערהויפט מיט דער קאָקעטיש־שלאַנקער שרה׳לען און דער כלה׳ס צווייטער שוועסטער, די בלידענדע פופצעהניאָהריגע חנה. די מיידלעך זענען געווען ענטציקט פונ׳ם דאָזיגען איינפאַל, דאָך האָבען זיי מורא געהאַט צו שטעלען עס אויף זיך אַליין און פרעגען לייי־זער׳ן איז ביי קיינס פון זיי קיין דרייסטקייט נישט געווען. האָבען זיי אַלע געוויזען אויף דער אָפענער טהיר פון קאַמער צום מאַנסביל־שען טיש, טענה׳נדיג אַלע אין איין קול, אַז לויט׳ן יודישען דין טאָר מען מיט קיין קאַוואַליערען נישט טאַנצען.

דער פריצ׳ישער עקאָנאָם האָט דערווייל ברכה געמאַכט, פערבי־סען און איז ווידער אונטערגעגאַנגען צו שיינדלען.

—קום מיר טרינקען פאַר דיין געזונד—האָט ער איהר ווידער

געקניפּען דאָס בעקעל—איך וועל דיר ווינשען דו זאָלסט לעבען הונ־דערט יאָהר און תּמיד זאָלסט זיין אַזוי שען ווי איצט.

צווישען דעם עולם איז געוואָרען אַ געלעכטער און ברוך האָט נישט אויסגעהאַלטען.

—ענטשולדיגט, הער עקאָנאָם, איך מוז ביי אייך צונעהמען אויף עטליכע מינוט אייער דאַמע—האָט ער איהם געזאָגט העפליך—איך דאַרף איהר זאָגען אַ פּאָר ווערטער. קום, שיינדעל, איך דאַרף דיך עפּיס פרעגען.

—איהר זענט זעהער אַ שלעכטער—האָט יענער געלאַכט.

דבורה׳ן איז עס אויך שטאַרק נישט געפעלען געוואָרען. האָט זי פון אונטער׳ן שטערען אויף איהם אַ בליק געוואָרפען. נאָר ברוך איז געווען אַזוי פערנומען מיט זיך, אַז ס׳איז דורכגעגאַנגען פערביי איהם.

שיינדעל האָט זיך געלאָזט געהן נאָך איהם ביז צו דער הינ־טער-טהיר און דערנאָך אויפ׳ן אָפענעם גאַניק אַרויס. דאָ איז געווען פוסט. דער טייך האָט זיך קוים געוויגט. ביים ברעג האָבען די בוי־מער געטרוימט אין דער שטיל און אויף יענער זייט טייך איז ווייט נעלעגען צושפּרייט דאָס בעזילבערטע פעלד מיט די צייטיגע תּבואות.

—שיינדעלע, פאַרוואָס אַנטלויפסטו פון מיר!—האָט ער זי גע־פרעגט, אָננעהמענדיג לייכט ביי דער האַנד—האָסט מיך דען אַזוי פיינד?

—איך?... איך אייך?...—האָט זי אָנגעהויבען שטאַמלען און איי־דער ער האָט זיך אומגעקוקט איז זי אַראָבגעשפּרונגען פון גאַניק און איז אַנטלאָפען אַרום שטוב פערביי דעם בלומען-גערטעל ביז צום שליאַך אַרויס. ער האָט געהערט ווי זי איז דורך דער פאָדערשטער טהיר צוריק אין שטוב אַריין. דער קאָפּ האָט איהם וועה געטהון און די האָהר ביי די שלייפען זענען איהם פייכט געווען. ער איז אַראָב פון גאַניק און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער פונ׳ם קינדער-צימער און, טוליענדיג דעם אויער צום לאָדען, איז ער עטליכע מינוט אַזוי געשטאַנען. דערנאָך איז ער אַוועק און האָט זיך בעקוועם אַנידערגע־זעצט אויף אַ באַנק צווישען די בוימער.

אין שטוב האָט מען אויסגערופען דרשה-געשאַנק. אויפ׳ן טיש האָבען זיך אַ שאָט געטהון חתונה־מתּנות. דאָס ערשטע צוויי פּאָר פּראַזשעטענע לייכטער פון ביידע מחותּנים. דערנאָך אַ גאַנג חומשים

פונ׳ם שענעם פעטער און אַ קופּערנעם אַלטען בעקען פון דער פּער־אָרימטער מומען מיט׳ן אָבגעפּאַלענעם גוידער. ווייטער האָבען שוין אינ׳ם דאָזיגען בעקען געקלונגען קליינע חפצים און זילבערנע מטבעות. בתיה איז צוגאַנגען פאַר תענוג הערענדיג.

צו די טענץ האָט זיך איצט גענומען דער עלטערער עולם. ביי אַפּאַנאַס׳ן, וועלכער איז געזעסען אויף אַ פענסטער און האָט געגעסען אַ ווייסע בולקע, האָט שכנא׳ס עלטערער זוהן אַראָבגענומען זיין גרויסע פרעמדע סוויטע. ער האָט זי אָנגעטהון אויף זיך. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעשמירט אין סאַזשע און איז אַוועק מיט אַ האַק ביי די לענדען טאַנצען אַ וואַלד־גזלן. דערנאָך האָט ראשע־לאה בעוויזען קונצען מיט איהר פלאַקס־טאַנץ. און דאָס איז שוין די „איידעלע קריסטען״ אויך געפעלען געוואָרען. געווען איז עס אַ טאַנץ, וואָס האָט אין מימיק־פיגורען פאָרגעשטעלט אַלע אַרבייטען ביי דעם פלאַקס ביז עס ווערט לייווענד און אויפ׳ן סוף, ווי די גוי׳ע פער׳שכור׳ט עס אין שענק. דער עולם האַט זי אַרויסגערופען אויף „ביס״ דריי מאָל נאָכאַנאַנד.

שיינדעל האָט זיך דערווייל אָבגע׳גנב׳עט פונ׳ם עקאָנאָם, וועלכער איז איהר נאָכגעגאַנגען פוס־טריט, שלינגענדיג זי מיט די בליקען, אַ צוגאַנגענער אין זיין ברייטען תאוה־שמייכעל—און איז אַוועק זוכען ברוכ׳ן. זי האָט איהם געזוכט אין אַלע צימערען און, נישט געפינענדיג איהם אין ערגעץ, איז זי אַרויס דורך דער הינטער־טהיר אויפ׳ן גאַניק. זי איז אַראָב פון די טרעפּלעך און איז דורכגעגאַנגען פערביי די בוימער צווישען ביידע רייהען, מיידענדיג ברוכ׳ס באַנק, און האָט זיך געלאָזט געהן צוריק. אַ לייכט ווינטעל האָט די בלעטער געוויגט. די לבנה איז בלאַס געוואָרען. דער הימעל האָט העל נעגרויט. ס׳האָט געטאָגט.

—וועמען זוכסטו?—האָט ער זי געפרעגט, ווען זי איז ווידער דורך פערביי, נישט בעמערקענדיג איהם.

שיינדעל האָט אַ ציטער געטהון און איז שטעהן געבליבען.

—קום אַהער. זיץ מיט מיר אַ ביסעל.

זי האָט געקוקט צו דער ערד אַנ׳אויפגערעגטע, אַ דערשראָקענע און איז אויפ׳ן זעלבען אָרט געשטאַנען.

—וואָס האָסטו מורא פאַר מיר? קום זעץ זיך. דערצעהל מיר פאַרוואָס ביזטו נישט געפאָהרען קיין אַמעריקע התונה האָבען מיט

מאיר׳ן. טהוט דיר נישט באַנג? נו? שיינדעלע, קום אַהער—האָט ער געבעטען, אויסשטרעקענדיג צו איהר אַ האַנד

שיינדעל האָט געמאַכט אַ טריט צוריק.

—ניין!... ניין!... איך וויל נישט!... איך וויל נישט!... איך האָב פאַר אייך נישט מורא!... איך דאַרף אַוועקגעהן!...—האָט זי גע־שטאַמעלט אין טרעהרען און איז געפאַלען צו איהם אין די אָרעמס מיט אַ שטיל געוויין...

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

---

און דאָס האָט אַלצדינג בעניע געהערט און געזעהן. נישט אומ-זיסט האָט ער זיך אַ גאַנצע נאַכט געריבען ביי די ווענד אַ שטומער, ווי אַ שאָטען. איצט איז ער געלעגען אויפ׳ן ברעג טייך צווישען די בוימער כמעט אַ משוגענער. טראַכטען האָט ער נישט געקאָנט. דער־לאָזען די מעגליכקייט, אַז אַ יונגערמאַן, וואָס האָט אַ ווייב מיט אַ קינד און ברוך דערצו, זאָל ליב האָבען אַ פרעמד מיידעל—דאָס איז איהם געווען שווער צו פאָרשטעלען זיך. פונקט ווי ער האָט נישט געקאָנט בעגרייפען שיינדעל זאָל ליב האָבען אַ פרעמדען מאַן און אַ טאַטען פון אַ קינד. אַזוינס, האָט ער געוואוסט, טרעפט זיך אויפ׳ן דאָרף ביי די גוים. נאָר ביי יודען אַזעלכע זאַכען איז איהם געווען שווער צו פערשטעהן. און בכלל האָט ער עס אַלצדינג כמעט ווי פער־געסען, נאָר דאָס האַרץ האָט ער נישט געקאָנט איינהאַלטען. ס׳האָט אַזוי גענאָגט, אַזוי וועה געטהון, אַז ער האָט זיך איינגעקלעמט מיט די נעגעל איןביידע הענד ביז׳ן בלוט אַריין און פון צייט־צו־צייט האָט ער זיך די פינגער געביסען...

---

אויפ׳ן דאָרף האָט אַ יונגער האָהן געקרעהט. אַ הונד האָט ער־געץ געבילען פון זיין פאַרטאָגיקען הינטישען שלאָף אַרויס און צווי-שען די בלעטער פון די בוימער האָבען מיט אַ געזאַנג אויפגעוואַכט די פויגעל.

ווייט איבער׳ן פעלד האָט זיך גערויטעלט דער מזרח.

# א.

צוויי יאָהר זענען אַוועק.

דער ישוב האָט אויפגעלעבט. אַ ישועה איז געקומען אויפ'ן פערוואָרפענעם ווינקעל. בשורות טובות האָבען זיך געטראָגען איבער די קרומע אָבגעלאָזענע וועגען, דורך פעלד און וואַלד, איבער טייכען און זומפען ביז אַנ'אָבקלאַנג פון זיי האָט צום עלענדען פערגעסענעם דאָרף דערגרייכט: פריהער צום יודען דעם אַלט־געזעסענעם פערגרעבטען דאָרפס־בעל־הבית און דורך זיין אָפענער טהיר צום אייביג־פערשלאָפענעם פענסטערעל פונ'ם פויערשען שטיבעל. וועגען דער באַהןליניע האָבען יודען בעצייטענס זיך אָנגעהויבען צו רעש'ן. קליין און גרויס האָבען באַלד געוואוסט, אַז דעם אוצר פון די זאַבאָלאָטאָוועער וועלדער, די אָלכע, לוינט בעסער צו טראַנספּאָרטירען קיין אויסלאַנד דורך דער יבשה איידער בינדען עס און פליטען און לאָזען שווימען אַראָב מיט די וואַסערען פון דניעפּר קיין דרום־רוסלאַנד. וועגען דעם האָט מען גערעדט אין שטוב און אונטערוועגענס. אינ'ם נאָהענטען שטעדטיל האָט זיך געפיהלט אַ יום־טוב־שטימונג. דער ליטווישער ייד, וועלכער האָט שוין יאָהרען לאַנג געצויגען זיין חיונה פון אַמעריקאַנער אָבגעשפּאָרטע גראָשענס און אַליין איז ער שוין אויך גרייט געװען צום דריטען מאָל אין וועג אַריין—האָט אין דעם נייעם ישוב

דערזעהן אַ שטיקעל ישועה אין דער היים. קײן אַמעריקא זענען באַלד אַװעק פרעהליכע בריװלעך מיט דער גוטער בשורה, אַז מען פער־שפּאָרט שױן פערטראָגען דעם קאָפּ עבר־לים און זײן נע ונד. עס הערען זיך גוטע געשעפטען אַרום דער היים. טאַטעס האָבען געפּאָ-דערט פון דאָרטען זײערע קינדער. װײבלעך, װעלכע האָבען זיך אױס־לענדישע פּעסער געמאַכט און פעדערען מיט פראַזשעטענע לעפעל אײנגעקױפט אױף מיט זיך צו נעהמען, זענען געבליבען זיצען אין דער היים און האָבען פונ׳ם גאָלדענעם לאַנד אומגעקערט זײערע מאַנען.

דער זאָרגלאָזער פּױער פונ׳ם ליטװישען דאָרף איז דערװײל געזעסען אין זײן פעררױכערט שטיבעל און האָט פון קײן זאַך נישט געװאוסט. ער האָט געזעהן עפּיס פּריצים פאָהרען אַרום איבער די דערפער. זײ בעטראַכטען די װעגען מיט די אײנגעפאַלענע בריקלעך. זײ מעסטען די טיפעני־שען פון די טײכלעך און זומפּען. עפּיס האָט מען גערעדט פון בױען אַ װעג, נאָר ס׳איז איהם נישט אײנגעפאַלען ס׳זאָל האָבען צו איהם אַ שײכות. און ער האָט רוהיג זײן פעלד געאַ־קערט, דאָס צײטיג ברױט געשניטען, דעם שײער אָנגעפּילט אױפ׳ן װינטער און איז דערנאָך געבליבען זיצען מיט װײב און קינד בײ דער קאַרגער יאָהריגער חיונה ביז גאָט װעט איהם װידער שיקען די ברכה אױף זײן הלײמיג שטיקעל ערד.

צו אױסבעסערען זײן מצב האָט דער פּױער פונ׳ם ליטװישען דאָרף נישט געשטרעבט. ער, דער יורש פונ׳ם זײדענס רױך־שטיבעל, איז אַ מענש אָהן אַ פּען, אָהן אַ צונג, אַ בלינדער װי זײנע אור-עלטערן זענען געװען. און איז אױף זײן זומפּיג װיסט װינקעל אַ ישועה גע־קומען, איז עס נישט געװען דורך זײנע פערדינסטען, נישט זײן דעה, נישט זײן קאָפּ. דער אַלטער ר׳ פנחס לעװי מיט זײנע זיהן האָבען זיך שױן געמיהט פאַר איהם און ער, דער תּושב פון דאָרף, דער בלינדער און מעכטיגער, װי זײן ערד, פון װעלכער ער איז געקנאָטען, איז שױן געקומען צום לעצט. װען דער שליח פון לעװי׳ס קאַנטאָר האָט איהם אָנגעקלאַפּט אין זײן קלײן פענסטערעל ער זאָל געהן אַ מזומנעם גראָשען פערדינען. דאַן האָט ער אַרײנגעלײגט דאָס שלעכט־געבאַקענע ברױט זײנס אין דער מיושב׳דיגער פּױערישער טאָרבע, פערצױיגען האָט ער זי איבער׳ן אַקסעל און איז אַװעק מיט זיהן און טעכטער קאַנאַװעס גראָבען, זומפּען און טײכלעך פערשיטען און שלע־

פען קלעצער פון וואַלד.

די שטילע פעראומערטע געגענד האָט אויפגעלעבט. צווישען די פערלאָזענע מורא׳דיגע וועלדער, וואו ס׳האָט דורך די נעכט געהילכט דאָס וועלפען-יאָמער, האָבען זיך בעוויזען וועליסאָפעדען, ר׳ פנחס׳עס זוהן, דער אינזשעניער מיט זיין אויטאָמאָביל און באַלד איז אָנגעקו־מען דער געגאַרטער לאָקאָמאָטיוו אַליין. זוכה געווען האָט דערצו דאָס קליינע דערפעל נעבען טייך, וועלכעס איז געלעגען אָן אַ זייט פון דעם אַלטען שליאַך. דער דאָזיגער קליינער ישוב׳ל מיט זיינע צוויי שורות פויערשע הייזלעך, האַלב־פערבאָרגענע אונטער די אָנגע־רוקטע שטרויענע דעכער, דאָס טויבע געסעל, איבער וועלכער דבורה פלעגט זיך וויצלען פאַר איהרע שטאָדטיגע קרובים, אַז אין די זומער־טעג, ווען די איינוואוינער געהען אַלע אַוועק אין פעלד אַריין, קאָן מען זיך צולייגען אין מיטען גאַס און רוהיג זיך אויסשלאָפען—איז עס דערהויבען געוואָרען הויך איבער׳ן וואַלד מיט די קוימענס פון די זעג-מיהלען און דער גרויסער פאַניר־פאַבריק. אויפ׳ן הויכען ברעג האָבען זיך שענע הייזער אויסגעבויט. דעם יונגען גביר׳ס דירה און די הערליכע זומער־וואוינונג פאַר׳ן אַדוואָקאַט וואָראָנין, אויף וועמענס נאָמען די ערד מיט׳ן וואַלד זענען אָפיציעל געקויפט געוואָרען, האָ־בען אַרויסגעקוקט מיט די געווייסטע טהיר און פענסטער אויפ׳ן פעלד אַרויס, בעשענענדיג די געגענד מיט גלאַנץ און היימליכקייט. דערביי זענען איינס נאָך דאָס אַנדערע צוגעקומען די וואוינונגען פאַר׳ן קאַנ־טאָר־פערסאָנאַל מיט זייערע פאַמיליעס, אַרבייטער־דירות, שטיבלעך פאַר בעדינטע און פון אַלע זייטען קלייטען מיט קלייטלעך אָהן אַ צאָהל. די לעצטע זענען פשוט געווען ביידלעך, וואָס אַלערליי שטעדטילדיגע און דאָרפישע יודען האָבען אין איילעניש צונויפגעשטעלט אויפ׳ן ני־דעריגען ברעג פון טייך וואָס גיכער אַ ביסעל סחורה אַריינצונעהמען, איבערהויפט עסענוואַרג און ביליגע געטראַנקען.

ווי שוואָמען נאָך אַ רעגען זענען געוואַקסען די דאָזיגע שטיב־לעך אויף דערווייל מיט האַלבע דעכער: אין אַ גראָבען, אין אַ זומפּ, ביי אַ פליסיג וואַסער, וואו מען האָט ביז צו דער שוועל אַ צוויי ברעטלעך אַריבערגעוואָרפען. אינוויייניג האָבען געפוילט די פּאָדלאָגעס, פייכט און נאַס זענען געווען די ווענד, פערשימעלט דאָס מעבעל און קליידער. וואוינען אין די דאָזיגע דירות איז געווען געפעהרליך. גע־

מעהרט האָבען זיך דאָרטען אַלערלײ קראַנקהײטען און דאָך זענען טאָג-טעגליך צוגעקומען נײע אײנוואוינער מיט נײע געשעפטען. די שפע איז געווען גרויס. הונדערטער אַרבײטער האָבען זיך בעזעצט אין דער געגענד, אַלע געזיכערטע מיט בעשטימטע פערדינסטען, וועלכע די קאַנטאָר פלעגט אויסצאָהלען צו דער מינוט.

דער שטעדטילדיגער יוד האָט זיך דאָ באַלד בעזעצט מיט ווײב און קינד, ווי אַ תושב, נאָר די דאָרפס-לײט האָבען זיך נאָך מורא געהאַט צו ריהרען פון די אײנגעזעסענע ערטער און נעבען די נײע זאַוואָדען האָבען זײ נאָר געמאַכט געשעפטען. דאָרטען האָט מען בעזעצט אַ בעווײבטען זוהן, וועלכער איז נאָך בײם טאַטען אויף גרײטע קעסט געזעסען, אַ בחור, וואָס איז געשטאַנען אין שידוכים, אָדער ווען מען גאָט האָט געבענשט מיט אַ פּאָר געראָטענע מײדלעך צו לײטען.

אַזוי האָט אויך געטהון לײזער דער מיהלנער פון ראָדניקאָווע. אַלײן איז ער געבליבען זיצען אין מיהל, ווי פריהער און בײ דער סטאַנציע האָט ער געשטעלט אַ שטוב און געמאַכט דאָרטען אַ קלײט, די מײדלעך זאָלען עס פיהרען אונטער זײן השגחה, וואָס ער וועט אַ צווײ מאָל אין וואָך אונטערפאָהרען כאַפּען אַ קוק. די שטוב, וואו לײזער האָט בעזעצט זײנע שענע יונגע טעכטער פּאַר קרעמערינס, איז אויך געווען אַ נאַסע מיט פערשימעלטע ווענד, נאָר די שפע איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיך קײן הענד נישט געקאָנט אָננעהמען. לײזער איז געפאָהרען וואָך־אײן־וואָך אײן שטאָדט אַרײן נאָך סחורה און ס'איז אַלץ געווען ווײניג צו פערקויפען. אַרום האָט גערוישט פון מענשען, ווי אין אַ גרויסער האַנדעלס־שטאָדט.

---

לסוף איז דאָס גרויסע וואונדער געשעהן. דער נײער ישוב איז געקרוינט געוואָרען פאַר אַ באַהן־סטאַנציע. זאַבאָלאָטאָוו האָט דאָס אָרט פריהער געהײסען צוליב'ן טײך און די זומפּען פון דער אַרומיגער געגענד און אונטער דעם זעלבען נאָמען האָט זיך עס אויך מיט דער גרויסער וועלט פערבונדען.

דער ערשטער צוג איז אַוועק זומער־צײט אין אַ שענעם זונטאָג־פריהמאָרגען פאַר אַ גרויסען עולם נײגעריגע יודען און גוים, וועלכער איז אונגעדולדיג נאָך פון בעגינען געשטאַנען אויסגעפוצט אין יום־טוב'דיגען. פון אַלע דערפער אַרום איז מען זיך צונויפגעקומען. ווער

ס׳איז געפאָהרען אין שטעדטיל צום יריד, ווער ס׳איז אין קלויסטער געגאַנגען, אָדער וועלכע מאַמע ס׳האָט זיך געלאָזט פאַר אַ רעכטע פאָר וויאָרסט אַנ׳אויסגעגעבענע טאָכטער געוואָר ווערען—קיינער איז נישט געווען בכח בייצושטעהן דעם נסיון און נישט אָבקעהרען קיין זאַבאָ-לאָטאָוו צו דער סטאַנציע. אַפאַנאַס האָט זיך אָבגע׳גנב׳עט פון זיינע בעל־הבתים און איז אויך אַנטלאָפען זעהן ווי דער צוג געהט אַוועק. אַפילו די באַבקע יאָכימיכאַ האָט זיך אונטערגעבונדען די שפּיציגע גאָמבע מיט אַ ניי טיכעל און איז פאַמעליכען מיט אַ שטעקעלע אין האַנד אַוועק צוגלייך מיט די יונגע שיקסעס פון דאָרף. און פון יי־דען איז אַ קינד אין וויעג נישט געבליבען. נאָר שכנא דער קריוואָ־דובער שמיד און ראשע-לאה די אַלטע מיהלנערין פון ראָדניקאָווע האָבען זיך נישט געיאָגט אויף די חידושים. פאַר זיי ביידען, די עלט־סטע פונ׳ם ישוב, איז דער גאַנצער עסק געוועזן אַ מין אָנשיקעניש. ער, שכנא, מיט אַ געבראָכען האַרץ איבער שמעון-לייב׳ן, וואָס ער איז אַוועק אין דער פרעמד און זי, אַ פערציטערטע איבער די איי־ניקלעך, וועלכע לויפען אַרום מיט די פוסטע חברה פון קאַנטאָר—האָ-בען זיי ביידע גלייך געשאָלטען די לעווי׳ס מיט זייערע שטאָדטיגע אויפטהוענישען. ביידען האָט זיי געזאָגט דאָס האַרץ, אַז קיין גוטס וועט דערפון נישט אַרויסקומען.

דער צוג האָט זיך געריהרט פון אָרט אין אַ לאַנגער צייל אָפע־נע פלאַטפאָרמעס, אָנגעלאָדענע מיט ברעטער און אַנדערע געהילצען און דערנאָך די דריי קלאַסנע פאַסאַזשיר־וואַגאָנען מיט אָפענע טהיר און פענסטער. פון אינווייניג האָבען אַרויסגעקוקט די קאַנטאָר־לייט און לעאָן, דער יונגער גביר אַליין, געקליידעט אין אַ גרויען ברייטען מאַנטעל מיט אַ ספּאָרט-היטעלע אַראָבגערוקט איבער׳ן שטערען. נעבען איהם איז געשטאַנען זיין ליבלינג, דער שענער און גליקליכער ברוך און ביים צווייטען פענסטער האָט זיך איבערגעבויגען אַשכנזי, אינגאַנצען אַ שיינענדיגער מיט אַ גרייט אונטערטהעניג שמייכעלע צום בעל-הבית, קאָפירענדיג בגנבה יעדע בעוועגונג זיינע. זיי האָבען זיך אַלע גע־זעגענט מיט די „איידעלע קריסטען״, וועלכע זענען אויך געקומען צו דעם ערשטען צוג זייער ברכה געבען. געהאַלטען האָבען זיי זיך אַלע אין אַ בעזונדער קרייז און אַחוץ דבורה׳ן מיט מינען האָט צו זיי קיינער קיין צוטריט נישט געהאַט. אַלע זענען געוועזן אויפ׳ן אויג, אויסער שיינדלען. זי האָט מען צווישען דעם עולם נישט געזעהן,

כאָטש זי האָט זיך געהאַלטען פאַר דער גרעסטער מחותנת׳טע אויף דער שמחה... נאָך פון בעגינען איז זי געזעסען אינווייניג אין וואָק־זאַל אָנגעטהון אין אַ קלאָר־געפּרעסט קאָפּטעלע און האָט זיך מיט׳ן זיידענעם שאַל אויפ׳ן קאָפּ געטוליעט אינ׳ם דאַמען-צימער צום פענס-טער. אַזוי אַרום האָט זי זיך אויסבעהאַלטען פון לייטישע בליקען בכלל און מינעס בפרט, נאָר דער פרעהליכער פישמאַן, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער אָפענער טהיר פון לעצטען וואַגאָן, שמועסענדיג לעבהאַפט מיט די מיידלעך ביי דער סטאַנציע—האָט זי בעמערקט ביים פענסטער די נאָז צו דער שויב געטוליעט און ער האָט איהר שטי־פעריש צוגעוואונקען מיט אַנ׳אויגעל.

דער צוג איז אַריבער די נייע בריק, דערנאָך אין דער ברייט איבער׳ן לאָנקע און איז לינקס פערשוואונדען אין וואַלד, פון וואַנען ער איז שפּעטער אַרויסגעקומען צום לאַנגען געשמידטען וועג, וועל־כער האָט געפיהרט פונ׳ם געטריידע־רייכען דרום-רוסלאַנד צו די גרוי־סע האַנדעלס־שטעדט אויפ׳ן ברעג פונ׳ם באַלטישען ים. אין דעם דאָ־זיגען גרויסען טראַקט האָט זיך אָנגעקניפּט דער נייער וועג פונ׳ם ישוב, ווי אַ יונג צווייגעלע אין אַ שטאַרקען געזונטען בוים און דאָס פערוואָרפענע ווינקעל איז מיט דער גרויסער וועלט פערבונדען גע־וואָרען.

ב.

ברוך איז געגאַנגען פאָראויס.

זיין מעמד אויף דער שטעלע ביי די לעווי׳ס האָט געשטיגען מיט יעדען טאָג. ביי זיך אַליין איז ער אויך בעדייטענד אויסגעוואַק־סען און חשוב׳ער געוואָרען. ער האָט אָנגעהויבען זיכערער צו גלוי־בען אין זיינע אייגענע כחות און דאָס לעבען האָט זיך איהם בכלל פאָרגעשטעלט פאַר עפּיס אַזוינס, וואָס מען קאָן איבער דעם זיין אַ בעל־הבית און אַוועקשטעלען עס, ווי זיך אַליין געפעלט—איבערהויפּט דער ווילען, דער אייזערנער ווילען זאָל נאָר זיין דערביי. זיין וועלט האָט זיך געטהיילט אויף אַ סך טהיילען און אין יעדער האָט ער דער הערשער געמוזט זיין, ווייל אומעטום האָט ער אַריינגעבראַכט זיינע

ליידענשאַפטען און זיין ענערגיע. און מעהר אָדער וויניגער האָט זיך עס איהם איינגעגעבען. ער, דער לעבענסדורשטיגער און אָפט לייכט־זיניגער ברוך, האָט פערמאָגט צו לעבען עטליכע לעבענס מיט אַמאָל און אומעטום זיין אויפ׳ן אָרט.

דאָך איז עס ביי איהם אַלץ געווען אַ לעבען אויף דערווייל. גראַדע אין דער צייט וואָס זיין מעמד האָט אויפ׳ן געביט פון מסחר אַזוי געשטיגען און קלוגע מענשען האָבען אויף איהם נביאות געזאָגט, אַז ער וועט האָבען אייגענע גרויסע געשעפטען און וועט אָנלעבען מיליאָנען, האָט זיך ביי איהם צו דער צייט ווידער געשטאַרקט דער געדאַנק וועגען זיינע יוגענד־פלענער פון אַמאָל. ער איז ווידער געווען נאָהענט צו אַמעריקא. זייגע ענטפלעקטע קאָמערץ־פעהיגקייטען האָבען געפאָדערט אַלזייטיגע בילדונג און פאַך־קענטעניסען. אויף יעדען טריט איז ער שטעהן געבליבען, ווי אַ בלינדער. דאָ האָט איהם געפעלט דייטש, דאָרטען ענגליש, דאָ—אַ ידיעה אין געאָגראַפיע, דאָ אין נאַטור־וויסענשאַפט און פערבלייבען אַ נישט־דערלערענטער גאָר־נישט האָט ער פאַר קיין אופן נישט געוואָלט. נאָר אָנהויבען פון „אלף־בית" און קלאַפען דערנאָך אין פערשלאָסענע גוי׳שע טהירען, ווי יעדער יודישער עקסטערן, איז איהם אונמעגליך געווען נאָך דעמאָלט בחור־ווייז אַפילו, ווען ער איז נאָר וואָס פון דער ישיבה געקומען. ער האָט עס נישט געקאָנט און דעריבער האָט איהם אַזוי געצויגען אינ׳ם פרייען אַמעריקא. דערצו האָט עס איצט פאַר איהם געהאַט נאָך אַ וויכטיגערע בעדייטונג. אַמעריקא האָט געדאַרפט ענטשיידען זיינע פערפלאָנטערטע פאַמיליען־אָנגעלעגענהייטען. ער האָט געמוזט פער־ריכטען דעם פעהלער פון זיין יונגעלש־לייכטזיניגער חתונה. גט׳ען זיך מיט מינען און נעהמען שיינדלען די געליבטע כלה פון זיין בלי־הענדער יוגענד, וועלכע וועט מיט איהם טהיילען זיין לעבען אין פריידען און אין ליידען. און דאָס האָט געדאַרפט געשעהן צוגלייך מיט דעם, ווען ער וועט זיך אומקעהרען אויפ׳ן לאַנג־בעשטימטען וועג זיין אָבגעשטאַנענע ענטוויקלונג צו דערגרייכען. נאָר ביז יענער צייט האָט ברוך געלעבט אויף דערווייל. דערווייל איז ער געשטאַנען ביי לעווי׳ס זאַבאָלאָטאָוו, וועלכער האָט געבליהט ביי איהם פאַר די אויגען, פון זיין האַנד ממש און ער האָט פערגעסען, אַז ער איז דאָ בלויז אַ געדונגענער, בלויז אַ חודש־מענש. לעווי׳ס געשעפטען זע־בען געווען זיינע אייגענע. פון יעדעס אויסגעקרומט בוימעל, פון איטי־

ליכעס שטיקעל האַלץ און פון יעדען זומפּיגען אייל ערד האָט ברוך געמאַכט גאָלד און דאָס רייכטהום זייערס פערמעהרט.

נאָר לעווי׳ס עשירות און גלאַנץ האָט איהם אַליין אויך, ווי אין אַ נעץ געפאַנגען. מיט אַלע זיינע פּערזענליכע אייגענשאַפטען, געזונטע אינסטינקטען, וואָס ער האָט פון דער היימיש-דאָרפישער ערד אין בלוט איינגעזויגען און זיין גרונדליך-יודישער

ערציהונג–האָט זיך דאָך אין אַ געוויסען זין פון איהם גע־לאָזט בויגען איינער פון דעם טיפּ ווינד-יונגעלייט, וועלכע האָבען זיך אייסגעבילדעט אין די לעצטע יאָהרען פאַר׳ן קריג אין די יודיש-סוחרישע קרייזען פון ליטא און רייסן. ס׳איז יענער מין יונגעלייט, ביי וועמען דאָס אַרט לעבען איז קריסטליך-אייראָפּעיש, צו וואָס ער שטרעבט מיט אַלע חושים און פיהרט אויף דעם וועג זיין קינד, נאָר אינערליך איז ער אַ יוד, אַ יוד פון ימים-נוראים און פּסח, אַ יוד אַ ציוני, אַ לאומי, אַנ׳אָנהענגער פונ׳ם אַלטען בית-המדרש, וואוהין ער קומט קיינמאָל נישט אַריין און גלאַט אַזוי אַ מענש, וואָס בענקט נאָך יודישקייט. דער דאָזיגער ווינד-יוד לעבט דורכאויס אויף דערוויילע. ער קאָן געלד פערשווענדען און האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבען פערשטעהן אויפ׳ן שענעם מין. אַזוי אַרום האָט ער די יודישע פּרוי אַראָבגעפיהרט פון וועג, מאַכענדיג זי פאַר אַ פּאַראַזיט און אַ האַלבער קאָקאָטין.

אַזאַ גייסט האָט לעווי׳ס קאַנטאָר געבראַכט אויפ׳ן ישוב אַרום דער נייער סטאַנציע זאַבאָלאָטאָוו. זיי האָבען דאָס אָרט אויפגעבויט און האָבען דאָרטען אַוועקגעלייגט זייער שטעמפּעל פונ׳ם גביריש-מאָ־דערנעם לעבענס-שטייגער. אַ שמיק ציוויליזירטע אייראָפּא האָט זיך מיט אַמאָל אויסגעשפּרייט נעבען דעם אַלטען שליאַך: טייערע טואַ־לעטען, זייד-טאַפּעצירטע מעבעל, קאַרעטען און ספּאָרט אויף וועלי־סאָפּעדען און אויטאָמאָבילען, רייטער און רייטערינס–דאָס אַלצדינג איז געווען לינקס אויפ׳ן הויכען ברעג פון טייך אַרום דער קאַנטאָר, וואו אין דער מיט אויף אַ בערגעל אַרויף איז צווישען בוימער און געווייסטע שטאַכעטען געשטאַנען דאָס הויז פון לעאָנ׳ען אַליין און אַהער זענען געווען אָנגעשטרענגט אַלעמענס בליקען פון רעכטס. יע־נער, דער נידעריגער ברעג מיט די זומפּען און פייכטע ווענד, האָט פון דאַנען געצויגען זיין חיונה: געווען דאָ אויף שטעלעס, צוגע־שטעלט סחורה און דאָס ביסעל יודישקייט צו דער צייט, געגעבען

דינסטען און גלאַט געריבען זיך אַרום קאַנטאָר. נאָר שטענדיג אַזוי צום דינסט ביי די גבירים און אַרום די גבירים האָט זיך דער פשוט׳ער יוד פון רעכטס צוגעקוקט צו זייער פיהרונג און גלייך דאָס אייגענע נאָכגעטהון ביי זיך אין דער היים. דער ווינקעל פון קאַנטאָר איז געוואָרען זיין אידעאַל אויף אַלע געביטען פון לעבען. די זאַבאָלאָטאָ־ווער יודען האָבען אָנגעהויבען פער׳גוי׳שען זייער לעבענס-שטייגער פון קינדער־ערציהונג ביז דער תשוקה צו טייערע פערד און הינד, און די דאָרטיגע יודישע ווייבלעך האָבען געצאַנקט פון קנאה צו די־מענטען און סויבלענע מאַנטלען. די גרויסע שטאָדט האָט זיך דאָ אַ נעסט געמאַכט מיט אַלע איהרע פריידען און ליידען.

---

ברוך איז דורך לעווי׳ס קאַנטאָר אויך אַ מאָדערנער מענש געוואָרען. ער איז געוועזן פון די גליקליכע איינוואוינער אויף לינקס. אַלס הויפּט־פערוואַלטער פון דער זאַבאָלאָטאָווער קאַנטאָר, דערצו אַ ליבלינג פון׳ם אַלטען ר׳ פנחס׳ן אַליין און דעם יונגען גביר׳ס אַ פערזענליכער פריינד, האָט ער די וועלטליכע תורה בעקומען פון דער ערשטער האַנד. זיין ערציהער איז געוועזן לעאָן אַליין.

בעפריינדעט זענען זיי געוואָרען נאָך דעם ערשטען ווינטער, דעמאָלט ווען דאָס דערפעל זאַבאָלאָטאָוו האָט נאָך געשלאָפען. לעאָן, קומענדיג אַהער אין דער פערוואָרפענער געגענד מיט די פערשנייטע וועגען און צוזייטע האַלב־ווילדע איינוואוינער, האָט ער דאָס הויז, וואו די קאַנטאָר איז געוועזן, געהאַט זעהער גערען. דבורה האָט איהם איינגעאָרדענט אַ זויבערען, בעקוועמען צימער און פרישע מיטאָגען געגעבען. דערצו איז זי געוועזן קלוג, טאַקטיש, מיט געוויסע שפורען פון פערגאַנגענער שענקייט און אַלס אַזעלכע איז זי איהם געוועזן זעהער אָנגענעהם. פון מינען איז לעאָן נאָך מעהר ענטציקט געוועזן. טרעפענדיג אין אַזאַ העק אַ יונג ווייבעל, וועלכע האָט בעקומען אַנ׳־אַנשטענדיגע ערציהונג, אין שטאָדט געוואַקסען און געענדיגט אַ מיטעל־שול—איז עס ביי איהם געוועזן ממש אַנ׳אוצר. זי פלעגט פאָרלעזען דורך די אָווענדען און דעקלאַמירען ווען עס איז. אָפט איז איהם געפעלען געוועזן צו זיצען שטיל מיט אַ סיגאַר אין מויל און גלאַט הערען, ווי זי פלאַפּעלט אָהן אַנ׳אויפהער, דערצעהלענדיג פון איהרע שול-יאָהרען, פון חבר׳טעס, פון יונגעלייט, וועלכע זענען געוועזן אין

איהר פערליבט. אַמאָל פלעגט זי זיך אין אַ שליטעל אויך לאָזען פיהרען שפּאַצירען. דעם מאַן האָט עס נישט געאַהרט און זייביידען איז געווען פרעהליכער. ברוכ׳ן האָט ער בעמערקט צום לעצט. פון אָנפאַנג האָט ער איהם אָנגענומען פאַר אַ שווערען דאָרפס־יונג, אַנ׳-עקשן און אַ בעל־גאוה און איז גרייט געווען צו בעדויערען די קליי-נע צאַרטע מינע, וואָס זי איז אין אַזעלכע שלעכטע הענד אַריינגע-פאַלען, נאָר בעמערקענדיג מיט וואָס פאַר אַ אונטערטעניג שמייכעלע דער אַלטער קלמן בעגריסט זיך איהם און דעם זוהנ׳ס קרומען קוק דער-ביי, האָט ער זיך מיט איהם פעראינטערעסירט. לעאָנ׳ען איז עס גראַדע געפעלען געוואָרען, וואָס ברוך האַלט זיך קעגען איהם מיט אַ זעלבסט-ווירדע און קרימט זיך צוליב דעם אויפ׳ן טאַטען.

לעאָן איז געווען אַ נגיד׳ישער זוהן פון אַלע זיינע יאָהרען און איז אין אַ געוויסען זין געווען גוט ערצויגען, נאָר דורך דער זעלבער רייכער און גוטער ערציהונג איז ער אויך געווען פערדאָרבען. גע-בוירען און אויסגעוואַקסען אין רייכטהום, האָט ער פיינד געהאַט די אַלע, וועלכע פערקויפען איהם אַלצדינג פאַר געלד. און די אַלע איז עס געווען די גאַנצע וועלט, אַחוץ דעם ענגען קרייז פון זיין סביבה, אויך אַזעלכע רייכע און נישט־אָבהענגיגע, ווי ער אַליין. אויף די אַלע איבעריגע האָט ער געקוקט ווי אויף שמייכלער און בעהאַנדעלט זיי אלס אַזעלכע: געצאָלט זיי פאַר אַלץ מיט דער ברייטער האַנד און צוגענומען חניפה פון דער הויך אַראָב, נישט אומקוקענדיג זיך אַפילו צו יענעם.

אַזוי האָט זיך לעאָן בעצויגען צו מענשען, וועלכע זענען נישט רייך געווען. אַזוי האָט ער אויך פון אָנפאַנג געקוקט אויף ברוכ׳ן. דערצו איז ער געווען זיכער, אַז ער גנב׳עט און האָט עס אויך אָנ-גענומען פאַר אַ נאַטירליכע זאַך. אַחוץ זיין קרייז, רייכע און נישט-אָבהענגיגע פון קיינעם, האָט ער זיך קיין אָרענטליכע מענשען נישט געקאָנט פאָרשטעלען. נאָר זעלבסט־ווירדע ביי דעם דאָרפס־יונג, וועל-כער איז געבוירען אַרענדאַר און שענקער צו זיין—דאָס איז שוין עפּיס גאָר אויסערגעוועהנליכעס. און אויסערגעוועהנליכעס האָט דער רייכער פון גאָלד-געצערטעלטער לעאָן ליב געהאַט. בעמערקענדיג אַ פּאָר מאָל ברוכ׳ס בייזען קוק אויפ׳ן אַלטען פאַר זיין אונטערטעניג שמייכעלע, האָט ער איהם אָנגעהויבען אויספּרובען, אויב ער אַליין וועט קאָנען ביי אַ גע-וויסער געלעגענהייט ביישטעהן דעם גביר׳ס מאַכט און גרויסקייט. נאָר ברוך

מיט זיין פערבּרענטער עקשנות האָט די פּרוב אויסגעהאַלטען.

אין שטוב איז בּיי איהם לעאָן געווען אַ היימישער מענש. די מאַמע האָט מיט איהם גערען געשמועסט. מינע איז געוואָרען זיין פריינדין און פלעגט מיט איהם פערברענגען שעה'ן-לאַנג אַפילו דער טאַטע האָט זיך צוגעוועהנט מענשליך אויסריידען מיט'ן גביר אַ צוויי ווערטער. נאָר בּיי בּרוכ'ן אַליין איז ער דורכאויס געווען אַ פרעמדער: אין קאַנטאָר אַ בעל-הבית, וואָס שטערט איהם אויף יעדען טריט און בּיי זיך אין שטוב איז ער זיין שכן. אמת אַ שענער שכן דער בעל-הבית פון זאַבּאַלאָטאָווער מאַיאָנטקעס, דערצו אַנ'אינזשיניער און אַ מענש פון דער גרויסער וועלט, נאָר בּרוכ'ן איז ער געווען לחלוטין אַ פרעמדער. אויסער דער קאַנטאָר האָט ער נישט געהאַט מיט איהם פון וואָס צו ריידען. דאָס ווייבעל זיינס קאָן זיצען ביז האַלבּע נאַכט און פערברענגען מיט איהם און ער וועט אינ'ם אַנדער חדר ליגען מיט אַ רוהיג האַרץ אויפ'ן קושעט און לעזען עפּיס אינטערעסאַנטעס, אָדער טראַכטען, רויכערענדיג בּהרחבה איין סיגאַר נאָכ'ן אַנדערען. אויך פלעגט ער זיך אָפּט פערגינען דורכצושמועסען מיט'ן זוהן. אַוועקזעצענדיג דעם יאָהריגען בר־דעת מיט די גרויסע קאַרע אויגען צו זיך אויף דער בּרוסט, האָט ער איהם געלערענט דרך־ארץ ווי אַזוי מען דאַרף געבּען די האַנד און געשטיפט דערבּיי מעשה-יונגעל. מיט'ן האָרענדעל, וועלכעס איז איהם אויפ'ן העלזעל געהאַנגען, האָט ער געבּלאָזען אַ „תקיעה גדולה״, פונ וואָס דאָס קינד איז זיך פערגאַנגען פון געלעכטער און האָט אויך געפּרובּט טהון דאָס אייגענע לעאָן האָט עס אַלצדינג צוגעזעהן און איז געווען ענטציקט פון איהם אי־בּערהויפּט וואָס ער בּעציהט זיך אַזוי גלייכגילטיג און אַזוי פּשוט צו זיין הויכגעשטעלטער גביר'ישער פּערזאָן. ער האָט איהם ממש געאַכ־טעט דערפאַר און אַלס מענש איז איהם אָט דער עקשן און נישט־ערצויגענער דאָרפס-יונג געוועזן העכסט אינטערעסאַנט.

—הער בּרוך!—האָט ער איהם איין מאָל אין אָוונד אויף זיין דייטש-פּעריודישטער אויסשפּראַכע גערופען פון זיין צימער אַרויס— פּילייכט וועלען וויר שאַך שפּילען? די אָוונד־שטונדען זענען זאָ לאַנגווייליג. קאַנען זיי דאָס שאַך־שפּ־ל?

בּרוך איז צו דער צייט געזעסען בּיחידות שטאַרק פערטיפט אין כוואָלסאָנס פּאָפּולערע לעקציעס וועגען פיזיק, וועלכע ער האָט נישט לאַנג געהאַט אויסגעשריבּען לויט דער פּראָגראַם פון זעלבּסט־בּילדונג

און לעאָנ׳ס קול האָט זיך איהם משונה־ווילד אין קאָפּ אָבגערופען, ווי ס׳וואָלט איהם צוטומעלט און אַוועקגעריסען פון זיך אַליין. ער האָט אומגעדולדיג די ברעמען צונויפגעדריקט. זיין יונגער בעל־הבית מיט זיין אומגעבעטענער פרעמדער גוטסקייט איז געשטאַנען ביי דער אָפענער טהיר, זיין זיכערען און איראָנישען בליק גלייך געווענדעט צו איהם.

— יאָ, פּאַני לעווי, איך האָב אַמאָל געשפּילט, נאָר שוין זעהער לאַנג. איך האָב שוין געוויס פערגעסען — האָט ער געענטפערט, זיצענדיג איבער׳ן אָפענעם בוך, ווי פריהער.

— עס שאַדעט ניכט. וויר ווערדען שפּילען איינינע מאַל, וועלען זיי זיך ערינערען. קאָמען זיי אין מיין צימער. איך האַבע יעצט גו־טע סיגאַרען. ביטע, הער ברוך.

ברוך האָט פיבעריש בעהאַלטען די לעקציעס [illegible] אין שרייב־טיש און איז אַוועק נאָך לעאָנ׳ען צו איהם אין חדר אַריין. ער איז ווירקליך געווען אַ קליינער שפּילער. זיין ביסעל קענטעניש אין דעם פאַך האָט נאָך געשטאַמט פון דער ישיבה. נאָר דאָרטען איז עס געווען אַ טרפה־זאַך, אַ תאוה, ווי אַלע תאוות, וועלכע זענען מבטל פון לער־נען און דעריבער שטרענג פערבאָטען. די בחורים־פריידענקער פון זיין קרייז האָבען געשפּילט בסוד, נאָר אויף קיין מסירת־נפש איז מען צוליב דעם נישט געגאַנגען און די דאָזיגע תורה האָט זיך קוים גע־האַלטען ביי יחידי־סגולה. ברוך איז נישט געווען פון די דאָזיגע קע־נער. ער איז דעמאָלט געווען פערנומען מיט אַנדערע זאַכען, וועלכע האָבען איהם מעהרער אינטערעסירט, נאָר איצט, זיצענדיג מיט לעאָ־נען ביים שאַך־ברעט, איז איהם צו די אויגען געקומען יענע סביבה פון זיינע ישיבה־יאָהרען מיט יעדען חבר בעזונדער אַלס פּאַרטנער אין שאַך־שפּיל. אין דמיון האָבען זיך איהם בולט געצייכענט איטלי־כענס גענג און וועגען, וועלכע ער האָט געדאַרפט פּאָראויסזעהן און אַזוי אַרום האָט ער זיך אַליין געמאַכט אַ וועג, פערנעמענדיג וואָס ווייטער בעסערע פּאָזיציעס. לעאָן האָט אָנגעקוואָלען. פון די ערשטע גענג איז שוין געווען צו זעהן, וואָס פאַר אַנ׳אינטערעסאַנטער פּאַרט־נער ברוך איז.

די ערשטע עטליכע טעג האָט ער געשפּילט מיט איהם פּאָרזיכ־טיג, ווי אַ גוטער לעהרער געגעבען איהם צייט און אָרט, ער זאָל זיינע לאָגישע פעהיגקייטען קאָנען אויסנוצען און דערנאָך האָבען זיי

זיך אַוועקגעשטעלט איינער קעגען דעם אַנדערען, ווי צוויי קעמפּער. ברוך האָט כוואָלסאָנס לעקציעס פערגעסען. לעאָן איז אָבגעקיהלט גע־וואָרען צו מינעס פּאָרלעזונגען און דעקלאַמאַציעס. איז צוגעפּאַלען דער אָוועגד, זענען זיך ביידע פּאַרטנערען שטיל צונויפגעקומען אויפ׳ן בעשטימטען אָרט ביי לעאָנ׳ס שרייב-טיש. איינער האָט צושטעלט די פיגורען, דער אַנדערער האָט דאָס קעסטעל סיגאַרען אָנגעגרייט און מען איז שוין געגאַנגען אַ גאַנג. געשפּילט האָבען זיי ביז שפּעט אין דער נאַכט, אָפט אויך ביז׳ן ווייסען טאָג אַריין, נאָר תּמיד רוהיג, אויסגעהאַלטען און פער׳עקשנ׳ט, ווי דער זיגער, אַזוי דער בעזיגטער. אומזיסט פלעגט זיך מינע בעטען און וויינען ממש ביז טרעהרען, אַז זי געהט אויס פון אומעט איינע אַליין. די צוויי שאַך-שפּילער האָבען זי קוים בעמערקט. דעם מאַן איז אַפילו נישט איינגעפאַלען זיך אומ־קוקען אין איהר זייט אַריין און לעאָן, אויס העפליכקייט, האָט איהר צוגעוואָרפען אַ גלעט איבער׳ן האַנד, זאָגענדיג דערביי אין רוסיש אַלע מאָל מיט איין נוסח:

—מינאַ אָסיפּאָווּנאַ, איהר זענט דאָך אַזאַ וואוילע... אַזאַ וואוי־לע... ענטשולדיגט...

מינע פלעגט שטעהן אַזוי לאַנג הינטער זייערע שטוהלען ביז עס האָט איהר פונ׳ם רויך דער קאָפּ אָנגעהויבען וועה-טהון און זי איז דערנאָך, ווי אַ בעליידיגט אָנגע׳ברוגז׳ט קינד אַוועק צו זיך שלאָפען.

---

אַזוי איז דעמאָלט אַוועק דער ווינטער.

לעאָן איז אַזוי געוועהנט געוואָרען צו ברוכ׳ן, דאָס ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט שיידען מיט איהם. ער איז פּשוט געוועזען אין איהם פערליבט. זיינע פעהיגקייטען און דאָס ווילדע איינגעשפּאַרטקייט אַלצדינג גרינדליך צו וויסען האָבען איהם ענטציקט. דערצו איז ער נאָך געוועזען אַ געשיקטער רייטער און אַ ליבהאָבער פון פערד און הינד. לעאָן האָט איהם קלאָר געמאַכט אין הלכות־ספּאָרט און אין איינע עטליכע חדשים איז ער ביי איהם געוואָרען אַנ׳אויסגעצייכענטער וועלאָסיפּעדיסט, אַ שאָפער אויפ׳ן אויטאָמאָביל און אַפילו אַ וויאָלין־שפּי־לער. פאַר איהם איז אַלצדינג געוועזען אַנ׳אינטערעס און אין אַלץ האָט ער געוואָלט וויסען דעם גרונד. דערזעהענדיג דאָס ערשטע מאָל אין

זיין לעבען אַ וויאָלינע ביי לעאָנען, איז איהם געווען אינטערעסאַנט, נישט נאָר דאָס שפּילען אַליין, נאָר אויך ווי אַזוי דער דאָזיגער אינ־סטרומענט איז געמאַכט געוואָרען. פון וועלכע האָלץ און ווי אַזוי דער ערשטער וויאָלין-קינסטלער איז געפאַלען אויף אַזאַ שכל. לעאָן האָט געמוזט אויף די אַלע פראַגען געבען אַ ריכטיגען ענטפער. ער, וואָס האָט געענדיגט אַ גימנאַזיע און אַ דייטשע אוניווערזיטעט, בעזיצט עט־ליכע שפּראַכען און איז אויסגעפּאָהרען אַ האַלבע וועלט, אודאי איז ער מחויב צו וויסען אַלץ, נישט אויסגעשלאָסען די געשיכטע פון מו־זיק אויך.

נאָר פּאַר לעאָנ׳ען זענען עס געווען הארבע שאלות. ער איז איבערהויפּט געווען פאַך־מאַן און ליבהאָבער פון ספּאָרט. די צוויי זאַ־כען האָט ער געוואוסט נישט שלעכט, ווייטער האָט ער געלערענט נאָר דאָס נויטיגסטע, וואָס מען ברויך אין לעבען און וואָס איז נוי־טיג פּאַר אַ מענשען פון דער געזעלשאַפט און אַ פערזאָן פון זיין קרייז. דערצו איז ער בכלל ווייט געווען פון חקירה. האָט איהם אינ־טערעסירט די אָדער יענע פראַגע, האָט ער זיך, ווי יעדער קולטו־רעלער מענש, געווענדעט צו אויטאָריטעטען און איבערגעלעזען די אָדער יענע בעהאַנדלונג איבער דעם דאָזיגען ענין. די געשיכטע פון מוזיק האָט איהם גראַדע נישט אינטערעסירט, כאָטש ער איז געווען נישט קיין שלעכטער וויאָלין־שפּילער און איז דער פּיאַנאָ אויך גע־ווען נישט פרעמד. נאָר פּאַר ברוכ׳ן איז געווען געוווג זיינע אַלגע־מיינע ידיעות אויך. שטיצענדיג זיך אויף זיי, האָט ער שוין דעם תּוך גענפּרובט זוכען אַליין, נאָר דערביי האָט זיך איהם געוואָלט וויסען, אין וועלכער תּקופה פון דער קולטור־געשיכטע האָט געלעבט דער ביבלישער יובל. איהם האָט זיך געלאָזט גלויבען, אַז צו יענער צייט איז די חכמה פון מוזיק ענטפּלעקט געוואָרען דעם מענשען אויפ׳ן געטליכען אופן.

דער דאָזיגער אַרט דענקען האָט ביי לעאָנ׳ען אָפּט אַרויסגערופען אַ גוטמוטיגען שמייכעל, נאָר דערביי איז איהם געווען אינטערעסאַנט, ווי אַזוי ברוך הערט אויס מיט עקשנות יענעמס מיינונג און גיט דער־נאָך אַ זאָג עפּיס אַזוינס פון זיך אַליין, אַזעלכעס אין תּוך אַריין גע־נומען און הויבט אָן ענטוויקלען זיין געדאַנק ביז ער קומט צו אַ יודישען שטאַנדפּונקט, וואו ער פיהלט זיך פריי און איז זיכער, אַז דאָ איז דער גרונד פון אַלץ. דערביי איז ער צו אַלצדינג קריטיש

געזאָגנען און איז אין זיין אַרט לעבען לחלוטין נישט פרום. פאַר לעאָנ׳ען דעם איידאָפּעישען ימים-נוראים־יודען, זיצענדיג אינ׳ם טויבען ווינקעל אויפ׳ן ישוב, איז עס געוועזן נאָך מעהר ווי אינטערעסאַנט. ברוך איז געוועזן אַ מענש נישט פון זיין קרייז און גערעדט האָט ער מיט איהם פון אַלץ, נאָר דורך יענעמס איין וואָרט גאַנץ אָפט אַ גע־לונגענעם איז תמיד ביי זיי דאָס געשפּרעך אַריבער אויף יודען און יודישקייט. איהם פּערזענליך האָט די יודען־פראַגע קיינמאָל נישט אינטערעסירט. אין רוסלאַנד געבוירען און אין דייטשלאַנד ערצויגען האָט ער זיך תמיד געפיהלט האַלב־רוס און האַלב־דייטש, נאָר וויינ־ גער פון אַלץ יוד. דאָך געוויסע מיינונגען וועגען יודענטהום פון אוי־ טאָריטעטען זענען איהם געוועזן מעהר אָדער וויניגער בעקענט צוליב זיין יונגערען ברודער, וועלכער איז אין זיינע סטודענטען־יאָהרען געוועזן אַנ׳איבערגעגעבענער ציוניסט און האָט איהם אויך נישט איינ־ מאָל געוואָלט מאַכען פאַר אַזעלכען. די דאָזיגע מיינונגען פון גע־ לעהרטע האָט ער אויך אַרויסגעזאָגט ברוכ׳ן, נאָר יענער האָט עס אַלץ צוגענומען לויט זיינע אייגענע השגות.

—ניין, ס׳איז נישט דאָס!—האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן, וואָס לאָזט זיך נישט איבערשפּאַרען—זיי בלאָנדזען, אַלע בלאָנדזען זיי: די ציונים, וואָס זענען מבטל דעם גלות און די אַנדערע, וואָס זאָגען איהם שבחים. לערנען די פעלקער. אַ רעכט שטיקעל מלאכה. אומשלעפּען זיך מיט׳ן הויקער פון לאַנד צו לאַנד און לערנען די גוים יושר. לערנען זיי מדת־הדין און מדת-הרחמים און דערווייל בוקען זיך צו זיי, אָבגעבען זיי כבוד און זיין ביי זיי אויף חוזק. איך וואָלט זיי מוחל געוועזןביידע זאַכען. און איהר, פאַני לעווי, זענט אפשר גע־ רעכט. זיי, די שטאַרקע, די געבילדעטע אומות העולם בעשטעהען טאַקע נישט אין אונזער הדרכה. זיי, די יידען, האָבען זיך זייער דין און זייער רחמים און אפשר נישט קיין ערגערע פון אונזערע, נאָר פאַר זיי אַליין. ס׳איז היידענטהום, און היידענטהום איז גוט פאַר היידען. דער נביא האָט אפשר אויך געמיינט יעדען נאָך זיין יכולת. דער וואָלף מיט זיין דין פאַר איהם און די שאָף מיט איהר דין פאַר זיך. און אַז יעדערער וועט געהן מיט דער אייגענער שיטה נאָר פאַר זיך, וועט יעדער בעזונדער אפשר האָבען אַ קיום נישט שטערענדיג איינס דאָס אַנדערע.

אַנ׳אַנדערש מאָל האָט ער גערעדט רוהיגער.

—ווען איך בין נישט אַזוי צוגעבונדען צום אָרט, וואָלט איך געווען אַ ציוני. בכלל איז דאָך זייער שיטה אַנ׳אמת׳ע. זענט אייך טאַקע געזונט איהר אומות־העולם מיט אייער חכמה און עשירות. שלאָגט איינס דאָס אַנדערע. ארבט אייך דעם גאַנצען כדור הארץ. איך וויל אייך קיין יושר נישט לערנען. לאָזט מיך נאָר זיך בעזעצען אין מיין ווינקעלע מיט׳ן אָרימען שטיבעל און מיין אייגען שטיקעל ערד. אייך יועט ווערען געראַמער און מיר בעסער. מיין גבירה׳שאַפט ביי אייך אין שכנות האָט סיי ווי נישט קיין ממשות. דאַכט זיך אַ גלייכע זאַך פאַרביידע צדדים. שטעהט אָבער אין דער מיט דער יחיד און דער יחיד האָט זיך אין גלות אַ היים געמאַכט. ער איז צוגעבונדען צום אָרט, ווי אַ הונד.

—איזט איהנען די קרעטשמע זאָ בעליבט? די זומפפע?—איז איהם לעאָן אַריינגעפאַלען אין די רייד מיט אַ גוטמוטיגען שמייכעל.

—איך האָב קריוואָ־דוב אויך ליב, אָלעסיע אויך. דאָס שטעדטיל איז אויך מיינס, די שטאָדט אויך.

—יאַ, דאַס איזט נאַטירליך. מיר זענען היער געבוירען. האַבען מיר ליב אונזער היימאַט. אַלס מיין געבורטס־אָרט האַב איך עס אויך ליב.

—ס׳איז נישט דאָס, פאַני לעווי. איהר האָט ליב רוסלאַנד אַלס רוס, דייטשלאַנד אַלס דייטש און איך האָב ליב זאַבאָלאָטאָוו אַלס יוד. זאָל עס זיין רוסלאַנד, זאָל עס זיין די „הרי חשך״. ס׳איז מיין היים און איך האָב מיין היים ליב, ווי אַ יוד.

—יודישליך—האָט לעאָן געלאַכט.

—נאָר ווי אַ יוד.

—יאַ, הער ברוך, זיי האַבען רעכט, אַלע בלאָנדזען זיי, ווי זיי דריקען זיך אויס, אַבער זיי האַבען די וועלט זאָ וויניג קאַנען, זאָ וויניג אין איהרעם לעבען געזעהן. יאַ, מיין הער, עס ווערד שוין אַלעס רעכט זיין, אַם ענדע זאָמערס וועלען מיר צוזאַמען איין רייזע נאַך אויסלאַנד מאַכען איך וועל איהנען מיט אייראָפּא בעקאַנט מאַכען. דאַן וועלען זיי ווירקליך וויסען, ווי די „גוים״ זענען געבילדעט און קלוג. מעגליך דאָס איהרע עכט־יודישע ליבע צו זאַבאָלאָטאָוו וועט אויך איין וויניג קיהלער ווערען. זיי וועלען דערזעהן דאָס קולטורעלע דייטשלאַנד, ווערדען זיי זיכער באַלד ענטציקט ווערען. מען קאַן עס זאָגאַר ליבען גאַנץ יודישליך.

ברוך האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט. ער איז געזעסען פער־טראכט אין זיינע אייגענע רעיונות, גאנץ ווייטע פונם דאָזיגען שמועס. פון זיך פערזענליך האָט ער מיט לעאָנ'ען קיינמאָל נישט גערעדט און יענעם האָט נאטירליך נישט געקאָנט איינפאלען, ער, ברוך, זאָל זיך ארומטראָגען מיט פאנטאסטישע פלענער וועגען טעכנישע בילדונג, וועגען שיידען זיך מיט ווייב און קינד און אוועקפאָהרען מיט א געליבט מיידעל קיין אמעריקא, וועלכע ציהט איהם צו זיך מיט איהר ענטוויקלונג און פרייהייט נאָך פון די יונגעלשע יאָהרען זיינע. לעאָן וואָלט זיך עס אפילו אין חלום נישט געקאָנט פאָרשטעלען, כאָטש ער איז זיכער געווען, אז ער קען ברוכ'ן, ווי זיך אליין. דערצו האָט ער איהם באמת ליעב געהאט, כאָטש טיעף אין הארצען האָט ער נאָך אלץ געגלויבט, אז אין געשעפט גנב'עט ער, ווי אנדערע זיין גלייכען. נור ער האָט עס איהם לייכט מוחל געווען אלס פאמיליען־פאָטער און אלס מענשען פון זיין קרייז. אזוי האָט ער איהם אויך פאָרגעשטעלט פארן אלטען, ווען יענער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין זאבלאָטאָוו.

— פאָטער — האָט ער געזאָגט, בלייבענדיג מיט איהם אליין אין צימער — דיזער ברוך איזט זעהער איין טיכטיגער יונגע. ער איזט היער געבאָרען און קען זעלטען גוט די וועלדער, אויך די געגענד אין אל־געמיינען. דערצו איזט ער זעהר בעגאבט און איזט א פעהיגער גע־שעפטס - פיהרער, אָבער, פאָטר, איך גלאוב דאס ער אין געוויסען אנגעלעגענהייטען אוך שטיילען קאן. אללענפאלס ניכט מעהר ווי איין אנדערער.

דער גרייז - גרויער ר' פנחס, א שעהנער און מעכטיגער זקן מיט לויטערע אויגען, ווי ער וואָלט ערשט פון א יוגענד־חלום ערוואכט, איז געזעסען אויף א ווייך־געבעטער שטול אָנגעלעהט מיט דער רעכ־טער האנד אויף זיין גרויען שטעקען און האָט בעטראכט די ווענד פון דער נייער קאנטאָר, וועלכע זענען נאָך אָהן טינק געווען און האָבען מיט פרי־שען מאָך געשמעקט.

— איז ער קלוג? — האָט דער אלטער געפרעגט, טוליענדיג זיך אין זיין לייכטען ציגען־וואָלקענס מאנטעל.

— אָ, יא!

— אפשר צו קלוג? פערשטעהסטו, א קלוגער גנב איז אָהן אנ'אום־גליק. אזעלכער וועט מיר אויך עפּעס איבערלאָזען. אבער צו קלוג...

—ניין! אין אַלגעמיינען איזט ער איין בראַווער מאַן. איך קען איהן גוט. ווען איך געזאַגט האַבע דאַס ער אַוך שטילען קאַן, איזט עס בלויז מיין געדאַנק. איך האַבע דיר נור געוואָלט דערויף אויפ־מערקזאַם מאַכען דאַס ער ווייניג געהאַלט בעקאָמט. אונזערער אַ מענש דאַרף אַנשטענדיג פערדינען אום אַנשטענדיג לעבען צו קענען. ער בעקאָמט דאָך נור זעכציגרובל מאָנאַטליך.

—און וויפיל וואָלט ער נאָך דיין מיינונג געדאַרפט בעקומען?

—איך געפין, אַז מען דאַרף איהם גלייך געבען הונדערט. ער איז דאָך פאַקטיש דאָ פערוואַלטער און אויף דעם זעלבען פּאָסטען אין אָרעשניקי בעקומט ביי אונז דער הער שפּיראָ צוויי טויזענד רובל יעהרליך.

—העכערען אַזוי פיל מיט אַמאָל איז אָבער נישט בעקוועם—האָט זיך ר' פּנחס געקנייטשט, נאָר לעאָן איז צוגעשטאַנען

—אָ, דאַס איזט גאָר ניכט! מיר ווען עס זאָ מאַכט ס'זאָל איין גוטער לוינע פון דיינער זייטע בעדייטען. ער איזט איין פאַמי־ליען־פאַטער און האַט אַ שוואַכע פראַו.

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך דער אַלטער אומגעקוקט צו איהם מיט האַלב־פערמאַכטע אויגען, ווי ער וואָלט ווען עפּיס גוט בעטראַכטען און לעאָן, וועלכער איז די גאַנצע צייט אומגעגאַנגען אַהין און צוריק איבער'ן צימער, איז שטעהן געבליבען. פאָטער און זוהן האָבען זיך מיט די בליקען בעגעגענט... איין אויגען־בליק איז עס געווען... לעאָן איז בלאַס געוואָרען און האָט זיך אָבגעקעהרט אין אַ זייט...

—גוט!—האָט דער אַלטער געזאָגט רוהיג—זאָג איהם אין מיין נאָמען, אַז איך העכער איהם ביז הונדערט.

לעאָן האָט נישט געענטפערט און איז אַ ברוגז'ער אַרויס פון צימער.

ג.

ענדע זומער איז אין זאַבאָלאָטאָוו געוואָרען אַ פאָלקאָמע אָרדע־נונג. די אַרבייט דורך דאַמף און מענשען־שווייס איז אַוועק רעגו־

לער טאָג־טעגליך, יוי אַ זייגער. לעאָן האָט דאָס הויז זיינס געענדיגט, איינגעהאַנדעלט אין אַ פּריצ׳ישען הויף ביי אַ שכן אַ פּאָר פערד גרויסע מיוחסים, אויסגעשריבען אַ פּאַעטאָן און איז אַוועקגעפאָהרען אָבּרוהען זיך צו זיין פאַמיליע, וועלכע האָט פערבראַכט דעם זומער צווישען די אַלפּען־בערג אין אַ דערפעל פון דער שווייץ. זיין פּלאַן איז געווען פערברענגען דאָרטען אַ וואָך דריי־פיר, דערנאָך בעזוכען פּאַריז, וואוהין ס׳האָט זיך איהם די לעצטע פּאָר יאָהר שטאַרק געבענקט און אויף דער רייזע צוריק בעגעגענען זיך מיט דער פרוי און קינדער אין בערלין, כדי פאָהרען צוזאַמען אַהיים קיין זאַבּאָלאָטאָוו, וואו ער האָט בעשלאָסען צו בעזעצען זיך אויף אַ לענגערע צייט.

דערביי האָט ער אויך אין זינען געהאַט ברוכ׳ן. דאָס וואָרט צו ווייזען איהם אייראָפּא האָט לעאָן געהאַלטען פאַר אַ חוב. דערצו איז ער נאָך אַלץ געווען פערליבּט אין זיין אייגענאַרטיגקייט און שטאַרק פעראינטערעסירט צו ריידען מיט איהם, זעהען ווי אַזוי אַזאַ רויהער אָריגינאַל וועט אויפנעמען די איינדריקען פון מענשען און לענדער, וועלכע קומען איהם דאָס ערשטע מאָל פאַר די אויגען. דער פּלאַן פון ברוכ׳ס רייזע איז אויך געווען בעשטימט פון פריהער. ער האָט איהם אָפּיציעל געגעבען אורלויב אויף אַ חודש און צווישען זיך האָבען זיי אָבּגערעדט ער זאָל שפּעטער מיט אַ וואָך נאָך זיין אָבּרייזען קומען צו איהם אין דער שווייץ, וועלען זיי נאָך די עטליכע טעג, וואָס ער וועט פערברענגען אין זיין פאַמיליע אַלס גאַסט, אַוועקפאָהרען ביידע אַ ביסעל איבער׳ן לאַנד און דערנאָך קיין פּאַריז ביז זיי וועלען זיך אומקערען קיין בערלין, וואו עס וועט זיי ערוואַרטען זיין פאַמיליע.

---

דאָס דערפעל, וואו די פאמיליע לעווי האָט געוואוינט, איז געלעגען ביים טהונער זעע אין דער הויך געטוליעט צווישען בערג, ווי אַ ווייסע אָדלער־נעסט, אַ בעוואַכטע פון צ גרויסען פעלז מיט אַ האָרן אין דער שפּיץ. אין דער נידער האָט זיך ;עשפּרייט אַ טהאָל אין טונקעלע גרינסען אַ פערבליהטער און דערביי די רוהיגע תכלת-בלויע וואַסער-פלעכע, מינענדיג זיך איז די גרינע שאָטענס פון די אַרומיגע בערג און פעלזען.

ברוך איז אַראָב אויף דער קליינער בערג־סטאַנציע, ווי אַן׳עכ־טער ספּאָרטסמען געקליידעט אין אַ גרויען רייזע־מאַנטעל מיט אַ קליין היטעלע, וואָס ער האָט זיך לויט לעאָנ׳ס רעקאָמענדאַציע איינגעהאַנ־דעלט אין בערלין. ער האָט אויסגעוואַרט ביז דער צוג איז אַוועק ווייטער און אָבגעבענדיג זיין געפּעק צום בעהאַלטען, האָט ער גוט בעטראַכט דעם וואָקזאַל, די פּאָהן איבער׳ן דאַך, פון וועלכע קאָלי־רען זי איז צונויפגעשטעלט און איז זיך אַוועק מיט׳ן ווייס-געברוקיר־טען וועג אין דער זייט צו לעאָנ׳ס ווילע.

ס׳איז געווען אַ לינדער וואָלקענדיגער נאָכמיטאָג. די בערג האָ־בען זיך געהילט אין בלוי־ווייסע נעבלען. זיי צופּוסענס איז געלעגען די טהונער זעע, אַ בלאַסע פערוויגט אין איהרע ברעגען, ווי זי וואָלט נאָכ׳ן פאַרבען-שפּיל פון דער זון געבענקט. אַרום איז געווען שטיל. ברוך איז געגאַנגען לאַנגזאַם אַ רוהיגער, אַ צופרידענער, שלינגענדיג די ריינע בערג־לופט און האָט זיך פון צייט־צו־צייט אומגעקעהרט צוריק מיט׳ן ועלבען וועג. עפּיס האָט ער זיך געפיהלט ווי אַ פער־בלאָנזעטער אין אַ לאַנד, פון וועלכען ס׳ווערט דערצעהלט אין אגדות און איז געווען ווייט, ווייט פון דער היים מיט׳ן אַלטעגליכען לעבען זיינעם. בעגעגענענדיג וואו־נישט־וואו אַ פויער אין אַ פלאַכען שטרוי־הוט מיט אַ וואָגען פרישע היי, אָדער אַ פויערטע אָנגעטהון אין אַ ברייטען פאַרטוך און אַן׳אַלטמאָדישער פאַסטערקע מיט אַן׳אָנגעלאָדע־נעם קויש געוואַשען גרעט אויף דער האַנד, איז ער שטעהן געבלי־בען און האָט זיך געוואונדערט אויף זיי. עפּיס איז עס איהם אויס־געקומען קאָמיש, וואָס דאָ פערנעהמט מען זיך אויך מיט אַזעלכע פשוט׳ע זאַכען, ווי דאָרטען ווייט אין זיין היים אויפ׳ן זומפּיגען ישוב. די וועגען און שטעגלעך פערטרונקענע אין גרינסען, וועלכע האָבען ערגעץ הויך אויף די בערג געפיהרט, האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, זענען נאָר בעשאַפען געוואָרען אויף צו שפּאַצירען-און דאָס פיהרט מען גאָר היי. אַ פרוי בעגיסט זיך מיט שווייס, טראָגענדיג אַ שווערע משא. האָרעוועט, מסתמא, אויפ׳ן שטיקעל ברויט, אַזוי ווי דאָרטען. ער האָט אַ שמייכעל געטהון איבער זיינע אייגענע געדאַנקען און איז אַוועק ווייטער.

דער וועג האָט זיך אויסגעדרעהט האַלב־קיילעכדיג בעהנטער צום טהונער זעע. איצט איז עס געווען גאָר נאָהענט. אַ שמאָל שטעגעלע פון לינקס האָט געפיהרט גלייך צום וואַסער און ברוכ׳ן איז איינגע־

פּאַלען צו געהן אַ קוק טהון דעם ברעג. ער האָט געוואָרפען אַ בליק אין דער הויך צו לעאָנ׳ס ווילע, וואו זי וועט אויסקומען, אַז ער וועט זיך פערנעהמען אין אַנ׳אַנדער זייט אַריין און איז אַוועק לינקס. נאָר דער ברעג איז נישט געווען אַזוי נאָהענט, ווי איהם האָט זיך געדאַכט. דאָס שטעגעל האָט נישט געפיהרט גלייך צום וואַסער, נאָר געדרעהט זיך אין זיגזאַגען איבער אַ ברייטער לאָנקע ביז צו עפּיס אַ שען שטיבעל, אַ ווייס און אַ צוויי שטאָק די הויך מיט אָפענע פענסטער אויפ׳ן לאַך אַרויס. מיט אַמאָל איז איבער׳ן העל-בעגרינטען וואַסער אַ גילדענער פּאַס געפאַלען און אַ רייהע מילך-ווייסע שוואַנען-העלזער האָבען זיך פון וואַסער, ווי ליכטלעך אָנגעצונדען. ברוך האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלען וואָס דאָס איז אַזוינס. דאָס ליכט איז געווען ווי פון דער זון און דער הימעל האָט אויסגעזעהן איין גרויער שטיק וואָלקען. נאָר אַז ער איז העט צום ברעג צוגעקומען האָט ער דערזעהן, אַז דאָס איז ווירקליך די זון, וועלכע פערגעהט ערגעץ הינטער די ברעג. אַ שטראַהל פון דאָרטען האָט דורכגעדרונגען צווישען צוויי פעלזען און איז ווי אַ גין-גאָלדענער שטרייף איבער׳ן וואַסער געפאַלען. ער האָט זיך אומגעקוקט אַהינטער צו לעאָנ׳ס ווילע, ערשט דער פעלז איבער זיין דאַך מיט׳ן האָרן אין דער שפּיץ ברענט אין פלאַמען און די בערג זענען טונקעל-בלוי.

—וואָס איז היינט?—האָט ער געטראַכט—וואו בין איך?...

איין אויגען-בליק האָט עס געדויערט און דער פעלז איז פערלאָשען געוואָרען. ברוך האָט זיך אָנגעבויגען צום וואַסער וואַשען די הענד און שייל אָנגעהויבען מנחה צו דאַווענען, ווי ער פלעגט עס טהון מיט יאָהרען צוריק, ווען ער איז נאָך אַ פרום יונגעל געווען. נאָר אין דער רגע האָט איהם אימיצער ביי דער האַנד אָנגעריהרט און ער איז ערשטוינט געבליבען. נעבען איהם איז געשטאַנען מיט אַ פלעד אויף די אַקסלען זיין יונגער בעל-הבית לעאָן לעווי.

—ווילדער יודע!—האָט יענער אויסגעשריען דערפרעהט—ווען זענען זיי געקאָמען? איך ערוואַרטע זיי שאָן זייט אייניגען טאַגען. וואַרום האַבען זיי נישט דעפּעשירט?

ברוך האָט איהם געדריקט די האַנד אַ צוטראָגענער, קוקענדיג אַלעמאָל אין דער הויך צום האָרן, וועלכער האָט נאָר וואָס געגליהט אין פלאַמען און דערביי האָט ער נישט אויפגעהערט פאַר זיך „אשרי" צו זאָגען.

—וואַס איזט דאַס? אַוואַנד-געבעט?—איז לעאָן מבולבל געוואָרען.

—אָט דאָ איז נאָר וואָס פערגאַנגען די זון—האָט ער אָנגעוויזען צו די בערג אין מערב־זייט—איך בין געקומען דריי אַ זייגער. אויף דער סטאַנציע קיין פוהרלעך האָט מען נישט געזעהן. האָב איך אי־בערגעגעבען דאָרטען דעם באַגאַזש און האָב זיך געלאָזט געהן צו אייך. נאָר מיטען וועג האָט זיך מיר פערגלוסט צו געהן צום ברעג. און דאָרטען רוישט עפּיס. זאָל עס זיין אַ וואַסער-מיהל?

—אַבער דאַס אַוואַנד־געבעט?...

ברוך האָט לייכט געשמייכעלט, נאָר מעהר צו זיך אַליין, ווי אויף לעאָנ׳ס פראַגע.

—איך האָב זיך פערטראַכט... טאַקע נאָר פערטראַכט זיך. ווי אַזוי איז טאַקע מיט אַמאָל מיר איינגעפאַלען זאָגען „אשרי״?... ס׳טרעפט, מען פערטראַכט זיך אַ ביסעל...

לעאָן איז זיך פערגאַנגען פון געלעכטער.

—זאָ, מיין גוטער ברוך. דאַס האָט זיי די שענהייט דער נאַטור זאָ געשטימט, יאַ. יעצט פערשטעה איך. זיי האַבען דען טהונער זעע אַוך ליב יודישליך. אָריגינעל! אַבער, מיין הער, קעהרען מיר נאַך האַוזע. איך ווערדע זי מיינער פראַו פאָרשטעלען. זיי האַבען דאָך ניכט געגעסען. מען מוז דען יונגען נאַך דעם געפעק שיקען. זיי בראַו־כען אַוך איין ווייניג רוהען. קאָמען זיי, מיין גוטער ברוך. איך בין זעהער גערען זי אין מיינעם האַוז אַלס גאַסט צו האַבען.

ברוך האָט זיך שטיל געלאָזט געהן נאָך זיין יונגען פרינציפּאַל באַ־ג אַרויף צו דער ווייסער ווילע אונטער׳ן שניי־האָרן.

ווען זיי זענען אַהיים געקומען איז שוין שטאָק-פינסטער געווען.

די ווילע, געבויט אין אַלטען סטיל, ווי אַ שאַליע, האָט גע־שטראַהלט מיט העלע פייערען פון אַלע פענסטער און טעראַסען, ווי אינעווייניג וואָלט דאָרטען ערגיץ געפלאָסען אַ ליכט־קוואַל. פון די צימערען האָט זיך געהערט אַ געזאַנג פון אַ מענערישער באַסען־שטים אין דער בעגלייטונג פון פיאַנאָ און דערביי אַ לעבהאַפט רוסיש גע־שפּרעך איבערגעמישט מיט פראַנצויזישע און דייטשע פראַזען. די ווירטין, אַנגאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ אַליין האָבען זיי געטראָפען אויף דער טעראַסע אונטער׳ן האָרן, זיצענדיג אויף אַ וויג־שטוהל אין אַ ווייסער טוך געהילט מיט אַנ׳אָפענעם בוך אויף די קניהען.

—אַננושקאַ!—האָט איהר לעאָן געזאָגט אין רוסיש—אָט איז אונ־

זער גאַסט, פון וועלכען איך האָב דיר דערצעהלט. שטעל זיך פאָר אָט דערווילדער מענש איז נאָך געקומען בייטאָג דריי אַ זייגער און האָט זיך ביז איצט נישט געוויזען. צופעליג האָב איך איהם געטראָפען אויפ׳ן ברעג. אַננכען טייערע, האָדעווע איהם אָן. ער האָט אַ גאַנצען טאָג געהונגערט.

אַננאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ, וועלכע איז געזעסען אַ צוקלעמטע שוין פון אַ פּאָר שעה, ווייל דער מאַן איז אַוועק שפּאַצירען, נישט פּרעגענדיג אויב זי וויל אויך געהן, האָט עס אויסגעהערט מיט דער רוהיג שטאָלצער האַלטונג, וואָס גיט זיך נאָר מענשען מיט אַ פיינגעשליפענער ערציהונג און אין רייכטום געבוירענע. נישט ריהרענדיג זיך פון אָרט, האָט זי ברוכ׳ן איהר צאַרטע האַלב-נאַקעטע האַנד אויסגעשטרעקט און האָט מיט אַ קלוגען ווייבליך-זיכערען בליק אַ קוק געטהון אויף איהם. ער איז איהר געפעלען געוואָרען. שטעהענדיג אַזוי נעבען לעאָנ׳ען, וועלכער איז געווען קליין געוואַקסען, מאָגער, דער קאָפּ אַש-בלאָנד און צוגעגלעט, האָט ער אויסגעזעהן גרויס און מעכטיג, ווי אַ ריז. די אויגען זענען איהם געווען קוילען-שוואַרץ.

—ניין—האָט זי געזאָגט מיט אַ מילדען ערענסט אין זאַנפט-רוסישע טענער—ער וועט איצט קיין אָווענד-ברויט נישט בעקומען. מען מוז איהם בעשטראָפען דערפאַר וואָס ער איז נישט געקומען צום מיטאָג.

ברוך איז געווען אָנגעשטרענגט און מיד. די דאָזיגע עלעגאַנט-רייכע פרוי מיט איהר מילד-ווייבערישער גדלות האָט איהם אויפ׳ן ערשטען בליק איבערראַשט. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען האָט ער געזעהן אַזעלכע אַזוי נאָהענט און אַזוי היימיש. אַנטקעגען דעם עלעקטרישען ליכט האָט זי איהם פונ׳ם ווייסען פוכענעם שאַל אַרויס געבלענדט מיט אַ צאַרטען ווייכען גלאַנץ און איהר פאַרפומען-דופט איז געווען אַזוי לייכט און אַזוי אָנגענעהם, ווי אַ מאָרגען-ווינדטעל אין אַ פערבליהטען גאָרטען. ער האָט זיך אָנגעהויבען פערענטפערען און איז געווען קאָמיש מיט זיין העפליכקייט. ביי אַננאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ האָט עס אַרויסגערופען אַ גוטמוטהיגען שמייכעל און ער איז דערפאַר אויף זיך אַליין אין כעס געוואָרען. דערצו האָט ער גערעדט רוסיש, פיהלענדיג דעם שלעכטען אַקצענט זיינעם און איז דערפאַר אויף זיך נאָך מעהר ברוגז געווען. נאָר לעאָן האָט עס אַלצדינג אָנגענומען פאַר גוט, ווי תמיד און איז בכלל געווען זעהער וואויל געשטימט.

—יאַ, יאַ, הער ברוך. שפּרעכן זיי מיט מיינער פּראַו רוסיש. אננאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ איזט איין רוסישע פּאַטריאָטין. ניכט וואַהר, אננכען?

—און די טהונער-זעע ווי אַזוי האָבען זיי ליב? אויך רוסיש? האָט ברוך געפרעגט, דערמאָנענדיג זיך אָן לעאָנ׳ס ווערטער דאָרטען אויפ׳ן בּרעג.

—געוויס.

אננאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ האָט עס אָנגענומען פאַר אַ וויץ, נאָר נישט קיין געלונגענעם.

—און עסען ווילט איהר ביי אונז אויך אויף רוסיש?

די מענער האָבען זיך צולאַכט.

זי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און האָט אָנגעקלונגען. גלייך האָט זיך בעוויזען אַן׳עלעגאַנט דינסט-מיידעל מיט אַ קלאָר הייבל אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ און איז שטעהן געבליבען אויף דער שוועל שטיל און בעשיידען, ווי אַ בעל-הבתּישע טאָכטער אַ צנועה. אננאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ האָט איהר בעפוילען דורכפיהרען דעם גאַסט אין׳ם ווינקעל-חדר, וואָס נעבען קאַבינעט. דערנאָך האָט זי אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צו ברוכ׳ן און האָט איהם געזאָגט מיט דער זעלבער ערענסטער הנ׳דל, וואָס פריהער.

—געהט אין אייער צימער און פרישט זיך אָב מיט קאַלט וואַסער, נאָר מאַכט עס גיך. אין אַ האַלבע שעה אַרום וועט מען אייך רופען צום טיש. היינטיגס מאָל ווערט אייך אייער עברה געשענקט, נאָר אויף ווייטער היט זיך. אין דעם זין איז ביי אונז שטרענג.

ברוך איז ווידער איבעראַשט געוואָרען פון איהר, נאָר דאָס מאָל שוין אויף אַנ׳אַנדער שטייגער. איצט האָט ער געזעהן, אַז בּאַ איהר איז זעהער אַ לאַנגע נאָז מיט אַ שפּיציגער גאָמבע און זי האָט לחלוטין קיין ברעמען נישט. דערצו איז זי זעהער אַ דאַרע און ער האָט איצט פערשטאַנען דעם כח פון דער ווייסער שאַל מיט׳ן מאַט-בלויען קלייד און די שוימענדע קרייז פון זייד-שפּיצען אַרום האַלז און די הענד. נאָר ס׳איז איהם דוקא געפעלען געוועזן. ער האָט זיך פערנייגט צו איהר און איז אַוועק נאָכ׳ן מיידעל צו זיך אין צימער.

דער טיש איז געווען געגרייט אויף דער צווייטער טעראַסע מיט די אויסזיכטען אויפ׳ן טהונער-זעע. ס׳איז געווען אַ פינסטערע נאַכט אין ענדע זומער. אַרום זענען די בערג, ווי שוואַרצע שטומע שאָ-

טענס געשטאַנען און איבער זיי האָט זיך אין דער וויטער לופט קוים געצייכענט אַנ'איינזאַמער פעלז, אַנ'עלענדער צווישען הימעל און ערד און לינקס דער האָרן, ווי אַ שאָטען פון אַ טורעם. אונטען איז דאָס רונדע וואַסער-שפּיגעל אין דער נאַכט-פינסטערניש געווען פערבאָרגען. איינציג-בלאָנדזענדע פייערלעך נאָר, פערשעמטע דורך אַ בליק פון אַ פערעל-העלען שטערען פון דער הויך אַראָב, האָבען עדות געזאָגט, אַז זיי בעוואַכען די שענע ברעגען. אונטער די פענסטער האָבען גע-רוישט די בערג-שטראָמען. די לופט איז געווען לייכט און קרעפטיג, נאָר קיהל. אָווענד-ברויט האָט מען געגעסען ביי פערמאַכטע פאָרהאַנגען.

ווען ברוך איז אַרויסגעקומען זענען שוין אַלע ביים טיש גע-זעסען. די גובערנאַנטין מיט די קינדער האָבען געגעסען אָווענד-ברויט פונקטליך זיבען דעם זייגער און זענען שוין געווען אין זייערע צי-מערען צום רוהען. איצט איז עס געווען דער טיש געגרייט פאַר די בעל-הבתים אַליין און פאַר געסט, וועלכע אַננאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ האָט ליב געהאַט אויפנעהמען אין אַלע צייטען פון יאָהר. צו דער צייט איז ביי איהר גראַדע געווען אַנ'איינגער קרייז פון איהר אייגענער משפּחה: אַ ברודערס אַ טאָכטער, אַ פריילין, וואָס איז געקומען אינאיי-נעם מיט איהר אין דער שווייץ, אַ געוועזענער סטודענט איהרער אַ קוזין מיט אַ כּלה, אַ שילערין פון פּאַריזער קאָנסערוואַטאָריום און אַ יונגער דאָקטאָר דעם דאָזיגען מיידעלס אַ ברודער.

אַננאַ סאַלאָמאָנאָוונאַ האָט זיי אַלעמען פאָרגעשטעלט ברוכ'ן און האָט איהם אַוועקגעזעצט ביי דער רעכטער האַנד נעבען זיך. ער האָט זיך באַלד דערפיהלט שלעכט אין דער דאָזיגער געזעלשאַפט און איז געבליבען זיצען, ווי אַ ברוגז'ער. ער איז ווידער געווען אין כּעס אויף זיך אַליין וואָס ער, ברוך, ווערט איבעראַשט פון לעאָנ'ס עשירות, פונ'ם ווייסען מין געצעלט מיט די געגילטע פאָרהאַנגען, פון די תּריג טיש-מכשירים, וועלכע ער ווייס אַפילו נישט ווי אַזוי אין האַנד צו נעהמען און פון זיינע געסט די געשטודירטע יונגלעך און מיידלעך. וואָס איז עס שייך צו איהם? אויב מקנא זיין, אויב מבולבל ווערען, איז נאָך פאַרהאַן גרעסערע גבירים פון די לעוויס אויך. ער איז גע-פאָהרען זעהן און קענען די וועלט, נישט נתפּעל ווערען פון יעדער זאַך, ווי עס וואָלט זיך אַליין נוגע געווען. נאָר קריטיקירענדיג אַזוי זיך אַליין, איז ער געזעסען אַנ'אָנגעשטרענגטער אַנטקעגען דעם סטו-

דענטס כּלה און האָט נישט געהאַט קיין מוטה פּשוט אַ קוק טהון איהר אין פּנים אַריין.

דער שמועס ביים טיש איז געוואָרען אַנ׳אַלגעמיינער. נאָר דער מיטלפּונקט איז דורכאויס געווען זי די יונגע און שענע פּיאַניסטין. מען האָט איבעראַל גערעדט פֿון מוזיק און זעהער לעבהאַפֿט. ביי דער דאָזיגער קליינער געזעלשאַפֿט איז עס געווען אַ היימישע זאַך און פֿון די גרעסטע וועלט־קינסטלער אין דעם פֿאַך האָט יעדערער געהאַט עפּיס פּיקאַנטעס צו דערצעהלען. לעאָן, דערמאָנענדיג זיך די זאַבּאָ־לאָטאָווער גרונדליכע געשפּרעכען וועגען מוזיק מיט ברוכ׳ן, האָט ער איהם אויך געוואָלט אַריינציהען אינ׳ם שמועס און האָט אַ פּאָר מאָל געפּרובט איהם אַרויסרופֿען אויף עפּיס אַנ׳אָריגינעלען איינפֿאַל, אַ פּרימיטיווען, נאָר אַנ׳אייגענאַרטיגען, ווי ער זאָגט אַמאָל פֿון זיך אַליין. ס׳האָט זיך עס איהם אָבער נישט איינגעגעבען. ברוך איז נישט געווען אין זיין שטימונג, קאַרג אויף ווערטער און בכלל האָט ער זיך געהאַלטען נישט נאַטירליך.

אַ סך בעסער האָט עס געלונגען אַננאַ סאַלאָמאָנאָוונא. זי, די סאַלאָן־דאַמע לויט איהר געבורט און ערציהונג, בעמערקענדיג, אַז דער גאַסט זיצט ביים טיש, ווי אַ דאָרפֿישער חתן, האָט זי איהם גע־לאָזט צורוה מיט די וויאָלין־קלאַנגען און האָט מיט איהם געמאַכט אַ שפּאַציר איבער זאַבאָלאָטאָוו. דערביי האָט זי דעם אַרומיגען עולם אויך מיטגענומען. אַלעמען האָט זי געקרופֿען אַהין צו גאַסט, דער־פֿרעגענדיג זיך ביי ברוכ׳ן געגוי אויב ס׳זענען דאָרטען פֿערהאַן פֿיש אין די טייכען און פֿרוכט אויף די בוימער. צי לויפֿען שוין נישט אַרום קיין וועלף אין די גאַסען, ווי אַמאָל איידער מען האָט געבויט די באַהן־ליניע?

—איצט זענען זיי היימיש געוואָרען—האָט ברוך לסוף געענט־פֿערט מיט אַ שמייכעל—די וועלף פֿאָהרען ביי אונז איצט מיט דער באַהן.

און לעאָן האָט צוגעגעבען ערענסט:

—אין ערשטען קלאַס. און שענע דאַמען האָדעווען זיי מיט דע־ליקאַטעסען.

ביים טיש האָט מען זיך צולאַכט.

אַננאַ סאַלאַמאָנאָוונאַ האָט אויסגעשטראַהלט פֿון שמחה. דער דאָקטאָר, אַ גרויסער ליבהאָבער פֿיש צו פֿאַנגען, האָט זיך דער ער

שטער אַרויסגערופען פּאָהרען אַהינצו אינ׳ם פייל̄ט-ווילדען ווינקעל מיט די טייכען און אָזערעס, צוזאָגענדיג אַננא סאָלאָמאָנאָווּנא פיש וויפיל זי וועט נאָר אַליין וועלען. די פריילין מאַרוסיאַ, איהר ברודערס טאָכטער איז געווען געפעלען אויסטהון זיך בּאָרפוס און געהן דאָרטען איבער די וועלדער קלייבען שוואָמען. אַפילו די מוזיקערין, וועלכע איז נאָך אַלץ געווען אומרוהיג איבער דער צו-הויכער נאָטע, וואָס דער חתן האָט גענומען, זינגענדיג די לעצטע פּאַרטיע, האָט זיך אויך פעראינטערעסירט מיט די אַנטיקען פון זאַבּאָלאָטאָוו. זי איז אויך מסכים געווען פּאָהרען אַהינצו, אויב אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ וועט דאָרטען נאָר פערמאָגען אַ בעסערע פּיאַנאָ, ווי די, וואָס אויף דער ווילע.

צומאָרגענס, ווען דער זעלבער עולם איז זיך צונויפגעקומען ווידער אַמאָל אויף דער טעראַסע צום פרישטיק, האָט ברוך געפעהלט. בּיי זיך אין צימער איז ער אויך נישט געווען און דאָס דינסט-מיידעל האָט געזאָגט, אַז דער גאַסט איז נאָך אַוועק מיט׳ן זונען-אויפגאַנג. אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ האָט זיך זעהער געערגערט דערפון. דער זייגער איז שוין געווען נאָך צעהן און געטרונקען האָט ער גאָרנישט פּאַר׳ן אַוועקגעהן. די גלאָז מילך, וואָס דאָס מיידעל האָט איהם דערלאַנגט, איז שטעהן געבּליבּען אויפ׳ן טיש. דערצו איז איהר געווען נישט אָנגענעהם אימיצער זאָל בּיי איהר אין הויז שטערען דעם סדר פון די מאָלצייט-שטונדען. אַ שלעכטען איינדרוק האָט אויף איהר אויך געמאַכט דער פאַקט, וואָס ברוך האָט זיך פּאַר׳ן שלאָף אָבגעזאָגט פון דער צוגעגרייטער וואַנע. בּיי אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ זענען עס אַלץ געווען אַזעלכע זאַכען, וואָס דיסהאַרמאָנירען דאָס לעבען און מאַכען אויף אַ טאָג נאָכאַנאַנד אַ שלעכטע שטימונג. נאָר ברוך האָט דאָ געהאַט גוטע מליצים. אַ חוץ לעאָנ׳ען האָבען זיך פּאַר איהם איינגעשטעלט די בּיידע פריילינס. איינע איז געווען ענטציקט פון זיינע אויגען, וועלכע האָבען איהר געבּראַכט אַ געריס פונ׳ם ווילד-בּערגיגען קאַווקאַז און דער אַנדערער, דער מוזיקערין, איז געפעלען געווען דער קאָפּ זיינער, נאָר זי האָט איהם געפונען עהנליך אויף אַ דרום-שפּאַניער. בּעזוכענדיג איינע פון די דייטשע קונסט-גאַלעריען האָט זי געזעהן אַ בּילד „איינעז בּאַוער אַוס אַנדאַלוזיען" פונקט מיט אַזאַ קאָפּ ווי בּיי דעם הער בּרוך. די צוויי מיידלעך האָבען זיך אויך אונטערגענומען איהם אויסצוזוכען.

נאָר געפונען האָט איהם צופעליג דער דאָקטאָר. געהענדיג צום

ברעג אַ בעקאַנטע פאַמיליע בעגעגענען. האָט ער דערזעהן ברוכ'ן נע־בען דער פערמע זיצען אויף אַ בענקעלע מיט עפּיס אַנ'אַלטען קליי־ניטשקען פויער, וועלכער האָט זיך מיט אַ נאַקעטען קאָפּ אויף דער זון געוואַרעמט. ער איז שטעהן געבליבען און האָט זיי פערוואונדערט אָנגעקוקט. ווי צוויי אַלטע בעקאַנטע האָבען זיי געשמועסט. דער אַל־טינקער האָט, קייענדיג די ווערטער, דערצעהלט עפּיס פון זיין בעל־הבתישקייט און ברוך האָט פון צייט־צו־צייט אויף זיין יודיש־דייטשער אויסשפּראַכע געשטעלט איהם אַ פראַגע. אינ'ם גרויסען פּאַנאַמאַ-הוט האָט ער דעם דאָקטאָר נישט דערקענט, נאָר אַז יענער איז געבליבען שטעהן האַרט נעבען איהם, האָט ער זיך געשווינד פון אָרט אויפגע־הויבען, געגעבען איהם די האַנד און האָט זיך געכאַפּט פאַר'ן זייגער.

—האַלב צוועלף!—האָט ער געזאָגט אומרוהיג—שוין נאָך פרישׂ־טיג? איך האָב גאָר פערגעסען.

דער דאָקטאָר האָט זיך צולאַכט.

—געהט, די פריילינס וועלען אייך שוין פערענטפערען.

ברוך האָט זיך געזעגענט מיט'ן אַלטען און איז אַוועק מיט גרויסע טריט בּאַרג־אַרויף צו דער ווייסער ווילע.

נאָך דעם רמז אויפ'ן דאָקטאָרס ווערטער האָט ער ערשט פער־שטאַנען ווען ער איז אַריין אין שטוב. דיביידע מיידלעך האָבען זיך שטאַרק דערפרעהט איבער איהם. אונטער די הענד האָבען זיי איהם אַריינגעפיהרט צו אַננא סאָלאָמאָנאָוונא און האָבען איהר אָנגע־הויבען בעטען זי זאָל איהם בעזונדער געבען פרישטיג. נאָר שטאַרק שווער איז עס זיי נישט אָנגעקומען. זי איז געוועזען די זעלבע גוטע און מילד־ערענסטע, ווי נעכטען. ער האָט איהר נאָר געמוזט דער־צעהלען פּינקטליך, וואו ער איז געוועזען דעם פריהמאָרגען.

און די זאַך איז געוועזען גאָר פשוט. אויפשטעהענדיג גאַנץ פריה, ווי ער איז געוועהנט אין דער היים, איז ער אַרויס אַ ביסעל שפּאַ־צירען. די זון איז געוועזען נאָר וואָס אויפגעגאַנגען, די מאָרגען־לופט—הענדיג פערביי דער פערמע, האָט ער דערזעהן פון דאָרטען אַרויס־פאָהרען אַ הונד געשפּאַנט אין אַ וואָגען אַ פערשטעלטען מיט גרויסע בלעכענע קרוגען און אַ יונג זיצען אין דער מיט, איז איהם געוועזען אינטערעסאַנט צוגעהן צו אַנ'אַלטען מאַן, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער טהיר, אַ פראַגע טהון ביי איהם וואָס דאָס איז אַזוינס. צי אַ גע־

וועהנליכער הונד קאָן עס שלעפּען אַזאַ משא, אָדער ס׳איז דאָ אַ ספּעציע־לער מין אַזעלכער. און דער אַלטינקער פערמער האָט עס איהם גערן ערקלערט. ערשטענס, אַז דער יונג צווישען די קרוגען איז עס זיין אייניקעל, וואָס פיהרט פונאַנדער אַלע פריהמאָרגען די מילך אין די אַרומיגע ווילעס. און וועגען דעם הונד מיט זיין יחוס און אייגענשאַפטען האָט ער איהם ענטוויקעלט אַ גאַנצע טעאָריע, ווי אַזוי אַזעלכע הינד ווערען ערצויגען. דערווייל איז שוין געקומען צו רייד וועגען בהמות, פערד, זריעה און נאָך אַזעלכע זאַכען פון דאָרפישער בעל־הבתישקייט און ביז דער דאָקטאָר איז דורכגעגאַנגען פערביי, האָט שוין ברוך געהאַט אַ שטיקעל ידיעה אין דער ווירטשאַפט פונ׳ם שוויי־צערישען פויער. ער האָט שוין געוואוסט אין אַלגעמיין וויפיל ערד ער פערזייט און ווי אַזוי ער בעאַרבייט עס, דעם מעמד פון זיינע לאָנקעס און זיינע פיה, אפילו אויף וועלכע יסודות די דאָרפס־גע־מיינדע איז איינגעאָרדענט.

אַזוי האָט ער עס אויך איבערגעגעבען דער נייגעריגער אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ. לעאָן איז געשטאַנען דערביי אַ צופרידענער, וואָס זיין ליבלינג איז אומעטום דער זעלבער אייגענאַרטיגער אָריגינאַל. ער, לעאָן, קען די שווייץ נאָך פון זיינע סטודענטען־יאָהרען און האָט אויסגעמאָסטען דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט, ווייס ער נישט אַזוי גענוי דאָס אַרט לעבען פונ׳ם היגען לאַנד־ווירט, ווי דער ווילדער יונג איז עס דערגאַנגען אין איין פריהמאָרגען, צונויפ־ריידענדיג זיך דירעקט מיט אַ פאָלקס־מענש, ווי ער אַליין. דאָך האָט לעאָן דעם דאָזיגען פאָלקס־מענשען גענומען אונטער זיינע פליגעל. זיין לאַנד און זיין קולטור זענען איהם דאָך געווען בעקאַנט פון יאָהרען. ווי יעדען קולטורעלען מענשען איז עס איהם טייער געווען און ער האָט מיט דעם שטאָלצירט.

—יאַ, הער ברוך. אַבער וואָס זאַגען זיי אויף דיזע „גוים״? ניכט וואַהר, זיי זענען היבש ענטוויקעלט? איך האַבע איהנען געזאַגט דאָס זיי בראַוכען ניכט די יודען אַלס לעהרער. געדענקען זיי עס?

—אודאי—האָט ברוך איינגעשטימט—לעבען מיט אַ חשבון דאַרפען מיר זיך לערנען ביי זיי. גרויסע בריות זענען זיי אין טהוען אַלצ־דינג מיט אַ סדר, נאָר דעם יושר זייערען ווייס איך נישט. קיין מכניסי־אורחים זענען זיי געוויס נישט. ביי אונז אויפ׳ן ישוב, אַז אַ פרעמ־דער פערבלאָנדזעט אין הויף אַריין, גיט מען איהם עפּיס מיט וואָס

די ליפּען צו בענעצען. אַזוי טהוען ביי אונז יודען, אַזוי טהוען גוים און דאָ, ווייזט אויס, גילט נאָר דאָס איידעלקייט.

לעאָן, קומענדיג ערשט פונ'ם ווילדען ישוב מיט די עלענדע ליטוויש־רוסישע דערפלעך אין דער קולטורעל־שענער דייטשער שווייץ, איז ער אין דער מינוט געווען מעהר דייטש, איידער רוס. האָט ער זיך לייכט געוויצעלט איבער דער דאָזיגער טעמאַ און האָט אָנגעגריפען דערביי די רוסישע געפיהלען פון אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונא.

זי האָט ווידער אָנגעהויבען ריידען פון זאַבאָלאָטאָוו, נאָר דאָס מאָל שוין ערענסטער. דער מעמד פונ'ם דאָרטיגען פויער האָט איהר אינטערעסירט. זיינע זיטען, זיין קליידונג און די גייסטיגע בעדער־פענישען זיינע. אויך האָט זי זיך נאָכגעפרעגט אויף דער דאָרטיגער אינטעליגענץ און ברוך האָט איהר געגעבען אַ גענויע כאַראַקטעריסטיק פונ'ם גלח, פון דער לעהרערין מיט'ן זעמסקען פערוואַלטער, פונ'ם פריצ'ישען עקאָנאָם און אַנדערע שכנים פון די אַרומיגע פריצ'ישע הויפען.

אַזוי איז עס געווען טאָג־טעגליך. נאָך מיטאָג איז אַננאַ סאָ־לאָמאָנאָוונאַ געבליבען זיצען אויף דער טעראַסע געטוליעט דעם קאָפּ צום אָנלעהן פוג'ם פליושענעם קושעט, ווי אַ ראָמאַנטיש־פער'חלומ'ט מיידעל און דער מאַן מיט די געסט אַרום איהר: דער דאָקטאָר מיט'ן סטודענט אויף אַנ'אויסגעשפּרייטען טעפּיך ביי איהרע פיס, די מייד־לעך פון ביידע זייטען אויפ'ן קושעט און געגען־איבער זענען אין צוויי וויג־שטוהלען געזעסען לעאָן מיט ברוכ'ן. דער לעצטער האָט דורכאויס געמוזט עפּיס דערצעהלען פון זאַבאָלאָטאָוו. לעאָן פון זיין זייט האָט עס קיינמאָל נישט דורכגעלאָזען אָהן אַ גוט וואָרט און תמיד געווענדעט צו זיין אַננכען, ווי ער וואָלט מורא געהאַט זי זאָל נישט וואַרפען קיין אומ'חן אויפ'ן נייעם ישוב, וואָס ער האָט געבויט. ער האָט געהאַט דערויף זיינע טעמים. ס'איז איהם נישט גרינג אָנגעקומען צו פּועל'ן ביי איהר זי זאָל זיך בעזעצען אין אַזאַ פערוואָרפענעם ווינקעל. און ביי איהר זאָל עס זיין אַ טאַקטיק אַזעלכע, ווי עס איז געווען אין דער ווירקליכקייט, איז איהם אַפּילו אויפ'ן זינען נישט געקומען. זי איז שוין פון צעהן יאָהר זיין פרוי געווען, אַ מוטער פון זיינע דריי קינדער און ער האָט לחלוטין גישט געוואוסט איהר כאַראַקטער.

אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ איז געווען זעהער אומגליקליך. ביים גע־בוירען האָט זי גאָט געפּלאָגט מיט צוויי פורעניות׳ן: נישט געגעבען איהר קיין שענקייט און געשטראָפט זי מיט רייכטהום, וואו די פרוי איז געקרוינט אין סאַלאָן, ווי אַ קעניגין, מענער זאָלען צו איהר שענ־קייט און ווייבליכקייט קניהען. דערצו איז זי געווען אַ שטימונגספּאָלע, ראָמאַנטישע נאַטור, וועלכע האָט תמיד נאָך ליבע געבענקט. זי האָט אויך געהאַט דאָס אומגליק צו זיין קלוג און ווייבליך-שטאָלץ ביי זיך. די לעצטע צוויי זענען ביי איהר תמיד אויף דער וואַך געשטאַנען און האָבען איהר פערביטערט דאָס לעבען אין דער גאָלדענער שייד, ווי עס קאָן נאָר זיין ביטער אַ מענשען מיט איין-און-איינציגער זאָרג.

אַ געצערטעלטע אין זיידענס און אין דימענטען האָט זי געוויינט אַלס מיידעל, אַ פערבענקטע נאָך ליבע און אַ צובראָכענע פון קנאה צו אַ גליקליכער שענער חבר׳טע און נאָך דער חתונה האָט זי ווידער אַרויסגעוויינט פון איהרע גאָלד-געהאָפטענע טואַלעטען אַ ליבעס-פער־בענקטע און אייפערזיכטיג צום מאַן.

חתונה געהאַט האָט זי מיט לעאָנ׳ען דורך אַ שדכן, וויסענדיג אויף זיכער, אַז אָהן דעם גרויסען נדן, וואָס דער טאַטע האָט איהר געגעבען, וואָלט ער זי פאַר קיין אופן נישט גענומען. נאָר זי אַליין איז צו איהם דעמאָלט אויך גלייכגילטיג געווען און פאַר דער גרעס־טער מעלה האָט זי איהם פאַררעכענט דאָס, וואָס ער איז נישט שען און קליין געוואַקסען. נאָר נאָך דער חתונה האָט זי זיך אין איהם פערליבט און געליטען פון דער דאָזיגער ליבע צו דעם אייגענעם מאַן יאָהרען לאַנג. זי איז געווען אַ שלעכטע מוטער, פרעמד צו די קינ־דער און גלייכגילטיג צו זייער ערציהונג. מיט דער ווירטשאַפט האָט זי זיך אויך אָבגעגעבען נאָר צייטענווייז, פון אומעט און לאַנגווייליגקייט. זי איז געווען דורכאויס פערנומען מיט לעאָ׳נען. זי האָט געוואוסט, אַז ער אַכטעט איהר און האַלט זי פאַר זיין גוטען חבר און פריינד. אויך בעציהט ער זיך צו איהר מילד, נאָר דער ראָמאַנטישער אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ איז עס וויניג געווען. איהר האָט ליבע געפעלט.

זי האָט זעהער געליטען דערפון און האָט געזוכט מיטלען ווי אַזוי צו בעצויבערען דעם מאַן אַלס געליבטע. זי האָט שטודירט זיין געשמאַק צו פרויען-שענקייט, געפאָרשט זיינע סימפּאַטיעס צו פרויען־כאַראַקטער און, דערגעהענדיג דעם ביטערען אמת, אַז איהם געפעלט די קאָקאָטין פון הויכען ראַנג מיט איהר אויסערליכער פראַכט און

לייכטזיניגען רייץ, האָט זי מיט׳ן זעלבען געוועהר געמיינט צו פאַנגען איחם אין דער היים. די שטאָלצע און גייסטיג-ענטוויקעלטע אַננאַ סאָ-לאָמאָנאָוונאַ האָט נישט געמאַכט קיין פאָרוואורפען דעם מאַן, וואָס ער פערברענגט די נעכט אין די שאַנטאַנען גאַנץ אָפט. דאָס איז איהר נישט אָנגעשטאַנען. זי האָט בעסער געלייגט איהרע כחות אונטער-טראָגען איהם עפּיס אַזעלכעס, וואָס זאָל איהם ביי זיך אין שטוב דעם שאַנטאַן דערמאָנען און זי האָט כסדר קאָפּירט די קאָקאָטין. זי האָט געלערענט איהר שמייכעל, איהר לייכטזין און איהר קליידונג. פרי-הער האָט זי בעטראַכט די רייצענד-פרעכע שטיפערין דאָרטען פון דער הויך אַראָב, זיצענדיג פון דער ווייטען אַ בעשיידענע און אַ רוהיג-שטאָלצע ביי אַ שוימענדען באָקאַל שאַמפּאַניער אינ׳ם קרייז פון הערען און דאַמען איהר גלייכען און דערנאָך קאָפּירט זי ביי זיך אין דער היים. שעה׳ן לאַנג איז זי דערנאָך געשטאַנען ביי זיך אין צימער אַנטקעגען שפּיגעל פון איהר העלפאַנד-ביינערנעם טואַלעט און האָט נאָכגעמאַכט יענערס אַ גראַציעזע בעוועגונג, אַ חנ׳דעל און אַ זאָרגלאָזע מינע איהרע. און פון צייט-צו-צייט איז עס איהר געלונגען. נאָר בע-קומען האָט זיך דערפון נישט דאָס וואָס זי האָט געמיינט. וועלענדיג בעצויבערען דעם אייגענעם מאַן, האָט זי מיט איהר קליידונג און אי-בעריג-דרייסטע בענעהמונגען זיך אָפט געוואָרפען אין די אויגען פון איהרע געסט און נאָהענטע פריינד, וועלכע האָבען עס שלעכט אויס-געטייטשט... איהר פרויען־גדלות איז איהר אָבער תמיד אויף דער וואַך געשטאַנען.

זי האָט געבענקט גאָך ליבע. אָהן מענער־געזעלשאַפט איז איהר געוועזן אומעטיג, דאָס לעבען אַפּאַטיש, לאַנגווייליג און צוועקלאָז, נאָר נישט פערמאָגענדיג אַליין די קרעפטען זיי צו בעהערשען, האָט זי תמיד געהאַלטען נעבען זיך עפּיס אַ שען מיידעל, ווען עס איז פון איהר משפחה.

אַזוי האָט אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ געטהון שידוכים ביי זיך אין שטוב מיט איהרע ביידע שענע שוועסטערלעך. אויך האָט זי אויסגע-געבען פאַר אַ רייכען געבילדעטען סוחר, לעאָנ׳ס אַ יוגענד־פריינד, אַ פעראָרימטע בלאָנד־צאַרטע קוזינקע איהרע און איצט האָט זי נישט אָבגעלאָזט פון זיך דעם ברודערס בת־יחידה, די מילדע און בע׳חנ׳טע מאַרוסיאַ. די מיידלעך האָבען זיך געשפּילט אין פלירט און אין ליבע. אָפט האָט זיך אויך אַ האַרציגע אמת׳ע אידיליע אַרום זיי געוועבט

און זי, די ווירטהין פון הויז, די מאַמע פון קינדער האָט זיך אויך געׄרעשׄט מיט זיי צוזאַמען. זי איז נישט אָבגעשטאַנען פון זייערע לייכטזיניגע יוגענד־אינטערעסען און דערביי האָט זי מיט אַ פערקלעמט האַרץ צוגענומען הכנעה און אַכטונג פון די מענער, וואָס האָבען זי אַרומגערינגעלט. נאָר אַז ווער פון זיי האָט זי אַמאָל געטראָפען אין אַ טונקעל־שעה זיצען אַ פערׄחלומׄטע, די נאַקעטע הענד פונׄם קאָקעטישן קלייד אַרויס הינטערׄן קאָפ פערוואָרפען און האָט איהר געוואַגט אַרויסזאָגען אַ פרייען קאָמפלימענט אַלס פרוי... איז אין איהר באַלד דערוועקט געוואָרען די גדלות איהרע. גלייך האָט זי געלעזען יענעמס פרעכע געדאַנקען ווי פון אַ בוך אַרויס און איז אַ שטאָלצע פון אָרט אויפגעשטאַנען זוכען לעאָנׄען, אום צו זיין אַקסעל זיך צוצוטוליען. אָדער זי איז אין קינדער־צימער אַנטלאָפען און האָט דאָרטען איהר פערשטיקטע טרעהר אין אַ וויג־ליד אויסגעוויינט.

אַזוי האָט אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ געלעבט אַלע איהרע יאָהרען, געליטען פון ליבע צו דעם אייגענעם מאַן און געזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו פערליבען איהם אין זיך. אַזאַ מיטעל איז ביי איהר אויך געווען זאַבאָלאָטאָוו. לעאָן האָט זיך געוואָלט בעזעצען דאָרטען צוליב מאַטעריעלע צוועקען, ווייל דער פאָטער האָט איהם דערפאַר געגומען אין גלייכע שותפות צום געשעפט און איהר איז עס צוליב אַנׄאַנדער זאַך געפעלען געוואָרען. זי האָט געוואָלט אינׄם פערוואָרפענעם ווינקעל אויסבויען אַ נעסט צו בעהאַלטען דאָרטען איהם אַליין, אָברייסען איהם פון דער גרויסער שטאָדט מיט איהר רייצענדער זינד און בעזעצען זיך מיט איהם אויפׄן ישוב, נאָר מיטנעהמען אַהין דעם לוקסוס און גלאַנץ פון דער גרויסער וועלט, צו וועלכע לעאָן איז געוועהנט געווען. דאָרטען נעבען דעם פויערשען שטיבעל מיט די זאַוואָדען־געביידעס און יודישע קלייטלעך וועט איהר געגילדעט־היימליך ווינקעל מיט די ווייכע פאָרטיערען און טעפיכער זיין דער אמתׄער גן־עדן פאַר איהם. ביי זיך אין שטוב וועט אָפרוהען זיין אויג פון דער פערגרעבערטער סביבה און ביי יך אין דער היים וועט ער זי, די איינציגע אינטעליגענטע און גוטגעק יידעטע פרוי געפינען.

אַזאַ חן האָט ביי אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ געהאַט זאַבאָלאָטאָוו, באָך איידער זי האָט עס אַפילו אָנגעקוקט. דאָך האָט זי זיך געלאָזט בעטען פריהער פונׄם שווער און דערנאָך פון לעאָנׄען אַליין.ביידע האָבען זיי איהר דאָרטען צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, ביז זי האָט לכוף

איינגעווילִיגט, נאָר מיט אַ פּנים פון מסירת-נפש, ווי זי וואָלט זיך צו־ליב דעם ווילען פונ׳ם מאַן און זיין פאַמיליע געלאָזט פערפיהרען ערגעץ אין די סיבּירער צפון־וועלדער.

נאָר לעאָן האָט די דאָזיגע טאַקטיק נישט פערשטאַנען. פּונקט ווי איהם איז נישט איינגעפאַלען, זי, די קלוגע אַננכען זיינע, זאָל ליי־דען דערפון, וואָס זי איז נישט שען. ער האָט זי אַזוי אויך באמת ליב געהאַט. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז די אויפריכטיגסטע און די בעסטע פון אַלע פרויען. און זי איז ביי איהם טייער געווען דערפאַר. ער האָט זי געליבּט און געאַכטעט, ווי די מוטער פון זיינע קינדער, ווי די, וועלכע טראָגט מיט עהרע זיין נאָמען און פון דער ראָמאַנטישער ליבע, וואָס אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ האָט גע׳חלומ׳ט, איז ער בכלל ווייט געווען. פון זינט זיין בילד־שענע קוזינע, מיט וועל־כער ער איז געווען פער׳קנס׳ט אַלס סטודענט, האָט איהם געלאָזען און חתונה געהאַט מיט אַנ׳אַנדערען, אַ שענעם און אַ בעגאַבטען, ווי זי אַליין, איז דאָס געפיהל ביי איהם פערטעמפּט געוואָרען. פון דע־מאָלט אָן האָט ער נישט געגלויבּט קיין פרויען, געהאַלטען זיי פאַר ליגנערינס און פאַלשע ביז׳ן לעצטען טראָפּען בלוט. נאָר זיי האָבען איהם געפעלט, ווי אַ לוקסוס־זאַך, ווי אַ זאַך, וואָס רייצט די נערוועז און פער׳שכור׳ט דאָס איבּערגעזעטיגט געמיט. און ער האָט זיי גע־קויפט פאַר געלד, ווי אַלע אַנדערע זאַכען, וועלכע זענען בעשאַפען געוואָרען פונ׳ם מענשענס הנאה וועגען בכלל און דעם רייכען לעאָן לעווי בפרט.

נאָר צו זיין אַננכען האָט עס לחלוטין קיין שייכות נישט געהאַט. די געמיטליכע היימישע ליבע צו איהר וואָלט קיין איין פרוי נישט געקאָנט בעהערשען. ער האָט תמיד געהיט איהר כבוד, געשאַנעוועט איהר ווייבּליכע אייגען־ליבע און געזעהן צו פערבּאָרגען דעם מינ־דעסטען שפּור פון די דאָזיגע שוואַכקייטען זיינע און אַלע מאָל מיט די איידעלסטע מיטלען, זי זאָל רוהיג בלייבען. דאָס מאָל, קלייבענדיג זיך מיט ברוכ׳ן רייזען איבּער פראַנקרייך, האָט ער עס אויך געהאַט אין זינען. נישט קוקענדיג, וואָס אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ איז ביי דער צייט ווייט געווען פון אַזעלכע נסיעות, ווייל זי האָט ערשט דעם פריהלינג בעזוכט פּאַריז און איז דאָרטען געווען אַ גאַנצען חודש, אויך איז זי דערנאָך געווען אויף דער ריוויערע אינאיינעם מיט מאַרוסיען און דעם דאָקטאָר, וועלכער איז איצט איהר גאַסט געווען. דאַך האָט

לעאָן ביי אַ געלעגענהייט געפונען פאַר גוטיג איהר צו זאָגען:

—שאַדע, אַננכען, וואָס מיר פאָהרען מיט הער ברוך בלויז גע־שעפטליך. וואָלט ביי אונז מעהרער פרייע צייט געווען, וואָלטען מיר פערבליבען לענגער אין פּאַריז און דו וואָלסט אויך מיט אונז גע־פאָהרען. דאָ וואָלט געבליבען מאַרוסינקע. און די געסט אונזערע וואָלטען זיך אָט אַזוי, זינגענדיג און שפּילענדיג, געקאָנט בעגעהן אָן אונז אויך.

אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונא האָט עס געהערט, זיצענדיג ערגעץ אַ טרוי־מענד־צאַרטע אין שימער פון ליכט און שאָטען מיט איהר אייביגער קלעם אין האַרץ. דער ענטפער איז שוין ביי איהר גרייט געווען נאָך איידער לעאָן האָט געענדיגט. נאָך איידער ס'איז איהם איינגעפאַלען דערמאָנען איהר וועגען זיינע פּאַריזער געשעפטען, האָט זי ביי זיך אָבגעטראַכט, אַז עס לוינט צו לאָזען איהם איצט פריי רייזען אַ ביסעל און ווייַלען אַ פּאָר וואָכען אין פּאַריז, ווי איהם וועט געפעלען, ער זאָל דערנאָך בעסער פיהלען די שטילע פריידען אין דער היים גע־בען איהר מיט די קינדער.

—ניין, ליאָוואוסיאַ—האָט זי געזאָגט ווייך—פאַר מיר וועט דער־וויל זיין גענוג אייַ דאָרף זיך איצט אויסרוהען. דאָרטען אויף אַ נייעם אָרט. מען וועט דאַרפען דאָס הויז איינאָרדענען. ניין, איך וואָלט איצט סיי ווי נישט געפאָהרען. אָט דו איז עפּיס אַנדערש. ביזט אָב־געזעסען אַ ווינטער אין אַזאַ טויבען ווינקעל, וואָלסטו זיך ווירקליך געמעגט ערלויבען צו פערבלייבען אין פּאַריז אַ ביסעל לענגער.

—מיין גוטע אַננכען...

לעאָן האָט די פרוי אין שטערען געקושט און, דערמאָנענדיג זיך דערביי אָן ברוכ'ן, אַז ער קאָן איהר צופעליג דערצעהלען ווע־גען דעם אמת'ן צוועק פון זייער רייזע, איז ער איהם גלייך דעם וועג פערלאָפען און האָט די רוהה פון זיין גוטער אויפריכטיגער אַננכען פערהיט אויך פון דער זייט.

—וויסען זי—האָט ער איהם געזאָגט, ווען זיי זענען צופעליג אַליין געבליבען—מיינע פראַו איזט זעהער נערוועז, דאַרום בראַוך זי צו וויסען, דאַס וויר אין פּאַריז נור געשעפטליך אויסשטייגען, נור פיר אייניגען טאַגען, דיזע שטאַדט מאַכט זי איממער נערוועז. נימאַלס בלייבט זי רוהיג, ווען זי וויס, דאַס איך דאָרט בעפינדע.

ברוך האָט זיך פערטראַכט דעריבער...

# ד.

די גדולים פונ׳ם הויכען זאַבאָלאָטאָווער ברעג האָבען אין שאַך און אין קאָרטען געשפּילט, גע׳חקר׳נט זיך איבער׳ן קיום פון יודענטהום, פערנומען זיך מיט ספּאָרט און גערייזט איבער די אייראָפּעישע שטעדט און לענדער—און דער נידעריגער ברעג מיט די נאַסע פערשימעלטע שטיבלעך האָט זיך דערווייל געבויט זיין וועלט בעזונדער. דאָ איז אַלצדינג געווען אין אָרדענונג. יודען האָבען זיך הייזער געבויט, קלייטען געמאַכט, נישט פערגינען איינס דאָס אַנדערע און דורכאויס געקוקט אַרויף צום הויכען ברעג, ווי אַזוי מען לעבט דאָרטען מיט די ווייבער, ווי אַזוי מען ברענגט קינדער צו לייטען, ווי אַזוי מען גיט צדקה און מען דינט דעם רבונו־של־עולם אַליין. די שפע אין נייעם זאַבאָלאָטאָוו איז געווען גרויס. יודען זענען אויפגעריכט געוואָרען מיט פרנסה, האָט זיך אַליין געוואָלט לעבען לייטען גלייך און ברענגען אַ קינד צו אַ העכערער מדרגה.

לייזער דעם מיהלנער איז עס נאָר פערשטערט געווען. אין דער צייט ווען זיין שטוב איז אויפגעריכט געוואָרען מיט שפע און ברכה און די קינדער האָבען זיך אַרום סטאַנציע אַ ביסעל אויסגעאיידעלט אויפ׳ן שטאָדטיגען אופן, איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ געדריקט געמיט און האָט קיין נעכט נישט געשלאָפען. איין גרויסע דאגה האָט ער געהאַט. איין געדאַנק האָט איהם געפייניגט—וואָס וועט זיין דער תכלית פון שיינדלען. זי איז שוין דריי־און־צוואַנציג יאָהר אַלט געווען. בתיה האָט דאָס צווייטע קינד געבוירען. חנה, די דריטע טאָכטער זיינע, איז שוין אויך געווען אַ מיידעל צו לייטען און דאָ אויפ׳ן נייעם ישוב האָבען זיך די יונגע חברה געפיהרט אויפ׳ן שטאָדטיגען אופן. יעדעס מיידעל האָט זיך געמוזט חבר׳ן מיט עפּיס אַ בחור און טאָמער נישט, איז עס געווען אַ בושה פאַר לייטען. די וואָס איז דערצו נישט זוכה געווען, איז אומגעגאַנגען ווי אַנ׳אבל׳טע. שונאים האָבען זיך געפרעהט אין איהר און גוטע פריינד האָבען זי בעדויערט. נאַטירליך האָט יעדעס מיידעל געזעהן נישט צו בלייבען אויף חוזק און ס׳זאָל זיין ווער עס איז ביי דער האַנד. אַ שכן, אַ קרוב, אַזוי אַ גו־

טער פריינד, נאָר ס'זאָל נישט אויסקומען אַליין געהן צום סטאַנציע, אָדער בלייבען זיצען אין די שטילע אָוועגד-שטונדען מיט גוטע שכנות נעבען דער שטוב אויפ'ן גאַניק, ווען ביים ברעג שפּאַצירען אַרום פּאָרלעך געטוליעט איין אויער צום אַנדערען און סוד'ען זיך.

דאָס אַלצדינג האָט לייזער געזעהן און נאָך מעהר פערשטאַנען. מאַכען טענות איבער די פּוסטע חברה פון קאַנטאָר, ווי אַמאָל דאָרטען אין דאָרף, האָט שוין איצט נישט געטויגט. דאָ איז געוועזן אַ כבוד, אַז אימיצער פון זיי האָט מיט אַ מיידעל אויסגערעדט אַ וואָרט, דאָ זענען איהם גאָר לייט מקנא געווען. חנה'ן האָבען נישט געפעלט קיין שכנים און קיין גוטע פריינד. יענע נאָר, די עלטערע, איז גע-ווען אַ מענש נישט פון דער וועלט. זי, די שענסטע און די איידעל-סטע ביי איהם פון אַלע קינדער, איז גאָר צו די זאַכען נישט שייך געווען און דאָס האָט לייזער'ן פערביטערט זיין לעבען.

פון איין זייט האָט עס איהם הנאה געטהון, וואָס שיינדעל איז נישט עהנליך אויף אַלע אַנדערע היינטיגע מיידלעך. זי, דאָס געליבטע קינד זיינס, האָט געדאַרפט זיין אַזעלכע. ווער אַנדערש זאָל זיין די צנועה אין אַזאַ חוצפה'דיגען פערשייטען דור, אַז נישט זי, די איינ־ציגע יורש'טע פון זיין איידעלען שורש? נאָר עפּיס האָט איהם דאָס האַרץ געזאָגט, אַז ס'איז נישט צו גוטען, נאָכ'ן שכל הישר איז ביי איהם אויסגעקומען, אַז מען דאַרף דוקא געהן מיט דער וועלט. דער־ביי איז אָבער לייזער געווען בעגלויבט אינ'ם אויבערשטענס השגחה, אַז צו דער צייט וועט ער צושיקען זיין קינד דעם אמת'ן זיוג, וואָ־רום ער האָט איהם אויסגעהאָלפען דערויף. איהר נדן איז ביי איהם געלעגען אָנגעגרייט אין מזומענע טויזענדער. אין קאַמער איז פון איהר'ט וועגען געשטאַנען אַ פולער קאַסטען מיט פריש־אָנגעוועבטע לייוועגדען, צו וועלכע ער אַליין האָט די קאַנטען געצייכענט, אַ חוץ טישטיכער און האַנדטיכער, וואָס ער פלעגט ברענגען פון שטאָדט, ווי בתיה האָט אַמאָל נביאות געזאָגט. אין קאָמאָד איז אויך געלעגען זיי־דענס און וואָלענס אויף קליידער און אויפ'ן בוידים איז געהאַנגען גרייטע פייה אויף אַ פעלץ צום ווינטער--אַלץ פאַר איהר, דאָס איידע־לע קינד פונ'ם איידעלען שורש. וואו ערגעץ אַ שדכן אין דער סביבה, האָט געוואוסט, אַז לייזער דער מיהלנער פון ראָדניקאָווע, וועלכער איז די לעצטע צייט רייך געוואָרען, זוכט פאַר זיין על־ערער טאָכטער אַ חתן דעם גרויסען אַנטיק מיט לומדות און וועלטליכער בילדונג צוגלייך.

און קיין געראָטענע בחורים האָבען נישט געפעלט. מען פלעגט זיי איהם ברענגען, אַמאָל קיין זאַבאָלאָטאָוו מיט דער באַהן און גאַנץ אָפט מיט אַ פוהר גלייך קיין ראָדניקאָווע. שיינדעל האָט זיך יעדעס מאָל אויסגעפוצט אין אַ ניי קאָפטעלע און האָט הכנעה׳דיג־מילד דער־לאַנגט טהיי צום טיש. זי איז אַלעמען געפעלען געוועזן. אויף יענעם האָט זי אויך זעלטען געזאָגט חסרונות. נאָר ווען ס׳איז געקומען צו עפּיס ממשות׳דיגע טענות, האָט זי זיך אַוועקגעלייגט אין בעט און האָט געוויינט שטילערהייט שעה׳ן לאַנג, ביז וואַנען לייזער׳ן האָט זיך איינגעגעבען אַרויסקריגען פון איהר אַ פּאָר ווערטער, אַז ס׳איז איהר נישט צום האַרצען.

די אַלטע ראשע־לאה פלעגט נישט אויסהאַלטען:

—אָט וואָלט גענומען אַ שטעקען און געבען איין מאָל, דעם אַנדערען, וואָלט זי געוואוסט. איך וואָלט זי שוין בעקליידט.

—וואָס דען מיינסטו?—האָט איטע מסכים געוועזן מיט דער מאַ־מען, נאָר אַז לייזער איז אַוועק אָן אַ זייט, האָט זי צוגעגעבען—די פערפלוכטע שטאָדטיגע „גזע”. אַ נאָווינע ביי זיי אַלטע מוידען.

—אָ, וועט אויך בלייבען זיצען מיט ווייסע צעפּ.

לייזער אַליין האָט זיך אויך געפּרובט בייזערען, געוועהנליך נישט אויפ׳ן ווייבערישען שטייגער. ער האָט פריהער גוט פערמאַכט די טהיר פון קאַמער און דערנאָך ערשט אָנגעהויבען ריידען, נאָר מיט אַמאָל שטרענג און איינגעהאַלטען:

—הער נאָר, טאָכטער, אפשר האָסטו עפּיס אַ חתן? אפשר איז דיר אויך געפעלען עפּיס אַ דאָרפישער גוי׳עץ? ווייניג שמידען פער־האַן אַרום. אפשר געפעלט דיר בעניע? ער וויל דאָך אויך נישט חתונה האָבען, וואָס זשע איז, שכּנאַ איז דאָך שוין סיי ווי מיין מחותן.

—איך האָב נישט קיין חתן... זאָל זיך בעניע חתונה האָבען...—האָט שיינדעל געשטאַמעלט פונ׳ם נאַסען קישען אַרויס.

—נו, נו. נאָך אַ נס.

נאָר אַנ׳אַנדערש מאָל איז ער אַרויס מיט נאָך אַ שטרענגערען נוסח:

—טאָכטער, איך בין דיר מתרה, אַז איך טהו אַ שידוך מיט חנה׳ן: אַלצדינג, וואָס איז אָנגעגרייט פאַר דיר, דעם נדן מיט דער הלבשה, וועל איך דאָס איהר אַוועקגעבען און דו וועסט בלייבען זיצען. און מיין נישט, אַז דאָס איז אַ שפּילכעל. איצט בעט מען זיך ביי דיר,

דערנאָך וועסטו זיך דאַרפען בעטען. דעמאָלט, טאָכטער, וועט שוין זיין שלעכט! געדענק! איך ב'ן עס דיר מתרה. האָסט נאָך צייט.

נאָך אַזעלכע טענות איז שיינדעל אויפגעשטאַנען פון בעט מיט אויסגעוואַשענע רויטע אויגען און האָט געזאָגט ענטשלאָסען:

—גוט, טאַטע, איך וועל דיר זאָגען דעם אמת. לאָז נאָר אָב אַ ביסעל מיט די שידוכים. אַליין וועל איך דיר זאָגען.

לייזער האָט דאָס אַנדערע וואָרט נישט איבערגערעדט און באַלד האָט ער זיך געזעצט אויבען־אָן ביים טיש שרייבען דעם שדכן אַ תשובה, אָנהויבענדיג מיט'ן אַלטען פסוק פון דער תורה: „ונקרא לנערה ונשאלה את פיה".

לייזער האָט געדולדיג געוואַרט ביז שיינדעל וועט איהם זאָגען דעם אמת און דערווייל האָט ער געציטערט. די קליינע געוויקסיגע חנה זאָל איהר נישט פערלויפען דעם וועג, ווי אַמאָל בתיה האָט עס געטהון. דערצו איז זי געווען אויפגעבראַכט אויף שיינדלען למאי זי שעמט זיך צו זיצען אין קלייט. צו קיין גראָבע סחורות האָט זי זיך נישט געוואָלט צוריהרען און האָט זיך געהיט די הענטלעך, ווי אַ פריצה. לייזער האָט זי דורכאויס פערענטפערט, אַז ס'איז דערפאַר, ווייל זי דאַרף זיך זעהן מיט חתנים, וויל זי האָבען איידעלע הענד. נאָר חנה האָט פון דעם נישט געוואָלט וויסען.

---

שיינדעל האָט זיך די לעצטע צייט באמת געהאַלטען ווי אַ פריצי'שע טאָכטער. זי האָט זיך דורכאויס בענוצט מיט די רעכט, וואָס מען רעדט איהר שדוכים און האָט זיך אָפט געניייט נייע קליידער. אויך האָט זי געטראָגען אין מיטען דער וואָך אַ הוט, צוגלייך מיט דבורה'ס שנור און די איבעריגע דאַמען פון קאַנטאָר. און אַלצדינג האָט זי זיך געקויפט אין שטאָדט, וואוהין זי פלעגט פאָהרען מיט'ן טאַטען און זיצען דאָרטען אויף דער ישוב'ישער אכסניה ביז איהרע טואַלעטען זענען פאַרטיג געוואָרען. לייזער פלעגט אָנקוועלען קוקענדיג אויף איהר. זי איז געווען שענער פון אַלע זיינע שטאָדטיגע שוועסטער־קינדער די קענערקעס, צו וועלכע ער איז געגאַנגען בע־ריהמען זיך מיט איהר.

שיינדעל האָט זיך געלאָזט פיהרען צו די שטאָדטיגע קרובים, די מיוחסים, אויף מבינות און איז גערן געווען צו הערען ווי אַזוי

מען לויבט זי אין די אויגען. נאָר פונ׳ם טאַטען אַליין איז זי געווען נישט צופרידען. זיצענדיג דאָ אַ שבת׳דיגער אין דער געוועזענטענער קאַפּאָטע מיט דער ווייסער האַרטער מאַנישקע, וועלכע ער פלעגט אָנטהון, געהענדיג נאָר צו די קרובים, האָט ער זיך איהר אויסגעוויזען גאָר אַנ׳אַנדערער, עפּיס נישט דער טאַטע פון דער היים. דאָרטען איז ער אַ שענער, אַ קלוגער, אַ למדן. אַלע גיבען איהם אָב כבוד. מען קומט צו איהם עצות פרעגען און דאָ איז ער עפּיס אַ יודעל, וואָס האַלט אין איין ריידען, ווי ער וואָלט וועלען אימיצען פרעהליך מאַכען און, ווען ער איז נישט קיין טאַטע איהרער, וואָלט זיך איהר געדאַכט, אַז ער רעדט נאַרישקייטען. פון איהר דערצעהלט ער אַלצדינג, פּונקט ווי זי אַליין וואָלט גאָרנישט געווען דערביי. יענע, די קרובים, קוקען אויף איהר און ריידען עפּיס צווישען זיך אויף רוסיש. מען בעוואונדערט איהר ווייסקייט פונ׳ם פּנים, איהרע האָהר, ווי גלייך זי איז געוואַקסען, נאָר שיינדלען געהט עס נישט איין, איהר דאַכט זיך אָפּט, אַז זיי, די שטאָדטיגע געלערענטע קרובים, לאַכען אָב פון איהר שענעם טאַטען דעם למדן, וועלכער ווערט ביי זיי דאָ אין שטוב עפּיס אַ יודעל. זי האָט זיי דעמאָלט אַלעמען פיינד און איז בייז אויף איהם אַליין אויך. דאָך אַז ער רופט זי אַ צווייטען מאָל צו די קרובים ווייזען זיך מיט אַ נייע מלבוש, זאָגט זי קיין וואָרט נישט און געהט.

שיינדעל איז צו דער צייט שטאַרק פערנומען געווען מיט זיך. זי איז געווען אַזוי פער׳שכור׳ט און בערוישט פון ליבע, אַז זי האָט אַלץ און אַלעמען פערגעסען. איהר גאַנץ לעבען איז איצט איין מענש געווען. איין געדאַנק האָט זי געהאַט, איין געפיהל און איין גרויסע אונענדליכע פרייד. צוליב דעם איינעם מענשען איז געווען בעשאַפען דער טאַטע, די מאַמע, חנה, אַפּילו בעניע, וועלכער איז נאָך בתיה׳ס התונה אַ גאַנץ יאָהר ברוגז געווען און איז דערנאָך ווידער געוואָרען איהר רעכטע האַנד, ווען זי האָט איהם געדאַרפט. ער, דער שטילער און געטרייער, זאָל צוטראָגען בסוד-סודות ברוכ׳ן אַ קוויטעלע. און זי, שיינדעל, איז אויך נאָר פאַר איהם אַליין בעשאַפען געוואָרען.

זי איז געווען זיין ליבענדע יוגענד-פריינדין און זיין געטרייע שקלאַפין. זי האָט פון איהם גאָרנישט געפאָדערט, גאָרנישט געבעטען און קיינמאָל נישט אויסגערעדט איהם, ווען ער איז צו דער צייט נישט געקומען. יעדע ? בעגעגעניש אויף דער בעשטימטער ראָדניקאָווער „פּאָליאַנקע” האָט זי אָנגענומען פאַר אַ מתנה, וואָס ער, דער גרויסער קלוגער ברוך, וואַרפט

אַוועק אַלע עסקים און קומט זיך זעהן מיט איהר. נאָר איהר פערליבטהאַרץ זענען ווייניג געוועזן די דאָזיגע וויזיטען אין אַיילעניש, ווען ער האָט זי געקושט אַ צוטראָגענער, אַנ׳אויפגערעגטער און איז באַלד פערשוואונדען געוואָרען. ער איז מיט לעווי׳ס גרויסע געשעפטען גע־ווען פערנומען און האָט קיינמאָל נישט געקאָנט זאָגען פאָראויס ווען ער וועט קומען אַ צווייטען מאָל.

שיינדעל האָט עס אַלצדינג אָנגענומען פאַר ליב. זי האָט נאָר געמוזט וויסען וואו ער געפינט זיך. בלייבענדיג צום מאָל אין ער־וואַרטונג עטליכע טעג נאָכאַנאַנד, האָט זי זיך כּסדר נאָך זיין שאָטען אַרומגעיאָגט. אַזוי איז זי טאָג־טעגליך געלאָפען פון ראָדניקאָווע קיין זאַבאָלאָטאָוו און צוריק. זי האָט געאיילט אויף דער פאָסט נאָך אַ בריף, אָדער זי איז אומגעגאַנגען שפעט אין אָוונד אַליין אויפ׳ן הויכען ברעג, אַ געלאַסען-שפּאַצירענדע, וואַרפענדיג פון אונטער דעם ווייסען זיידענעם שאַלעכעל פאָרזיכטיגע בליקען צום עקסטען פענסטער פון זיין נייער שטוב. אינעווייניג אין די צימערען איז זי דאָרטען קיינמאָל נישט געווען, כאָטש זי האָט עס געקאָנט טהון אויס נייגע־ריגקייט, ווי יעדער איינציגער, וואָס איז געגאַנגען אָנקוקען דאָס נייע מעבעל מיט די גרויסע שפּיגלען אויף די ווענד. נאָר ביי שיינדלען איז דערצו קיין דרייסטקייט נישט געווען. מינען האָט זי נאָך אַלץ געשעמט זיך צו קוקען אין פּנים אַריין. זי האָט אָבער זיכער גע־וואוסט, אַז דאָס צימער מיט׳ן עקסטען פענסטער איז זיין קאַבינעט. דאָרטען איז געשטאַנען אַ שרייב־טיש מיט אַ לאָמפּ אונטער אַ טונקעל־גרינער שיין און תּמיד האָט זי דאָרטען געזעהן ברוכ׳ס קאָפּ אָנגע־בויגען: אַמאָל פערטראַכט מיט אַ סיגאַר אין מויל און אַנ׳אַנדערש מאָל שרייבענדיג, אָדער ס׳איז אין יענעם חדר שטאָק-פינסטער געווען. דעמאָלט האָט שיינדעל געבלאָנדזעט אַרום דער קאַנטאָר, וואו דורך אַ שפּאַרינע פון די פערמאַכטע אינעווייניגסטע לאָדען האָט זיך נאָך פייער געזעהן, טאָמער וועט זי דערהערען כאָטש אַנ׳אָבקלאַנג פון זיינס אַ וואָרט.

אָפט, שפּאַצירענדיג אַזוי אין דער שטיל פערביי ברוכ׳ס שטוב מיט די געווייסטע קלאָרע פענסטער, פלעגט זי דערהערען פון אינע־ווייניג אַנ׳עופל-קינד שרייען און זי האָט זיך גלייך געלאָזט לויפען אָן אַ זייט פונ׳ם ברעג אַוועק, ווי דאָס קינדערשע קול׳כעל וואָלט זי אויף צו שלאָגען נאָכגעיאָגט. ווען זי איז אין שטוב אַריין, האָט זי

קוים געעטהעמט. די אָנגעהאָרעוועטע חנה האָט זיך געוועקט פון שלאָף מיט אַ קללה אויף איהר, דער קליפה, וואָס געהט אַרום אַליין ביי־נאַכט און לאָזט נישט רוהען. ווען ס'האָט אָנגעהויבען צו טאָגען, איז זי אויפגעשטאַנען און איז אַוועק צופוס קיין ראָדניקאָווע. נאָר אין דער היים האָט זי אויך נישט גערוהט. איז ווער דורכגעפאָהרען אי־בער'ן דאָרף, האָט זיך איהר געדאַכט, אַז ס'איז ברוך און זי איז שוין געלאָפען הינטער'ן וועלדעל אויפ'ן „פאָליאַנקע" אַרויס. דאָרטען איז זי געשטאַנען אָנגעשטרענגט דעם אויער צו יעדען שאָרך. דאָס קלאַ־פען פון איהר אייגען האַרץ האָט זי אָנגענומען פאַר זיינע טריט און פאַר'ן גערויש פון זיין וועליסאָפּעד, אויף וועלכען ער פלעגט אַמאָל קומען אין איילעניש.

נאָר די ערגסטע צייט איז געווען ביי שיינדלען, ווען ברוך פלעגט אַוועקפאָהרען אויף עטליכע טעג און אַמאָל אויך אויף אַ פּאָר וואָכען. דעמאָלט איז זי דורכאויס געזעסען אין זאַבאָלאָטאָוו און איז געלאָפען צו יעדען צוג זעהן, צי ער איז שוין געקומען.

אַזוי האָט זי ליב געהאַט ברוכ'ן, וועלכער האָט געהאַט אַ ווייב און איז געווען אַ טאַטע פון צוויי קינדער. נאָר ער האָט זי אויך געליבט. ער, דער למדן, דער קענער, דער קלוגער וועלטליכער מענש, וועלכער האָט געהאַלטען אין זיינע הענד לעווי'ס זאַבאָלאָטאָוו, האָט איהר געזאָגט, אַז ער מעג זי ליב האָבען, כאָטש ער האָט אַ פרוי און איז אַ טאַטע פון קינדער. ער האָט איהר אויך געזאָגט, אַז ער וועט זיך גט'ען מיט מינען און מיט איהר, שיינדלען, וועט ער אַוועק־פאָהרען קיין אַמעריקאַ.

איהר האָט זיך פון גליק דער קאָפּ געדרעהט...

און ביז יענער צייט האָט שיינדעל געמוזט לעבען אויף דער־ווייל צוגלייך מיט ברוכ'ן.

---

ענדליך איז געקומען די געגאַרטע מינוט, וואָס לייזער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט אויף איהר. שיינדעל אַליין האָט איהם דערצעהלט דעם אמת:

—טאַטע, ווייסטו וואָס?—האָט זי איהם איין מאָל געזאָגט אין אַ טריבען הערבסט־פאַרנאַכט, ווען זיי זענען ביידע געגאַנגען צופוס פון זאַבאָלאָטאָוו אַהיים קיין ראָדניקאָווע—גיב טאַקע אָב חנה'ן מיין נדן

מיט די קליידער, ווייל איך וועל נאָך סיי ווי אַזוי גיך נישט חתונה האָבען. איך וויל אַוועקפאָהרען אין שטאָדט לערנען זיך עפּיס אַ טאַלענט.

לייזער האָט אָנגעהויבען געהן פאַמעליכען, אויסמיידענדיג די בערגלעך אָבגעפאַלענע בלעטער, וועלכע האָבען זיך אונטער זיינע טריט געגליטשט. אַרום אין וועלדעל איז געווען שטיל און טונקעל, וואו־נישט־וואו נאָר האָט זיך נאָך געבלייכט אַ דינע האַלב-אויסגעקרומ-טע בעריאָזע, געטוליעט אין איהר גאָלדען הערבסט־מאַנטעל, וואָס איז איהר נאָך געבליבען פון די לעצטע גוסס׳ע זומער־טעג.

—נו?—האָט ער געפרעגט איינגעהאַלטען.

—וואָס וועל איך זיצען אַזוי? היינט אַלע מיידלעך פּערדינען אַליין. נו, וועל איך זיך לערנען אַ טאַלענט. איך וויל זיך לערנען פאַר אַנ׳אַקושערקע.

לייזער האָט געצוקט מיט די אַקסלען און געשמייכעלט צו זיך אַליין. דער עצם-געדאַנק איז איהם גראַדע געפעלען געוואָרען.

—נאָר אַ יאָהר דאַרף געדויערען. וועסט מיר שיקען נאָר צוואַנ־ציג רובעל אַ חודש און דעם הונדערטער, וואָס מען דאַרף דאָרטען איינצאָהלען פאַר׳ן לערנען, וועט מען מיר אויסלייען. ברוך וועט מיר לייען.

—ברוך?—האָט ער געפרעגט ערשטוינט און איז אויפ׳ן אָרט שטעהן געבליבען. דער שטעקען זיינער האָט זיך אין דער פייכטער ערד איינגעגראָבען.

שיינדעל איז געווען גרייט צו דער דאָזיגער פראַגע, דאָך האָט זי זיך פערלוירען אַ ביסעל.

—וואָס זשע איז?... איך וועל איהם דערנאָך אויסצאָהלען... איך וועל דערנאָך פּערדינען... ביז וואַנען איך וועל ענדיגען, וועט זאַבאָ־לאָטאָוו ווערען אַ שטעדטיל. ער זאָגט, אַז מען האָט שוין אָנגעגעבען אַ פאַפּיר צום מיניסטער. איך וועל דאָ האָבען פּראַקטיקע, וועל איך איהם אויסצאָהלען...

לייזער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן שטעקען, קוקענדיג דער טאָכטער פאַרשעמט אין די אויגען אַריין:

—ווי קומסטו צו ברוכ׳ן?

—וואָס זשע איז ער דאָס אַזאַ גרויסער פּריץ?—האָט זיך שיינדעל געשטאַרקט צו ענטפערען.

—ווי קומסטו צו ריידען מיט ברוכ'ן פון אַזעלכע זאַכען? ווי קומסטו אָהן מיין וויסען געהן צו איהם געלד לייען? און ביי מיר פאַרוואָס האָסטו נישט געפרעגט? וואָס שווייגסטו?

—איך קאָסט דיך אַזוי אויך אַ פולע געלד...

—ווער איז דאָס דיין טאַטע? שכנא דער שמיד? שעמען מעגסטו זיך. וואָס פאַר אַ פנים האָב איך איצט ביי ברוכ'ן? ער וועט פאַר מיין קינד צאָהלען שכר-למוד? מאַכסט דאָך מיך פאַר אַ גראָבען יונג. פאַר אַ קמצן. ווי קומסטו גאָר ריידען מיט איהם דערפון?

שיינדעל איז געשטאַנען מיט אַראָבגעלאָזטע הענד און האָט קוים געשטאַמעלט:

—וואָס זשע איז?... איך בין געגאַנגען אין קאַנטאָר בייטען צעטלען, האָט ער זיך צורעדט מיט מיר. האָב איך איהם דערצעהלט, אַז איך וויל זיך לערנען פאַר אַנ'אַקושערקע. נו, יאָ, אַזוי איז דאָס געווען... זאָגט ער, ס'גוט, וועסט האָבען דאָ פראַקטיקע אין זאַבאָלאָ־טאָוו. שפּעטער וועט דאָ ווערען אַ שטעדטיל. וועגען דעם הונדערטער האָט ער אַליין געזאָגט... טאַטינקע, כ'לעבען איך בין נישט שולדיג... ער האָט אַליין געזאָגט...

—נו, איך וועל איהם פרעגען. מיר זעהן. און מיט דיר, טאָכ־טער, וועלען מיר נאָך ריידען דערפון. קום!

לייזער האָט געגעבען אַ שלעפּ אַרויס פון דער ערד דעם שטע־קען זיינעם און האָט זיך געלאָזט געהן גלייך מיט'ן וועג, שאַרענדיג מיט די ברייטע שווערע טריט איבער די איינגעלעגענע נאַסע בלעטער, וואָס זענען שוין לאַנג פון די צווייגען אָבגעפאַלען. נאָך איהם איז אין דער שטיל נאָכגעגאַנגען שיינדעל, אַ פערקלערטע און אַנ'אומעטיגע, ווי דער אַרומיגער וואַלד מיט זיינע שטומע האַלב־נאַקעטע בוימער און צופוילטע אָבגעשטאָרבענע גראָזען.

ווען זיי זענען אַהיים געקומען, איז שוין אין דרויסען שטאָק־פינסטער געווען.

ה.

לעאָנ'ס פריינדליכע השגחה אויף ברוכ'ן און דער מאָדערנער

חנוך זייגער האָבען לסוף געווירקט אויף דעם דאָזיגען ווילדען „דאָרפס־יונגע״, ווי ער האָט איהם גערופען אונטער די אויגען. געווען איז עס זיין פערזענליכער איינפלוס, נאָר ער אַליין האָט דערפון נישט גע־וואוסט. פאַר לעאָנ׳ען, דעם איבערגעזעטיגטען מיט אַלערליי איינדריי־קען און תענוגים פון לעבען, איז ער אַלץ געווען דער זעלבער אָרי־גינאַל, וועלכער זעהט אַלצדינג מיט יודישע אויגען און האָט אויף אַלץ זיין ספעציעל־יודישע אייגענאַרטיגע מיינונג און אַלס אַזעלכער האָט ער איהם נישט אויפגעהערט צו אינטערעסירען. דעם חודש אין אויסלאַנד, וואו זיי זענען געווען אינאיינעם ביי פרייע רוהיגע צייט פון זיי ביידען, האָט ער יעדעס מאָל זיינע איינדריקען בעוואונדערט, ווי אַ געוויסע נאַטור־ערשיינונג: פריהער אין דער שווייץ, וואו ברוך האָט אויף די בערג געקלעטערט און מיטען וועג געמיטליך זיך צו־נויפגערעדט אויף זיין יודיש־דייטש מיט יעדען לאַנדס־בעל־הבית און יעדען הירט, וועלכער איז ערגיץ געזעסען אין דער הויך ביי זיין שאַליע אַ פערבענקטער נאָך אַ מענשען.

דערנאָך האָט ער פון איהם אָנגעקוואָלען אין פאַריז, ווי יענער איז דאָרטען אַרומגעגאַנגען אַ ברוגז׳ער אויף זיך אַליין, וואָס ער, ברוך, קאָן זיך אויף דער זעלבער יודיש־דייטשער שפּראַך זיינער נישט דורכשמועסען מיט די פראַנצויזען. אַזעלכען האָט ער איהם אומגע־פיהרט איבער די מוזעאומס, קאַפּייען, טעאַטערס און דער „דאָרפס־יונגע״ איז אומעטום געבליבען דער זעלבער. אָהן התפעלות האָט ער זיך צוגעקוקט צו אַלצדינג און געשוויגען אין עקשנות, צוקענדיג נאָר פון צייט־צו־צייט מיט די אַקסלען: אַז איך פערשטעה נישט. מען מוז קאָנען זייער לשון. אָדער ער האָט פון אייפעל־טורים אַראָב צוגעשאָ־קעלט מיט׳ן קאָפּ אויפ׳ן פּראַכטפאָל־גרויסען פאַריז, אַ העל־שימערענדען, ווי אַ ים פון ליכטיגקייט אונטער אַ טונקעלען אָווענד־הימעל און האָט דאַס צעהנטע מאָל איבערגע׳חזר׳ט די זעלבע ווערטער:

—בבל! דער אמת׳ער בבל, איין אָרימאַן אויב זיי האָבען נאָר דאָ, איין־און־איינציגען מענשען אויב עס פעלט דאָ נאָר ברויט צום עסען און אַ קלייד צום קליידען, איז עס בבל. די אייגענע געצענ־דינער. ווי בבל איז אונטערגעגאַנגען, אַזוי וועט דאָס אויך אונטער־געהן.

לעאָן האָט די דאָזיגע נבואה פונ׳ם אייפעל־טורים אַראָב צוגע־נומען מיט אַ גוטמוטיגען שמייכעל, אָבלייגענדיג דעם סאָציאַלען וכוח

דעריבער אויף אַנ'אַנדער צייט. דאָ אויפ'ן אָרט איז איהם אַליין יעדע מינוט טייער געווען. די לעצטע דריי יאָהר, וואָס ער איז נישט גע־ווען אין פּאַריז, האָט ער דאָרט אַליין געהאַט נייע איינדריקען גענוג. דערצו האָט ער געדארפט בעזוכען קרובים און פריינד פון רוסלאַנד און די צייט איז געווען קורץ, נאָר קומענדיג אַהיים אינ'ם אומעטי־גען פערוואָרפענעם זאַבאָלאָטאָוו, האָט ער ביי יעדער געלעגענהייט דערמאָנט ברוכ'ן דעם, אָדער יענעם איינדרוק פון זייער רייזע.

---

ס'איז געווען אַ טריבע צייט אויפ'ן ישוב. דער ווינטער האָט שוין געהאַלטען ווייט און קיין שליט־וועג איז נישט געווען. נאָכ'ן בלייענעם וואָלקענדיג־פערוויינטען טאָג איז צוגעפאַלען די בלינד־פינסטערע נאַכט און דער פוילער הערבסט־רעגען האָט נישט אויפגע־הערט צו גיסען. די וועגען זענען געווען פערטרונקען אין מוטנע־שטעהענדיגע וואַסער און דאָס דאָרפישע געסעל איז אַנ'עלענד־פער־שלאָפענע אין איין גרויסען זומפּ געווען פערזונקען. וואו-נישט-וואו נאָר האָט זיך אַ געשטאָפּטער חזיר געשלעפּט מיט'ן העסליך־אַראָבגע־האָנגענעם בויך איבער דער בלאָטע, אָדער אַ פויער-יונגעל האָט זיך געטוליעט אינ'ם טאַטענ'ס אַלטער סוויטע און איז געלאָפען פערביי די אויסגעקרומטע פּלייטלעך פון די הויפען אין שולע אַריין אויף די ווינטער־למודים.

דער פויער איז געזעסען פערשפּאַרט אין זיין ענגען אָנגע־הייצטען שטיבעל מיט ווייב און קינד ביי דער גרינגער ווינטערדיגער אַרבייט: ער ביים לאַפּאָט, זי ביים שפּינדעל און אַנטקעגן האָט ליכ־טיג און היימליך אין אויווען געברענט. אַ טאַטע פון דערוואַקסענע זיהן האָט נאָר ערגיץ געזיפצט אויף די מזומענע ווינטער־פערדינסטען, וועלכע געהען פערלוירען איבער'ן שלעכטען וועטער. דער פוילער ווינד האָט הייזעריג געיאָמערט הינטער די וואַנד און האָט מיט אַ קאַלטען גוס־רעגען געשמיסען איבער'ן פענסטער. צו די וועלדער האָט מען נישט געקאָנט צוקומען. די בוימער צום אויסהאַקען זענען גע־שטאַנען אין טיפע זומפּען פערטרונקען און אויף דעם נייעם זאַבאָ־לאָטאָוו איז געלעגען אַ חושך. די סטאַנציע האָט אויסגעזעהן טרויעריג. און די אַלערליי יודען און יודלעך, וועלכע האָבען זיך געריבען אַרום דער קאַנטאָר, זענען אַרומגעגאַנגען, ווי אבלים.

נאָר די קאַנטאָר־לייט האָבען זיך נישט אָבגעלאָזען. די לעווי׳ס האָבען נאָך ווי עס איז געקאָנט פערטראָגען דעם שלעכטען ווינטער און דער עולם איז נישט געווען ביי זיך געפאַלען. דאָס געהאַלט האָט מען אין קאַסע אַלעמען געצאָהלט פינקטליך. אין קאַנטאָר איז געווען וואַרים. דער סאַמאָוואַר האָט געזאָדען פון פריה ביז שפעט ביינאַכט—איז מען ווי עס איז איבערגעקומען די שטילע עטליכע וואָכען: ווער ביי קאָרטען, ווער ביי אַ בוך און די איבעריגע—אין פרעגען טייטשען, אין ווערטלעך זאָגען און צינישע וויצען דערצעהלען. דער אַלטער קאַסיר האָט זיך דערווייל אויסגעלערענט דורך בריף בוכהאַלטעריע. אשכנזי איז איבערגעזעסען די אָווענדען ביי דער נייער דענטיסטין. ער האָט איהר פאָרגעלעזען די צייטונג, געהאָלפען איהר אויף דער מאַשין נייען אַ קאָפטעלע און געקוקט איהר דערביי פאָרשענד אין די אויגען אַריין, אויב זי איז באמת אַזוי יונג, ווי זי זעהט אויס. בייטאָג איז דער זעלבער אשכנזי געווען צום דינסט אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ. מיט אַ דערפרעהט הארץ האָט ער איהר געפאָלגט אַ גאַנג און הכנעה׳דיג אַליין געבראַכט איהר די פאָסט יעדען פריהמאָרגען. נאָר בעסער פון אַלעמען איז געווען דעם געלען צוואַנציגיאָהריגען פישמאַנען. ער, דער פרעהליכער זאָרגלאָזער בחור איז געווען אומעטום פול און מיט אַלעמען אַ גוטער ברודער. אַחוץ דעם, וואָס ער איז דעם ווינטער געווען פערליבט אין דריי מיידלעך מיט אַמאָל, האָט ער חנוכה גענומען אַנ׳אָנטייל אינ׳ם קינדער־אָווענד, צו וועלכען אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ אַליין האָט איהם געשענקט אַ ווייסען האַלז־טוך. דערצו האָט ער געמאַכט אין זאַבאַלאָטאָיו אַ התחלה אויף אַ ביבליאָטעק און האָט זיך אויסגעלערענט טאַנצען.

אַנדערש האָט עס געהאַלטען מיט לעאָנ׳ען און ברוכ׳ן. דעם בעל־הבית אַליין איז געווען אומעטיג און לאַנגווייליג, כאָטש זיין מילדע אַנבלכען איז געווען תמיד נעבען איהם אַ רייצענד־געקליידעטע און אין יעדען ווינקעל פון זיין שטוב האָט די שענע און רייכע היימליכקייט געראָהט. אַחוץ זיין דירעקטאָרען־אַמט אויף די זאַוואָדען, וועלכע זעגען דאָ אויף דער שטילער פאָלעסיער סטאַנציע געגאַנגען מיט איין מאָל אַ געשטעלטער אָרדענונג, איז איהם צופיל צייט געבליבען אויף צו לעזען, רייטען און פיאַנאָ שפילען מיט אַננען אין פיר הענד. איהם האָבען געפעלט מענשען פון זיין קרייז. דערצו האָט ער געבענקט נאָך פרויען־געזעלשאַפט און אין דעם זין זענען ביי איהם די פאָדערונגען

געווען זעהער שטרענגע. לעאָן לעווי איז קיינמאָל נישט געשטרויכעלט געוואָרען צוליב אַ שען דינסט־מיידעל, אָדער עפּיס אַ רייצענד־לוסטי־גער קעלנערין. זיין געשמאַק האָט געפאָדערט פון דער פרוי אויסער שענקייט אויך אַ געוויסע איינגעבוירענע אינטעליגענץ און פיין־ראַפּי־נירטע האַלטונג, וועלכע גיט זיך דורך ערציהונג. אַנ׳אויסנאַהם אין דעם פּרט איז ביי איהם נאָר געווען די פּאַריזערין, וועלכע פערמאָגט דאָס פרויען־עלעגאַנץ פון געבוירען און קאָן אין איין און דעם זעל־בען טאָג זיין בלומען־פּערקויפערין און פּרינצעסין.

דאָ אין זאַבאָלאָטאָוו האָט זיך זיין אויג לחלוטין נישט געהאַט אויף וועמען אָבצושטעלען. שיינדלען האָט ער געפונען רייצענד און פּיקאַנט, נאָר זי איז פאַר איהם געווען צו שטיל און צופיל דאָרפיש. אויך איז ער געווען גלייכגילטיג צו די צוויי־דריי שענע ווייבלעך פון זיינע קאַנטאָר־אָנגעשטעלטע. אַפילו די נייע דענ- טיסטין, וואָס האָט גע־האַט געוויסע פּרעטענזיעס אויף אינטעליגענץ און האָט גאַנץ איידעל קאָקעטירט מיט איהם, האָט זיך איהר אויך נישט איינגעגעבען צו פער־אינטערעסירען איהם מיט זיך. נאָר זיין גוטע אַננכען איז איהם אויך גע-ווען לאַנגוויילינג. איהם האָט געצויגען אין שטאָדט צו דער רייך־עלע-גאַנטער פרוי פון זיין סביבה און צו דער קאָקאָטין פון העכערען ראַנג.

ער איז אָפט געפּאָהרען אַהין: אַמאָל אַליין, פריי ווי אַ פויגעל און אַמאָל מיט אַננכען, אויך אַ פערבענקטע נאָך איהר קרייז. אַראָבּ־לאָזען זיך צו דער געזעלשאַפט פון איהר מאַנס קאַנטאָר־פּערסאָנאַל איז איהר נישט אָנגעשטאַנען און ווינטער אין דאָרף אַריין קומען צו גאַסט האָט קיינער קיין חשק נישט געהאַט, איז זי גערן געווען דורכפּאָהרען זיך פון צייט־צו־צייט. נאָר פון אַזעלכע רייזעס איז לעאָן אַלעמאָל געקומען אין אַ שלעכטער שטימונג און פלעגט גערן אַוועק־געהן פון זיין רייך־מעבלירטען קאַבינעט אין קאַנטאָר אַריין שפּילען מיט ברוכ׳ן אַ פּאַרטיע, אָדער אַזוי מיט איהם אַ ביסעל שמועסען. יע־נער איז תמיד גרייט געווען זעצען זיך מיט איהם אין אַ בעזונדער צימער ביים שאַך־ברעט, נאָר גערעדט האָט ער ווייניג. אין זיין עקשנות׳דיגען שווייגען איז געווען צו דערקענען, אַז ער איז אינער־ליך נישט רוהיג און אַ פערבאָרגענע שווערע זאָרג פרעסט איהם זיין האַרץ. לעאָן האָט עס נאָך בעמערקט אויף איהם אין אויסלאַנד.

—יאַ, הער ברוך, ביי אונז איז ניכט פריילך—האָט ער איהם איינמאָל אין אַנ׳אָווענד אַ זאָג געטהון, ווען זיי זענען ביידע שוויי־

גענדיגע אַריין אינ'ם ווינקעל־חדר פון קאַנטאָר אין ברוך האָט זיך גענומען פאַר'ן שאַך־קעסטעל צושטעלען די פיגורען—מיר האַבען קיינען וועג פאַר אונז. קיינע אַרבייט אַוך ניכט. ווען מיר ווייניגסטענס דען קאַפע אין „פאַליי־ראָיאַל" אַוועגדס בעזוכען קענען, אָדער דען „אייפעל־טורים" ערשטייגען. ניכט וואַהר?

—איך געדענק שוין נישט—האָט ברוך געענטפערט און איז צו־געגאַנגען מיט'ן לאָמפּ צום פענסטער אַ קוק טהון דעם באַראָמעטער, וועלכער איז פון דרויסען איבער דער שויב געהאַנגען.

—עס אינטערעסירט זי איממער די טעמפּעראַטור. אומזאָנסט. דער יאַנואַר איזט צו ענדע. ווערדען ווי בעסער איבער פרעהליכערע זאַכען שפּרעכען. האַבען זיי ווירקליך די פּאַריזער איינדריקע פערגעסען? די געטין־שענהייט אַוך?

ברוך איז ווידער שטעהן געבליבען נעבען טיש ביי די שאַך־פיגורען. דורך דער בלויער שיין פון לאָמפּ איז אויף איהם אַ מאַט־בלאַסע ליכטיגקייט געפאַלען. אין צימער איז געוועזען זויבער און וואַ־רים. ר' פנחס'עס גרויסע בילד פון דער וואַנד אַראָב און דער ווייַ־סער צעראַטענער קושעט צווישען ביידע פענסטער האָבען דאָ אַ גוט היימליך ווינקעל דערמאָגט. לעאָן איז געזעסען בעקוועם צולייגט אויפ'ן דיוואַן, ווי אַ מענש נאָך אַ שווערער קאָפּ־אַרבייט. דער רויך פון זיין סיגאַר האָט מיט אַ לייכט־שכור'ן ריח דאָס צימער אָנגעפיהלט.

—די געטין אַוך פערגעסען?—האָט ער איבערגעפרעגט.

—נו, וואָס? אַ קאַלטער שטיין. אַ גוף אָהן אַ נשמה. איך פער־שטעה נישט.

לעאָן האָט זיך צו איהם אומגעקוקט. ער איז איצט געשטאַנען מיט צונויפגעצויגענע ליפען אַנ'אָנגעשטרענגט־ערענסטער, ווי דאָרטען אין מוזעאום און עס האָט־זיך איהם געדאַכט, אַז זיין בליק פון אונ־טער די האַלב־פערמאַכטע אויגען שוועבט ווידער, בגנבה, איבער די מאַרמאָר־געטאָקטע גלידער פון דער אַנטיקען־שענהייט.

—און אפשר?...—האָט ער צוגעגעבען—אפשר?... ווען מען וואַרפט אויף איהר עפּיס אַרויף?... כאָטש אַ טיול... כאָטש וואָס עס איז... נאָר אַ ביסעל צודעקען...

לעאָן איז זיך פערגאַנגען פון געלעכטער.

—אָרימע געטין, זיי בעטראַכטען זי אַלס איין יודישעס ווייבכען, ניין! זיי פערשטעהען ניכט. די הויפּט־אידעע פון דיזער פיגור אי־

ניכט די בעשיידענהייט, זאָנדערן די שענהייט. די מענשען, וועלכע פאַר איהר געקניהט האַבען, זינד גייסטיג געוואַקסען, זינד דורך איהר אנזעהן פעראיידעלט, פערשענערט געוואָרדען.

—איך גלויב נישט אין דעם!—האָט ברוך געזאָגט פער׳עקשנ׳ט אויף זיין שטייגער—איך גלויב נישט, אז שענקייט אָהן לעבען זאָל אַזוי ווירקען אויפ׳ן מענשען. וואָלט זי געווען אַ לעבעדיגע פערשטעה איך, דעמאָלט וואָלט זי די מענשען, וואָס זענען פערליבט אין איהר, געבראַכט צו אַ העכערער מדרגה. נאָר אַזוי?... דער גוף אַליין?... ניין! אַזוי וועקט זי נאָר תאוה. די אויגען האָבען נאָר הנאה. ניין, אָהן אַ נשמה פערשטעה איך עס נישט.

—אַבער שען איזט זי, ניכט וואַהר?—האָט לעאָן געוואָלט, ער זאָל כאָטש אָנערקענען די איינציגע מעלה איהרע—און וויסען זי, דאַס האַבען בלויז „גוים" געשאַפען. קיין מאַל האַבען יודען דיזעס בע־גרייפען קענען.

—ווער ווייס. קאָן זיין, אַז געפינען אַ גאָט אויפ׳ן הימעל איז אַזאַ גרויסע תורה, ווי האַקען איהם פון האָלץ און פון שטיין.

—יאַ, אַבער דען יעניגען, וועלכען זיי אין הימעל געשאַפען, האַבען זיי שאָן יעצט פערלאָהרען. דער מאָדערנער יודע גלויבט אין איהן ניכט מעהר, דער קריסט ווערט אַוך רעליגיאָנסלאָז. אַבער דאַס איזט עוויג. דיזעס בעגייסטערט מיך ווי דען אַלטען גריכען.

—אייביג? יעדער פערשייטער קונדס קאָן עס אויף שטיקער צוהאַקען.

—אַבער דער בעגריף פאָן שענהייט. דאַס שטרעבען צו איהר וועט איממער בלייבען.

—אַ, פון השגות רעדט איהר?—האָט ער געפרעגט פערטראַכט— אויב השגות, איז ביי אונז יודען דערויף קיין מאָס נישטאָ. איהר קאָנט זיין אַ יוד לויט תורת־משה, לויט די נביאים, לויט די חכמי־ התלמוד, לויט׳ן רמב״ם. דער יודישער וועג פיהרט אין די הימלען אַריין. איבער די קעפ פון אַלע פעלקער. און דעם וועג צום הימעל קאָן מען נישט אויסמעסטען, ער איז אייביג. יעדער גאון אין זיין צייט געהט אויף דעם דאָזיגען וועג לויט זיינע השגות און דער פשוטער בשר ודם ציהט זיך צו זיין מדרגה.

ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ פערטראַכטער נעבען טיש, וואו די פיגורען זענען געווען אויסגעשטעלט אויפ׳ן שאַך־ברעט.

—און אפשר?... אפשר פערשטעה איך נישט.. ווען מען וואַרפט דאַכט זיך אויף איהר אַרויף עפּיס אַ טוך... אַ ביסעל צודעקען...

—יאַ. איך פערשטעה זי, מיין גוטער ברוך-האָט לעאָן געצויגען זיין קול מיט אַ גוטמוטיגען שמייכעל—די געטין געפעלט איהנען יו־דישליך. אַבער זי איזט עס קיינעס פאַלעס ניכט.

—מעגליך. נאָר מיר געפעלט אין דער פרוי די צניעות. די ווייבערישער חן חצ׳פות שטויסט מיך אָב.

—אַבער דיזע איזט לאַנגווייליג, מאָנאָטאָן. דיזע איזט אימער איינע און דיזעלבע.

ברוך האָט געשוויגען. לעאָן איז אויפגעשטאַנען ־־־ט אַ לאַנגזאַ־מער פוילער בעוועגונג און האָט זיך געזעצט צום טיש מיט׳ן שאַך־ברעט. זיין פנים איז געווען קרענקליך-בלאַס און די גרויע קליינע אויגען האָבען זיך איהם טיף בעהאַלטען אונטער׳ן שטערן. זיי זענען ביידע שטיל געבליבען און דער שפּיל־קאַמף האָט זיך אָנגעהויבען. נאָר פון די שאַך-פיגורען זענען זיי ביידע ווייט געווען. איינער איז געזעסען מיט אַ פוסטען קאָפּ, נישט האָבענדיג קיין איין אינטערעס, וואָס זאָל ביי איהם אַ וועלכען עס איז געדאַנק אַרויסרופען און דער אַנדערער האָט זיך געפיהלט ווי אין דער קלעם איבער׳ן גרויסען פלאָנטער פון זיינע רעיונות.

---

ברוך האָט די לעצטע צייט פערבלאָנדזעט און שולדיג אין דעם איז געווען זיין יונגער פרינציפּאַל, מיט וועמען ער האָט איצט אין שאַך געשפּילט.

לעאָנ׳ס לייכטע און פעסטגעשטעלטע בעציהונגען צו פרויען האָבען געפונען אַ געוויסען אָבקלאַנג ביי זיין ליבלינג, וועלכער איז געשטאַנען מיט אַ צובראָכען האַרץ איבער אַ פערפּלאָנטערטער לעבענס־פראַגע צווישען ווייב און קינד פון איין זייט און אַ געליבט אומשול־דיג מיידעל פון דער אַנדערער. פריהער האָט זיך ברוך געהאַלטען ביי דעם געדאַנק, אַז חתונה געהאַט מיט מינען האָט ער צופעליג איבער אַ יונגעלשען קאַפּריז און זיין פרוי האָט געדאַרפט זיין שייגדעל, וועלכע ער האָט ליב געהאַט פון לאַנג און ער האָט געשטרעבט אויס־צובעסערען דעם פעלער פון זיין יונגער לייכטזיניגקייט. זיין אידעאַל איז געווען חתונה צו האָבען מיט שיינדלען און דערצו איז ביי איהם

געווען אויסגעאַרבייט אַ פינקטליכער פּלאַן, לויט וועלכען ער האָט גע־דאַרפט אָבשפּאָרען פאַר אַ פּאָר יאָהר אַ געוויסע סומע געלד אויף צו בעוואָרענען מינען מיט'ן קינד און דערנאָך אין אַ שענעם העלען טאָג ערקלערען איהר, אַז זיי זענען ביידע קיין פּאָר נישט. ער האָט איהר נישט ליב און זי איז נאָך יונג און קאָן זיין גליקליך מיט אַן'אַנדערען. דעריבער איז גלייכער זי זאָל נעהמען ביי איהם גט. פאַר זשאַמעלען וועט ער אַלעמאָל זאָרגען, ווי אַ טאַטע, נאָר ער קאָן זיך בלייבען ביי איהר, אויב זי וויל. נישט? וויל זי זיין פריי? קאָן ער איהם נעהמען צו זיך. מיט שיינדלען איז איהם קיין זאַך נישט שווער גע־ווען. ער האָט גערעכענט באַלד מיט איהר תתונה האָבען און אַוועק־פאָהרען קיין אַמעריקא. דאָרטען וועלען זיי זיך ביידע פערדינען די מיטלען צום לעבען דורך אַרבייט און דערביי וועט ער שטודירען דאָס פאַך, וואָס איהם געפעלט. און ברוך האָט נאָר אויסגעוואַרט די צייט, ער זאָל קאָנען וואָס מעהר געלד אָבשפּאָרען צו בעוואָרענען מינען מיט'ן קינד. נאָר פון זינט ער האָט זיך דערנעהנטערט צו לעאָנ'ען מיט זיין פאַמיליע און די העכערע סוחרישע קרייזען בכלל, האָט זיך דער פעסטער באָדען זיינער אָנגעהויבען שאָקלען.

ברוך האָט געזעהן לעאָנ'ס אַרט לעבען אין פּאַריז, זיינע שכור'ע נעכט מיט די קאַבאַרעטען־זינגערינ'ס און דאָ אַרום דער היים איז ער ביי איהם אויך געווען אויפ'ן אויג מיט די געהיימע פערזענליכע אינטערעסען. די „דייטשקע" זיינע, וועלכע האָט געוואוינט אין דער נאָהענטער קרייז־שטאָדט אויפ'ן ברייטען נגיד'ישען שטייגער, איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען. אין די סוחרישע קרייזען האָט זיך אַ געוויי־סער לך געוויצעלט איבער איהר, אַז אין ר' פנחס'עס צואה איז דאָ אַ פונקט פאַר לעאָנ'ען, ער זאָל פון דער ירושה צוטיילען אויף עולמ'ישע וויפיל ס'קאָסט איהם אַ יאָהר די „דייטשקע". איהרע טואַלעטען האָבען געבלענדעט די אויגען. פאָהרענדיג איבער'ן שטאָדט האָט זי געמאַכט אַ רושם, ווי עפּיס אַ וויכטיגע אָפיציעלע פערזאָן. אומעטום זענען קרע־מער און גאַסען־מענשען אין רעדלעך געשטאַנען און האָבען געשאַצט די פּאָר פערד איהרע מיט'ן בעזילבערטען שפּאַן, שיטענדיג דערביי מיט ציינישע וויצען פון אַלע זייטען. ברוכ'ן האָט מען אָנגעוויזען אויף איהר, ווי אויף אַנדערע אַזעלכע דאַמען, וועלכע האָבען זיך גע־פונען אין דער זעלבער שטאָדט, אָנרופענדיג יעדערע בעזונדער נאָכ'ן נאָמען פונ'ם געלד־אדון איהרען. די דאָזיגע אדונים זענען אַלע גע־

ווען בעוואוסטע שענע מענשען מיט קלינגענדע נעמען פון סוחרים און כלל־טהוער, בכבוד׳ע מענער פון פרויען און טאַטעס פון דערוואַקסענע קינדער. דערצו האָט נאָך יעדערער פון זיי געהאַט זיין אייגענעם צעטעל חטאים. פון מויל צו מויל זענען געגאַנגען פיקאַנטע מעשות, צוגעפעפערטע מיט נבול פּה און אַלערליי לצ׳אנישע איינפאַלען וועגען שענע דינסטען און באָנעס אָדער אַזוי אינטערעסאַנטע פריילּיכע ווייב־לעך, וואָס די מאַנען זייערע ווערען מיט אַמאָל דערהויבען צו גרויסע שטעלעס אין דער אָדער אין יענער פירמע.

לעאָן האָט אויך געהאַט אַזאַ היימישען חטא. אַחוץ דער „דייטש־קע" און צופעליגע בעגעגענישען איז ער נאָך געווען אין אינטימע בעציהונגען מיט אַ שען געבילדעטע לעבע־מיידעל פון זיין קרייז. זי האָט שטודירט יוריספּרידענץ אין איינע פון די רוסישע הויפּט־שטעדט, וואוהין לעאָן פלעגט פאָהרען צו איהר פון צייט־צו־צייט. ברוך האָט עס אַלצדינג געוואוסט און געשטוינט קוקענדיג, ווי אַזוי דער אייגע־נער לעאָן פיהרט זיך אין דער היים, וואָס פאַר אַ צערטליכער מאַן און איבערגעגעבענער פאָטער ער איז. און איהם איז פערביטערט גע־ווען דאָס לעבען. צוליב שיינדלען האָט ער זיך געמוזט שיידען מיט׳ן קינד, אָדער נעהמען איהם צו זיך און מאַכען איהם פאַר אַ לעבעדי־גען יתום.

און ביי ברוכ׳ן האָבען זיך אָנגעהויבען ספקות, איבערהויפּט ווען דאָס אַנדערע קינד איז ביי איהם געבוירען געוואָרען. בעטראַכ־טענדיג די זאַך אין תוך אריין גענומען, האָט ער מינען נישט פיינד געהאַט. דאָס געבורט פון קינד איז געווען אַזוי נאַטירליך. אמת, זי איז איהם שווער געווען פון צייט־צו־צייט, בעזונדערס ווען זי האָט זיך צו איהם געצערטעלט און גע׳חנ׳ט זיך, נאָר דאָס איז ביי איהר געווען אַזאַ זעלטענהייט. מינע האָט דערויף פשוט קיין צייט נישט געהאַט, זי איז געווען אַ גוטע בעל־הבית׳טע און אַ געטרייע מאַמע. די ביידע יונגעלעך האָבען זיך ביי איהר געהאָדעוועט נאָך זשוקס סיסטעם מיט אַלע פּינקטליכקייטען: סיי אין באָדען, סיי אין עסען און אָנטהון. די ווירטשאַפט האָט זיך געפיהרט אויפ׳ן האָר און תמיד איז זי געווען פערנומען נעבען איהרע צוויי דינסטען. דעם מאַן פלעגט זי צוואַרפען אַ גלעט פערבייגעהענדיג. ס׳איז ביי איהר אויסגעקומען, ווי אַ שאָטען פון אַ טעמפּ-פערגעסען חנ׳דעל: דאָ בעל־הבתיש־ערענסט, דאַ קלעפּיג־זיס און תמיד נישט צו דער צייט. ברוך האָט עס צוגע־

בומען מיט זיין שווייגענדיגער עקשנות, ווי אַ ברוגז'ער. אַמאָל פלעגט ער זיך בעהערשען און האָט איהר געזאָגט ווייך:

—מינעלע, איך בין פערנומען.

דערנאָך האָט ער אָן איהר פערגעסען וואָכען־לאַנג. אין שטוב איז געווען זויבער־ריין, אַלצדינג איינגעאָרדענט מיט אַ סדר. דער טיש האָט זיך געגרייט צו דער בעשטימטער צייט. יעדעס מאכל איז גע־ווען בע'טעמ'ט און פאַר איהם, ברוכ'ן, אַליין, האָט זיך תמיד געמיהט אַ געטרייע האַנד, ער זאָל פון אַלצדינג הנאה האָבען. האָט ער זיך צוגעלייגט אויפ'ן דיוואַן . . . . רויכערען און טראַכטען אַ ביסעל, איז מען אין אַלע צימערען אַרומגעגאַנגען אויף די שפיצען פינגער. זיצענדיג אַמאָל שפעט, האָט ער געפונען נעבען זיך עפיס מיט וואָס דאָס האַרץ צו דערקוויקען און ביי אַ גוטער שטימונג האָט ער זיך אויך אַ שפיל־געטהון מיט די קינדער. זשאַמיק איז צו זיינע דריי יאָהר שוין גאָר אַנ'אדם געווען. ער, דער טאַטע, פלעגט ליב האָבען מיט איהם צו חקר'ענען זיך און יענער, דער זוהן, אַ גלייכער, אַ קרעפטיגער מיט אַ גרויסען קאָפּ שוואַרץ־געקרויזטע האָהר איז תמיד געווען זויבער אָנגעטהון און האָט גערעדט מיט אַ באַסען־שטים חדושימ'־דיגע קינדערשע חכמות, ווי אַ קליינינקער ברוך. ער איז מיט איהם פאָטערליך־שטאָלץ געווען. פון צייט־צו־צייט האָט ער אויך געוואָרפען אַ נייגעריגען בליק אויפ'ן קליינינקען, ווי ער ליגט אין וויגעל אַ גע־באָדענער און וואַרפט זיך מיט די קלאָרע הענדטלעך און פיסלעך אויפ'ן ווייס־אָנגעצויגענעם קינדערשען בעט־געוואַנד.

און זי אַליין, די אויסגעבלייכטע קליינע בעל־הבית'טע מיט'ן ברייטען כאַלאַט, ווער ס'שאַפט איהם טאָג־טעגליך אָט די אַלע היימ־ליכע פריידען, האָט ער נאָר געזעהן פערבייגעהענדיג. אַמאָל האָט ער געהערט פון אַ זייטיגען צימער איהר קוויטשיג קול'כעל, אַמאָל איז זי איהם געקומען צו די אויגען אַ שווייגענדיגע מיט צונויפגעשנורעוועטע ליפען, נישט בעמערקענדיג איהם אפילו. זי איז כסדר געווען פער־האַוועט אין בעל־הבתישקייט. ער איז בעזונדער געווען פערנומען: אין קאַנטאָר, אין וואַלד און אויפ'ן סטאַנציע. אָפט איז איהם אויס־געקומען אין שטאָדט אַריין צו פאָהרען און אין די פרייע שטונדען איז ער זיך ווידער אין קאַנטאָר פערזעסען: אַמאָל צווישען וועלטלי־כע חברה, וועלכע האָבען ביי אַ הייסער גלאָז טהיי גערעדט שאַרף־בע'טעמ'טע דברים־בטלים, אַמאָל מיט לעאָנ'ען אינ'ם ווינקעל־צימער

פּערטיפּט אין שאַך-שפּיל, אָדער עפּיס אין אַ הויכען אַרט שמועסען און דערביי האָט ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטען פון דער, וואָס האָט אויף איהם געוואַרט מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ אויף דער ראָד-ניקאָווער „פּאָליאַנקע". ער איז נאָך אַלץ געווען פער'שכור'ט מיט איהר אויפגעבליהטער שענקייט און מיידעלשען חן. ביי יעדער גוטער מינוט איז ער צו איהר געלאָפען אַ זאָרגלאָזער, אַ פריילילכער, ווי אַ פרייער פערליבטער יונגלינג און, טרעפענדיג זי תמיד ביי איין און דעם זעלבען דעמב שטעהן אַ פערשעמטע די אויגען אַראָבגעלאָזט צו דער ערד און די הענד אויסגעשטרעקט צו איהם—איז ער געפאַלען צו איהרע פיס און האָט געקושט דעם זוים פון איהר קלייד.

—אומעטום, אומעטום וועסטו מיט מיר פאָהרען!...—האָט זיין קול געציטערט. אין דער מינוט האָט ער זיינע ספקות און לעאָנ'ס נגידיש-לייטישע אויפפיהרונג פערגעסען. נאָר קומענדיג אַהיים אין זיין שען-אויפגעראַמטער שטוב מיט די שענע ליבע יונגעלעך זיינע, האָט זיך איהם ווידער געטראַכט פון זיין יונגען בעל-הבית, ווי רוהיג און ליב ער צערטעלט זיין אַננכען. דערביי פאָהרט ער אָפט צו דער „דייטשקע" און לעבט נאָך ערגיץ אַ גוטען טאָג מיט דער פרעהליכער סטודענטין. ס'איז אויסגעקומען משונה. ברוך האָט עס פאַר קיין אופן נישט געקאָנט פערשטעהן. מילא, די „דייטשקע", אָבער די סטודענטין?... אַ מיידעל... אַ טאַטענס אַ קינד, וואָס וועט דערנאָך זיין מיט איהר?... ער האָט עס לחלוטין נישט געקאָנט בעגרייפען. עפּיס האָט ער פער-בלאָנדזעט אויפ'ן גלייכען וועג...

---

—אָבער שפּעטער? ווען דאָס שענקייט וועט אַוועק? ווען זי וועט זיך עלטערען?—האָט ער נישט אויפגעהערט צו פרעגען לעאָנ'ען—גוט, איהר זאָגט, אַז מיט דער מוטער פון אונזערע קינדער אַליין קאָנען מיר נישט אויסקומען, ווייל זי ווערט לאַנגווייליג און נישט אינטערעסאַנט. גוט, מיר מוזען נאָך האָבען אַ שולמית אויך. איך וועל אייך נאָכגעבען, זאָל זיין, אַז איין שולמית מוז פערבייטען די צווייטע, ווייל זי מוז תמיד יונג זיין. אָבער וואָס וועט דערנאָך פון זיי זיין? אַז זיי וועלען אַלט ווערען? גוט, מיר דאַרפען זיי בעוואָרענען, פאַרוואָס קומט זיי אָבער אויף דער עלטער בלייבען עלענד? ווען זיי זענען יונג בעשענען זיי אונזער לעבען און דערנאָך לאָזען מיר

זיי איבער אַליין. און פאַרוואָס זאָל אַזעלכע נישט האָבען דעם נחת פון אַ קינד? און פאַרוואָס זאָל דאָס קינד נישט זיין טאַקע אונזערס? פאַרוואָס דאַרף אונז ירש׳ענען נאָר זי, די בעל־הבית׳טע מיט איהרע קינדער? די וואָס קאָכט אונז מיטאָג איז עס אַ גרעסערע מיוחסת, ווי יענע, די געליבטע אונזערע, וואָס ברענגט אונז אַ נחמה אין די ערגסטע מינוטען פון לעבען. ניין, פאַני לעווי! דאָס פערשטעה איך נישט. מיין זיידען, דעם פרומען יודען, פערשטעה איך. ער האָט גובר געווען זיינע תאוות און געלעבט האָט ער מיט דער בעשערטער פון גאָט לשם מצוה, קינדער צו האָבען. אָבער אַז איהר זאָגט מיר מוזען האָבען אַ בעל־הבית׳טע און אַ שולמית, און נישט איין שולמית, נאָר אַלע מאָל אַ נייע, אַ יונגע, ווייל יעדע פון זיי בעשענט אונזער לעבען. איז אויב אַזוי, פאַני לעווי, מוז יעדער פון אונז האָבען אַזוי פיל ווייבער, וויפיל שולמית׳ן ער פערגינט זיך אין זיין לעבען. אַנדערש פערשטעה איך עס נישט.

זיי זענען, ווי תמיד אָוועגד־צייט, אינ׳ם עקסטען צימער פון דער קאַנטאָר געזעסען און האָבען ביי די אויסגעשטעלטע שאַך־פיגורען געראויכערט און שטיל געשמועסט, איינער איז געווען אויפגערעגט און אָנגעשטרענגט, דער אַנדערער זאָרגלאָז און מיד, נאָר ביידע גלייכגילטיגע צום באַראָמעטער מיט דער נידעריגער טעמפעראַטור, וועלכער איז איבער׳ן פענסטער געהאַנגען. דער ווינטער איז שוין געווען צום ענדע. דורכ׳ן שפאַלט פון לאָדען האָט אַריינגעקוקט אַ פאַר־פורים׳דיגע לבנה־נאַכט. אין צימער איז געווען לינד און נישט היימליך, ס׳האָט זיך געבענקט נאָך דער שטוביג־וואַרימער ווינטער־לופט. לעאָן איז געזעסען אָנגעלעהנט אויפ׳ן שטול און האָט פון אונטער׳ן שטערען אַרויס געקוקט צו ברוכ׳ן, וועלכער איז אומגעגאַנגען אויף און אָב איבער׳ן צימער און האָט זיך פערביי צו דער הרובע געפרובט טוליען, פערגעסענדיג יעדעס מאָל, אַז זי איז קאַלט. לעאָן האָט איראָניש געשמייכעלט צו איהם.

—יאַ, הער ברוך, ניכט פרעהליך מיט אונז. לויט איהרער אַנשאַונג מוסטע יעדערער פון אונז אַ טערקישער פאַשאַ זיין און איין האַרעם ביי זיך האַבען. יאַ, ס׳ווערדע געווען זעהער טראַוריג. ווען מיט איינער פראַו איזט זאָ שווער. ווען די איינע פראַו אונז זאָ פערקנעכטעט. יאָ! גענוג פיר אונז די איינע. דער מאָדערנער מענש מוז אין דער הינזיכט דען אַלטען גריכען נאַכפאָלגען, וועלכער איינע געזעצליכע

פראַו האַטטע. דיזע האָט פאָן עדלען האַוז שטאַמען מוססען, גוט ערצויגען, בעשיידען, עהרליך, וויל דיזע תאַט געבראַוכט ווירטהין אונד מוטער צו זיין און צום געגוס האָט דער אַלטע גריכע אַנדערע פראַוען געהאַבט. שענע, רייצענדע, לייכטזיניגע. דער ערשטער האָט ער וויניג ליבע געגעבען, דאַפיר האָט זי די געזעלשאַפט אַלס אַנ־אָרענטליכע פראַו אונד מוטער געשעצט און אים עלטער וואַר זי גע־זיכערט. פאַר דער צווייטער האָט ער געקניהט. געקניהט אין דען בעסטען יאַהרען זיינער יוגענד און קראַפט, פיר איהרע צוקונפט אַבער האָט ער ניכט געזאָרגט.

—עשו׳ס יושר—האָט ברוך געזאָגט שטיל און איז אַוועק ווידער עקשנות׳דיג שפּאַנען איבער׳ן צימער. לעאָן איז געוואָרען ערענסטער. זיין איראָנישער שמייכעל איז פערשוואונדען. ער האָט גערעדט האַר־ציג און גוט, נאָר מיט אַ טאָן פון אַנ׳עלטערען מענשען:

—וויסען זי, מיין גוטער ברוך, דיזע האָט זעלבסט דעריבער ניכט נאַכגעדאַכט. דיזע האָט אים היינט זאָ גליקליך געווען, דאָס זי האָט גערען דאָס מאָרגענס פערגעסען. די געזעצליכע פראַו פון יענער צייט, די זאָ געקרוינטע ווירטהין אונד מוטער וואַר אייפערזיכטיג געגען יענע אונד איהר שיקזאַל האַבען געוואָלטע. דאָס גלייכען פאַסירט עס אין אונזער צייט. אַלעס צוזאַמען בעקאָמט נימאַנד. מעגליך דאָס איי־ניגע רייצענדע יונגע יאַהרען פאָן איינער זענען מעהר ווערד, ווי דאָס גאַנצע לאַנגווייליגע לעבען פאָן דער צווייטער. יאַ, מיין הער, איהר זענט זעהער ניכט ערפאַרען אין דיזער פראַגע. איהר קענט ניכט די מאָדערנע געזעלשאַפט.

—אפשר... אפשר זענט איהר גערעכט. אָבער וואָס וועט סתּון אייער מאָדערנער מענש, ווען ער האָט אַ פרוי מיט קינדער און פער־ליבט זיך אין אַ מיידעל פון זיין גראַד, אַ קינד פון עהרליכע און שטילע עלטערען און אַליין אַ שטילע, ווי אַ טויב?

—אויף אַזעלכע פראַגען איזט איבערהאַופט שווער צו ענטפערען. די ווערען ענטשידען לויט די אומשטענדען. געוויס מוסס מען אין אַזעלכע פעלען זיין פּאָרזיכטיג. אַלענפאַלס ווען וויר יעדעס שענעס מעדכען, וועלכעס אונז געפעלען, הייראַטען וואָלטען, מוססע וויר יעדע וואָכע מיט אונזערע פראַוען שיידען.

לעאָן איז נתפעל געוואָרען פון זיין אייגענער חכמה און האָט זיך ברייט פונאַנדערגעלאַכט. ברוך איז געשטאַנען נעבען טיש שטרענג

פערקלערט מיט אַראָבגעלאָזענע ברעמען, ווי ער וואָלט זיך אויף אי־מיצען געבייזערט.

—איך פערשטעה נישט—האָט ער געזאָגט—איך קאָן דאָס נישט תופס זיין. אפשר איז דער זיידע געווען גערעכט, וואָס ער האָט גובר געווען דעם יצר הרע און האָט אויסגעלעבט די יאָהרען מיט דער בעשערטער. ווער ווייס... מיר וועלען שפּילען נאָך אַ פּאַרטיע?

ער האָט נערוועז גענומען אויסשטעלען אויפ׳ן שאַך־ברעט די פיגורען, נאָר אין דער רגע איז אַריינגעקומען אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ. איהר איז אין דער היים שווער געוואָרען צו זיצען אין אַ מאָלעריש־פער׳חלומ׳טער פּאָזע ביז דער מאַן וועט קומען, האָט זי געכאַפּט אויף זיך אַ העלען געשטריקטען מאַנטעל מיט אַ ווייס פּוכען היטעלע אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ און איז אַוועק זוכען איהם אין קאַנטאָר.

—אַננושקאַ!—האָט לעאָן אויסגעשריען דערפרעהט—אַליין? האָסט גאָרנישט מורא געהאַט?

זי האָט זיך געגריסט מיט ברוכ׳ן און איז מיט אַ מילדען שמייכעל שטעהן געבליבען נעבען לעאָנ׳ס שטוהל, וועלכען ער האָט איהר צום זיצען אָבגעטראָטען גלייך ביים אַריינקומען.

—איך האָב געמיינט, די זינגסט אימיצען אַ סערענאַדע אונטער׳ן פענסטער אין אַזאַ לבנה־נאַכט, ערשט אָט וואו ער זיצט. און זעהט נאָר ווי אָנגערויכערט. מען זעהט דאָך שוין באַלד די סטעליע נישט.

—דאָס איז ער שולדיג—האָט לעאָן אָנגעוויזען אויף ברוכ׳ן—שטעל זיך פאָר, אַננכען, ער איז דאָך פערליבט! נאָר ווייסטו ווי פערליבט, ביז די אויערען. ס׳איז דאָך אמת, הער ברוך?

אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ האָט זיך צו אים אומגעקוקט פון דער זייט און האָט אַ זאָג געטהון אויף איהר מילד־ערענסטען שטייגער:

—היט זיך, ברוך קליעמענטיעוויטש. איך וועל דערצעהלען מינע אָסיפּאָוונע.

—אַ דאגה איהר—האָט ברוך געענטפערט גלייכגילטיג—זי האָט קיין צייט נישט צו טראַכטען וועגען מיר.

לעאָן און אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ זענען זיך ביידע פערגאַנגען פון געלעכטער.

ברוך האָט זיי פערוואונדערט אָנגעקוקט...

---

ער האָט נאָך אַלץ געבלאָנדזשעט.

לעאָנ׳ס מאָדערנע לעבענס-סיסטעם לויט די זייטן פונ׳ם אַלטען גריך איז צו איהם נישט צוגעשטאַנען. אַ פערליבטער אין שיינדלען, האָט ער אין דער זעלבער צייט פאַר קיין אופן נישט געקאָנט זיין קיין גוטער צערטליכער מאַן צו מינען און געהן אין די דרכים פונ׳ם פרומען זיידען, שטעלענדיג זיך אויף אַ מלחמה מיט׳ן יצר הרע, איז איהם נאָך שווערער געווען. האָט ער לסוף געמאַכט אַ פשרה מיט זיך אַליין. ער האָט אָנגענומען דעם איין־און־איינציגען פונקט פון לעאָנ׳ס פערזענליכער פראַקטיק וועגען „בעוואָרעניש” און ביי איהם איז גע־בליבען פערזאָרגען דערוויייל שיינדלען מיט אַ תכלית, זי זאָל האָבען אין די הענד אַ בכבוד׳ע פרנסה און זאָל אויך צוליב דעם שטעלען זיך אויף אַ העכערער מדרגה צווישען מענשען. נאָר שיקען זי גלייך פון דער זאַבאָלאָטאָווער קלייט שטודירען יוריספרידענץ, אָדער מע־דיצין איז דאָך געווען אונמעגליך. האָט ער זיך דעריבער געמוזט בענוגענען מיט אַקושערין־קורסען, וואו מען נעהמט צו אָהן אַ פאָר־בערייטונג פון אַ שולע.

כמעט אין דעם זעלבען נוסח האָט ער עס איבערגעגעבען שיינדלען. דערצו האָט ער נאָך איהר ערקלערט, אַז דאָס איז אויף דערוויייל. ביז ער וועט קאָנען בעזאָרגען מינען מיט די קינדער, זאָל זי נישט זיצען ביים טאַטען מיט פערלייגטע הענד און האָבען צו טהון מיט חנה׳ן. קיין מיטלען אויף צו לערנען וועלען איהר שוין נישט פעהלען און קומען צו איהר אין שטאָדט אַריין געוואָר ווערען וועט ער אויך נישט פערגעסען. דאַרף זי, הייסט עס, נאָר דורכקומען מיט׳ן טאַטען. זאָגען איהם אַ גלאַטען תירוץ. זאָל ער מיינען, אַז זי, שיינ־דעל, וויל אַליין פערדינען. און איז איהם שווער צו נעהמען עס אויף זיך, האָט ער, ברוך, זיך אויסגערופען לייען אויף שכר־למוד. שיינד־לען איז דער פלאַן גלייך געפעלען געוואָרען, ווי אַלצדינג, וואָס ברוך האָט איהר געזאָגט. ס׳איז איהר אַפילו נישט איינגעפאַלען, אַז עס קאָן זיין אַנדערש און זי האָט דערצו איינגעשטימט. דורכקומען מיט׳ן טאַטען איז ביי איהר געווען אַ קלייניגקייט. זי האָט נאָר גע־דאַרפט דערהיטען די גוטע מינוט און ברוך האָט זיך בערוהיגט דערוויייל.

עטליכע שלעכטע מינוטען האָט ער נאָר איבערגעלעבט ווען איין מאָל, פערפאָהרענדיג אַזוי מיט׳ן וועליסאָפּעד קיין ראָדניקאָווע צו

לייזער׳ן, האָט איהם יענער, ווי תּמיד, אַרויסבעגלייט אַ ביסעל אויפ׳ן דאָרף און האָט אַ זאָג געטהון ערענסט און איינגעהאַלטען, ווי זיין שטייגער איז געווען:

—ברוך, איך האָב אויף דיר אַ פּערדראָס.

זיי זענעןביידע שטעהן געבליבען נעבען אַ טויבער וואַנד פון אַ פויערשן שייער איינער קעגען דעם צווייטען, קוקענדיג זיך גלייך אין די אויגען אַריין. ברוך האָט דעם בליק אויסגעהאַלטען...

—אויף מיר, ר׳ לייזער?

—יאָ, אויף דיר—האָט ער געענטפערט, גלעטענדיג זיך די באָרד— איך וועל דיר זאָגען דעם אמת. איך האַלט דיך פאַר אַ גוטען פריינד און איך האָב דיך ליב פאַר דיין מענשליכקייט. אַן׳אַנדערען אויף דיין אָרט וואָלט דאָך שוין נישט אָנגעשטאַנען אויסריידען אַ וואָרט און דו פערפאָהרסט אַמאָל. זעהער שען פון דיין זייט. ביזט ביי מיר זעהער אַן׳אָנגעלייגטער גאַסט. און מיינסט, ווייל דו ביזט איצט אַ תּקיף דאָרטען ביי די גבירים? אסור, איך ווער וויניג וואָס נתפּעל פון די אָנגעבלאָזענע יונגעלייטלעך מיט די טכוירענע פוטערס דאָרטען אויפ׳ן סטאַנציע. אודאי ביזטו צו זיי נישט שייך. דעריבער טאַקע פערדריסט עס מיך אַזוי. ווי קומסטו מיך צו בע׳עולה׳נען פאַר מיינס אַ קינד?

ברוך האָט געקנייטשט דעם שטערען, ווי פון וועהטאָג. די רעכ־טע האַנד, האַלטענדיג דעם אָנלעהן פונ׳ם וועליסאָפּעד, האָט איהם לייכט געציטערט:

—אייערס אַ קינד?...

נו, קיין עגמת־נפש דאַרפסטו חלילה דערפון נישט האָבען. ס׳איז מעהר נישט אַ פּערדראָס. מיין שיינדעל דערצעהלט דיר, אַז זי וויל פאָהרען שטודירען פאַר אַן׳אַקושערקע, פרעגסטו זי נישט, צי זי האָט גערעדט מיט מיר וועגען דעם אַפילו אַ וואָרט און דו שלאָגסט זיך איהר אָן געלד לייען אויף שכר־למוד. פונקט ווי איהר טאַטע וואָלט געווען עפּיס אַ גראָבער יונג, אַ קמצן, אָדער אַ נצרך, חלילה. איך זאָג דיר, איך האָב אמת פּעראיבעל געהאַט אויף דיר.

—אַ, איך קוק וואָס! די מעשה איז געווען אַזוי. זי האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט, אַז זי קאָסט שוין אַזוי אויך דעם טאַטען אַ סך געלד. חנה איז אין קראָם אַ גרויסע בריה און זי טהוט גאָרנישט. האָב איך איהר געזאָגט: אויב דיר וועט אויספעלען אויף שכר־למוד,

וועל איך דיר אויסזאָגן. איז וואָס זשע, ר׳ לייזער, קומט מיר דערפאַר? אייך, חלילה, אַ פּחיתת הכּבוד האָב איך אודאי נישט געמיינט.

זיי זענען ביידע שטיל געבליבען. אין דרויסען האָט אָנגעהויבען טונקעל צו ווערען. די לופט איז געווען פייכט און קאַלט. אויף די פוסטע דאָרפישע גערטנער האָבען זיך חזירים געגראָבען, זוכענדיג אין דער ערד דאָס לעצטע פערפוילטע גרעזעל פונ׳ם פערשפּעטיגטען הערבסט און אין דעם וויטען עלענדען חלל צווישען דעם חשך־פעראומערטען טאָג און דער שטאָק־בלינדער נאַכט האָט זיך געטראָגען אַ טעמפּער רחמנות־קול פון אַ הונגעריגער בּהמה, וועלכע האָט ערגעץ אַ פערגעסענע אין פעלד געבלאָנדזשעט.

—הער נאָך, ברוך!—האָט לייזער געזאָגט מיט האַרץ—מיינסט טאַקע באמת, אַז מיין שיינדעל דאַרף זיך איצט פאָהרען לערנען פאַר אַן׳אַקושערקע? איהר איז פיר־און־צוואַנציג יאָהר געוואָרען. וואָס וועט זיין דער תּכלית? הייגטיגע צייטען. די געשטודירטע מיידלעך האָבען גאָרנישט חתונה. און איצט מאַכען זיך איהר אַזעלכע גאָלדענע שידוכים. גיב מיר אַנ׳עצה וואָס איך זאָל טהון? דו ביזט דאָך עפּיס אַ מענש פון דער וועלט, זאָל זיך דיר דאַכטען, אַז ס׳איז דיינס אַ קינד. ווי אַזוי וואָלסטו געטהון?

ברוך איז געשטאַנען אַנ׳אָנגעבלאָזענער, קוקענדיג אַראָב צו די פלאַטשיג־ברייטע נעז פון זיינע שיך און האָט עקשנות׳דיג געשוויגען.

—איהר איז פינף־און־צוואַנציגסטער יאָהר. די קלענערע האָט שוין, דאַנקען גאָט, צוויי קינדער. די דריטע כאָטש פיהר אונטער דער חופּה און דער מיידעלשער תּכלית... ווייסט דאָך... אַ בחור איז אַנדערש.

—ע, ר׳ לייזער!—האָט ער געזאָגט ענטשלאָסען—אַז זי וויל לערנען אַ טאַלענט דאַרפט איהר נישט שטערען. נישט קשה. אַ יאָהר צייט אינגאַנצען. זי וועט דערנאָך אויך קאָנען חתונה האָבען. זי איז אַ שען מיידעל און אויף אַזעלכער וועט זיך תּמיד געפינען דער בעלן.

לייזער האָט אויפגעשיינט פון נחת, דערהערענדיג פון ברוכ׳ן אַזאַ גוטע מיינונג וועגען זיין שיינדלען און, שמייכלענדיג צו זיך אין דער ווייכער באָרד אַריין, האָט ער מיט אַנ׳אינערליכער חדוה געדריקט איהם די האַנד:

—נו, איך וועל דיך פאָלגען, און האָב קיין פעראיבעל נישט.

פערפאָהר, ווען דו האָסט צייט, ביזט ביי מיר זעהער אַנ'אָנגעלייג-טער גאַסט.

ברוך האָט איהם אַריינגעזאָגט אַנ'איילענדיגען גוטע נאַכט און איז געשווינד מיט'ן וועג צום אַלטען שליאַך אַוועקגעפאָהרען.

ו.

איין מאָל אין אַ נאַסען קאַלטען זונטאָג איז לייזער געקומען פון ראָדניקאָווע קיין זאַבאָלאָטאָווו צו דער סטאַנציע מיט אַ געפּאַקטער פוהר באַגאַזש אַוועקפיהרען שיינדלען אין שטאָדט אַריין לערנען. זי אַליין האָט זיך נאָך אין דער פריה אָבגעזעגענט מיט דער פערוויינ-טער מאַמען און מיט דער באָבען, וועלכע האָט געהאַלטען אין איין שעלטען די סטאַנציע מיט איהרע אויפטהוענישען און איז אַוועק צו-פוס אינאיינעם מיט אַפאַנאַס'ן, אַ דערפרעהטען, וואָס זי האָט איהם ערלויבט נאָכטראָגען זיך אַ קליין קאַרטאָנען קערבל איהרס מיט טואַ-לעטען־קליניגקייטען. ער, דער געטרייער הויז־פריינד, איז אויך גע-ווען אינ'ם קרייז פון איהרע בעגלייטער און האָט איהר פערזאָרגט אויף דער רייזע בעסער, ווי די חבר'טעס איהרע און חנה'ס אַלע קאַוואַליערען. ביז פישמאַן מיט נאָך אַ בחור האָבען ערגיץ אָבגעזוכט אין אַ שטוב אַ פערשמאַכטע וואַזאָנע מיט אַנ'אויסגעבלייכט פערטרוקענט בלימעל פאַר איהר, האָט שוין אַפאַנאַס געהאַט אַריינגעטראָגען אין וואַגאָן דאָס גאַנצע ביסעל בעל־הבתישקייט איהרס און איז געזעסען אויף דער גרויסער פול־געפּאַקטער קליידער־קאָרב, היטענדיג פון איין זייט צוויי-ערהטער, מען זאָל זיי נישט פערנעהמען און אַנטקעגען דאָס זעקעל פּוטער-געבעקס מיט די צוויי קריגלעך סמעטענע, וועלכע לייזער האָט געפיהרט דער אַלטער קלוגער מומען אַ מתנה.

נאָר שיינדעל האָט עס אַלצדינג צוגענומען גלייכגילטיג, ווי יעדער איינציגער וואָלט איהר מחויב געווען צו באַדינען און איז געשטאַנען צווישען דיזם היימישען עולם מיידלעך און יונגעלייט אַ שטאָדטיג־געקליידעטע אין הוט און הענדשקעלעך, וואַרפענדיג אומ-היגע בליקען צום טאַטען, וועלכער איז אומגעגאַנגען אַהין און צוריק מיט ברוכ'ן פערטיפט אין אַ וויכטיגען שמועס. קיינעם איז נאַטירליך

נישט איינגעפאַלען, אַז צו דעם מעכטיגען יונגען מאַן, דעם נאָר וואָס אויסגעוואַקסענעם תקיף פון זאַבאָלאָטאָוו, זאָל זי, דעם ראָדניקאָווער מיהלנערס מיידעל, האָבען עפּיס אַ שייכות, כאָטש אויפ׳ן סטאַנציע איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען, אַז ביים אָנקומען אויף די קור־סען האָט ער איהר גרויסע טובות געטהון. לייזער האָט זיך בערימט פאַר אַלעמען מיט זיין שיינדלען, וואָס פאַר אַ חן זי האָט ביי לייטען און דערביי האָט ער דערצעהלט יעדען בעזונדער, אַז ברוך האָט אַליין איינגעגעבען איהרע פאַפּירען און גע׳פּועל׳ט האָט ער דאָרטען אין שטאָדט דורך עפּיס אַ שררה, מען זאָל זי, שיינדלען, צונעהמען לויט דער מדרגה, ווי עס לערנען זיך די „געענדיגטע״. מיט דעם זעלבען נוסח איז ער אויך געקומען צו די שטאָדטיגע קרובים.

פערפאָהרען זענען זיי אין דער ישוב׳ישער אכסניה, ווי תמיד. לייזער האָט גלייך בעשטעלט דעם סאַמאָוואַר, געהייסען ברייטליך דערלאַנגען אַ קראַנץ בייגעל אויפ׳ן טיש און, אָבעסענדיג צו זעט אינ־איינעם מיט שיינדלען, האָט ער זיך גענומען פאַר זיינע בגדי־שבת, וועלכע ער פלעגט פיהרען מיט זיך אין שטאָדט אַריין, כדי אַריינצוגעהן צום פעטער. ס׳איז געווען ביי איהם אַ מין עבודה. שטעהענדיג נעבען דעם משופע־אויסגעדרייטען שפּיגעל, האָט ער פון דער געווענדטענער קאַפּאָטע געבלאָזען יעדעס שפּרינקעלע. דערנאָך האָט ער זיך מיט הרחבת־הדעת די גאָלד־געוויסטע באָרד געקעמט. שיינדעל האָט גע־דולדיג געוואַרט אויף איהם, שטעהענדיג ביי דער זייט אונטער די נייגעריגע בליקען פון צוויי גרויסע דאָרפס־בחורים, וועלכע זענען גע-זעסען אויבען־אָן ביים טיש און האָבען זיך מיט׳ן איבערגעבליבענעם הייסען טהיי געקוויקט.

ווען זיי זענען געקומען צום פעטער, איז שוין נאַכט געווען. די שטוב זיינע איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל פון צוויי שטילע גע־סלעך מיט דריי רויט־געפאַרבטע פענסטער אויפ׳ן ראָג אַרויס און אַנ׳־איינגעפונדעוועטען הויך־פערצוימטען הויף ביי דער זייט. תחילת־אָווענד פלעגט זיך דאָס הויף־טהירעל פערריגלען מיט אַ קייטעלע, דורך וועל-כער אַ מענש מיט ליידיגע הענד נאָר האָט זיך קוים געקאָנט דורכ־שפּאַרען און אינעווייניג איז געווען אַזוי שטיל, דאָס מען האָט יעדען קעצישען שאָרך געהערט. אין עס־צימער האָט דאָס אַלטפרענקיש־געוויסטע הענג-לעמפּעל געברענט בעל-הבתיש־שפּאָרעוודיג און קאַרג, ווי דער געגרייטער טיש, ביי וועלכען דאָס אַלט אָבגעלעבט פּאָר־

פאָלק האָט אָוועגד־ברויט געגעסען. דערזעהענדיג לייזער׳ן ביי דער טהיר, האָט זיך דער אַלטער פון אָרט אויפגעהויבען אַנ׳אויפגעשיינטער מיט אַ תמימות־קינדערשער שמחה:

—אָוואַ! אָוואַ! אַ גאַסט. שלום־עליכם.

די מומע האָט געבענטשט אונטער דער נאָז אויפ׳ן וואויל־געלערנטען שטייגער. דערלאַנגענדיג שיינדלען אַ קאַלטע פערגליווער־טע האַנד, האָט זי זיך געווענדעט אויף שטום־לשון צו דער קליינער דינסט־שיקסעל איהרער, יענע זאָל דערוואַרפען קויהלען אין סאַמאָוואַר און אָנצינדען דעם לאָמפ אין שאַליע. די דאָזיגע, אַ טעמפ־דערשלאָגען בעשעפעניש מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע תמ׳עוואַטע אויגען, האָט זי דוקא פערשטאַנען און איז אַוועק מיט אַ ליכט אין האַנד טופּען ער־גיץ איבער די פינסטערע צימערען. נאָר די בעל־הבית׳טע האָט זיך געלאָזט געהן גלייך נאָך איהר מיט טענות פונ׳ם בענטשען אַרויס:

—אַ שפחה קלאַפּט עס מיט די רגלים. אַ פּאָר נעלים האָט זי זיך דאָס איינגעְ׳קנה׳ט.

די ביידע מאַנסבילן האָבען זיך דערוויל פונאַנדערגערעדט. לייזער האָט דערצעהלט נייעס פונ׳ם אויפגעבליהטען זאַבאָלאָטאָוו, פון די לעווי׳ס מיט זייערע גרויסע געשעפטען און פונ׳ם אייגענעם משא־ומתן. דער פעטער, אַ פערזעסענער אויף דער זאָרגלאָזער שטילער עלטער אין זיין איינגעפונדעוועטען שטיבעל, האָט איהם נייגעריג אויס־געהערט און פון צייט־צו־צייט איז ער איהם אַריינגעפאַלען אין די רייד מיט אַ שטיקעל פּאָליטיק, אָדער וועלט־נייעס פון טאָג, פעררופענ־דיג זיך דורכאויס אויפ׳ן בלאַט, וועלכער איז איהם געלעגען אונטערן ספר פינקטליך צונויפגעלייגט מיט דער בריל אינאיינעם. שיינדעל איז געזעסען אַנ׳אומעטיגע, אַ בלאַסע איינגעקנייטשט אין זיך, ווי זי וואָלט פאַר אימיצען מורא געהאַט. פון דער אָפענער שאַליע־טהיר האָט זיך אַ פּוסטע קעלט געטראָגען. דאָס ווייס־אָנגעצויגען מעבעל מיט די גע־פּרעסטע גאַרדינען, צושפּרייטע איבער אַלע שטוהלען, האָבען אַנטקעגען דעם שוואַכען שיין געוואָרפען אַנ׳אימה, ווי ווייסע טוידטע געשטאַל־טען וואָלטען ביי די ווענד געשטאַנען.

—נו, דיין בריוועל האָבען מיר בעקומען—האָט די מוהמע געזאָגט, אַריינקומענדיג צוריק פון דעם פּוסטען נישט־געהייצטען זאַל—וואָס איז דאָס אייך דאָרטען אין מיטן דערינען איינגעפאַלען פאַר אַ קורסען?

לייזער האָט אָנגעשטעלט מויל און אויערען.

—איהר האַלט עס סיידן פאַר אַ נאַרישקייט?
—אודאי אַ נאַרישקייט. אַ מיידעל פון פינף־און־צוואַנציג יאָהר ט׳ער זיך איצט דערמאָנט אויף אַ תּכלית. און מען ווייס נישט די גליקען. דאַכט זיך וואו אַ שטוב. לויפען נאָך אַלע מעוברת׳ע ווייבער און געהען אַרום אין אויסגעקרומטע שיך. איך האָב דאָס דערצעהלט דאָרטען ביי היל׳ען, האָבען זיך די מיידלעך געכאַפּט ביי די קעפּ. טאָרסט זיך עס גאָרנישט דערוועגען צו טהון, זאָגען זיי. האָסט איצט אַ גוט שטיקעל צייט, מאַך זי חתונה, וועט זיין אַז וואויל צו דיר.
—אַז זי איז דאָך ביי איהם אַנ׳אויפגעקלערטע—האָט דער אַל־טער געשמייכעלט, אָנשפּאַרענדיג זיך בהרחבה אָן ווייכען אָנלעהן פון שטוהל—אמת, שיינדעלע? נישט קשה. זי איז אַ וואויל מיידעל. וועט נישט פערזיצען.
דעם פעטערס ווייכער קול און דאָס געמיטליכע אַרט רעדען זיינס איז שיינדלען תּמיד געווען ליב און היימיש און זי האָט זיך געקליגט צו ענטפערען איהם, ווי אַ בר־דעת:
—אודאי וועל איך חתונה האָבען. איך וועל נעהמען אַ גוטען חתן אויך, נאָר איך וויל פריהער קאָנען אַליין זיך פערדינען.
לייזער איז צוגאַנגען פון מתיקות, הערענדיג. ס׳איז איהם נישט געווען אַזוי טייער דעם פעטערס גוטע מיינונג איבער איהר, ווי דער ענטפער איהרער אַליין, נישט ווי אַ מיידעל, נאָר מעשה־מענש.
—נו, זי וויל זיין אַנ׳אשת־חיל—האָט דער פעטער נישט אויפ־געהערט צו וויצלען זיך און לייזער איז אַוועק מיט אַ נגון פון דער גמרא:
—איך וועל אייך זאָגען. אין אַ פּרט איז די מומע טאַקי גע־רעכט. נאָר די מעשה דערפון איז אַזוי. קיין שידוך עפּיס אַזוי צום האַרצען מאַכט זיך איהר דערווייל נישט און אין דער היים זיצען אַזוי איז איהר אומעטיג. זאָל זי זיין דעם יאָהר אין שטאָדט. אויף איהרע פּרנסות קוק איך נישט אַרויס און אַנ׳איידעלע מלאכה איז דאָס.
דער אַלטער האָט פון אָרט געהויבען.
—פערשטעהסט וואו דאָס האַלט. מען דאַרף עס גאָר פאַר אַ יחוס. ביי לייטען איז דאָס שוין אַריין אין שוסטער־גאַס און ער וויל דאָס ערשט פאַר אַ צירונג. נאָר וואָס דאַרף איך רעדען. געה מאָרגען אַריין צו היל׳ען, וועסטו הערען, וואָס די מיידלעך וועלען דיר זאָגען. מיר

איז אַלץ איינס. ווילסט זי דאָ לאָזען ביי מיר, מיט'ן גרעסטען כּבוד. קיין סטאַנציע וועל איך דיר נישט רעכענען. וועסט ברענגען אַמאָל עפּיס צו פיהרען און פאַר קעסט וועלען מיר זיך אויך נישט קריגען. נאָר איך זאָג דיר, דו זאָלסט זיך גוט מישב זיין.

לייזער האָט געשוויגען. די דאָזיגע גערעכטע טענות פון דער קלוגער שטאָדטיגער מומען האָבען איהם, ווי שווערע שטיינער דאָס האַרץ געפּרעסט. דער ענין אַליין איז אַפילו ביי איהם נישט ביליגער געוואָרען, כאָטש זי האָט עס געמאַכט צו קליינגעלד. דאָס, וואָס ביי איהר, דער מוטער פון געבילדעטע קינדער און אייניקלעך, איז שוין געווען אַ פּשוטע זאַך פון יאָהרען-לאַנג, האָט עס ביי איהם, דעם פערבלאָנדזעטען פון דער משפּחה, נאָך אַ גרויסע ווירדע געהאַט. נאָר די בייזע סכנה פונ'ם פערזיצען מיט'ן לעבעדיגען משל פון הילל גאָלדמאַנס עלטערע מיידלעך די בעלי־פּרנסות, צו וועלכע זי האָט איהם געשיקט אַנ'עצה פרעגען—דאָס האָט איהם מיט אַמאָל אָבהענדיג געמאַכט. אפשר וואָלט מען זיך אויף אַנ'אמת געדאַרפט מישב זיין?

דערווייל איז געוואָרען שפּעט. דער פעטער האָט אָנגעהויבען דרעמלען און די מומע מיט'ן פערשנורעוועטען קליינעם מיילכעל, בע-מערקענדיג, אַז איהר מיינונג מאַכט אויף לייזער'ן אַנ'איינדרוק, האָט נישט אויפגעהערט צו רעדען און דערצעהלען מעשות פון פערזעסענע מיידלעך, וועלכע האָבען צו דער צייט נישט חתונה געהאַט און האָבען איצט חרטה.

—טאַטע, נ'מיר געהן—האָט זיך שיינדעל געבעטען, זיצענדיג נעבען איהר בלייכער אָבגעקיהלטער גלאָז טהיי אַ מידע און אַ שלעפעריגע. דער זייגער איז געווען נאָך עלף. אַרום האָט גענאָגט די שפּאָרעוודיגע שיין פונ'ם בעל־הבתישען הענג־לעמפּעל און די פּוסטע קעלט פון דעם זויבער־אויפגעראַמטען און פערלאָזענעם זאַל. אויפ'ן בוידעם האָבען קעץ געיאָמערט, שנאָרענדיג מיט זייערע גנבה'שע טריט איבער ווענד און דעכער, ווי זיי וואָלטען דאָס אַלטע רוהיגע שטיבעל געוואָלט צושטערען. לייזער מיט שיינדלען האָבען זיך געזעגענט אויף דער ווייל ביז מאָרגען, נאָר ביידע פעסט אָבגעזאָגט זיך פון מיטאָג, נישט קוקענדיג, וואָס די מומע האָט זעהער געבעטען. לייזער איז שוין די לעצטע צייט צו אַזעלכע זאַכען געוועהנט געווען. פון זינט לייט האָבען אָנגעהויבען שאַצען זיין פערמעגען און די שטאָדטיגע קרעמער זענען צו איהם כּסדר צוגעשטאַנען, ער זאָל נעהמען

סחורה אָהן געלד, האָט איהם די משפחה זיינע גאָר אַנדערש אָנגע־הויבען מקרב זיין. איז ער געקומען אויף אַ פּאָר טעג אין שטאָדט אַריין, האָבען זיך די קרובים ממש פאַר איהם געשלאָגען און, האַל־טענדיג איין מאָל דאָרטען שבת, איז ער שוין אַפילו זוכה געווען צו אַ גורל. אַנדערש האָט מען זיך מיט איהם, דעם רייכען ישוב'ניק, נישט געקאָנט איינטיילען.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זיך לייזער ווידער אויסגעפּוצט אין זיינע מלבושי־כבוד און איז אַוועק מיט שיינדלען נאָך אַנ'עצה צו ר' הילל גאָלדמאַן מיט זיינע פּערזעסענע מיידלעך, די גרויסע אינטעלי־גענטע פּערדינערינס, וואָס האָבען שוין יאָהרען־לאַנג טאַטע־מאַמע גע־שפּייזט. דאָס זענען געווען די זעלבע קרובים, וואוהין שיינדעל האָט פיינד געהאַט צו געהן דערפאַר, וואָס דער קלוגער טאַטע איהרער ווערט דאָרטען עפּיס אַ נאַריש יודעל.

דאָס מאָל איז עס אויך אַזוי געווען. לייזער האָט געטרונקען טהיי מיט קליינינקע זופּעלעך און האָט גערעדט שטיל און שטאָדטיג־פעראיידעלט דורכאויס געווענדעט צו ר' הילל'ן, דעם אָבגעקומענעם גדלן, וועלכער איז געזעסען אויבען־אָן אַ שיינענדיגער מיט די טיפע ווינקלען פון זיין גרויסען קלאָרען שטערען און האָט זיך געבייזערט אויף דער וועלט, ווי תמיד. אָן איהר, שיינדלען, האָט מען ווידער פערגעסען, אַז זי איז אַ לעבעדיגע זאַך און ס'איז אַוועק וועגען איהר אַ גאַנץ פרייער וכוח. מען האָט געשמועסט צווישען זיך אין רוסיש וועגען איהרע קורסען, וועגען איהרע חתנים און חתונה האָבען, ווע־גען אַ געליבטען, אויב זי האָט, נישט פרעגענדיג איהר אַליין קיין וואָרט דעריבער. און דער סך הכל פון די דאָזיגע טענות איז געווען, דאָס געהענדיג צוריק פון דאָרטען, האָט לייזער אַ זאָג געטהון צו זיך אין דער ברייטער באָרד אַריין:

—אודאי זענען זיי גערעכט. מילא, וועט פערפאַלען ווערען דער הונדערטער שכר למוד. איך וועל בעטען ברוכ'ן, וועט ער אָבנעהמען די מעטריקע צוריק.

שיינדעל האָט געשוויגען

—איך מיין באמת.

—טהו ווי דו ווילסט, נאָר אַהיים וועל איך איצט נישט פאָהרען. וועסטו מיר נישט שיקען אויף דער הוצאה, וועל איך לייען ביי ברוכ'ן. איך וועל איהם דערנאָך אויסצאָהלען.

—נו, נו!—איז לייזער אַריינגעקומען אין כעס—זיי נישט אַזוי גראָב. דיין טאַטע איז נישט שכנא דער שמיד.

שיינדעל האָט זיך אָנגעהויבען ווישען די אויגען, שלינגענדיג אַ טרעהר נאָך אַ טרעהר, נאָר ער האָט זיך צו איהר נישט אומגעקוקט און איז אַוועק פאָראויס. דעריאָגט האָט זי איהם שוין כמעט נעבען דער אכסניה. ער איז געשטאַנען אין ווינקעל פון גאַס נעבען אַ חברה פוהר־מאַנעס און האָט ביי זיי צוויי פוהרלעך געדונגען: איינס פאַר׳ן משרת פון דער אכסניה די זאַכען אַוועקצופיהרען און דאָס אַנדערע—פאַר איהם מיט זיין טאָכטער און ביידע צום פעטערס הויז. שיינדעל איז אַ לאַכענדיג־פערוויינטע אַריינגעלאָפען אין שטוב און איז גלייך אַרויס צוריק מיט׳ן רייזע־טאַש איבער׳ן אַקסעל און דאָס הוט-קערבעלע איהרס אין די הענד. אַזוי איז זי פאַר דער טהיר שטעהן געבליבען ביז וואַנען לייזער מיט׳ן יונג האָבען איינגעאָרדענט אויפ׳ן פוהרעל איהר אָנגעלאָדענע קליידער־קאָרב און דעם זאַק פוטער־קיכלעך, וואָס די מאַמע האָט איהר אָנגעבאַקען פאַר אַוועקפאָהר. דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויפ׳ן צווייטען פוהרעל נעבען טאַטען, ווי אַנ׳עלעגאַנטע רייזענדערין, אַ געקליידעטע אין שוואַרצען, האַלטענדיג הויך דעם קאָפּ אונטער׳ן גרויסען פוטערנעם הוט. פערבייגעהענדע האָבען אויף איהר נייגעריגע בליקען געוואָרפען. אַנ׳אַלטער קרומער שליאַכטשיץ איז שטעהן געבליבען אַנטקעגען אָנגעשפאַרט אויף זיין גראָבען שטעקען, ווי ער וואָלט פון גאַנג מיד געוואָרען. דורך די דאָפּעלטע פענסטער פון אכסניה האָבען זי די צוויי פערגרעבטע דאָרפס־בחורים ממש מיט די אויגען געשלונגען און די בעל־הבית׳טע אַליין איז געשטאַנען אויפ׳ן גאַניק אין איהר ברייט-געשטרויפטען פאַרטוך מיט אַ גוט־ווייבערישען שמייכעל אויף די ליפּען:

—ר׳ לייזער, איהר שעמט זיך דאָס גאָר נישט וועזען מיט איהר צווישען לייטען?

—אַ ברירה האָט מען—האָט ער געענטפערט צופרידען.

זיין בעליידיגט פאָטער-געפיהל איז איצט בעפרידיגט געוואָרען. אין דער מינוט איז די זאַך פאַר איהם קלאָר געוואָרען. דוקא זי, דאָס שענע קינד פון זיין איידעלען שורש, דאַרף נישט זיין קיין בעל-הבית׳טע ביים אויוון. אויך דאַרף זי נישט זיין קיין קרעמערין, נאָר אַ מיידעל אַנ׳אדם מיט אַ בכבוד׳ער פרנסה אין האַנד, ווי אַלע מייד־לעך פון שטאָדטיג-איידעלע עלטערן. פערקעהרט, איצט קומט אויס

אַזוי גאָר צו געהן מיט דער וועלט.

—צרות רבים!—האָט ער געזאָגט, אַריינקומענדיג צום פעטער אין שטוב אַריין—וואָס קאָן איך זיין אַ יוצא מן הכלל?

יענער, דער אַלטינקער, האָט זיך די הענד געריבען פאַר פרייד, טרעטענדיג פאַמעליכען צו איהם און דער פערפלאַמט־אויפגערעגטער שיינדלען.

—אודאי, אודאי. מען דאַרף געהן מיט דער וועלט. דער סדר־עולם איז היינט אַזעלכער. און מען דאַרף האָבען בטחון. דער רבונו־של־עולם וועט זיך טהון זיינס. קיין יודישע טעכטער וועלען נישט פערזעסען ווערען. אמת, שיינדעלע? אפשר איז דאָס גאָר לטובה.

—מהיכא תיתא, אַמאָל איז אַ נאַרישקייט אויך צו גוטען—האָט די מומע פרום געגלאָצט די געוועזענע שענע אויגען איהרע, שטע־הענדיג ביי דער זייט אַנ׳איינגעטוליעטע אין איהר וואַרים האַרץ־קאָפּטעלע אָהן אַרבעל.

—נו, יאָ. אפשר איז דער בעשערטער גראַדע דאָ אין שטאָדט. אַזאַ מיידעל דאַרף דאָך האָבען דעם מבין. שיינדעלע, פערהאַן דאָרטען ביי אייך אויפ׳ן ישוב עפּיס מבינים אויף דיר?

אַרום איז געוואָרען אַ געלעכטער און דער אַלטער, אַ צופרידע־נער פון זיין אייגענער חכמה, האָט זיך אויסגעגלייכט, פערלייגענדיג די הענד אַהינטער, ווי אַמאָל אין זיינע בליהענדע מלמדות־יאָהרען, ווען ער האָט מיט נגידישע קינדער תורה געלערענט.

—פון אַנ׳אַלטען פעטער לאַכט מען און זי, די משכלת מיינע, אויך בתוכם.

נאָר די מומע איז שוין דעמאָלט געווען ווייט. דערזעהענדיג דעם זאַק פוטער־געבעקס מיט דער שווערער קאָרב, וועלכע דער משרת־יונג מיט׳ן שיקסעל האָבעןביידע קוים אין שטוב אַריינגעטראָגען, איז זי אַוועקגעלאָפען מאַכען אַנ׳אָרט פאַר די אַלע זאַכען און האָט לייזער׳ן גערופען נאָך זיך אין דעם קאַלטען זאַל אַריין ווייזען איהם, וואו שיינדעל וועט דאָ שלאָפען ביי איהר. ווייטער מעג זי זיך זיין, וואו ס׳וועט איהר געפעלען. די שטוב איז גרויס. און קיין בעטגע־וואַנד פון דער היים דאַרף מען נישט. זי, די מומע, וועט געבען איהרס. צווישען אייגענע מענשען וועט מען שוין דורכקומען. זי מיינט דאָ חלילה נישט נתעשר ווערען. פון דאָרף וועט ער אַמאָל עפּיס צו־ברענגען. לייזער האָט אויף אַלצדינג מסכים געווען, צוזאָגענדיג שי־

קען מילכיגס און עופות לרוב, נאָר שיינדעל אַליין איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין הוט און אין מאַנטעל, ווי אַ גאַסט. עפּיס האָט זי מורא געהאַט דאָ צו בלייבען. ס׳איז דאָ געווען אַזוי שטיל און אַזוי אומעטיג. ערגער, ווי אין ראָדניקאָווע. ערגיץ אין גאַס האָט די זון געשיינט און דאָ איז געווען טונקעל, ווי עס וואָלט גאר קיין טאָג נישט געווען. די אָפענע ווייס־אויפגעראַמטע שאַליע האָט זי ווידער געשראָקען מיט איהר פוסטקייט און קעלט.

לייזער האָט זיך אָנגעהויבען זעגענען און איבער׳חזר׳ן נאָך אַמאָל דער מומען, אַז מילכיגס און עופות וועט ער שיקען לרוב. ביי שיינדלען זענען געשטאַנען טרעהרען אין די אויגען.

—זעהסטו שוין דעם אדם דיינעם—האָט דער פעטער געלאַכט—וויל בויען פאַר זיך אַ וועלט און ווײנט וואָס דער טאַטע פאָהרט אַוועק. זיי רוהיג, לייזער. וועסט, אמי״הש, אין גיכען זי האָבען פאַר אַ גאַסט. זי וועט דאָ זיך ביי אונז קיין סך נישט איינהאַלטען.

—מילא!—האָט די מומע אָבגעהאַקט מיט איהר פרום־פערצויגענעם מיילכעל—וועסטו איהם אָבגעבען דעם אויפגאָב צוריק

לייזער האָט דאָס אויך אָנגענומען פאַר ליב און איז אַ צופריידענער אַהיים געפאָהרען.

ז.

דעם פעטערס נביאות איז מקוים געוואָרען, נאָר נישט אינגאַנצען. שיינדעל איז נישט אַנטלאָפען פון שטאָדט צוריק קיין ראָדניקאָווע, נאָר אין זיין איינגעפונדעוועטען נישט-געהייצטען שטיבעל האָט זי זיך אויך נישט געקאָנט איינהאַלטען. זי, דאָס זאַטע דאָרפס־מיידעל ביי דער מאַמען און די נאָכגעגעבענע בת־יחידה ביים טאַטען, האָט זיך פאַר קיין אופן נישט געקאָנט געוועהנען צו דעם אויסגעקיהלטען זאַל ביינאַכט און דעם שפאָרעוודיג־געגרייטען טיש ביי טאָג. זי האָט שלעכט געשלאָפען. ליגענדיג אויפ׳ן ווייס־געקראָכמעלטען בעטגעוואַנד אַ צונויפגעדרעהטע פון קעלט, האָט זי זיך איינגעהערט צום יאָמער פון די שטאָדטיג־פערפרעמדטע הונגעריגע קעץ און האָט געוואַרט אין שרעק אויף דעם ווייטען גרויען פריהמאָרגען, זי זאָל שוין קאָנען פון

דאַנען אַנטלויפען. צום מיטאָג האָט זי כסדר פערשפעטיגט. דער פעטער, נישט וויסענדיג פון די קאָנדיטעריי־געבעקסען, וועלכע זי בייסט צו טאָג־טעגליך אויפ'ן חשבון פון ברוכ'ס דערוויילינע קליינגעלד, איז ער געווען אויסער זיך, וואָס דאָס האַרץ חלש'ט איהר איבער. די מומע האָט זיך פשוט געבייזערט, טענה'נדיג פאַר דער קרובה מיט'ן אָבגעפּאַלענעם גוידער, וואָס פלעגט קומען שבת טרינקען טהיי מיט פערצוקערטען איינגעמאַכץ, אַז דאָס מיידעל מאַכט איהר אַ תל פונ'ם גאַנצען טאָג. און שיינדעל האָט נישט אויסגעהאַלטען, געגעסען איין מאָל אין אָוונד די צוויי אויסגעצייילטע שפּראָטען, פערטרינקענדיג מיט'ן גלעזעל שפּאָרעוודיג־פערווייסטע קאַווע און האָט אַ זאָג געטהון פערשעמט:

— מוהמע, ס'איז מיר ווייט צו 'געהן. נעבען די קורסען דאָרטען האָבען אונזערע מיידלעך געדונגען צוויי גרויסע חדרים, ווילען זיי מיך אַריינגעהמען פאַר אַ שכנה. עס וועט נישט קאָסטען טייער.

דער פעטער, ווי ער איז אַזוי געזעסען איבער'ן ספר מיט'ן צונויפגעלייגטען בלאַט ביי דער זייט, האָט אָויף איהר אַ קוק געטהון אַריבער די ברילען זיינע:

—נו, טאַקי. דיר וועט דאָרטען זיין פרעהליכער.

—און די מוהמע האָט צוגעגעבען בייז און איינגעהאַלטען, נישט אויפהויבענדיג די אויגען פון דער זאַך, וואָס זי האָט געצירעוועט:

—פון מיינטוועגען. איך קאָן אומקעהרען דעם אויפגאָב צוריק. נאָר זאָל קומען פריהער דער טאַטע. ביי איהם מעגסטו פּועל'ן אַפילו דאָס טעלערעל פון הימעל און ביז ער וועט קומען וועסטו זיין אַזוי גוט זיין דאָ. נישט קשה. ס'וועט דיר, חלילה, נישט פערשאַדען.

מעהר האָט זי צו שיינדלען קיין וואָרט נישט גערעדט. לייזער איז געקומען, איז זי צו איהם אַרויס מיט די זעלבע בייז־איינגעהאַלטענע טענות וועגען דעם אויפגאָב און האָט זיך שוין דערנאָך געהאַלטען פון ווייטען מיט זיי ביידען. יענער איז געווען אויסער זיך. ער האָט געפרובט רעדען האַרב מיט שיינדלען און האָט געהאַלטען אין איין פערענטפערען זיך, קלאָגענדיג אַלץ אויף די היינטיגע קינדער. דער פעטער איז זעהער געריהרט געווען דערפון און האָט איהם געטרייסט און זי, די משכלת, האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט שטיל אַריינגערעדט דער קרובה מיט'ן אָבגעפּאַלענעם גוידער, וועלכע איז גראַדע געזעסען דערביי:

—פון אַ דאָרן איז אַ דאָרעץ...

---

שיינדעל האָט אויסגעפיהרט איהרס.

לייזער איז געקומען פון גאַס מיט אַ פוהרעל און האָט די קליידער־קאָרב מיט די איבעריגע קלומקעס איהרע אַוועקגעפיהרט צו די מיידלעך, די אַקושערין־שילערינס אויף דער דירה. און דאָ הויבען זיך אָן ביי שיינדלען די אמת׳ע גוטע יאָהרען. ערשטענס ווערט זי באַלד אָנערקענט מיט איהר שענקייט. די יונגעלייט, וואָס קומען צו די מיידלעך, זענען ענטציקט פון איהר און ברענגען אַלע טאָג אַנדערע געסט זי צו בעוואונדערען.

אין שטוב איז געוועזן זעהער פרעהליך און קאַוואַליערען פון אַלע מינים: אויף פאָלגען אַ גאַנג, אויף בעגלייטען אַהיים, אויף ברענגען אַ בילעט אין טעאַטער. תמיד זענען זיי געווען שיינדלען צו דער האַנד. זי האָט זיך אויך געוואָרפען אין די אויגען מיט איהר גבירישאַפט. קיינער האָט נאַטירליך נישט געוואוסט פונ׳ם סוד, אַז אַ חוץ דעם, וואָס דער טאַטע שיקט איהר אויף דער הוצאה, זאָל זי נאָך בעקומען נישט קיין געציילטע טאַשען-געלד פון אימיצען. נאָר מען האָט געזעהן, דאָס זי באָדט זיך ממש אין גאָלד און דער פיהרונג איז פון אַ נגיד׳יש קינד. דערצו פלעגט מען איהר ברענגען וואָך אין וואָך פון דער ישוב׳ישער אכסניה גאַנצע זעק היימישע גוטע זאַכען און דער אַלטער גוטער פריינד איהרער בעניע האָט זי אויך נישט פערלאָזען. ער, דער שווייגענדיגער בעניע מיט דער צוהאַקטער ליפּ איז מיטאַמאָל געוואָרען אַ פאָהרער אין שטאָדט אַריין און פלעגט אָפט קומען אַ חתנ׳דיג־אויסגעפוצטער אין אַ האַרטען קאַפּעליוש, וועלכער איז איהם משופע אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ געשטאַנען און די שמידיש־צושלאָגענע הענד אין ראָז-פאַפּירענע מאַנזשעטען אָנגעטהון, ברענגענדיג מיט זיך אַלערליי דאָרפישע נאַשערייען. שיינדעל האָט איהם פאָרגעשטעלט פאַר אַ היימישען שכן איהרען און חברה האָבען זיך איבער איהם לוסטיג געמאַכט. מען האָט געגעסען מיט טעם זיינע געטרוקענטע ניס מיט די זאַנפטיגע ווינטער־עפּעל און געלאַכט פון די משונה־גרויסע קאַלאָשען זיינע, זאָגענדיג דערביי יעדערער זיין וויץ, אָדער מען האָט איהם טאַנצען וואַלס געוואָלט לערנען.

בעניע איז געזעסען שעה׳ן לאַנג אויף איין אָרט אַ רויטער ווי

אַ צוויק, נישט רעדענדיג קיין וואָרט מיט קיינעם. שיינדעל האָט איהם דורכאויס געשאַנעוועט. אָפט האָט זי איהם אָבגעהיט פון זייערע בייזע לצנות און איז מיט איהם אַוועק שפּאַצירען איבער׳ן שטאָדט, אָדער אין טעאַטער, און איין מאָל האָט זי איהם געקויפט אַ מתנה ווייסע לייוועגדטענע מאַנזשעטען מיט אַ מאָדנעם קאַשנע אויפ׳ן האַלז. פאַר איהרע נאָהענטע בעקאַנטע איז עס אַ רעטעניש געווען. וואָס פאַר אַ שייכות האָט געקאָנט האָבען אָט דער פערגרעבטער דאָרפס-יונג מיט דער צוהאַקטער ליפּ זיינער צו דעם שענעם און רייך-נאָכגעגעבענעם מיידעל?

זי איז געווען להלוטין גלייכגילטיג צו אַלע איהרע פּערעהרער, וואָס האָבען זי אַרומגערינגעלט. דערצו האָבען אַלע געוואוסט, אַז זי האָט אַ חתן עפּיס אַ רייכען קרוב, מיט וועלכען דער טאַטע איהרער איז צוקריגט און טאָר דעריבער נישט וויסען, אַז זי בעגעגענט זיך מיט איהם. דעם דאָזיגען קרוב האָט מען ביי שיינדלען קיינמאָל נישט געזעהן, נאָר מען האָט איהם געפיהלט אַרום איהר אויף יעדען טריט. ברוכ׳ן, דעם פאָרשטעהער פון לעווי׳ס זאַבאָלאָטאָוו, האָבען די שנעל-צוגען געטראָגען: דאָ קיין דאַנציג, דאָ קיין ליבוי, דאָ אויפ׳ן דרום צו די ברעגען פונ׳ם שוואַרצען ים און פון אומעטום האָבען צו שיינד-לען זיינע גריסען דערגרייכט. טאָג-טעגליך פלעגען איהר אָנקומען בריף און אַנזיכטס-קאַרטען פון די ערטער, וואו ער געפינט זיך און אָפט פון פריהמאָרגען, ווען זי איז נאָך אין בעט געלעגען, האָט מען איהר געבראַכט צוויי-דריי דעפּעשען מיט אַמאָל אַלע אין איין נוסח: אַ גרוס אום האַלבע נאַכט, אַ גרוס אום איינס דעם זייגער, אַ גרוס אום צוויי. איהר האַרץ איז געווען אַזוי איבערפולט מיט פרייד און ליבע, דאָס זי האָט זיי געמוזט דורכלעזען איהרע מיטוואוינערינס. דערנאָך פלעגט זי די דעפּעשען צורייסען אויף קליינע שטיקלעך, בעשיטען זיך מיט דעם די האָהר און אַרומגעהן אַזוי איבער׳ן שטוב אַ שמייכלענד-שווייגענדע שעה׳ן לאַנג.

נאָר אָט פאָהרט אַראָב דער קרוב אַהער אין שטאָדט אַריין און אַרום שיינדלען ווערט באַלד אַ יום-טוב-שטימונג. ער אַליין זיצט ער-גיץ אין האָטעל, שרייבט געשעפטס-בריף אויף לעווי׳ס בלאַנקען און רויכערט נערוועז איין ציגאַר נאָכ׳ן אַנדערען און דאָ ווערען די אָרי-מע צוויי צימערען פון די קורסיסטקעס אויפגעלעבט מיט טייערע בלומען-שטרויסען און די בעסטע דעליקאַטעסען, וואָס שיק-יונגלעך

פון די גרעסטע געשעפטען אין שטאָדט ברענגען אין זיין נאָמען. שיינדעל אַליין געהט שוין נישט אויף די קורסען. זי טהוט זיך אָן דאָס שענסטע קלייד, וואָס זי פערמאָגט און איז אַלעמען מכבד. דער בעל־הבית׳טעס קינדער האָדעוועט זי מיט שאָקאָלאַדעס און שענקט דעם דינסט־מיידעל אַזעלכע מתנות, דאָס יענע מיינט אַלע מאָל, אַז זי לאַכט פון איהר.

די צוויי מיידלעך, איהרע חבר׳טעס, פלעגען אויך אַריינקומען אין אַ יום־טוב־שטימונג. זי אַליין האָט זיי מיט ברוכ׳ס בלומען די קעפ פערצירט, געשפריצט אויף זיי מיט ראָזען־דופט און מען האָט זיך גע׳רעש׳ט אַלע אינאיינעם ביים מיטאָג פון גאַנצע פיער געריכטען, וועלכע שיינדעל האָט געמאַכט לכבוד דעם גאַסט אויף איהר אייגע־נעם חשבון, נאָר נישט פערגעסענדיג דערביי תמיד צו בעוואָרענען שטילערהייט, מען זאָל זיך חלילה עפּיס נישט אויסרעדען פאַר׳ן טאַ־טען, ווייל ער איז מיט איהם אין קריג. ביי יענע איז עס געווען הייליג. חבר׳טעס און באַקענטע יונגעלייט האָבען עס געוואוסט על־פּי־סוד, נאָר פאַר לייזער׳ן האָט מען זיך געהיט מיט אַ וואָרט. איין מאָל, ווען ס׳איז איהם צו די אויגען געקומען אַ טייערער אַלבאָם אין עדעל־ווייסע טאָוולען פון געשלייפטען פערלמוטער, וועלכען ברוך האָט געבראַכט פון אַ וויי‌טער נסיעה, איז איינע פון די מיידלעך גלייך אונטערגעשפרונגען און האָט איהם ערקלערט, אַז דאָס איז ביי איהר אַ מתנה פון אַ רייכען פעטער. לייזער׳ן איז דער דאָזיגער חפץ שטאַרק געפעלען געווען און ער האָט עס אונטער שיינדעלס דערשראָקענע בליקען לאַנג בעטראַכט, נאָר יענע האָט זיך געהאַלטען ביי איינס און געפלאָכטען קונציג דעם ליגענד מיט׳ן רייכען, פעטער ביז ער איז דערגאַנגען, אַז דאָס איז אַנ׳אויסלענדערשע זאַך און ס׳לאָזט זיך אויף אונזער געלד נישט שאַצען.

נאָר דעם קרוב אַליין האָט מען אַלץ נישט געזעהן אין די אויגען. שיינדעל פלעגט געהן, ערגיץ צו איהם און פערפאַלען ווערען אויף גאַנצע אָווענדען. ברוך האָט שוין געלעבט גאָר אין אַנ׳אַנדער וועלט. אין דער ישוב׳ישער אכסניה, וואוהין שיינדעל פלעגט בע־גלייטען דעם טאַטען, אָדער געהן אָבנעהמען פון דער היים גריסען, האָט מען פון איהם גערעדט, ווי פון אַ גרויסען מענשען. מען האָט געשאַצט זיינע שכירות, וואָס ער בעקומט ביי די לעווי׳ס, די זייטי־גע פערדינסטען זיינע פון קורטאַזש און די מתנות, וואָס לעאָן שענקט

איהם. לייזער האָט דערצעהלט גוזמאות, ווי חשוב ער איז ביי דעם אַלטען ר׳ פינחס׳ן, דערביי האָט ער זיך בעריהמט מיט׳ן קרובה׳־שאַפט און זיינע אָפטע וויזיטען אויפ׳ן וועליסאָפּעד צו איהם קיין ראָדניקאָווע.

און ברוך האָט געוואוינט אינ׳ם שענסטען האָטעל פון שטאָדט, האָבענדיג דאָרטען זיינע בעשטענדיגע נומערען פאַר זיך מיט לעאָנע׳ן צוגלייך. דאָ פלעגט זיך שיינדעל בעגעגענען מיט דער הויכער געזעלשאַפט פון זאַבאָלאָטאָוו. פון דעם אַלטען קאַסיר מיט׳ן האָפערדיגען אשכנזי׳ן ביז דעם אָפּיציעלען בעל־הבית פונ׳ם נייעם ישוב אַדוואָקאַט וואָראָנין און אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ אַליין. טרעפענדיג זיך מיט וועמען פון זיי אויף די מאַרמאָרנע וייך־טאַפּעצירטע שטיגען האָט מען זיך צו איהר העפליך געבייגט און נייגעריג איהר נאָכגעקוקט. אָפט האָט מען פון דער זייט אויף איהר אָנגעוויזען איינער דעם אַנדערען, דערמאָנענדיג שטילערהייט איהר טאַטען מיט זיין יחוס פון דער ראָדניקאָווער מיהל, אָדער ס׳האָט צו איהר דערגרייכט אַנ׳אָבגעריסענער קלאַנג פון ברוכ׳ס נאָמען אַליין. איין מאָל צווישען טאָג־און־נאַכט, ווען זי איז מיט איהם ביידע פון גאַס געקומען, זענען געשטאַנען אינ׳ם מאַט־בעלויכטענעם האָטעל־קאָרידאָר צוויי מעקלער פון דער זאַבאָלאָטאָווער סטאַנציע און, אָבגעבענדיג איהם דעם ברייטען גוט נאָוועגד האָט איינער פון זיי אַ זאָג געטאָן צווישען די צייהן:

—אַנ׳ענו....

ברוך איז געשווינד אַוועק צו דער טהיר פון זיין נומער, נאָר זי האָט פערקלענערט די טריט, אָנשטרענגענדיג ביידע אויערן ווי אַ האָז. אינ׳ם לאַנגען טונקעלען קאָרידאָר האָט מען זי קוים געזעהן.

—און נישט קיין נאַר—האָט זיך אָבגערופען דער צווייטער—אַזאַ פלגש מעג מען זיך שוין פערגינען...

דערוייל איז צו זיי פון ערגיץ אונטערגעשפרונגען עפּיס אַ יונגערמאַן, וועלכער איז איהר פון וויטען געוועזען נישט בעקענט, און האָט געגעבען אַ וויז מיט דער האַנד אין איהר זייט אַריין:

—אַ חבר׳טע!... ווען זי איז אַ גוטע, וואָלט זי ביי איהם גע־פועל׳ט פאַר מיר די איצטיגע „אָטפּראַווקע”.

—פּרובט זיך—האָט זיך דער ערשטער געוויצעלט—אפשר איז זי נאָך צו אימיצען גוט... דער טאַטע זאָגט „עין יעקב” פאַר׳ן עולם פאַרוואָס זאָל זי אַ יודען קיין טובה נישט טהון?...

שיינדעל איז רויט געוואָרען און האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו ברוכ׳ן אין נומער, פערהאַקענדיג נאָך זיך די טהיר, ווי אימיצער וואָלט איהר נאָכגעיאָגט.

ס׳איז געווען דאָס צימער, וואָס ער האָט געהאַלטען פריוואַט פאַר זיך. ווייך מעבּלירט אין רובּינען־קאָליר מיט אַ בּלומען־געשטיקטען טעפּיך אין דער גאַנצער לענג און בּרייט ביז צו אַלע פיער ווינקלען האָט עס געצערטעלט דאָס אויג. איבּער׳ן קאָפּ האָבּען פיר העל־שטראַהלענדע רעהרען געלייכט, בּעשפּינענדיג מיט אַ מאַט־בּלאַסען שי־מער דאָס פּליושענע מעבּעל און די שווערע פּאָרטיערען ביי דער טהיר.

דאָ איז שיינדעל געזעסען אין די שפּעטע אָווענד־שטונדען אויפ׳ן געשטיקטען טעפּיך די הענד אַרום די קניהען צונאַנדגענומען און האָט אַ פער׳כשופט׳ע געהערט, וואָס ער, ברוך, דערצעהלט, ליגענדיג אויפ׳ן נידעריגען קושעט מיט׳ן פערלאָשענעם ציגאַר צווישען די פינ־גער. ער פלעגט איהר דערצעהלען מעשות פון זיינע יונגעלשע ישיבה־יאָהרען און פון זיינע איצטיגע נסיעות און בּאַגעגענישען. אָפט האָט ער איהר געגעבּען אַ בּוך, זי זאָל איהם פאָרלעזען און דערנאָך דער־צעהלען מיט אייגענע ווערטער דעם אינהאַלט. אַזאַ מין מעטאָד האָט ער אָנגעווענדעט צו ענטוויקלען איהרע גייסטיגע פעהיגקייטען און אַרויסרופען זעלבּסטשטענדיגע געדאַנקען. אַזוי פלעגט זי איהם עפּיס דערצעהלען פון בּוך אַרויס, זיצענדיג אויפ׳ן טעפּיך די הענד אַרום די קניהען און ער האָט איהר ערענסטע פראַגען געשטעלט, אָדער גע־קוקט אויף איהר שווייגענדיג־פערטראַכט און מיטאַמאָל, אַ רויט־אויפ־גערעגטער, אויסגעשטרעקט צו איהר אַ האַנד. שיינדעל פלעגט זיך אָבּווענדען זאַנפט און פאַמעליך, ווי פון אַ געפעהרליכען קראַנקען, וועלכער איז ליב און טייער, אָדער נישט־קאָנענדיג זיך בּאַהערשען, האָט זי זיך הילפלאָז געלאָזט קושען און איז מיט דער רגע אָבּגע־שפּרונגען אָן אַ זייט, ווי פון אַ גליהענדען פלאַם אַוועק. זי האָט זיך פיבּעריש געוואָרפען צום הוט און מאַנטעל אַהיים צו געהן.

—שפּעט !... שפּעט !...—האָט זי געשטאַמעלט, קוקענדיג אויף זיך אַ פערשעמטע אינ׳ם שוואַרץ־געשניצטען טריומאָ און ער איז שוין דאַן געלעגען מיט זיין אָפענעם טאַשען־זייגער אין האַנד און האָט געזאָגט פער׳עקשנ׳ט און בּעפעלעריש:

—נאָך צעהן מינוט דאַרפסטו דאָ זיצען. דערנאָך וועלען מיר געהן.

שיינדעל האָט קיין וואָרט נישט איבערגערעדט און איז אין הויז און אין מאַנטעל געבליבען זיצען אויף אַ שטוהל ביז די בעשטימטע צייט איז אַריבער.

דאָס מאָל איז זי געשטאַנען אַנ׳אויפגערעגטע די הענד פערלייגט אויפ׳ן האַרצען און האָט איהם ערענסט געפרעגט:

—וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט פלגש?

ברוך האָט זיך צו איהר אומגעקוקט פונ׳ם שרייב־טיש, וואו ער האָט פלינק אַ בריף געלעזען און, דערזעהענדיג זי אַזוי אַ דערשראָקענע, איז ער צו איהר צוגעלאָפען.

—וואָס איז דיר?—האָט ער געפרעגט ווייך.

—פלגש!... פלגש!... איך וויל וויסען וואָס דאָס איז

ער האָט זי פערוואונדערט אָנגעקוקט. דאָס ערשטע מאָל האָט ער זי געזעהן אַזעלכע. דאָס ערשטע מאָל האָט זי פון איהם טפיס פערלאַנגט.

—וואו האָסטו דאָס געהערט?

זי האָט נישט געענטפערט. אין די אויגען זענען איהר טרעהרען געשטאַנען.

—שיינדעלע, ווער האָט עס דיר געזאָגט?—האָט ער זי צערטליך ביי דער האַנד אָנגענומען, נאָר זי האָט זיך אַרויסגעריסען מיט כעס און, נישט רעדענדיג קיין וואָרט, איז זי אַרויס פון צימער...

---

געקומען איז זי צו איהם אין גרויען פריהמאָרגען אַ פערוויינטע מיט זיינע צוויי ביינאַכטיגע שטאָדט־דעפעשען אין האַנד. אינ׳ם לאַנגען קאָרידאָר פון האָטעל איז נאָך געווען פינסטער און די ביידע משרת-יונגען, וועלכע האָבען מיט פאַרקאַטשעטע אַרבעל און צושויבערטע קעפ די שטיגען געוואַשען, זענען שלעפעריג-בייז געווען. זיי האָבען איהר נאָכגעקוקט פערוואונדערט און טעמפ, ווי אַזוי זי איז אויף די שפיצען פינגער געלאָפען אַהין און צוריק פערביי די רייהען פערשלאָסענע טהירען און האָט לסוף אָנגעקלאַפט שטיל און פאָרזיכטיג אין דער, וועלכע איז די דאָזיגע נאַכט אָפען געבליבען.

אין צימער איז געווען הייס און רוייכיג. אַרום האָבען זיך געוואַלגערט אָבגעברענטע ציגאַרען, צייטונגען אַלערליי און שטיקלעך פּאַפּיר פון צוריסענע בריף און קאָנווערטען. ברוך איז געלעגען אויפ׳ן

קושעט די הענד אונטער׳ן קאָפּ, אינגאַנצען אַנ׳אָנגעטהוענער, ווי ער איז נעכטען פאַרנאַכט פון גאַס געקומען און האָט געקוקט אַרויף צו די פיער עלעקטרישע רעהרען, פערשעמטע און בעזיגטע דורך דעם ליכט פון טאָג.

זיי זענען אייניגע מינוט שטיל געבליבען: ער די ברייט־געעפענטע אויגען צו דער סטעליע געווענדעט און זי אַ ווילד־צוטראָגענע, שטעהענדיג ביי דער טהיר.

–נו, ווייסט שוין וואָס הייסט פלגש?–האָט ער געפרעגט פאָטערליך־שטרענג.

–ניין–האָט זי געענטפערט, ווי אַ פערשולדיגטע.

–קום אַהער, וועל איך דיר זאָגען. זעץ זיך אָט דאָ נעבען מיר.

זי איז צום בעט צוגעגאַנגען, וועלכע איז געשטאַנען אַנ׳אויפגעפּאַסטע צום שלאָפען געהן נאָך פון נעכטען און, נעהמענדיג פון דאָרטען אַ קליין קישעלע, האָט זי עס איהם פאַמעליכען צוקאָפּענס אונטערגעלייגט. דערנאָך האָט זי זיך נעבען קושעט אויפ׳ן געשפּרייטען טעפּיך אַוועקגעזעצט מיט ז׳י הענד אַרום די קניהען, ווי תמיד.

-ניין! אָט דאָ נעבען מיר–האָט ער בעפוילען אינ׳ם זעלבען האַרט־געטרייען טאָן–יאָ, שיינדעלע! פלגש–דאָס האָט מען אויף דיר געזאָגט... דו ביזט עס, ווייל [illegible] מיט מיר אָט דאָ. מיט מיר, אַ מאַן פון אַ ווייב און אַ טאַטען פון קינדער. ס׳איז זעהער נישט קיין שען וואָרט פאַר אַ מיידעל. נאָר מען וועט עס דיר נאָך זאָגען נישט איין מאָל. מיט שטיינער וועט מען אויף דיר וואַרפען. זאָלסט עס וויסען, שיינדעלע. קאָנסטו מיך אַזוי ליב האָבען? זאָג! דו קאָנסט?

שיינדעל איז געזעסען נעבען איהם אויפ׳ן קושעט איינגעבויגען און שטיל, ווישענדיג אַלע מאָל אַ פריש־פערלאָפענע טרעהר ביי זיך אין די אויגען און ער האָט ווידער גערעדט אויף זיין פערליבט אכזריות׳דיגען שטייגער:

–און נאָר אַזוי וויל איך דו זאָלסט מיך ליב האָבען. הערסט?... נאָר אַזוי!... נישט בעהאַלטענערהייט זאָלסטו צו מיר קומען, זאָלען אַלע זעהן, אַז איך האָב דיך ליב. איך וועל אַלעמען זאָגען, אַז דו ביזט מיין כלה. מינען אַליין וועל איך עס זאָגען. ביז אַ צייט... ביז אַ צייט... ביז די קינדער וועלען אַרויס פון די וויקעלעך. איך האָב זיי ליב. איך קאָן זיך מיט זיי נישט שיידען. איך מוז זיי נעהמען

צו זיך. נאָר מען קאָן זיי נאָך פון דער מוטער נישט אַוועקנעהמען. פערשטעהסטו עס? מינען אַליין וועל איך עס זאָגען... אָה, ס׳איז זע־הער אַ האַרבע שאלה! די קינדער וועל איך מאַכען פאַר לעבעדיגע יתומים. נאָר איך וועל עס איהר זאָגען... איך מוז עס טהון, ווייל איך קאָן אָהן דיר נישט לעבען. און דערוויייל וועט מען אויף דיר מיט שטיינער וואַרפען. און דאָס קאָן געדויערען יאָהרען!... קאָנסטו מיך אַזוי ליב האָבען?...

שיינדעל האָט זיך מיט די קניהען אויפ׳ן טעפּיך געוואָרפען און איז אין אַ שטיל געוויין צוגעפאַלען צו זיין אַקסעל, ווי דעמאָלט אין דער נאַכט פון בתיה׳ס חתונה מיט דריי יאָהר צוריק.

—שיינדעלע...—האָט זיין פאָטערליך-האַרטער קול לייכט געציטערט, נאָר ער האָט זיך גלייך בעהערשט און צוריקגעהאַלטען—שיינדעלע... נעהם זיך אַ העברעאישען לעהרער. איך וויל דו זאָלסט קאָנען העב־רעאיש. איך וועל אפשר מאַכען אַ רייזע קיין פאַלעסטינא, וועסטו אויך מיט מיר פאָהרען. געלד האָסטו נאָך? זאָלסט נעהמען אַ גוטען לעה־רער, דעם בעסטען. וועסטו מיך פאָלגען? איך וויל זעהער, דו זאָלסט קענען העברעאיש. יאָ? שיינדעלע...

ס׳איז שפּעט געוואָרען.

הינטער די פענסטער האָט שוין די שטאָדטיגע גאַס גערוישט. ארום האָבען זיך טהיר געעפענט. איבער׳ן קאָרידאָר זענען אַהין און צוריק די משרתים געלאָפען מיט פולע טאַצען אין די הענד. ברוכ׳ן האָט מען אַרויסגערופען צום טעלעפאָן.

שיינדעל האָט זיך געשווינד דאָס פערוויינטע פנים אָבגעוואַשען. דערנאָך האָט זי אויסגעטרונקען די פערקיהלטע טאַס שאָקאָלאַד, וועל־כע איז פון זיין נעכטיגען אָווענד-ברויט געבליבען און איז גלייך פון דאַנען אויף די קורסען אַוועק.

---

צו דער צייט איז לייזער געקומען אין שטאָדט אַריין אַ צו־טראָגענער איבער די מיאוסע קלאַנגען, וועלכע האָבען זיך געלאָזט הערען אין זאַבאָלאָטאָוו. ער אַליין האָט עס אַפּילו נישט געהערט פון קיינעם און איז געווען זיכער, אַז דאָס זענען פוסטע מעשות, נאָר חנה האָט געשוואוירען, אַז ס׳קאָכט די סטאַנציע און זי שעמט זיך פשוט אַרויסצווייזען אין גאַס. האָט איהם פערדראָסען דער אומזיסטער

שקר אויף זיין קינד און ער איז צוגעפאָהרען אויף אַ פּאָר שעה אַזוי אין דער גרינג געוואָר ווערען, אויב זי, אַליין ווייס כּאָטש, וואָס מען רעדט פון איהר. דאָך האָט ער זיך צוגעגרייט זיין מיט איהר שטרענג. נאָר שיינדעל האָט איהם בעגעגענט מיט אַזאַ העלדישקייט, אַז ער איז באַלד ביי זיך בטול געוואָרען. זי האָט איהם אויסגעהערט מיט אַ פערוואונדערט־צניעות׳דיג פּנימ׳ל און האָט געלייגט מיט אַ גרינג האַרץ, ווי תמיד, ווען זי האָט מיט איהם גערעדט פון ברוכ׳ן.

—משוגעים!—האָט זי געקנייטשט מיט די אַקסלען—אינגאַנצען בין איך ביי איהם געוועזען צוויי מאָל. איך זאָג דאָך דיר איבער וואָס. קאָן זיין איך וועל האָבען צרות מיט׳ן עקזאַמען, ווייל איך האָב נישט גענענדיגט קיין שולע. האָב איך איהם געבעטען, ער זאָל זיך זעהן מיט יענעם פּריץ. אפשר וועט ער מיר איצט אויך אַ טובה טהון. משוגעים...

—מען האָט די צוויי מאָל אויך נישט געדאַרפט געהן—האָט זיך לייזער געשטאַרקט צו רעדען ערענסט—האָסט געקאָנט מיר זאָגען, וואָלט איך איהם געבעטען. נישט לויפען צו איהם אַליין אין אכסניה. פאַר אַ מיידעל איז דאָס נישט קיין סטאַט.

—און אַז אין אכסניה איז וואָס? פאַר וואָס געהען מיידלעך צו אשכּנזי׳ן, אַז ער קומט אַהער צו פאָהרען און וואוינט אויך אין דער אייגענער אכסניה. און וואָלסט געזעהן וועלכע. גימנאַזיסטקעס און קורסיסטקעס.

—אַ, דער קהל׳שער בחור?—האָט לייזער אויסגעצויגען אויפ׳ן קול—צו איהם מעגסטו אויך געהן. אַ משל... אַ גלייכעניש...

שיינדעל האָט זיך הילכיג פונאַנדערגעלאַכט.

—טאַטינקע ווי אַזוי האָסטו געזאָגט? דער קהל׳שער בחור

—אודאי איז ער אַ קהל׳שער. אַז מיט אַלע מיידלעך איז ער אַ מחותן.

שיינדלען איז עס נאָך מעהר געפעלען געוואָרען. זי איז ממש געפאַלען פאַר געלעכטער און לייזער האָט זיך בערוהיגט.

## ח.

זאַבאָלאָטאָוו האָט דערווייל אין אַ רוישענד האַנדעלס־שטעדטיל אויפגעבליהט. אָפיציעל איז עס געווען אַ נחלה פונ׳ם אַדוואָקאַט וואָראָנין. די באַהן־ליניע, וואָס לעאָן האָט געבויט, איז באַלד אַריבער אין רשות פון דער רעגירונג און די ערד פונ׳ם דערפעל זאַבאָלאָטאָוו מיט די לאָנקעס און וועלדער אויף מיילען ווייט, וועלכע האָבען פריהער אָנגעקעהרט דעם אַלטען דוכּס, זענען איצט געווען וואָראָנינס פריוואַט פערמעגען. אַזוי האָט עס געהייסען אויף פּאַפּיר, שוואַרץ אויף ווייס געשריבען און גע׳חתמ׳עט דורך כּשר׳ע עדות; פּונקט ווי ס׳איז ערגיץ געווען אָנגעשריבען און בעשטעטיגט דורך גרויסע מענשען, אַז די דערפער זענען אויסערן יודישען תחום און דערפון איז געדרונגען, אַז אויף דער סטאַנציע זאַבאָלאָטאָוו טאָרען קיין יודען נישט וואוינען. נאָר אין לעבען איז עס גאַנץ אַנדערש געווען. יודען האָבען פערגעסען און די אַרומיגע פויערים איז אַ צייט אַפילו נישט איינגעפאַלען, אַז דער קליינינקער גלאַט־געגאָלטער וואָראָנין, אָדער לויט זייער אייגענעם צונעמעניש „וואָראָנאַ״, וועלכער קומט צו פאָהרען אַהער נאָר אויפ׳ן זומער אַרומצויאָגען זיך אין די וועלדער נאָך האָזען און וועוורקעס, זאָל ער עס זיין דער בעל־הבית פונ׳ם נייעם רייכען זאַבאָלאָטאָוו. איבעראַל האָבען די יודען געהערשט. יודיש געלד און יודישע פעהיגקייטען. די רייכע פאַמיליע לעווי האָט געקויפט די געגענד. זיי האָבען אינ׳ם טויבען ווינקעל געבראַכט דעם פּלאַן און יודען פונ׳ם גאַנצען קאַנט האָבען עס געבויט. די זאַבאָלאָטאָווער קאַנטאָר האָט צו זיך געצויגען די בעסטע כּוחות פון דער אַרומיגער יודישער סביבה. די געשעפטען זענען געווען ריזיג־גרויס און געפיהרט האָבען זיי זיך בהרחבה. טאָג־טעגליך זענען אָנגעלאָדענע משא־צוגען אַוועק אין דער ווייטער וועלט אַריין, טראָגענדיג מיט זיך די גיטער פון דער זומפּיג־ליימיגער ערד צו אַלע וועלט־מערק און וועלט־האַפנס און פון ערגיץ האָט צו דעם פערוואָרפענעם ישוב אַ גאָלד־שטראָם געפלאָסען.

דער פויער איז בערייכט געוואָרען. נישט געווען די פאַמיליע

אין די אַרומיגע דערפער, וואָס זאָל נישט האָבען קיין מזו׳, פער־מעגען אָבגעשפּאָרט. פון יעדער שטוב איז איינער אָדער צווייען תּמיד געגאַנגען אין זאַבּאָלאָטאָוו אויף אַרבייט. אַ חוץ דעם האָט מען גוט געלייזט פאַר היימישע דאָרפס־פּראָדוקטען. איטליכ׳עס עוף און יעדעס שטיקעל גאָרטען־גרינס האָט זיך ביי דער סטאַנציע געצאָהלט מיט גאָלד. תּמיד איז דאָרטען אויף אַלצדינג געווען דער גוטער בעלן. דער פערגרעבטער פּאָלישוק, וועלכער האָט אויף זיין לעבען קיין צורת־מטבע נישט געוואוסט, האָט בעקומען חשק צו געלד און איז געוואָרען אַ געשיקטער הענדלער, ספּעקולירענדיג מיט יעדעס גרעזעל זיינס. דער פיהרונג אין דאָרף האָט זיך אויך ביסלעכווייז געביטען. די פרויען האָבען אויפגעהערט צו טראָגען קליידער פון אייגען גע־וועב נאָכ׳ן אַלטפרענקישען פויער־סטיל גענייט און זענען געוואָרען לאַנג־געקליידעטע מאָדניצעס אין קורצע יאַקעלעך מיט קליינע טיכלעך אויף די קעפּ, ווי די ליטוויש־פּוילישע שליאַכטשאַנקעס און די פרויען פונ׳ם קריסטליך־שטאָדטיגען המון. פון די מענער האָבען זיך געפּוצט אין רעקלעך נאָר די גרויסע פּערדינערס אויף די זאַוואָדען. לאַפּטיעס זענען אָבער אינגאַנצען בטל געוואָרען. אַ חוץ אַלטע לייט און קליינע קינדער האָט זיי שוין קיינער נישט געטראָגען. דאָס פּויערשע שטי־בעל האָט זיך אויך ביסלעכווייז געענדערט. אין די נייע הייזער, וואָס האָבען זיך געבויט אין דאָרף, זענען שוין די פענסטער געווען גרעסער, און העכער די וואַנד און טהירען. אַנדערע האָבען זיך פער־גינען קאַפּעלנע אויוועגס און דער לעבע־מענש מיט דער ברייטער האַנד האָט געוואָלט איבעראַשען אַלע שכנים, איז ער פאַר יום־טוב געקומען פון זאַבּאָלאָטאָוו אַהיים מיט אַ ניי־גלאַנצענדיגען סאַמאָוואַר, אָדער אַ הענג־לאָמפּ אונטער אַ קלאָרער פּאָרצעלייענער שיין.

די נייע סטאַנציע האָט געווירקט אויף אַלע געביטען פון לעבען אין דאָרף און נאָך מעהר אינ׳ם דערבייאיגען יודישען שטעדטעל. דאָרטען איז דאָס פרומקייט און צניעות געפאַלען. דער פיהרונג אין הויז האָט שטאָדטיגע פאָרמען אָנגענומען און די טאָן-געבערין פונ׳ם גאַנצען אַרט לעבען איז געווען זאַבּאָלאָטאָוו. אַהין האָבען זיך גע-ווענדעט אַלעמענס בליקען און פערלאַנגען. דאָרטען איז געווען די נעסט פון לוקסוס און תּענוגים און אויף אַלצדינג איז דאָרטען גע-לעגען דער גאָלדענער שטעמפּעל פון די לעווי׳ס. יעדעס ווינד-יודעל האָט קאָפּירט לעאָנען מיט ברוכ׳ן און יעדעס ווייבעל האָט נאָכגע־

טהון אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ.

זי, די גבירה, ווי מען האָט זי גערופען אונטער די אויגען, האָט געשטאַמט פון אַנ'אַסימיליאַטאָריש הויז און איז געווען רוסיש גע־זאָגנען לויט דער ערציהונג און אַרט לעבען. אַלס אַזעלכע האָט זי זיך געפיהרט עכט-גוי'ש. נישט האָבענדיג אין זאַבאָלאָטאָוו קיין גע־זעלשאַפט איהר גלייכען צווישען יודען, איז זי זיך איבעראַל צונויפ-געקומען מיט די אַזוי גערופענע „איידעלע קריסטען", וועלכע זענען אין אַלע הינזיכטען געשטאַנען נידעריגער פון די אויסגעמיידטע יו-דישע קרייזען. צו זיי איז זי אין געסט געפאָהרען. מיט זיי אינאיי־נעם זייערע זונטאָגען און ימים-טובים געפרעהט זיך; צוגענומען פון זיי מתנות יונגע חזירימלעך צום קריסטליך־פסח'דיגען טיש איהרען און געשיקט זיי צוריק אַלטע וויינען און דעליקאַטעסען. ביי זיך האָט זי אויפגענומען דעם עולם מיט דער ברייטער האַנד. איהרע קאַלטע אָוענד-ברויטען האָבען זיך קונה שם געווען אַפילו ביי די אַדעליגע פריצים פון דער געגענד, וועלכע פלעגען פאָהרען צו לעאָנ'ען ספע-ציעל אין קאָרטען שפּילען און האָבען איז דער היים אויך געפיהרט אַ רייכען אַרט לעבען.

אין שטעדטיל האָט מען דערוויילע געהאַט וואָס צו רעדען. אַנ־דערע איז געפעלען געוואָרען די דאָזיגע פריינדשאַפט מיט די פריצים, איבערהויפט די, וואָס זענען נאָהענט צו דער קאַנטאָר געשטאַנען. האָבען זיי זיך אויך גע'חבר'ט מיט די „איידעלע קריסטען", ווי ווייט ס'איז נאָר מעגליך געווען, און דער פשוטער עולם האָט שטילערהייט אונטער־געמורמעלט דעריבער און געוואָרטעלט זיך דערביי. אויפ'ן סטאַנציע האָט מען זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ וויץ פונ'ם אָלעסיער גלח, וועלכער האָט געזאָגט דעם אַלטען ר' פנחס'ן, אַז ער, דער גלח, האָט צו די יונגע יודען גאָרנישט. זיי זענען בראַווע לייט. אַ שאָד נאָר וואָס זיי עסען ביי איהם אויף דעם גאַנצען חזיר און דער אַלטער האָט נעבעך נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען.

ר' פנחס איז בכלל געווען אַ קדוש אין זאַבאָלאָטאָוו. קומענדיג אַמאָל אויף אַ פּאָר טעג צו פאָהרען, האָט ער זיך מעהר געפונען אין זיין צימער פון קאַנטאָר, ווי ביים זוהן אין שטוב. דאָ האָט ער גע־האַט זיין אייגענע קיך, דאָ געגעסען און דאָ טהיי געטרונקען. און דאָס האָט מען אַננאַ סאָלאָמאָנאָוונאַ פאַר קיין אופן נישט געקאָנט מוחל זיין. קיילע די סאַרווערין, וועלכע איז געווען אַלע מאָל איינ־

געלאַדען צו קאָכען פאַר איהם, האָט נישט איין טרעהר דעריבער פערגאָסען. זי פלעגט דערצעהלען, אַז די שנור קומט אריין עטליכע מאָל אין טאָג. זי קושט דעם אַלטען די האַנד, רופט איהם טאַטע און בעט רחמים כאָטש אַ גלאָז טהיי זאָל ער ביי איהר אויסטרינקען. און ער גיט זיך נישט אונטער. מיט די אייניקלעך פאָהרט ער דורך שפּאַצירען און קערט זיך אום מיטאָג עסען אַליין אין חדר, ווי עפּיס אַ פערוואָרפען יודעל נעבעך. עלטערע מענשען האָבען זיך דערפון אַ מוסר גראָבגענומען און די עדה יודען בכלל האָבען שוין דעם אַלטען נישט פערלאָזען. אַ חוץ קיילע דער סאַרווערין האָט פאַר איהם גע־זאָרגט דער קצב און די בעל־הבית׳טע, וואָס האָט געהאַט אַ גוט גלע־זעל מילך צו פערקויפען. סתם יודען האָבען איהם אויך יענע וועלט געוואָלט בעוואָרענען.

אָפיציעל האָט זיך זאַבאָלאָטאָוו פאַר אַ דאָרף גערעכענט און אויף דער בקשה וועגען אַ שטעדטיל, וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט מיט אָנדערהאַלבען יאָהר צוריק אין דעם נאָמען פונ׳ם אַדוואָקאַט וואָ־ראָנין, איז נאָך קיין ענטפער נישט געווען. אויך האָט זיך אויפ׳ן נייעם ישוב אָנגערוקט אַ וואָלקען דורך דער פעראָרימטער פריצה לי־סיצקאָוואַ, ביי וועלכער לעאָן האָט געקויפט די טייערע פערד מיט זייער יחוס־בריף פון איהר טאַטענס אַלט־פריצ׳ישע שטאַל און איז מיט זיי אַרומגעפאָהרען גאַנץ בעקוועם, כאָטש ער איז אַ יוד און זי, די אָבגעקומענע מיוחסת, האָט געדאַרפט געהן צופוס צו דער סטאַנציע. און האָט זי לעאָן לעווי אַרייגעזאָגט אַמאָל אַ שטעכווערטעל וועגען דעם דאָזיגען ענין, האָט ער איהר געענטפערט מיט גדלות, אַז די פערד פאַסען איהם בעסער, ווי זייערע אַלטע בעל־הבתים, ער, לעאָן לעווי, האָט צווישען וועלדער און זומפּען אַ שטאָדט אויסגעבויט און איהרע ברידער, די פריצ׳ישע גאָרנישטען, האָבען פערשווענדעט אַ פערמעגען פון דורות. די דאָזיגע ווערטער האָבען געווירקט, ווי בוים־אייל אויפ׳ן פייער. די בעליידיגטע פריצה האָט געזוכט נקמה נעהמען פאַר דער יודישער חוצפּה. איהר האָט זיך נאָר געוואָלט צושטערען די שטאָדט, וואָס יודען האָבען געבויט אויף פרעמדער! קריסטליכער ערד. געהאָלפען האָבען איהר אין דעם אויך די „איידעלע קריסטען" פון דער געגענד און מען האָט אָנגעהויבען שרייבען מסירות אויף די זאַבאָלאָטאָווער יודען, אַז זיי האָבען אַליין פון אַ דאָרף אַ שטאָדט גע־מאַכט און האָבען זיך דאָ בעזעצט, ווי תושבים. יודען האָבען זיך

דערשראָקען און האָבען זיך אָנגעהויבען בעוואָרענען מיט „כשר׳ע״ פּאַפּירען. מען האָט אויך געזוכט צדדים צווישען די „איידעלע קריס־טען״. די ליסיצקאָוואַ אַליין האָט מען דערוויל בערוהיגט מיט אַ גוט פערד און וועגעל, וואָס מען האָט איהר אַריינגעשיקט אַ מתנה.

און דערווייל איז דאָס לעבען געגאַנגען פּאָראויס. נישט קוקענ־דיג אויפ׳ן גירוש, וועלכער איז געהאָנגען איבער די קעפּ פון די זאַבאָלאָטאָווער יודען, האָט זיך ביסלעכווייז אויפ׳ן נייעם ישוב דאָך אַ קהלה געשאַפען. ס׳זענען געוואָרען בענק, אַלערליי חברות, אַנ׳אַפּ־טייק, אַ קינדער־שולע און לסוף האָבען זיך די דאָרטיגע תושבים נאָך אַ מקום קדוש אויך פערבענקט. ר׳ פּנחס איז געקומען צו פאָהרען, זענען צו איהם אַריין די פּני פונ׳ם שטעדטיל בעטען אַ פּלאַץ אויף אַ שוהל.

—וואָראָנינס אַ שטיקעל ערד?—האָט ער איבערגעפרעגט מיט אַ בייז געלעכטער—אָך! מיט׳ן גרעסטען כבוד. אודאי וועט ער האָבען אַ מצוה.

—נו, מיט עשו׳ן וועלען מיר שוין ווי עס איז דורכקומען. פאַר אַ גלעזעל י״ש וועלען מיר ביי איהם אָבהאַנדלען די מצוה—האָבען זיך די שליחים געפונען צו ענטפערען.

דער אַלטער האָט זיי בעטראַכט מיט די לויטערע העל-גרויע אויגען זיינע, זיצענדיג אָנגעלעהנט אויפ׳ן גרויסען שטאָק, ווי תמיד, אַ שיינענדיגער אינ׳ם שניי־ווייסען אָבגעלייגטען קראַגען אויפ׳ן שוואַרץ־זיידענעם כאַלאַט אַריבער. עלטער־שטאָלץ און נגידישע גדלות האָבען זיין קאָפּ בעשענט, נאָר דאָס פּנים איז געווען בעטריבט מיט אַ שאָטען פון אַ פערבאָרגענעם וועה. דער רעכטער קין האָט איהם לייכט גע־ציטערט.

—און אַז מען וועט אונז אין אַ שענעם העלען טאָג זאָגען לך לך?

נאָר די זאַבאָלאָטאָווער בעלי־הבתים זענען דערויף אויך גרייט געווען.

—מיר זענען ביי גאָט אין די הענד. דעם פּסוק ווייסען מיר דאָך שוין אויף אויסווייניג, חלילה וחס וועלען מיר די ספרים וואָ־ראָנינען נישט איבערלאָזען.

—נו, נו. מהיכא תיתא. וואָראָנינס אַ שטיקעל ערד. זאָל זיין אין אַ גוטער שעה—האָט ר׳ פּנחס ווידער געלאַכט מיט אַ בייז־איינ־

געהאַלטענער גדלות און איז נאָך דעם זעלבען טאָג אַרויסגעפאָהרען מיט ברוכ׳ן איבער׳ן שטעדטיל אָבזוכען דעם פּאַסיגען אָרט אויף אַ שוהל צו בויען.

דער בנין איז גיך פאַרטיג געוואָרען. געהילך האָט מנדב געוועזען די קאַנטאָר און דאָס איבעריגע האָט געגעבען קהל, ס׳איז געוועזען געלד לרוב אויף זילבערנע לייכטער און מנורות, אויף אַ געשניצטען ארון קודש מיט אַ גאָלד־געשטיקטען פּרוכת. אַ היכל האָט מען אויסגעבויט, נאָר אַ גבאי צו געפינען איז אָנגעקומען שווער. צווישען די אויפגעקומענע תּושבים פון זאַבאָלאָטאָוו איז אויף דער דאָזיגער כבוד-שטעלע זעהער ווייניג בעלנים געווען. די אַלערליי דאָרטיגע ציונים, לאומים, קאַנטאָר־יודען און סתם בעל־הבתּים זענען געווען אַזוי אַריינגעטהון אין עולם הזה, דאָס מען האָט מיט אַ גרינג האַרץ איינגעטיילט די עליות אין שוהל לויט דער עלטער נאָך. אַזוי אַרום איז דער כבוד ביי דער תּורה אָנגעקומען דעם אַלטען שומר, וואָס האָט אויפ׳ן פלאַץ די ברעטער געהיט און אַלס גבאי האָט מען איינשטימיג געוועהלט דעם אַלט-געזעסענעם עם־הארץ קלמן אַרענדאַר.

---

דבורה׳ס שטוב האָט דעם אויבען־אָן פון שטעדטיל פערנומען. איהר מאַן האָט נאָך אַלץ געהאַנדעלט מיט פּריצים און איהר זוהן ברוך איז געווען דער זייל פון דער זאַבאָלאָטאָווער הערשאַפט. דער איידים, איהר מגושמ׳דיגער טאָכטערס מאַן, איז אויך געווען פון די ערשטע מענשען אויפ׳ן נייעם ישוב. נישט האָבענדיג קיין געדולד צו בעקומען דעם געגאַרטען רייף־אַטעסטאַט, צוליב וועלכען ער האָט זיך אַליין פאַר געלד פּערקויפט, האָט ער אויסגעהאַלטען עקזאַמען אויף פּאָלקס־לעהרער און האָט געעפענט אין זאַבאָלאָטאָוו אַן׳אָנפאַנגס־שולע. אַזוי אַרום איז ער געוואָרען דער קולטור-טרעגער אינ׳ם נייעם שטעדטיל.

דאָס אַלטע פּאָר־פאָלק האָט זיך אויך אָבגעגעבען מיט כלל-זאַכען. ער, דער קליינגעוויקסיגער נאַרישער תּם קלמן אַרענדאַר, האָט פונ׳ם ווייב׳ס כבוד וועגען אויף דער עלטער זיך אויסגעלערענט דאַווענען פאַר׳ן „עמוד" און ער איז עס געווען אין זאַבאָלאָטאָוו דער ממונה איבער דאָס אַלטע יודישקייט. אַ חוץ גבאות אין שוהל האָט מען נאָך איהם גערן צוגעטהיילט די השגחה איבער די כלי קודש. אַ

שוחט, אַ חזן, וואָס קומט אַמאָל אַראָב אויף אַ שבת, אַ נדבה פאַר אַ מגיד פון גאָט און פון לייט אַ פערלאָזענעם—דאָס אַלצדינג איז געווען שייך צו ר' קלמנ'ענען. איהם האָט מען אָבגעגעבען אין אַרענדע דעם אַלטען גאָט און ער האָט זיך מיט איהם אַרומגעטראָגען אויפ'ן טור־מעלדיג־עם־הארצ'ישען שטייגער, ליבענדיג איהם פאַר יעדען איינציגען, וואָס האָט פון זיינטוועגען עפּיס מנדר געווען.

דבורה איז אויך ביי דער אַלטער וועלט געבליבען. אַריבער־טרעטענדיג די זעכציגער איז זי נאָך אַלץ געווען גלייך און שען מיט'ן בע'חנ'ט־ווייבליכען שמייכעל פון אַמאָל. נאָר פון צייט־צו־צייט האָט איהר אַ האַנד געציטערט. פון אָוועגד איז איהר אויך אין די אויגען טונקעל געווען און דאָס שטאָלצע פרויען־האַרץ, וועלכע האָט אַזוי גוט די אומשטענדען פון לעבען בעזיגט, האָט אָהן קיינע סיבות אין אַ שטילען פערבאָרגענעם ווערה געקלעמט. זי האָט אַלץ געהאַט. אַלע איהרע פערלאַנגען זענען ערפילט געוואָרען אַ סך בעסער, ווי זי האָט זיך עס אַליין געוואונשען. נאָר אויף ווייטער איז שוין נישט געווען וואָס צו טהון. איהרע קינדער זענען געגאַנגען פאָראויס בע־גליקטע מיט רייכטהום און כבוד, נאָר אַליין, און זי, די שענע קלוגע מאַמע, האָט מען שוין נישט געדאַרפט. איהר איז שוין מעהר נישט געבליבען, ווי דאָס ביסעל יאָהרען געבען זייער טאַטען דערלעבען און אויף דערויף האָט איהר אַ גליד געוויינט.

שטעהענדיג אַמאָל נעבען שפּיגעל אָן דעם פאַרוק פּנים אל פּנים צו זיך אַליין, דער אַלטער יודענע מיט די שיטערע אָבגעבליאַ־קעוועטע העהרלעך, וואָס זענען איהר פון די אַמאָליגע טונקעל־זיידענע צעפּ געבליבען, האָט זיך ערגיץ טיף אין דער נשמה ביי איהר אַ זינדיגע מחשבה געוועקט איבער דער אומזיסט־פערלאָרענער יוגענד און צניעות, וועלכע קיינער האָט נישט אָבגעשאַצט. פאַר איהרע מי־דע און האַלב־פערלאָשענע בליקען האָבען זיך בולט געצייכענט ווייטע בילדער פון דער פערוואָרפענער קרעטשמע, פון דעם אַמאָליגען אַל־טען שליאַך מיט די פּאָסט־סטאַנציעס און די איידעלע שענע פּריצים, וועלכע פלעגען פערפאָהרען, איבערלאָזענדיג בייטלען מיט נישט־געצייליטע אימפּעריאַלען. פאַר איין שמייכעל איהרס, פאַר איין קוק. און זי, דבורה, האָט קלמנ'ען פאַר אַ מאַן געהאַט. מיט איהרע צאַרטע געטאָקטע הענד פאַר שכור'ע גוים טאַראַנעס געקאָכט. נישט געלאָזט כ"יין שטויב אויף איהם פאַלען און איהם איז אַפילו קיינמאָל נישט

געקומען אויפ׳ן זינען, אַז עס קאָן זיין אַנדערש. ער האָט אַפילו נישט געוואוסט, ווי שען זי איז געווען. אפשר איז עס אינגאַנצען געווען אַ נאַרישקייט? דאָס לעבען איז אַזוי קורץ...

פון אויג איז איהר אַ טרעהר געפאַלען, אַ הייסע פערבאָרגענע טרעהר פון נישט־איבערגעלעבטע יוגענד-פריידען. נאָר אָט קומט דאָס רחמנות־געפיהל איבער זיך אַליין און די קלעם ווערט שוואַכער. עס ברעכט זיך דאָס האַרץ און עס קומט דער קלאָרער געדאַנק, אַז אַלצ-דינג איז אַ חלום... אַז היינטיגע ווייבלעך פיהרען זיך אַנדערש, ווע-לען זיי דען אייביג יונג בלייבען? זייער שענקייט וועט דאָך אויך פערגעהן, ווי אַ שאָטען אויפ׳ן וואַנד. סיי ווי הבל הבלים. אַזוי איז זי כאָטש ריין פון זינד. אין דער יוגענד האָט דבורה נישט געקלערט פון די זאַכען. זי איז געווען פרום, ווי אַלע יודישע טעכטער פון איהר צייט, נאָר איצט, אַז איהר ווייך־סאַמעטענער בליק האַלט ביים פערלאָשען ווערען און די האַנד ציטערט, ווייס זי, אַז גאָט האָט מיט איהר אַזוי געפיהרט, און זי ווייס איהם איצט ווי אַזוי צו דינען.

דבורה האָט אויסגעמיטן דעם כבוד אין די ניי־מאָדנע חברות, וועלכע האָבען זיך געשאַפען אין שטעדטיל דורך די יונגע און רייכע ווייבלעך, כאָטש מען האָט זי אומעטום געלאַדען און אָבגעגעבען איהר דעם אויבען־אָן. ברוכ׳ס ווייבעל, וועלכע איז תמיד געווען פערנומען מיט דערווירטשאַפט, האָט מען אונטער די אויגען אין אַלע ווייבע-רישע חברות אַלס עהרען־מיטגליד געוועהלט. שפעטער איז די עלטע-רע שנור איהרע געווען קאַסירערין אין דריי קאָמיטעטען, נאָר איהר איז שווער געווען צו ליידען דעם צדקה־טומעל זייערען, די ווייבע-רישע חנ׳דלעך זייערע לשם מצוה און די תקיפות געגען דעם נויט-בעדערפטיגען ז״ל יך.

און זי האָט זיך אָבגעטהיי.ט פון זיי. דאָרטען האָט מען זיך גע׳רעש׳ט מיט אסיפות און בעלער און דבורה איז געווען אַ פשוט׳ע גבאי׳טע אויפ׳ן אַלט־יודישען שטייגער. נאָר דערנאָך איז אויסגעקומען, אַז אין דער אמת׳ער נויט האָט מען זי נאָר געדאַרפט. איז געווען אַנ׳עת-צרה, איז מען געקומען צו איהר, זי זאָל געהן בעטען אין קאָ-מיטעט. זי איז ברוכ׳ס מאַמע וועט מען איהר דאָרטען ביי די גבירים גיכער ענטפערען, בפרט איהר שנור איז אומעטום אַזאַ גרויסער בעל-דעה.

דבורה האָט אויסגענוצט איהר גרויסקייט לשם מצוה קלוג און

טאַקטיש, ווי זי האָט נאָר געקאָנט און וועגען די היינטיגע שיטות פון צדקה בכלל און אין זאַבאָלאָטאָוו בפרט האָט זי אָפט איהר על־טערען זוהן געשריבען. ער איז ביי איהר איצט געווען דער חשוב פון אַלע קינדער. דאָס איז געווען דער רב איהרער. פון זינט די האַנד האָט איהר אָנגעהויבען ציטערען, האָט זי אין איהם די גרעסטע נחמה געפונען. אַ היינטיגער רב, אַ רב מיט אַ זעקס־קלאַסיגען דיפּלאָם. דאָס בערדעל שטאַרק אַרומגעגלייכט. דער סורדוט נישט איבעריג לאַנג—דאָך איז ער ביי דער תורה געבליבען. שוין פון עטליכע יאָהר איז ער געזעסען ביי אַ רייכען שווער אויף קעסט און האָט אויף אַ שטאָדט געוואַרט.

---

לסוף האָט מען איהם אויפגענומען אין זאַבאָלאָטאָוו.

ערביי איז אויך געווען דבורה׳ס קאָפּ. אויפ׳ן נייעם ישוב האָט מען נאָך קיין רב אַפילו אין זינען נישט געהאַט. די קאַנטאָר-לייט מיט לעאָנ׳ען האָבען איהם נישט געדאַרפט און דער פּעריאָגטער אָנ-געלאָפּענער המון האָט זיך בענוגענט מיט׳ן שוחט, וועלכער איז גע-ווען אַ למדן אַ יוד. אויף פּסק׳ענען שאלות האָט ער געהאַט פונ׳ם שטעדטילדיגען רב אַ ברייטע הסכמה און קיין דין־תורות זענען אין זאַבאָלאָטאָוו קיין מאָדע נישט געווען. דאָך, אַז דבורה׳ן איז איינגע־פאַלען אַ געדאַנק אַראָבברענגען דעם זוהן צו גאַסט און יענער האָט לויט איהר בקשה שבת פאַר מנחה זיך געשטעלט זאָגען אין שוהל אַלס אַ פשוט׳ער מטיף, וועלכע פלעגען גאַנץ אָפט קומען קיין זאַבאָ־לאָטאָוו—האָבען זיך גלייך געפונען אַ בינטעל ברוכ׳ס מקורבים, וואָס זענען אויפ׳ן אָרט זיין ברודערס הייסע חסידים געוואָרען און באַלד נאָך מנחה האָט מען זיך שוין געקאָכט אינ׳ם גאַנצען שטעדטיל ווע־גען רבנות.

דער ענין איז שנעל געגאַנגען פאָראויס, ווייל קיין פערשידענע צדדים און מחלוקת׳ן, ווי עס קומען פאָר ביי אַזעלכע פאַלן אין אַנ־דערע שטעדט און שטעדטלעך, איז אין זאַבאָלאָטאָוו נישט געווען. ברוכ׳ס ברודער האָט געמעגט זיין אַ רב אָהן אַ זעקס־קלאַסיגען דיפּלאָם פון אַ וועלטליכער מיטעל-שול, אָהן אַ גוטען צונג צום רעדען און נישט קיין הדרת־פּנים, וואָלט ער דאָ אויך געהאַט פאַר זיך די שטאַרקע מערהייט. ער איז אויסגעקליבען געוואָרען איינשטימיג און ס׳איז אויך

געקומען אַזוי, אַז די קהלה האָט איהם געבעטען. די פני פונ׳ם נייעם ישוב האָבען אַריינגעשיקט ברוכ׳ס ברודער אַ כתב רבנות מיט בע־שטימטע שכירות פון דער ברייטער האַנד, אַ חוץ זייטיגע הכנסות, און מען האָט אויסגערופען אין שוהל דער עולם זאָל געהן חתמ׳ענען.

ברוך איז געשטאַנען פון ווייטען און האָט געגאַפט דערויף. ער אַליין איז פונ׳ם ברודער נישט צופרידען געווען און האָט איהם גע־האַלטען פאַר אַ צבוע, וואָס נישט פערמאָגענדיג אין האַרצען קיין פונק פון אמונה, האָט ער יאָהרען לאַנג אויף סמיכה געהאָרעוועט און האָט געשטרעבט נאָר צו זיין אַ רב. נאָך מיט אַ צייט צוריק זענען זיך זייערע וועגען צוגאַנגען, נאָר די לעצטע יאָהרען האָבען זיי זיך גאָר דערווייטערט איינער פונ׳ם אַנדערען. וויפיל די מאַמע פלעגט בעטען, האָט ער קיין מאָל נישט געפונען קיין פאַסיגע מינוט אָנצו־שרייבען איהם עטליכע ווערטער. נאָר אָט איז צווישען זיי אַ שפּאַס פאָרגעקומען. אין זיין זכות האָט מען איהם איינשטימיג אַלס רב גע־וועהלט, אין דער צייט, ווען ער, דער ברודער אַליין, איז דער גרעסטער געגנער זיינער. און ברוך האָט עס איהם אַרויסגעזאָגט פאַר דער מאַמען אין די אויגען.

ס׳איז געווען ביי איהר אין שטוב.

אין עס־צימער אויפ׳ן טיש איז אַ קלאָרער טישטוך געלעגען, אויבען־אָן איז געשטאַנען אַ זילבערנע טאַץ מיט לעקעך און בראָנפען. טינט און פעדער און דערביי דער כתב-רבנות זענען געווען גרייט אויפ׳ן אָרט צום חתמ׳ענען. דבורה האָט זיך איבער׳ן שטוב אַרומגע־דרעהט אַ גליקליך־אומרוהיגע פון נישט־אַרויסגעזאָגטע פריידען, וועלכע האָבען איהר שטאָלץ־מוטערליכע האַרץ איבערפולט. די לעצטע עטליכע טעג פון זינט די חשובי-העיר האָבען איהר זוהן דעם כתב-רבנות גע־בראַכט, איז זי כסדר געווען אין אַ געהויבען-פאַנטאַסטישער שטימונג. ס׳איז ביי איהר יום־טוב געווען. זי האָט דעם מאַנס חשבונות מיט די פריצים פערלאָזען און נישט צוגעריהרט זיך צו קיין האַנד-אַרבייט. די שטוב איז אין שבת׳דיגען געווען אויסגעציהרט און זי אַליין האָט אין מיטען דער וואָך איהרע שענסטע קליידער אָנגעטהון. עפּיס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז מען דאַרף עס אַלץ לכבוד התורה. פאַר איהרע אויגען האָבען געשוועבט די מאַמעס פונ׳ם ווילנער גאון און ר׳ חיים וואָלאָזשינער, נאָר דערביי האָט איהר דער טאַקט פון אַ בר־דעת קיין איין מינוט נישט פערלאָזען. יעדעס מאָל, וואָס די טהיר האָט זיך

געפּפּענט און ס'איז ווער אַריין פון די קאַנטאָר-לייט אַ חתימה געבּען, האָט זי שטיל יענעם אויפ'ן גרוס געענטפערט און איז פון דער וויטען שטעהן געבּליבּען אַ רוהיגע די אויגען צו דער ערד אַראָבּ־געלאָזען, ווי זי וואָלט איהרע אינערליכע פריידען געוואָלט פערהיטען פון עין הרע. נאָר ווען ס'איז אַריין אימיצער פונ'ם פשוט'ערען עולם, האָט זי יענעם אונטערגעטראָגען נאַליוועקע מיט פערבייסען, זאָגענדיג אַלע מאָל מיט אַ שמייכעל:

—גיט מיר אַ ברכה פאַר מיין זוהן. וויפיל חתימות אויפ'ן כתב, אַזוי פיל ברכות וויל איך פאַר'ן רבונו-של-עולם. איך בין נאָך פון דער אַלטער וועלט.

צו דער צייט איז אין זאַל ביים פענסטער געשטאַנען דער רב און האָט הויך און זאַנפט זיין רב'נישע מנחה געדאַווענט. זיין טונקעל־בעוואַקסען פנים איז געווען רוהיג און הערליך־פרום. דער ברוין־לאַסטיקענער שלאָפראָק מיט'ן זיידענעם שנור ביי די לענדען און די שוואַרצע פעסקע לייכט אַרויפגערוקט איבער'ן שטערען האָבען זיין הויכע און דין־שלאַנקע פיגור מיט אַ בעשיידענער פראַכט פון גייסט-ליכקייט בעשענט. אויפ'ן טיש איז געלעגען אַנ'אָפענע גמרה און אין ווינקעל איז אַ שטענדער געשטאַנען מיט אַ ווייסער אָבּגעבּרענטער ליכט פונ'ם בליי־געליטעוועטען רעהר אַרויס. אַרום האָט דער ווינטערדיגער טאָג גע'גוסס'עט, אויף די וועגד האָבען זיך געשאָטענט די בילדער פון צדיקים און גאונים, וועלכע האָבען דער אַלט־בעל־הבתישער שטוב וואונדער-מעשות פון יודישער גרויסקייט דערצעהלט. דער קליינער געראָטענער זשאַמיק האָט זיך אַרומגעדרעהט ביי דער באָבען איבער אַלע צימערען, פּרובענדיג אָן טיש און בענק זיין נייע בייטשעל צום אָבקלאַפּען און פון צייט־צו־צייט האָט ער אויפ'ן נייעם פעטער אַ ניי־געריגען בליק געוואָרפען.

פאַר איהם, דעם קלוגען זשאַמקען מיט זיינע זעלטענע קשיות און איינפאַלען, איז אָט די וואָכענדיגע תפילה אַ רעטעניש געווען, ווייל דער טאַטע האָט איהם נישט לאַנג געהאַט ערקלערט, אַז אַלע טאָג דאַווענען נאָר אַזעלכע אַלטע יודען ווי דער זיידע און יונגע דאַווענען נאָר שבת און יום טוב, ווען זיי געהען אין שוהל אַריין. איז עס איהם קשה געווען, וואָס דער יונגער פעטער דאַווענט אין דער היים, אַזוי ווי דער זיידע. און דערזעהענדיג ביי דער טהיר פון זאַל דעם פאָטער, וועלכער איז גראַדע אין דער מינוט אַריינגעקומען

ואָט ער אַ דרעה-געטהון זיין שוואַרץ-געקרויזט קעפעל און האָט גע-
ורעגט מיט זיין קליין-מענערישער באַסען-שטים אין זאַנפטע רוסישע
וענער:

—טאַטע, היינט איז דען שבת? פאַרוואָס דאַווענט דער פעטער?
ר איז דאָך אַ יונגער.

—זאָל איך איהם זאָגען, אַז ס׳איז דיין ביטערע פּרנסה?—האָט
יך ברוך אומגעקוקט צום ירודער, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען
אַנ׳אויסגעצויגענער ביי דער עבודה פון זיין רב׳נישער מנחה און,
ענדענדיג זיך גלייך צו זשאַמקען, האָט ער צוגעגעבען—נאָר, ווייסט,
והנעלע, דער פעטער איז אַ רב. ווייסט וואָס דאָס איז אַ רב?

—ראַווין?—האָט דאָס יונגעל איבערגעפרעגט צוטראָגען און איז
אַוועק קנאַקען מיט דער בייטש איבער טישען און בענק, ווי פריהער.
נאָר אין דער רגע איז דער רב אויסגעגאַנגען „שמונה־עשרי" און
האָט זיך צו איהם געווענדעט אין רוסיש אויך מיט דער זעלבער
פראַגע:

—נו, זשאַמעלע, ווייסט וואָס איז אַזוינס אַ רב?

דאָס קינד איז רויט געוואָרען און איז איבער דער בייטש
אַרויסגעשפרונגען פון צימער.

ביידע ברידער זענען אַ ווייַלע שטיל געבליבען. ברוך האָט
אַריינגעקוקט אין דער אָפענער גמרא און דער רב איז מיט פערלייג־
טע הענד אויף און אָב איבער׳ן חדר געגאַנגען. דערווייל האָט זיך
זשאַמקע ווידער בעוויזען ביי דער טהיר, נאָר בעגעגענענדיג דעם
פעטערס אַ בליק, איז ער אַנטלאָפען אינ׳ם אַנדערען צימער צו דער
באָבען.

אַ וואוילער יונג!

—זאָל ער כאָטש קיין רב נישט וועלען זיין—האָט ברוך געענט־
פערט פונ׳ם אָפענעם ספר אַרויס.

—נו, אַ תקיף ביי די לעווי׳ס איז אַ בעסער געשעפט—איז יענער
נישט אָבגעשטאַנען.

—קאָן זיין. דערצו, אַז מען האָט נאָך אַ ברודער אַ רב.

—מיט רבנות איז אויך אַזוי. אַז מען האָט אַ ברודער אַ חשוב
ביי גבירים, איז שוין נישט קשה.

זיי האָבען זיך ביידע גוטמוטיג צולאַכט פון די אַריינגעזאָגטע
ווערטלעך איינער דעם אַנדערען און ברוכ׳ס שלעכט געפיהל קעגען

ברודער איז אַזוי ווי פערטעמפּט געוואָרען. עפּיס נישט ווילענדיג איז איהם אָבגעגאַנגען דאָס האַרץ, ווי עס האָט שוין מיט איהם איין־יגע מאָל געטראָפען, ווען זיי האָבען אויג אויף אויג צווישען זיך גע־שמועסט. נאָר באַלד האָט יענער אָנגעהויבען רעדען וועגען זיין האַל־טונג אין שטעדטיל בנוגע צו געזעלשאַפטליכקייט און געוויסע פּער־זאָנען. לסוף האָט ער זיך אָבגעשטעלט ביי דער מנין־פראַגע, וואָס איז איהם ווי אַ ביין אין האַלז געשטאַנען. די פּני פונ׳ם נייעם ישוב מיט ר׳ פּנחס׳ן אַליין האָבען געשטאַמט פון אַ קליין שטעדטיל אין רייסען, וועלכע איז דורות־לאַנג געווען אַ נעסט פון חבד, זענען זיי דאָ די זעלבע חסידים געבליבען און האָבען אין שוהל זייער נוסח איינגעפיהרט. נאָר דער אַלט־געזעסענער עולם ישוב׳ניקעס און אָנגע־לאָפענע יודען פון די אַרומיגע שטעדט און שטעדטליך זענען געווען מתנגדים. האָבען זיך די פרומערע פון זיי אָבגעטהיילט אין אַ בעזונ־דער מנין און האָבען געטראַכט מיט דער צייט בויען פאַר זיך אַ שוהל. און דעם רב איז דערווייל אויסגעקומען שלעכט פוןביידע זייטען. אַליין איז ער געווען אַ מתנגד, נאָר דאַוונען אין מנין איז עפּיס פאַר איהם קיין כבוד נישט געווען. אַ חוץ דעם וואָלטען זיך בעליידיגט די שוהל־בעל־הבתים און טהון פערקעהרט, וועט ער אויפ־שטעלען קעגען זיך דעם המון. אַלס יונגער נישט־ערפאַהרענער רב האָט ער זיך דעריבער קיין עצה נישט געקאָנט געבען און איז שוין דעם וויפילטען מאָל צוגעשטאַנען צום ברודער, ער זאָל איהם זאָגען ווי אַזוי צו דעם ענין קאָנען זיך בעציהען די, אָדער יענע קרייזען. נאָר ברוך האָט איהם קוים געהערט. ווידער האָט זיך ביי איהם אין האַרצען אָבגערופען דאָס שלעכטע ברודער־געפיהל, וועלכעס זיי האָבען ביידע ערשט נישט לאַנג מיט אַ ווערטעל בעזיגט.

וועגען דיר קען מען געבען זעהר אַ גוטע משל האָט ער גע־זאָגט מיט אַ קאַלטען איראָנישען שמייכעל, נאָר דערזעהענדיג מיט־אַמאָל אַריינגעהן די מאַמען, וועלכער עס איז אינטערעסאַנט געווען צו הערען דעם רב׳ניש־וועלטליכען שמועס פון איהרע ביידע זיהן, האָט ער זיך געוואָלט אָבשטעלען, ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. דאָס ווילדע עקשנות זיינס האָט שוין איבער איהם געהערשט.

—נישט קשה! די מאַמע מעג עס אויך הערען. הערסט, מאַמע, ס׳איז דאָ אַנ׳אגדה, אַז איין מאָל האָבען די פויגעל און שרצים גע־וואָלט מאַכען איבער זיך אַ מלך. איז געוואָרען צווישען זיי אַ מחלוקת

די פויגעל האָבען אויפ׳ן כסא המלוכה קיין שרץ נישט געוואָלט דער־לאָזען און די שרצים—קיין פויגעל. איז געקומען די פלעדער-מויז און האָט צווישען זיי אַ פשרה געמאַכט: זאָל מען זי מאַכען פאַר אַ מלך, ווערלען אַלע זיין צופרידען. זי איז אַ שרץ און האָט פליגעל, ווי אַ פויגעל. דאָס איז, מאַמע, אַ משל קעגען אונזער רב. מיט די פני פון שוהל דאַרף ער זיין גוט און מיט׳ן המון פון מנין וויל ער זיין גוט. גיב איך איהם אַן׳עצה, ער זאָל טהון ווי יענע פלעדערמויז. ביזט מסכים, רב׳י? פרעגסט דאָך אַ מיינונג.

דער רב האָט געשוויגען. ער איז אומגעגאַנגען מיט פערלייגטע הענד אַהין און צוריק איבער׳ן צימער אַ ציטערענד־בלאַסער פון אויפ־רעגונג און איינגעהאַלטענעם צאָרען. דבורה איז אומבעוועגליך ביי דער הרובע געשטאַנען, ווי אַ פערשטיינערט געשטאַלט אין שוואַרצען גע־הילט. אין דער טונקעלקייט פונ׳ם ווינטערדיגען בין-השמשות האָט זיך געוויסט איהר לענגליך-געשניצט פנים מיט אַ קליין גילדען שפילקעלע ביים אָפּענעם האַלז.

—יענעמס חסרונות איז אַזוי גרינג צו דערזעהן—האָט זי געזאָגט שטיל, נאָר ברוך איז אַוועק ווייטער און דאָס מאָל שוין האַרט און העזה׳דיג אויף זיין שטייגער:

—ניין, מאַמע! וואָס טויג איהם רבנות? מיט קליאָפּקע האַנדעל! ווי קומסטו פסקענען שאלות, אַז דו לאַכסט אויס דעם „שולחן ערוך"? דאַוועגסט דאָך שוין נישט פון פופצעהן יאָהר אָן! הערסט, מאַמע, ער האָט שוין נישט געדאַוועגט...

אויפ׳ן טיש איז עפּיס אומגעפאַלען. דבורה האָט זיך אַ וואָרף געטהון אָנצינדען פייער, דערנאָך פערשליסען די טהיר און פערמאַכען די לאָדען. ביי דעם שיין פון לאָמפּ האָט זי דערזעהן שטעהן איהרע ביידע זיהן איינער קעגען דעם אַנדערען, רויטע פון כעס, מיט אויס־געגלאָצטע אויגען און צונויפגעלייגטע פויסטען. זי האָט אין שרעק מיט די הענד פערבראָכען:

—וועה איז מיר! קוקט זיך נאָר אָן!...

ברוך האָט גלייך דערפיהלט איהר האַנד אויפ׳ן אַקסעל און איז עטוואָס נאָכגעביג און שוואַכער געוואָרען, נאָר יענער האָט קוים גע־עטהעמט. מיט זיינע ברייטע נאָז-לעכער און טיף-פער׳קנייטשטען שטע־רען האָט ער דער מוטער איהר שווערס אַמאָליגען שגעון דערמאָנט.

—אַבער אַז איך וועל דיר געבען אַ הכשר אויף נעהמען צוויי

וייבער?!.. וועל איך מעגען זיין אַ רב?!..—האָט ער קוים אַרויסגע־רעדט צווישען די צייהן. נאָר ברוך איז שוין געווען אַ ביסעל צו זיך געקומען אין האָט איהם אָנגעקוקט מיט זיין קאַלט־איראָנישען שמייכעל.

זבו"ה האָט די גמרא אויפגעהויבען, וועלכע איז געלעגען אַ צומורו'טע נעבען זייערע פיס און איז אַ בעליידיגט־שטאָלצע די ער־שטע פון צימער אַוועק.

ט.

שיינדעל האָט געענדיגט די קורסען און איז אַראָבגעקומען אַהיים אַ געשטודירט פריילין אין אַ שוואַרץ־געפּאַסט קלייד, די האָהר פער־קעמט איינפאַך מיט אַ גלייכען שרונט און הינטען דעם ברייט־געפלאָכ־טענעם צאָפּ אין אַ ראַנד פערדרעהט אויפ'ן היימליך־פּריצ'ישען שטיי־גער. אויפ'ן צווייטען פינגער פון דער רעכטער האַנד האָט זי אַ גלאַט גאָלדען רינגעל געטראָגען אינוויינינג מיט אַנ'אויסגעקריצטער דאַטע פון אַ געוויסען טאָג, חודש און יאָהר לויט דער יודישער צייט־רעכע־נונג און אויפ'ן האַלז, אַ דין קייטעלע פון אַ זעלטען־איידעלער אַרבייט, נאָר אויפ'ן קוק פונ'ם היימישען עולם אַ גאַנץ פשוט'ע און ביליגע לויט'ן מיידעלשען יכולת צו קויפען.

איהר קומען האָט אויפ'ן ישוב אַ רושם געמאַכט. אין זאַבאָלאָ־טאָוו איז עס שוין אַפילו קיין נייעס נישט געווען. קיין געשטודירטע מיידלעך האָבען דאָרטען נישט געפעלט. דריי אַקושערינס, צוויי דענ־טיסטינס און אַ האַלב צעהנדליג לעזהערינס האָבען אינ'ם נייעם שטעדטיל שוין לאַנג קאָנקורירט איינס מיט דאָס אַנדערע און צווישען זיך נישט גערעדט איבער קאָנקורענץ און אויך אויס אייפערזוכט צו אשכנזי'ן, וועלכער האָט אַלע מאָל געזוכט יונגערע און שענערע. נאָר שיינדעל איז צו די אַלע מיידלעך נישט שייך געווען. יענע זענען געווען פרעמדע און זי—אַנ'אייגענע, לייזער דעם מיהלנערס טאָכטער, וואָס דער גאַנצער ישוב אַרום ווייס דעם טאָג פון איהר געבוירען, נאָר דעריביי האָט דאָס ביסעל גיפט און שנאה פון קנאה אויך נישט געפעלט.

—ר' פנחס'עס טאָכטער!—האָט איהר נאָכגעזאָגט אַ שבח דעם טאַ־טענס אַ זאַבאָלאָטאָווער שכן, שטעהענדיג פאַר דער טהיר פון זיין

קלייטעל. דער שכן פֿון דער אַנדער זייט האָט איהם אויף איהר מיט אַנ׳אויגעל צוגעוואונקען און זיין געל־קלייענדיגע יודענע האָט אַ בּראָק געטהון מיט כּעס אַ גראָבּ וואָרט, פֿון וועלכען זי אַליין איז בּיז צו די אויערען רויט געוואָרען. נאָר די ווייבּערישע צונג איז שוין גע־גאַנגען ווייטער. בּיז שיינדעל האָט זיך אומגעקעהרט פֿון גאַס צוריק אַהיים, האָט שוין צייט געהאַט אַ בּריה אַ מיידעל, וועלכע איז ערגיץ אַ צושויבּערטע בּיים טאַטען אין קראָם געשטאַנען, נאָכמאַכען איהר, ווי אַזוי זי געהט גלייך און פֿאַמעליך, כאָטש אַ גלעזעל וואַסער שטעל איהר אַוועק אויפ׳ן קאָפּ. אַ פֿערפֿאָרעט אָבּגעלעבּט ווייבּעל, איהרע אַ געוועזענע חבר׳טע און איצט שוין אַ מאַמע פֿון דריי זאָלאַטישנע אויס־געשמירטע קינדערלעך, האָט אין איילעניש איהר, שיינדלען, די יאָה־רען צוגעצעהלט. און ערגיץ אָן אַ זייט אויף אַ פֿריזבּע זענען געזעסען צוויי זקנות מיט קינדערשע זעקלעך אין די הענד און האָבּען זיך גע׳סוד׳עט אַ קאָפּ צו אַ קאָפּ געטוליעט, בּעדויערענדיג די היינטיגע פֿערשייטע וועלט מיט די צולאָזענע מיידלעך, וואָס רעדען אבּ מאַנען פֿון ווייבּער און טאַטעס פֿון קינדער.

נאָר שיינדעל איז צו די אַלע רייד גלייכגילטיג געווען. איהר האָט נישט געאַהרט, וואָס מען זאָגט אויף איהר אין זאַבּאָלאָטאָוו און די אַרומיגע דערפֿער און שטעדטעלעך. זי האָט רוהיג געהערט, ווי חנה דערצעהלט איהר גרוילענדע מעשׂות פֿון איהר מיט בּרוכ׳ן. אויך האָט זי געקאָנט שמייכלען ערגיץ אין אַ ווינקעל צו זיך אַליין, ווען די מאַמע האָט די רעדערס געשאָלטען און געלייגט די תּוכחה אויף זייע־רע קינדער. דעם זעלבּען שמייכעל האָט בּיי איהר אַרויסגערופֿען דער בּאָבּעס כּעס. כאָטש ווען זי איז געקומען צו פֿאָהרען און יענע האָט זי דעמאָלט אָבּגעשטויסען פֿון זיך, נישט וועלענדיג דעם קוש איהרען צונעהמען, האָבּען זיך איהר געשטעלט טרעהרען אין די אויגען. נאָר זי האָט זיך אויפ׳ן אָרט בּעהערשט און האָט געפֿרעגט בּתּמימות, פֿאַר־וואָס די בּאָבּע איז אויף איהר אין כּעס.

—מסתּמא בּיזטו ווערט—האָט איהר געענטפֿערט די מאַמע, קו־קענדיג אָן אַ זייט אין פֿענסטער אַריין.

—איך ? בּאָבּינקע, פֿאַרוואָס ?

—אַוועק פֿון מיינע אויגען !—האָט די אַלטע אָבּגעהאַקט בּייז און איז אָנגעפֿאַלען מיט האַרטע קללות אויף דער סטאַנציע, וואָס איז

געגליכען צו סודם. נאָר יענע האָט שווייגענדיג געקוקט מיט די אָקסלען. זי האָט ווידער געפרעגט פאַרוואָס...

---

שיינדעל איז ביי זיך געקרעכט געווען. דעם אמת האָט זי אָבער נאָר געוואוסט מיט ברוכ׳ן. שוין פון עטליכע חדשים איז זי געווען זיין פרוי און זי האָט זיך געפיהלט געקרעכט, ווי פאַר גאָט, אַזוי פאַר לייטען. זי האָט פשוט מיט איהם חתונה געהאַט. אמת, אָהן אַ חופה, נאָר „כדת משה וישראל”. לויט ברוך האָט עס איהר דעמאָלט געגעבען צו ערקלערען, איז אין דעם קיין אונטערשייד נישט געווען. ס׳איז פאָרגעקומען דעמאָלט נאָך יענעם שכור׳ן און משוגענעם אָווענד, ווען זי האָט זיך אינגאַנצען פערלאָרען, זיצענדיג אויפ׳ן פליושענעם טעפיך אין זיין היימליך־שען צימער פון האָטעל...

אויף מאָרגען האָט ער איהר געבראַכט דאָס גלאַט־גאָלדען רינגעל מיט דער יודיש־געקריצטער דאַטע פון יענעם טאָג. ער האָט עס איהר אָנגעטהון אויפ׳ן צווייטען פינגער פון דער רעכטער האַנד און דערביי האָט ער איהר געזאָגט דייטליך:

—שיינדעלע, פריהער ביזטו געווען מיין כלה און איצט האָבען מיר חתונה געהאַט. מיט דעם פינגערל בין איך דיך מקדש.

שיינדעל האָט געקוקט פערוואונדערט און דערשראָקען דאָ צו זיך אויפ׳ן האַנד מיט׳ן קדושין־פינגערל, דאָ אויף איהם, ברוכ׳ן, אַליין.

—גלויבסט מיר נישט? מיינסט ס׳מוז דוקא זיין דערביי ישראל גוח מיט די פיער שטעקענס און די באָבע זאָל טאַנצען אַ פלאַקס־טאַנץ? נאַריש קינד וואָס דו ביזט: אַ בפירוש׳ער דין אין דער תורה... אַפילו דאָס פינגערל איז איבעריג. מעהר נישט, וואָס איך וויל דיר היינט געבען אַ מתנה. נו, וואָס זשע ביזטו אַזוי אומעטיג? האָסט חרטה אויפ׳ן שידוך? געפעלט דיר אפשר נישט דער חתן? פערפאַלען, שיינדעלע, פערפאַלען. ווען שוין קיין בעסערען נישט נעהמען. ווילסט? וועלען מיר טרינקען לחיים. נ׳מיר ביידע זיין מחותנים. יאָ, שיינדעלע?

ער האָט גלייך אַ פלאַש מאַלאַגע אויסגעוויקעלט, וועלכע איז אין שפייז־רענצל אונטער׳ן טישעל געלעגען און פון שאַפע האָט ער אַרויסגענומען אַ ווייס־קיילעכדיג שאַכטעל מיט אַ בלאָהער סטענגע איבערגעבונדען.

—נו, זיי אַ בעל־הבית׳טע—האָט ער געזאַגט גוטמוטיג, קלינגענדיג

צום האָטעל־דינער, ער זאָל באָקאַלען דערלאַנגען—נעהם אַרויס פון קעסטעלע דעם טאָרט. צושנייד, ווע̇לען מיר האָבען וואָס צו פערבייסען. דאָס איבערינע וועסטו מיטנעהמען אַהיים פאַר דיינע חבר׳טעס. או, וואָס שטעהסטו אַזוי? קליין טפשה׳לע מיינס, וואָס ביזטו אַזוי נומעטיג?

שיינדע̇ל האָט קיין וואָרט געענטפערט. זי איז געשטאַנען אויף דעם זעלבען אָרט נאָך אַלץ אַ פערוואונדערטע און אַ דערשראָקענע, ווי פריהער. ברוך האָט איהר דערלאַנגט אַ באָקאַל וויין און דעם צווייטען האָט ער זיך גענומען. ער איז געוועזען שטיפעריש־יונג געשטימט, נאַר זיין ריהען־פיגור מיט דער שוואַרצער קיילעכדיגער בארד האָט אין זיך דעם פערליבטען יונגלינג בעהאַלטען און אַ העלדיש ווייך־מוטהיגקייט האָט איהם יעדע בעוועגונג געשענקט.

—לחיים, שיינדעלע! זאָג לחיים און טרינק, אַז דער מאַן הייסט, דאַרף מען פאָלגען.

—און מינע?...—האָט זי געפרעגט שטיל און פערשעמט, קוקענדיג אויפ׳ן באָקאַל רויט־שימערענדען וויין, וועלכער האָט ביי איהר אין האַנד לייכט געוויגט זיך.

—אַ, אָט וואָס? מינע לאָזט דיך נישט רוהען? זי פערשטערט די שמחה. נו וואָס אַרט עס דיך? מינע איז זיך מינע און דו ביזט דו. האָב איך צוויי פרויען. מיינסט מען טאָר נישט? נאָכ׳ן יודישען דין מעג מען אַפילו האָבען זעקס מאָל צוויי. אַ רב האָט עס נאָר פערבאָטען מיט אַ חרם פון דרך־שלום וועגען, ווייל צווישען זיי פלעגט זיין גרויסע קריגערייען. נאָר וואָס פאַר אַ שייכות האָסטו צו מינען? זי איז מיין בעל־הבית׳טע און דו ביסט מיין שולמית, דו ביזט מיין קעניגין. זי קאָכט מיר וואַרמעס און ניאַנטשעט מיר זשאַמקען מיט ראובעלען און דיר ברענג איך בלומען און געה מיט דיר אין טעאַטער. מיט דיר וועל איך פאָהרען אָנקוקען פאַלעסטינא. דאָרטען וועלען מיר זיך שיפען אויפ׳ן ים־כנרת און קלעטערען אויף די הרי־יהודה. אָברוהען וועלען מיר זיך אונטער אַ טייטעל־בוים. איך וועל ליגען אויפ׳ן גראָז און דו וועסט מיר זינגען העברעאישע לידער. וואָס אַרט דיך. מינע מעג דיך גוט מקנא זיין.

—וועט עס אַלע מאָל זיין אַזוי?...

—אַלע מאָל. אַלע מאָל וועסטו זיין מיין קעניגין און מינע מיין בעל־הבית׳טע.

—וועל איך, הייסט עס, זיין ביי דיר נאָך איינע?
—ניין, שיינדעלע, ניין. דו ביזט ביי מיר איינע. מינע איז נאָך איינע.

שיינדעל האָט זיך צו איהם אומגעקוקט מילד און ליב מיט אַ לייכטען שמייכעל, נאָר דאָס פנים איז איהר ליידענד־בלאַס געווען. זי האָט געגלויבט אין זיינע ווערטער, ווי אין גאָט אַליין. זאָגט ער, אַז זי, שיינדעל, מעג מיט איהם חתונה האָבען איידער ער גט זיך מיט מינען, איז זי זיכער, אַז דאָס קאָן אַזוי זיין, נאָר די נאָך איי־נע... די נאָך איינע... אין די אויגען האָבען איהר טרעהרען געצי־טערט.

—לחיים, שיינדעלע! לעבעדיגער. נישט געזאָרגט.
—לחיים!

זיי האָבען זיך צוקושט און האָבען זיך געגעבען אַ האַנד אי־בער אַ האַנד די באָקאַלען צום טרינקען.

—איך וויל זיין ביי דיר איינע...—האָט זי געשטאַמעלט—איין־און־איינציגע... איינע מיט אַנ׳אמת...

—יאָ, קינד, איינע. זי איז דאָך נאָר מיין בעל־הבית׳טע. אויף דערוויילע. זי איז אַזאַ גוטע בעל־הבית׳טע. זי האָדעוועט אַזוי גוט מיינע יונגעלעך. נאָר זאָלען זיי אונטערוואַקסען אַ ביסעל, וועלען מיר זיך שוין בעגעהן אָהן איהר. מען דאַרף זי נאָר פערזאָרגען. מען דאַרף איהר געבען אַ סך, אַ סך געלד. מען דאַרף זעהן, זי זאָל דערנאָך קאָנען ווערען אַ בעל־הבית׳טע ביי אימיצען אַנדערש. פער־שטעהסטו, שיינדעלע? און דערווייל מוז זי ביי מיר זיין נאָך איינע. נאָר צו דיר איז עס כלל נישט שייך. וואָס אַהרט דיך, אַז ס׳איז דאָ אין זאַבאָלאָטאָוו אַ ווייבעל, וואָס קאָכט מיר גוטע וואַרמעסען און האָ־דעוועט מיר מיינע צוויי יונגעלעך? דאַרפסט נאָך איהר דאַנקען. וואו געפינט מען איצט אַזאַ עהרליכע נאַרישע דינסט? די האַנדטיכער, וואָס זי גיט מיר אין וועג אַריין, קומען דיר אויך צונוץ. זי ערגערט זיך נעבעך יעדעס מאָל, וואָס איך ברענג זיי נישט אַלע צוריק. זאָל דיר גאָט מוחל זיין, שיינדעלע. איהר קאָסט עס, נעבעך, געזונד.

שיינדעל האָט זיך צולאַכט. דער דאָזיגער אַרט רעדען זיינער וועגען מינען איז איהר תמיד געווען געפעלען, נאָר איצט האָט זי דערפון באמת הנאה געהאַט, כאָטש ערגיץ טיף אין האַרצען האָט איהר נאָך אַלץ עפּיס געדריקט און וועה געטהון ביז טרערען. דאָן האָט

זיך איהר געלאַכט: פריהער אין האָטעל ביי דעם בלומען-פערצירטען טאָרט מיט׳ן גלעזעל מאַלאַגע און דערנאָך, וויגענדיג זיך אינ׳ם לייכ־טען פאַטעטאָן אויף רעסאָרען, ווען זיי זענען אין אָווענד געפאָהרען הינטער׳ן שטאָדט אַ ביסעל שפּאַצירען. שוין פון לאַנג האָט זי זיך פערגינען דעם לוקסוס צו נעהמען ביי ברוכ׳ן אין טשעמאָדאַן די האַנדטיכער, וואָס מינעס געטרייע האַנד פרעסט און ציילט צו דעם מאַן אין וועג אַריין. נאָר איצט איז זי פּשוט׳ ענטציקט געווען פון דעם. אויב נאָר אַ בעל־הבית׳טע, אויב זי איז ביי איהם נאָר אַנ׳עהר־ליכע נאַרישע דינסט, מעג זי זיין קעניגין אויף בעדינען. זי איז אַזאַ גוטע בעל־הבית׳טע, זאָגט ער. מסתמא איז עס אמת, נאָר זי, שיינדעל, פערגינט איהר דעם גליק. זי וועט קאָנען זיין אַ קעניגין :אָך בעסער, ווי מינע אַ בעל־הבית׳טע. זאָל זי זיך איהם קאָכען גו־טע וואַרמעסען, האָדעווען זיינע יונגעלעך און פערשרייבען די האַנד־טיכער, וואָס זי גיט איהם אין וועג אַריין און זי, שיינדעל, וועט איהם זינגען העברעאישע לידער. אָנקוקען פּאַלעסטינאַ וועט זי פאָה־רען מיט איהם און אויף אַ מאַנדאָלינע וועט זי זיך אויסלערנען שפּי־לען. אויפ׳ן וועליסאָפּעד וועט זי פאָהרען, ווי אַננאַ סאָלאָמאָנאָווגאַ און אין ווייכע זיידענס וועט זי זיך קליידען, אויך ווי אַננאַ סאָלאָ־מאָנאָוונאַ. אַלץ, אַלץ וועט זי טהון ווי ער האָט ליב. נאָר די גוטע וואַרמעסען קאָכען און האָדעווען די יונגעלעך—דאָס לאָזט זי צו מינען. פאַר קיין אופן וואָלט זי זיך מיט איהר נישט געביטען. זאָלען לייט אויף איהר אַפילו מיט שטיינער וואַרפען.

מיט אַזעלכע פעסטע געדאַנקען איז שיינדעל געקומען אַהיים, ווען זי האָט די אַקושערין־קורסען געענדיגט און ז׳עריבער האָט זי עס מיט אַזאַ גרינג געמיט געשמייכעלט צו דער ברוגז׳ער באָבען און צו חנה׳ן, וועלכע האָט איהר טאָג־טעגליך גרויליענדע מעשות פון איהר מיט ברוכ׳ן דערצעהלט. אויך האָט זיך איהר געוואָלט לאַכען, ווען די מאַמע האָט די לייטישע צינגער געשאָלטען. אַ געוויסען חוב האָט זי נאָר געפיהלט אויף זיך בנוגע צום טאַטען. זי איז, נאַטירליך, ווייט געווען פונ׳ם געדאַנק צו דערצעהלען איהם דעם אמת, נאָר ענטפערען אויף זיינעם אַ בליק מיט אַ בעהאַלטענעם שמייכעל האָט זי אויך נישט געקאָנט.

און שיינדעל האָט זיך געהאַלטען אין איין פערענטפערען. פאַר דער גוטער און איידעלער טאַטע איהרער, האָט זי אין גאָרנישט חוש׳

געווען. ער האָט נישט געוואָלט גלויבן אין די מיאוס, קלאַנגען און נישט געלאָזט אין שטוב דער מאַמען מיט דער באָבן אַפילו דערמאָנען וועגן דעם און זי, שיינדעל, האָט געציטערט פאַר זיין בליק. איבערהויפּט ווען ער האָט זיך אויף איהרס אַ זאַך אומגעקוקט, וואָס עס איז פאַר ברוכ'ס געלד געקויפט געווען. אַזעלכע שלעכטע מינוטען האָט זי איבערגעלעבט, ווען ער האָט בעטראַכט דאָס רינגעל איהרס מיט דער יודיש־געקריצטער דאַטע פון אינווייניג און דאָס קיי־טעלע. זי האָט איהם אַפילו אויפ'ן אָרט ערקלערט דייטליך און גלאַט, אַז דאָס פינגערל האָבען איהר די חבר'טעס געקויפט אַ מתנה, ווען זי האָט די עקזאַמענס געענדיגט און דאָס פּשוט גאָלדען קייטעלע, וואָס ברוך האָט געקויפט מיט זיין ברייטער האַנד, איז געווען אַ כשר'ע מציאה פון ערגיץ גאָר פאַר אַ קלייניגקייט.

אויך איז זי איהם אין שטאָדט פערלאָפען דעם וועג אַ פריהער און האָט געבעטען ביים טאַטען אַ ביסעל געלד אויף וועש. לייזער האָט דאָס אַנדערע וואָרט נישט איבערגערעדט און געגעבען איהר, וויפיל זי האָט פערלאַנגט. נאָר זי האָט קיין סך נישט געבעטען. צו ברוכ'ס טאַש און זיינע מתנות, וועלכע ער פלעגט איהר ברענגען פון יעדער נסיעה, איז עס איהר געווען גענוג, כאָטש זי האָט זיך די לעצטע צייט געקליידעט אין טייערע ענגלישע שטאָפען אויפ'ן עלע־גאַנט־בעשיידענעם שטייגער, ווי די פּריצ'ישע טעכטער פון דער פּראָ־ווינץ און האָט געהאַט אַ תשוקה צו ווייכע זיידענס לויט'ן מוסטער פון אַננאַ סאָלאָמאָנאָווונאַ.

דאָך איז עס שיינדלען נישט אַראָב גלאַט. די דאָזיגע טואַלעטען איהרע האָבען ערשטענס אַרויסגערופען אַ שטורעם ביי דער קליינער חנה'ן. ווייטער האָט זי געהאַט צרות פון דער מאַמען. איטע, די פערגרעבטע דאָרפס־יודענע, וועלכע איז דעם גאַנצען לעבען געגאַנגען אָנגעטהון אין קאָרענע*) העמדער מיט ווייצענע**) אַרבעל, האָט גע־שטויגט קוקענדיג אויף שיינדעלס וועבלענע און זייד־מוסלינענע וועש מיט די טייערע האַפט און וואָלאָנסיען־שפּיצען. אויך האָט זי געגאַפט אויף די טוצען זיידענע זאָקען, פוך־האַנדטיכער און נאָז־טיכלעך מיט קאָ־לירטע בענדער איבערגעבונדען.

---

*) קאָרענע—לייוענד פון אייגען געוועב.

**) ווייצענע—זאַנע, וואָס מען קויפט אין קלייט.

—דעם מלכ׳ס אוצר דאַרף מען האָבען דערויף—האָט זי זיך ד׳ זענד געבראָכען—וויפיל האָט דאָס כאָטש אָבגעקאָסט?

—אַזוי? דעם מלכ׳ס אוצר? פרעג פריהער וויפיל דער טאַטע האָט מיר געגעבען אויף דערויף.

—יאָ, ס׳קומט דיר אָן גרינג.

—אָבער וואָס ווילסטו?—איז שיינדעל מיט אַמאָל אין כעס געװאָרען, ווי די מאַמע וואָלט איהר מיט׳ן גרינג־אָנגעקומענעם געלד אין אַ גנבה חושד געווען—ווען דער טאַטע הייסט נישט, וואָלט איך זיך נישט געמאַכט. געה האָב טענות צו איהם.

—אָ, וואָס דיין טאַטע הייסט?...—האָט זי פערזונגען אויף איהר שטייגער, נאָר זי האָט עס פערשוויגען, ווי תמיד. זאָגען איהם אַליין אַ וואָרט וועגען דעם האָט זי נישט געקאָנט. זי מיט דער אַלטער, ביידע האָבען נאָך אַלץ מורא געהאַט טאָמער אַנטלויפט לייזער אין אַ שענעם העלען טאָג פון דער היים, ווי מיט עטליכע יאָהר צוריק, ווען ער האָט ווייב און קינד אַוועקגעוואָרפען. דאָך האָט איטע נישט אויסגעהאַלטען. זעהענדיג ווי אַזוי שיינדעל טראָגט אין מיטען דער וואָך די נייע העמדער מיט די זיידענע זאָקען און ווישט זיך מיט די פון־האַנדטיכער, האָט זי זיך איינמאָל געגעבען אַ ריס צו איהם אַזוי ווי פון אַ קייט אַראָב, ווען ער איז ביים טיש געזעסען און שיינדעל האָט זיך אין קאַמער אָנגעטהון צו געהן קיין זאַבאָלאָטאָוו צו דער סטאַנציע.

—מיידעל־ווייז טראָגט מען דאָס גאָב־העמדער?! האָסטו געזעהן אַ סטאַט פון אַ מויד?

—שאַ־אַ־אַ.—האָט זי לייזער אָבגעשטעלט געלאַסען—אין וועלכען ספר־פראַניק שטעהט עס אַזאַ דין?

—אָ? אַז אַלץ גיט מען איהר גערעכט. אַזוי ווי מען דאַרף זיך אויסטערנצלען אין מיטען מיטוואָך אין די זיידענע קליידער. לייט לאַכען דאָך אין די הויפענס!

—נו, נו. צו שפעט האָסטו זיך דערמאָנט זי מדריך צו זיין—האָט ער ווידער געענטפערט מיט אַ גרינג געמיט.

איטע איז אַ צוקאָכטע אַוועק צום אויווען און האָט אָנגעהויבען וואַרפען מיט די שטעקענס, שעלטענדיג דערביי שטילערהייט די פערזלוכטע שטאַדטיגע „גזע” זיינע.

9.

שיינדעל האָט גלייך אָנגעהויבען געלד פערדינען.

איהר איז נישט אויסגעקומען נאָכצולויפען אַלע מעוברת'ע ווייבער, ווי די שלעכטע מוהמע האָט איהר נביאות געזאָגט. אויך האָט זי פערשפּאָרט קאָנקורירען מיט די דריי זאַבאָלאָטאָווער אַקושערינס. ברוכ'ס שטאַרקע האַנד האָט זי בעשיצט פון די אַלע זאַכען מיט איהר גאַנצער מאַכט און קראַפט. שיינדלען האָט מען באַלד אויפ'ן אָרט צוגענומען אין זעמסטווע אויף אַ שטעלע, וועלכע איז פערזאָרגט געווען פון איהר'ט וועגען נאָך איידער זי האָט די קורסען געענדיגט. אין שטעדטיל האָט מען זיך באַלד אָנגעשטויסען, אַז גרויסע זכיות זענען איהר דאָ בייגעשטאַנען און ס'איז אַוועק אויפ'ן סטאַנציע אַ זאָגעריי פון ווערטלעך און לצ'אָנישע איינפאַלען איבער ברוכ'ן, איבער לעאָנ'ען מיט'ן זעמסקען פערוואַלטער און דעם אַלטען עקאָנאָם פון די פּריצ'ישע גיטער. אַלע האָבען זיי געהאַט אַ שייכות צו שיינד... נאָר גערעדט האָט מען דערפון אין דער שטיל, אַרומקוקענדיג אין די זייטען צי ס'שטעהט נישט אַ וועלכער מקורב פון די דערמאָנטע פערזאָנען, אָדער אימיצער פון לייזערס געזינד, דורך וועמען די זאַך קאָן אָנקומען צו שיינדלען אַליין. אַלס פאַוואָריטין פון אַזעלכע גדולים איז זי געוואָרען אין זאַבאָלאָטאָוו אַנ'אָפיציעלע פערזאָן צוגלייך מיט איהרע פערעהרער.

שיינדעל אַליין איז דערווייל געוואָרען פאַר זיך אַ בעל־הבית'טע. אינ'ם ניי־געגרינדעטען זעמסקען שפּיטאָל, וועלכער איז אויסגעבויט געוואָרען דורך לעאָנ'ען אויף איינער פון די שענסטע זאַבאָלאָטאָווער לאָנקעס, האָט זי, די זעמסקע אַקושערין, איהר דירה פערנומען און האָט זיך דאָרטען איינגעאָרדענט מיט אַ רייך־בעשיידענער היימליכקייט, ווי איהר האָט געפּאַסט.

דאָס צימער איהרס איז געווען אַ גרויס, אַ ליכטיגס מיט בלוינעטינקעווטע וואַנד און דריי גרויסע געווייסטע פענסטער צום וואַלד אַרויס. פאַר דער טהיר האָט זיך געשפּרייט די לאָנקע, זומער אַ פערבליהטע אין גרינסען און געל־ווייסע ראָמאַשקעס, מיט אַ זאַמדיג שטעי-

געל אין דער מיט, און ווינטער אַ פערשנייטע, ווי מיט בלענדענד־קלאָרען פון אויסגעבעט. אַרום איז געווען שטיל. דאָס שטעדטיל האָט זיך געזעהן פון אַ זייט און הויך איבער׳ן וואַלד האָבען זיך אין דער לופט די קוימענס געצייכענט, אָטהעמענדיג מיט רויך בייטאָג און פונקען ביינאַכט. פון צייט־צו־צייט האָט זיך פון דער סטאַנציע אַ גלאָקען־קלאַנג אָבגערופען, אַ פייף פון אַנ׳אָנגעקומענעם צוג, אָדער אַ שווערער זיפץ פון אַ באַהן־מאָטאָר, וואָס נעהמט זיך אָן מיט כחות אַוועקצוגעהן אין וועג אַריין און אַרום דעם זעמסקען שפּיטאָל האָט ווידער די היימליך־דאָרפישע שטילקייט געהערשט, אַ בעגלייטע דורכ׳ן ריטמישען קלאַפּ פון די עטהעמענדיגע דאַמף־געביידעס אויף יענער זייט טייך.

ווייטער האָט מען שיינדלען פערזאָרגט מיט אַלדאָס גוטס. דער טאַטע האָט איהר געקויפט אַ געפּאָליטורטע קליידער־שאַפע און אַ בעט מיט אַ טישעל פונ׳ם זעלבען קאָליר. די מאַמע האָט געבראַכט אין קיך אַ שפּייז־אַלמערעל מיט פליישיגע און מילכיגע געפעס, אָנזאָגענדיג שטרענג זי זאָל עס היטען פונ׳ם דאָקטאָרס דינסטען, יענע זאָלען עס אויף להכעיס נישט טריף מאַכען. גיטעלע האָט איהר אויסגענייט אַ האַנדטוך אויסצובינדען אין אַ שלייף צוקאָפּענס איבער׳ן בעט און דער שומר פון שפּיטאָל, אַפאַנאַס, האָט פון איהר׳ט וועגען אַ קליין הינטעל ערגיץ געקריגען.

ס׳איז געווען דער זעלבער עלענדער אַפאַנאַס, וואָס האָט זיך אַמאָל אויפגעהאַלטען אויף לאַסקאַווע ברויט ביי די שליאַכטעס אין אַלט־ראָדניקאָווע. איצט איז שיינדעל זיין בעל־הביתטע געווען. ער האָט אויך דערלעבט גוטע צייטען מיט קאַזיאָנע שכירות און אַליין פאַר זיך אויפ׳ן הויף אַ שטיבעל. נאָר ס׳האָבען איהם זיך נאָך גוט געדענקט די היימליכע ווינטער־אָוונדען ביי לייזער׳ן אין שטוב, וואוהין ער פלעגט קומען צו לויפען אַ הונגעריגער, אַ דערפראָרענער און איטע האָט איהם דערקוויקט מיט אַ גלאָז הייסע טהיי, אָדער אַ ביסעל געקעכטס, יודיש־בע׳טעמ׳טע, ווי די פעטע שטיקלעך ה פונ׳ם שבת׳דיגען טיש, וואָס די מיידלעך האָבען איהם אונטערגערוקט ווען אין אַ זונטאָג־פריהמאָרגען בגנבה פון דער מאַמען מיט דער באָבען. פאַר די אַלע זאַכען האָט אַפאַנאַס איצט אָבגעדינט שיינדלען. ער האָט איהר אָבגעגעבען כבוד, גערופען זי פּאַניענקאַ און געאיהרצט זי אַפילו אונטער די אויגען. אַ הוץ דעם האָט ער איהר האָב און גוטס

געמעהרט און אָבגעהיט. מיט זיין אייגענעם גוטען ווילען האָט ער איהר אַ בלומען-גערטעל פערפלאַנצט אונטער די פענסטער, געמאַכט פון איהר'ט וועגען אַ באַנק אין וואַלד און איז לויט איטעס בעפעהל כסדר געשטאַנען איוף דער וואַך אין קיך ביים אַלמערעל מיט'ן פליישיגען און מילכיגען געפעס, שיינדעל זאָל קיין טעות נישט האָבען און דעם דאָקטאָרס דינסט זאָל עס אויף להכעיס נישט טריף מאַכען.

דאָך איז ברוך פון שיינדעלס ווירטשאַפט נישט צופרידען געווען. זיין ברייטע האַנד האָט דאָ געפעלט, ווייל ער איז געווען בעגרענעצט אין זיינע פערלאַנגען. אַריינברענגען טייערע מעבעל מיט פערסישע טעפיכער און פליושענע פאָרטיערען אינ'ם צימער פון אַ זעמסקער אַקושערין איז לחלוטין אונמעגליך געווען. אַחוץ וואָס עס וואָלט נישט האַרמאָנירט מיט די געטינקעווטע וואַנד פונ'ם בעשיידענעם דאָרפישען בנין, וואָלט עס נאָך דאָ אין זאַבאָלאָטאָוו אויפגעריסען אַלעמען די אויגען. דעריבער האָט ער זיך געמוזט בעניגענען מיט אַ גוט סעראַטען קושעטעל און אַ כינעזישע געמאָלטע עטאַזשערקע, וואָס ער האָט פון שטאָדט אויסגעשריבען. און מיט'ן טואַלעטען־שפּיגעל איז ער שוין דורכגעפאַלען. קויפען אַ פשוט'ס האָט ער נישט געקאָנט און די, וואָס ער האָט געבראַכט אין אַ ראַם פון מילך־קלאָרען ביין געפאַסט מ"ט אַזאַ מילך-ביינערנעם קאַם אינאיינעם, איז שוין געווען אויף אַזויפיל צו־גוט, אַז שיינדעל מיט איהר גאַנצער פעסטקייט און גערעכטיגקייט ביי זיך האָט עס גלייך בעהאַלטען טיף אין שאַפע אינאיינעם מיט דעם גרויסען זעלטענעם אַלבאָם אין די עדעל־ווייסע טאָוולען פון געשלייפטען פערלמוטער.

דאָך האָט ברוך ביסלעכווייז בערייכערט די מיידעלש־בעשיידענע דירה פון דער זעמסקער אַקושערין. ער האָט אויסגעשריבען אַ ביבליאָטעק פון רוסישע און העברעאישע קלאַסיקער. אויף די ווענד האָבען זיך בעוויזען טייערע בילדער, אויף וועלכע ס'זענען אין זאַבאָלאָטאָוו קיין מבינים נישט געווען און אויפ'ן טישעל איז צוגעקומען אַ גאַרניטור שרייב־געצייג אין פיין־געטאָקטע מאַרמאָרנע שטילען. פאַר לייזער'ן האָט עס געהייסען, אַז שיינדעל שרייבט עס אַלצדינג אויס פון שטאָדט אויף אויסצאָהלען. אַזוי האָט זי אויך אויסגעשריבען אַ וועליסאָפעד, אַ מאַנדאָלינע און אַ שאָך.

ברוך פלעגט אַריינקומען צו איהר אַ צוויי-דריי מאָל אין וואָך, איבערהויפט אין זוונטאָג־צייט. אָפיציעל האָט עס געהייסען, אַז ער

געהט צום דאָקטאָר אין קאָרטען שפּילען. אַזוי האָט אויך געמיינט דער דאָקטאָר און זיין יונג ווייבעל. ס׳איז געווען אַ רוסיש אינטע־ליגענט פאַר־פּאָלק. ער אַנ׳אָבגעלעבטער יונגערמאַן מיט אַ בייזען צונג, אַנ׳ענטווישטער אין זיך און זיינע אידעאַלען, וואָס האָבען איהם אָב־געגאַרט און זי אַ פעראומערט בעשעפעניש מיט אַ וועקסען אויסגעוויינט פּנים׳ל פון אַנ׳אַלטפּרענקישער גלח׳טע. זיי זענען איהם ביידע תּמיד גערן געווען און האָבען עס אָנגענומען פאַר גאַנץ נאַטירליך, וואָס ער מיידט נישט אויס אין קאָרידאָר די טהיר פון דער יונגער און שענער סאָפּיאַ לאַזאַראָוונאַ. נאָר צום מאָל, ווען ברוך פלעגט זיך פלוצלינג געבען אַ הויב אויף פון אָרט, זאָגענדיג אַזוי פשוט:

—ע, מען דאַרף אַריינגעהן דאָס פריילין געוואָר ווערען...

דאַן האָט איהם דער דאָקטאָר אַריינגעזאָגט אויף זיין זאָרגלאָז־אַפּאַטישען שטייגער:

—מיר ווייסען, ברוך קליעמענטיעוויטש, מיר ווייסען. אַ נסיון...

אָפּט האָט איהם אויך צוגעוואונקען מיט אַנ׳אויגעל דער אַלטער עקאָנאָם, וואָס איז דאָ, אַזוי ווי ער, אַ נאָהענטער גאַסט געווען, נאָר דערביי האָט ער אַזוי ציניש געשמייכעלט צו זיך אין די גרויע וואָנ־סען אַריין, אַז ברוך׳ן האָט זיך געוואָלט איהם דאָ אויפ׳ן אָרט די ביינער צוברעכען. די גוטע פעראומערטע דאָקטאָרין האָט עס אָבער באַלד פערגלעט מיט אַ גוט וואָרט און אַ קרומען שמייכעל איהרען. אַזוי האָט זיך בעצויגען צו ברוך׳ס וויזיטען ביי שיינדלען אויך די איבעריגע קריסטליכע געזעלשאַפט, וועלכע פלעגט זיך טרעפען מיט איהם ביים דאָקטאָר.

---

ביי שיינדלען איז דערווייל געוואָרען אַנ׳אָפענער סאַלאָן פאַר דער אויסדערוויילטער מענער־געזעלשאַפט פון זאַבאָלאָטאָוו. דער ער־שטער צווישען איהרע פערעהרער האָט זיך פערשריבען אַשכנזי. ער, דער אַלטער בחור, האָט שוין געהאַט איבערגעראָמאַנסירט מיט אַלע זאַבאָלאָטאָווער לעהרערינס, דענטיסטינס, אַקושערינס און אַלע זעקס־און זיבען־קלאַסנע גימנאַזיום־שילערינס, וואָס פלעגען זיך דורכוואַרפען אין שטעדטיל פאַר די זומער־קאַניקולען. איז ער איצט גערן געווען אַ ניי מיידעל צו זעהן אין די אויגען און אַלס אַזעלכע האָט ער אויך אָנגענומען שיינדלען. ס׳איז שוין נישט געווען יענץ דאָרפס־

מיידעל, וואָס ער האָט געקענט מיט עטליכע יאָהר צוריק, געהענדיג קיין ראָדניקאָווע שאַצען ביי דער ליכט פון טאָג סאָניעס יאָהרען. איצט איז עס געווען אַן׳אינטעליגענט פריילין, אַן׳אַקושערין אין זעמסטע, וועלכע האָט זיך געקליידעט, ווי אַ גביר׳ישע טאָכטער. דער־צו איז זי איצט געווען אין דער מאָדע. איבער איהרע בעציהונגען מיט ברוכ׳ן איז שיינדעל אַזוי בערימט געוואָרען, דאָס מען האָט פון איהר גערעדט, ווי אויפ׳ן ישוב, אַזוי אין שטאָדט און אונטערוועגענס. יעדעס סוחר׳ל, וואָס האָט נאָר געהאַט פרעטענזיעס אַ לעבע־יונג צו זיין, איז געווען פעראינטערעסירט צו קענען זי. אַפילו לעאָן אַליין פלעגט איהר קושען די האַנד און האָט זי גערופען סאָפיאַ לאַזאַראָוונאַ צוגלייך מיט׳ן דאָקטאָר.

דאָס אַלצדינג האָט שטאַרק אימפאָנירט אַשכנזי׳ן, וועלכער איז געווען אַן׳אָנהענגער פון גרויסע מענשען און גבירים און האָט זיי תמיד אין אַלצדינג נאָכגעטהון. ווי נאָר ער איז ביי שיינדלען אַנ־אָפּטער בעזוכער געוואָרען, האָט ער זיך פערלאָזען אַ באָרד אויף ברוכ׳ס שטייגער, פונקט ווי ער האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק נאָכ־געטהון לעאָנ׳ען און האָט זיך אָבגעגאָלט די וואָנסען. יענע, די ענג־לישע מאָדע לעאָנ׳ס, האָט איהם נישט געפּאַסט, דאָך איז עס איהם כדאי געווען. ס׳האָט איהם יונגער געמאַכט. נאָר איצט, מיט יאָהרען שפּעטער, ווען ער האָט שוין אין קאָפּ קיין איין האָר נישט געהאַט און די פיגור איז איהם זעהער סאָליד געוואָרען, האָט ער מיט דער באָרד אויסגעזעהן אַ מענש שוין העט נאָך פיערציג און אונטערוועגענס איז איהם נישט איינמאָל אויסגעקומען צו הערען פון אַ נייגעריגען מיטרייזענדער משונה׳דיגע קשיות וועגען ווייב און קינדער, ווי עס וואָלט גאָר קיין סברה נישט געווען ער זאָל זיי נישט האָבען. דאָך האָט ער די באָרד געלאָזט וואַקסען. אויף דערויף זענען ביי איהם געווען צוויי טעמים און ביידע זעהער וויכטיגע. ערשטענס האָט זיך איהם געוואָלט נאָכטהון ברוכ׳ן און צווייטענס צוליב שיינדלען. ער איז געווען זיכער, אַז איהר געפעלען נאָר יודען מיט בערד. אַנדערש וואָלט זי זיך נישט פערליבט אין אַ יונגען מאַן, וואָס האָט שוין אַ ווייב מיט צוויי קינדער.

אַ חוץ אַשכנזי׳ן און דעם העברעאישען לעהרער, וואָס האָט שיינדלען שטונדען געגעבען, פלעגט נאָך צו איהר אַריינקומען אַ בעל־הבתישער זוהנדעל אַ קרעמער, וואָס האָט זיך פאַר אַן׳אינטעליגענט

געהאַלטען און דער דענטיסטינס ברודער, אַ בחור מיט אַ רייף-אַטעס-טאַט אין אַ סטודענטען־היטעל. דער לעצטער האָט אין זאַבאָלאָטאָוו געגעבען לעקציעס און געקליבען געלד אויף צו פאָהרען קיין אויס־לאַנד לערנען. צו שיינדלען פלעגט ער קומען שפּילען אַ שאַך אין איילעניש און איז זיך אָפּט פערזעסען שעה׳ן לאַנג אַ פערטיפטער, אַ צוטראָגענער, נישט הערענדיג וואָס מען רעדט צו איהם.

שיינדעל האָט מיט אַלע איהרע געסט געשפּילט אין שאַך. אויס־געלערענט האָט איהר ברוך און צוליב איהם נאָר אַליין האָט זי עס געוואָלט קענען. ס׳איז ביי איהר אַריין אין דער פּראָגראַם פון איהר „געניגליכקייט״. פּונקט ווי מינע, די גוטע בעל־הבית׳טע זיינע, האָט דאָרטען אין דער היים געפלייסט זיך צו קאָכען איהם די גוטע וואַר־מעסען און צונאַנדלייגען מיט אַ געטרייער האַנד די זאַכען איהם אין וועג אַריין, אַזוי האָט זי דאָ געקליידעט זיך אין ווייכע זיידענע קאָפטעלעך און געוואַשען זיי מיט בלומען־זאַפּט. דערביי האָט זי פלייסיג געלערענט העברעאיש און געשטודירט צו דער קינפטיגער ריי־זע די לאַנד־קאַרטע פון פּאַלעסטינא. אויך האָט זי געזעהן צו זיין איהם אַ גוטע פּאַרטנערין אין שאַך־שפּיל. נאָר דערמיט איז זי דער־ווייל בערימט געוואָרען איבער דער גאַנצער שטאָדט. דאָ האָט זי געגעבען אַ מאָט איהר העברעאישען לעהרער, דאָ—דעם צוטראָגענעם בחור מיט׳ן סטודענטען־היטעל און ברוכ׳ן אַליין אויך. אַפילו דעם אַלטינקען קאַסיר פון קאַנטאָר איז געווען אינטערעסאַנט צו שפּילען מיט איהר אַ פּאַרטיע און איינמאָל איז לעאָן אַליין אויך געשטרויכעלט געוואָרען. שטעהענדיג איינמאָל אין קאַנטאָר אַזוי מיט׳ן שטעקעלע אין האַנד, דאָס שימערענדע קעפּעל אָן אַ זייט אויסגעבויגען, האָט זי איהם געגעבען אַ מאָט פאַר די אויגען פון זיין גאַנצען פּערסאָנאַל. לעאָן האָט זיך גוטמוטיג צולאַכט און דערביי האָט ער געזאָגט, אַז שוין בעזיגט צו זיין איז כאָטש פון אַ שען מיידעל. דער דאָזיגער וויץ האָט זיך באַלד צוטראָגען איבער׳ן סטאַנציע מיט אַלערליי מפרשים און טייטשען. נאָר גלייך איז אויף זאַבאָלאָטאָוו אָנגעפאַלען אַ שאַך־מגפה. ס׳האָבען געשפּילט קליין און גרויס, אַלטע און חדר־יונגלעך און די פרויען האָבען אינגאַנצען פערלאָרען די קעפּ. די מיידלעך האָבען דאגות־אשכנזי פערגעסען און די ווייבלעך, וואָס זענען גע־זעסען ביי דער זאַטער חיונה פון לעווי׳ס קאַנטאָר, האָבען זייערע מאַנען און קינדער פערזעהן. אַלע האָבען זיי גע׳חלומ׳ט פון שיינ־

דעלס גליק לעאָנ׳ען אַליין אַ מאָט צו געבען.

אַזאַ נחת האָט עס לייזער דערלעבט פון זיין שיינדלען. אַזוי האָט זי עס געפלאָכטען דעם זיידענעם שנור פון זיין איידעלען שורש. מען איז איהם מקנא געווען. די גרעסטע מענשען אויפ׳ן סטאַנציע האָבען איהם צוליב איהר אָבגעגעבען כבוד. לעאָן אַליין האָט איהם געזאָגט, אַז ער האָט אַ שענע גראָטענע טאָכטער—ס׳איז איהם אָבער פערשטערט געווען...

פאַר לייטען איז לייזער געווען אַ גליקליכער טאַטע. ער האָט צוליב שיינדעלס בעקאַנטשאַפט מיט די זאַבאַלאָטאָווער גדולים גענומען די געווענדטענע קאַפּאָטע אויף אין־דער־וואָכען, געקויפט זיך אַ גאָל־דענעם זייגער און, געהענדיג צו איהר, פלעגט ער זיך מיט זייף די הענד וואַשען. טרעפענדיג ביי איהר אין שטוב דעם געהויבענעם יונ־גען עולם, האָט ער זיך געהאַלטען אויף זיין לומדיש־אויפגעקלערטען שטייגער, ווי תמיד. נאָר מיט ברוכ׳ן האָט ער זיך געפיהלט נישט גוט, כאָטש יענער איז געווען מיט איהם בעפריינדעט און פלעגט צו איהם איצט אויך אַמאָל פערפאָהרען קיין ראָדניקאָווע מיט אַ וויזיט. דערצו האָט ער איהם פאַר אַ שאַך־פאַרטנער תמיד גערן געהאַט. ליי־זער האָט געשפילט געלאַסען און אויסגערעכענט, פרעהענדיג זיך מיט יעדען געלונגענעם איינפאַל ווי אַ קינד. נאָר זיצענדיג אַזוי קעגען זיין יונגען פריינד, וועלכען ער האָט אַזוי געאַכטעט און ליב געהאַט, פלעגט איהם פלוצלינג ווערען נישט גוט און דער וואָרעם, וואָס האָט איהם גענאָגט, ווי טאָג, אַזוי נאַכט, האָט זיך איהם ווידער אין בלוט איינגעזויגען...

ער האָט שוין אַלץ געוואוסט. לייזער האָט שוין איצט פער־שטאַנען ווי אַזוי זיין שיינדעל איז געקומען צו די קורסען. ברוכ׳ס טובות און זיינע אָפטע וויזיטען צו איהם קיין ראָדניקאָווע זענען איהם שוין אויך קלאָר געווען. און איהר לערנען העברעאיש, און דאָס שפּילען אין שאַך, און דער וועליסאָפּעד מיט דער מאַנדאָלינע, און די קליידער איהרע. ער האָט אַלץ געוואוסט. דאָס רינגעל מיט די געקריצטע יודישע אותיות פון אינעווייניג האָט איהם אויך נישט געלאָזט רוהען. ער האָט וועגען דעם געטראַכט גאַנצע טעג און וואָ־כען, נישט שלאָפענדיג קיין נעכט. די זאַך איז איהם אויסגעקומען משונה־ווילד. קענענדיג גוט די היינטיגע יונגעלייט מיט זייערע באָכגעגעבענע תאוות אין אַלצדינג האָט זיך איהם דאָך נישט געלאָזט

גלויבען קיין שלעכטס אויף ברוכ׳ן. צוגלייכען איהם צו די אַלע פוס־טע חברה פון דער סטאַנציע, וואָס פיהרען מיידלעך אַראָב פון וועג און לאַכען זיך דערנאָך אויס פון זיי, דאָס האָט ער פאַר קיין אופן נישט געקאָנט. גיכער האָט זיך שוין איהם געלייגט אויפ׳ן זינען די זאַך זאָל זיין ערענסטער. האָבענדיג אַליין אויפ׳ן געוויסען אַ שטיק „חטאת נעורים”, האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט מיט ברוכ׳ן זאָל אויך פאָרקומען אַזוינס. מעגליך, אַז ער האָט פיינד דאָס ווייב און ווערליג אַ היינטיגער יונגערמאַן ביי אַזאַ גוטען מעמד קאָן ער זיך פערגינען זי גט׳ן, כאָטש ער האָט מיט איהר צוויי קינדער און נעהמען די, וואָס איז איהם ליב. אַזוינס האָט זיך לייזער׳ן בעסער געזאָלט גלויבען און קומענדיג צו אַזאַ סך הכל, איז ער יעדעס מאָל אין אַ זינ־דיגער מחשבה געשטרויכעלט געוואָרען. איהם האָט זיך עס געוואָלט. דער קלאָרער געדאַנק האָט ביי איהם געמאָנט יושר פאַר מינען מיט די קינדער און דאָס הארץ האָט פערלאַנגט צו האָבען ברוכ׳ן פאַר אַנ׳איידעם. און לייזער האָט פערשוויגען. עפּיס האָט ער גערדאַרפט טהון. לויפען, שרייען, וויינען, נאָר ער האָט עס פערשוויגען... ער האָט זיך פערלאָזען אויף ברוכ׳ן. אויב ער, ברוך, ברענגט אויף אַ מיידעל אַזאַ שם רע, איז עס געוויס ביי איהם נישט קיין קלייניגקייט. נעהמט ער עס, מסתמא, אויף זיינע אחריות. ברוך קאָן אַלצדינג אויספיהרען.

און דערווייל האָט איהם די גדלות אַזוי בערוישט. אַרום שיינד־לען איז געוועזן אַזאַ גלאַנץ, אַזוי פיל גרויסע מענשען און זי אַליין האָט ווי אַ געבוירענע בת-מלכה אויסגעזעהן. אַפילו חנה איז מיט איהר שלום געוואָרען און איטע האָט איהר שוין איצט מוחל געוועזן דעם לייכטזין, וואָס זי טראָגט אין מיטען דער וואָך די זיידענע קליי־דער. זי אַליין האָט גאָר אָנגעהויבען צו פראנטירען אויפ׳ן סטאַנציע אין דער נייער פאַטשיילע מיט אַ ווייס מוסלינען טיכעל אויפ׳ן קאָפּ און, קומענדיג אַהיים פון זאַבאָלאָטאָוו, האָט זי נישט אויפגעהערט איבערצורעדען:

—אָ! די גרעסטע מענשען. די גרעסטע מענשען פון שטאָדט! אַשכנזי געהט פון שטוב נישט אַרויס—נאָר בעגעגענענדיג דער מאַמעס אַ בייזען קוק, האָט זי אָבגעזיפצט—דעם אמת׳ען זיווג זאָל נאָר דער אויבערשטער צושיקען.

איין ראשע־לאה האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבען.

---

די אַלטע ראשע־לאה איז געווען ברוגז מיט שיינדלען, ווי פריהער און האָט איהר אויף קיין גוט־מאָרגען נישט געענטפערט. איבער איהר האָט זי זיך די לעצטע צייט אויך געקריגט מיט איטען. זי איז שטאַרק אויפגעבראַכט געווען, וואָס מען שווייגט שיינדלען פאַר איהר אויפפיהרונג, נאָר נישט האָבענדיג קיין מוט צו זאָגען עס לייזער׳ן אַליין, האָט זי דאָס גאַנץ ביטער האַרץ איהרס אויסגעלאָזט צו דער טאָכטער. אמת קיין שלום איז ביי זיי קיינמאָל נישט געווען. אין די גוטע יאָהרען פלעגט מען זיך אָפּט צוקריגען און ברוגז ווע־רעןביידע ביז׳ן רעכטען ערב־יום-כפור פאַרנאַכט. די אַלטע האָט זיך דעמאָלט אָבגעטיילט בעזונדער, געמאַכט אַליין שבת און געגעסען אויף אַ ברעג טיש, היטענדיג זיך אָנצוריהרען פון שטוב דאָס מינ־דעסטע, נאָר מיט דעם פלעגט זיך עס ענדיגען. ערב־יום־כפור צו ליכט-בענשען האָט איטע איבערגעבעטען די מאַמען און ס׳איז געוואָ-רען ווידער גוט. נאָר די לעצטע צייט איז פון דער אַלטער געווען נישט אויסצוהאַלטען. טאָג און נאַכט האָט זי געשאָלטען די טאָכטער למאי זי לויפט אויפ׳ן סטאַנציע צו דער חצופה און טראָגט איהר אַהין גוטע זאַכען. איטע האָט זיך אָבער אויך נישט געלאָזט נאַרען און אַזוי אַרומער איז עס צייטענווייז געקומען אַזוי ווייט, דאָס ראָשע־לאה פלעגט אַנטלויפען אויף וואָכען לאַנג קיין קריוואָ־דוב צו די שמידען, נישט פערגעסענדיג יעדעס מאָל צו פערכאַפּען מיט זיך צווישען די קלומקעס אויך די תכריכים, וועלכע זענען ביי איהר גע-לעגען אויפגענעהטע צוליב דעם, שאָמער וועט זי שטאַרבען ערב שבת, אָדער יום־טוב, זאָל זי קאָנען באַלד צו קבורה קומען.

דאָרטען, אין קריוואָ-דוב, פלעגט זי אָבלעבען אַ ביסעל. ערשטענס האָט זי זיך געפיהלט גוט, וואָס ביי דעם קאַרגען שכנא׳ן אין שטוב קאָן מען זיך זיין אַנ׳אייגענער מענש, עסען ביי איין טיש און גאָר נישט פערנעהמען ביי איהם. זי איז נישט געווען קיין גאַסט און אָנ־קומען צו יענעם האָט זי נישט געדאַרפט. אַפילו צו די קינדער פלעגט זי פאָהרען נאָר דאַן, ווען מען איז נאָך איהר מיט אַ פוהר געקומען בעטען זי אין געסט אויף אַ יום-טוב, אָדער אויף אַ שמחה. ראָשע־לאה האָט נאָך ביי איהרע פינף־און־זיבעציג יאָהר פערדינט זיך אַליין די חיונה. קומענדיג קיין קריוואָ-דוב האָט זי זיך אַוועקגעזעצט שפּי־נען גוי׳עש פלאַקס און איז שוין געווען פערזאָרגט מיט אַלדאָס גוטס. די גוי׳עס, דורכאויס אַלטע בעקאַנטע און שכנות, האָט יעדערע פון

זיי געהאַלטען פאַר אַ חוב, אַ חוץ געצאָהלט פאַר׳ן שפינען. ברענגען נאָך דער אַלטער עפּיס אַ מתנה. זי איז נעבעך אַנטלאָפען פון דער היים, וואו די קינדער גיבען איהר אודאי קיין כּבוד נישט אָב, דאַרף מען זי נישט פערלאָזען. אין דער רוסיש־פויערשער פאַמיליע איז די עלטער געאַכט ביז צו אַ הייליגטהום און אַזוי האָט מען זיך אין קריוואָ־דוב אויך בעצויגען צו ראָשע־לאה׳ן.

נאָר איבערהויפּט פלעגט ראשע־לאה לויפען קיין קריוואָ־דוב צו די שמידען, וואָס דאָרטען האָט זי זיך פריי דאָס האַרץ געקאָנט אויס־רעדען. דער אַלטער שכנא האָט אויך פיינד געהאַט די סטאַנציע. ער איז נאָך אַלץ געווען אויפגעבראַכט אויף שמעון־לייבן, וואָס ער איז אַוועק פון דער היים און מיט בעניען איז ער אויך געווען אומגליק־ליך, וואָס ער קאָן זיך קיין כלה נישט צוקלויבען און די שטוב אין אָלעסיע פוילט נישט קיין געענדיגטע, ווייל ס׳איז נאָך קיין בעל־הבית׳טע נישטאָ און ס׳האָט זיך איהם געדאַכט, אַז אין אַלע זיינע צרות איז שולדיג דער נייער ישוב. ער האָט דעם רוישיגען זאַבאָ־לאָטאָוו לחלוטין נישט אנערקענט און איז געווען פערבונדען מיט׳ן אַלטען שטעדטיל, ווי אַמאָל, כאָטש יענץ איז געווען פאַר אַ מהלך פון צוועלף וויאָרסט. אַפילו אַהין איז ער אויף ימים נוראים געפאָה־רען, פערנעהמענדיג זיך מיט האַק און פאַק אויפ׳ן אַלט־ישוב׳ישען שטיינער.

—אויך מיר אַ שטאָדט! —פלעגט ער זאָגען וועגען דעם נייעם זאַבאָלאָטאָוו—זיי מיינען, אַז זיי וועלען נישט דאַוונען און וועלען מחלל־שבת זיין, די מיידלעך וועלען זיין חצופות און די בחורים ווע־לען נישט חתונה האָבען, איז דאָס שוין ביי זיי אַ שטאָדט. בההמות! אָ, פאַרהאַן ביי לייטען שטעדט. אָבער וויפיל פרומע יודען זענען דאָרטען פערהאַן. און ווי אַזוי דאַווענט מען. פול די בתי־מדרשים. און וויפיל לייטישע קינדער. און טאַטעס זענען טאַטעס. מען מאַכט חתונה און מען לעבט, ווי גאָט האָט געבאָטען. און דאָס איז אויך מיר אַ שטאָדט. טפו!

ראָשע־לאה איז צוגאַנגען פון תענוג הערענדיג.

—און אַז אַ שטאָדט, איז וואָס? —האָט זי געזאָגט, צולייגענדיג דעם שפינדעל צום מויל—טאָ וואָס איז שוין דאָ דער יחוס מיט די שטעדט?

נאָר ביי די ווערטער האָט זיך שוין אַריינגעמישט שכנא׳ס על־טערע שנור. אַ געבוירענע איז זי געווען פון שטעדטיל, נאָר מיידעל־

זוייז איז זי צוויי יאָהר געווען אין יעקאַטערינאָסלאַוו אַ קעכין אין אַ רייך הויז, האָט זי זיך פון דעמאָלט אָן פאַר אַ שטאָדטיגע גערעכענט און האָט יעדעס שלעכט וואָרט וועגען שטאָדט און שטאָדט־לייט אָנ־גענומען פאַר אַ פערזענליכער בעליידיגונג. דערביי איז איהר אַלעמאָל געקומען צו הילף אַ יונגע גוי׳קע פון דאָרף, וועלכע האָט אַליין גע־שטאַמט פונ׳ם ליטווישען בריסק און האָט דאָרטען געדינט יאָהרען־לאַנג ביי אַ רייכען יונגען פאָלקאָווניק, נאָר דערנאָך האָט זי חתונה געהאַט פאַר זיין דענשטשיק און יענער האָט זי צום ענדע פון זיין מי־ליטער־דינסט אַוועקגעפיהרט צו זיך אַהיים אינ׳ם פערוואָרפענעם קרי־וואָ־דוב. די דאָזיגע האָט שוין געהאַט פיער קינדער און איז שוין געווען גענוג איינגעבראָכען צו דער שווערער דאָרפישער אַרבייט, אכילה און קליידונג, דאָך האָט זי נאָך דער שטאָדט נישט אויפגע־הערט צו בענקען. אַריינכאַפּענדיג זיך אין אָוונד אַמאָל צו די שמי־דען, וועלכע זענען איהר מיט זייער יודישער ריהרעוודיגקייט אַ סך באָהענטער געווען, ווי די אַפּאַטישע פויערים־פאַמיליע פון איהר איי־גען פאָלק, האָט זי מיט שכנא׳ס שנור תמיד איבער איין־און־דער זעלבער טעמאַ געשמועסט. יענע, דאָס שוואַרץ ווייבעל מיט איהר פויגעלש־אָבגעשפּיצט פנימ׳ל, פלעגט אָנהויבען זיך אויס׳טענה׳ן און דערצעהלען שטאָדטיגע גוזמאות און די פערבענקטע גוי׳קע איז גע־זעסען אויף דער ברייטער באַנק נעבען אויווען, די הימעל־בלויע אויי־גען פערגלאָצט אין דער הויך און האָט גערעדט האַרציג, שטיל, ווי אַ תפילה:

—אָ, אין זונטאָג... אין די קלויסטערס קלינגט מען. אַלע גע־העו אָנגעטהון אין ווייסען. מיט הענדשקעס. אין סאָד שפּילט דער פּאָלק־אָרקעסטער. אין קלוב טאַנצט מען. אָפּיצירען. באַרישניעס. די שפּאָרען קלינגען. אָ, בריסק האַרציגער, כאָטש פאַר׳ן טוידט אויף דיר געבען אַ קוק!

—קוריצע פּראָסאָ סניטסיאַ*)—האָט געלאַכט פון איהר בעניע, זיצענדיג אַ שווייגענדיגער אויבען־אָן ביים טיש פערטיפט איבער אַ ביכעל.

און מאָטעלס ווייבעל האָט בעדויערט זיך מיט איהר אינאיינעם:

*) אַ הוהן הלומ׳ט זיך הירזש.

—ע, אַנטאָליאַ, צייט אַרויסוואַרפען די נאַרישקייט פון קאָפּ. אַליין זענען מיר שוין פערפאַלען. אונזערע קינדער סיידען.

—אָ, די אַנדערע שלעפּערין!—האָט שכנא אָבגעהאַקט אין איהר זייט אַריין.

ראשע-לאה׳ן האָט אויך פון אָרט געהויבען. זי האָט געהאַט מיט דער שטאָדט אַלטע חשבונות. נאָך מיט יאָהרען צוריק האָט זי געפיהרט אַ וואָגען קאָרענע מעהל אַהין צו פערקויפען און, אָבשטעלענדיג זיך אין דער ישוב׳ישער אַכסניה, האָט איהר די גראָבע בעל־אכסניה׳טע אַזוי בעריסען, אַז זי האָט עס אייביג געהאַט צו געדענקען. די יודענע האָט איהר פּשוט פאָרגעלייגט עסען מיטאָג און ראָשע־לאה, מיינענדיג, אַז יענע קוקט אַרויס אויף אַנ׳אורח לשם מצוה, ווי זי אין ראָדניקאָווע, האָט זי איידעל מסכּים געווען דערצו און געגעסען אויך אויפ׳ן איידעלען אופן, איבערלאָזענדיג פון אַלע געריכטען צו האַלבע טעלער. לסוף האָט איהר יענע פערערעכענט דעם מיטאָג פאַר גוט געלד, נישט קוקענדיג אויף איהרע טענות, אַז זי האָט העכער העלפט אָבגעגעבען צוריק. דעם דאָזיגען אומרעכט פון די שטאָדטלייט פלעגט ראָשע־לאה דערמאָנען ביי יעדער געלעגענהייט און אַלע־מאָל אין דעם זעלבען נוסח. אַזוי איז זי אַרויס אַ צוקאָכטע קעגען מאָטעלס ווייבעל און דער פערבענקטער גוי׳קע:

—סדום! דער אָרט זאָל אונטער זיי ברענען. ט׳מען עס געהערט אַ יודענע זאָל נעהמען צוויי גילדען פּאַר אַ וואַרמעס און אַרויסלאָזען יענעם אַ הונגעריגען פון טיש? צוויי זילבערנע גילדען. סדום. זאָל זיי נאָר גאָט צאָהלען!

בעניע מיט׳ן ווייבעל פלעגען זיך פערגעהן פון געלעכטער, נאָר שכנא האָט זי תּמיד געטרייסט מיט איין נחמה:

—אָט, מען מעג זיי פערגינען דעם גליק. סיי ווי האַלט זיך דאָס ביי זיי נישט איין. דאָ גענומען, דאָ געגעבען צוריק. זיי האָבען פון די געלד סיי ווי קיין הנאה נישט.

ראָשע־לאה פלעגט זיך בערוהיגען און איז שטיל געבליבען. נאָר שפּעטער, אַז די גוי׳קע מיט מאָטעלס ווייבעל זענען אַהיים אַוועק און שכנא האָט זיך גענומען פאַר׳ן שלאָף מיט הרחבת הדעת די ליולקע פערריכערען, האָט זי געוואָרפען אַ בליק צו דער הרובע, אויב בעביע שלאָפט שוין און איז ווידער אַרויס מיט היציגע טענות, נאָר דאָס מאָל שוין וועגען שיינדלען.

—אַז ס'איז אַ פערפלוכטע וועלט געוואָרען! אַ מיידעל זאָל גאָר זיין הפקר. וואָלט דאַכט זיך גענומען אַ שטריק און צוגעבונדען צום בעט...

—און פעך אין די צעפּ וואָלט איך איהר נישט אַריינגעגאָסען—
האָט שכנה אונטערגעזאָגט, שניידענדיג אויפ'ן טיש זיין טיטון—און די קאָפּ וואָלט איך איהר נישט אָבגעגאָלט.

—וואָלט אפשר געפּרובט מיט גוטען—האָט פריידע זיך אָבגערופען פונ'ם אויווען אַראָב.

—ניין! נאָר פעך אין די צעפּ. איי וואָלט זי געוואָרען ווייך. ווי אַ מאַלינקע.

—אודאי! און דאָס, קיכעלט מען זי נאָך. און אַלץ די פערפלוכטע סטאַנציע. סדום. זאָל זיי נאָר גאָט צאָהלען...

אַזוי האָט ראָשע־לאה געשאָלטען די סטאַנציע ביז זי איז איינגעשלאָפען און בעניע איז דערוויילע געלעגען אויף דער הרובע אַ פערוויגטער אין זיסע חלומות. שיינדעל האָט איהם געלערענט לעזען רוסיש. אַלע שבת פלעגט ער צו איהר קומען. זי פלעגט איהם מכבד זיין מיט שאָקאָלאַד און אַנדערע גוטע זאַכען, וואָס ער האָט נישט געוואוסט די נעמען פון זיי. אַ חוץ דעם האָט נאָך בעניע געבלאָנדזעט אַרום דעם זעמסקען שפּיטאָל אַלע שבת־צו־נאַכט, אויסבעהאַלטענדיג זיך פון אַפּאַנאַסן. אַמאָל פלעגט ער זיך דערוואַרטען ביז ברוך איז אַהיים געגאַנגען... דעמאָלט איז ער אויך באַלד אַוועק קיין אָלעסיע נעכטיגען אין דער פּוסטער שטוב זיינער, וועלכע איז געשטאַנען נישט קיין געענדיגטע, אָהן פענסטער, אָהן טהירען און האָט אויף אַ בעל־הבית'טע געוואַרט...

דאָך האָט בעניע מיט אַ דערפרעהט האַרץ אַרויסגעקוקט אויפ'ן שבת.

## יא.

צו דער צייט האָט לייזער חתונה געמאַכט זיין טאָכטער חנה.
ער איז מיט דעם שידוך אויך נישט צופרידען געווען, נאָר ס'איז געשען דאָס, וואָס ער האָט פאָראויסגעזעהן פון לאַנג. די קליינע חנה איז פערלאָפען שיינדלען דעם וועג און ער האָט געמוזט מסכים זיין דערויף.

אַ שכן פון גאַס, וואָס פלעגט אַמאָל וואַרפען אַ בליק צו דער אָפענער טהיר פון קראָם, אָדער אָבשטעלען זיך נעבען גאַניק אויס־רעדען אַ פּאָר ווערטער, האָט אָנגעהויבען אַרייַנקומען אין אָוועַנד אַ ביסעל פערברענגען און איז זיך אָפּט אַזוי פערזעסען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. געווען איז עס דאַווידקע דער שטעפּער, דער שענס־טער בחור פונ׳ם נידעריגען ברעג און דער דאָרטיגער גענעראַל־רעד־נער פון אַלע קהל׳שע און פּראָלעטאַרישע אסיפות.

אַ געבוירענער איז ער געווען פון אַ נאָהענט שטעדטיל, אַ דאָר־טיגען שניידערס אַ זוהן, נאָר פון דער היים איז ער שוין ווייט גע־ווען. אַרבייטענדיג אין די גרויסע שטעדט פון ליטא און רייסען, וואו־הין ער איז אַוועק נאָך אַלס יונגעל, איז ער דאָרטען אַ פּאַרטיי-מאַן געוואָרען און האָט זיך פון דעמאָלט אָן געהאַלטען פאַר אַ סאָציאַליסט און פאַר אַ גרויסען ראַדיקאַל. ער האָט שטאָלצירט מיט זיין פּאַרטיי, וועלכער ער איז אומעטום טריי געבליבען, בערימט זיך מיט פריי־דענקעריי און איז געגאַנגען מיט קליין און גרויס אין געוועט, אַז קיין גאָט איז נישטאָ. אין זאַבאָלאָטאָוו איז דאַווידקע געווען פאַר זיך אַ בעל-הבית, נאָר קיין פועלים האָט ער פּרינציפּיעל נישט געהאַלטען. זיין אידעאַל איז געווען התונה צו האָבען מיט אַ וואוילער חבר׳טע, וואָס זאָל זיין אַ בעל-הבית׳טע אין שטוב און צוהעלפען איהם אויך ביי דער אַרבייט און אַלס אַזעלכע איז איהם געפעלען געוואָרען די הויכע ברייט־ביינינע חנה מיט איהר פולען קלאָרען האַלז און בלי־הענדע רויזען אויף ביידע באַקען. זי, די ראָדניקאָווער דאָרפס־מיידעל, איז געווען אַ זעלטענע בריה. תמיד אַ פערנומענע אין קלייט, האָט זי אויך צייט געהאַט אויף אַ טאַנץ און אויף אַ שפּרונג. דערביי האָט זי איהם, דאַווידקען, זעהר מילדע חנ׳דלעך געמאַכט. זי איז פאַר איהם געווען מיט אַלע מעלות און ער האָט ערענסט געטראַכט וועגען איהר.

דאַווידקע האָט נישט געזוכט קיין נדן. לייזער׳ס דעה איז ביי איהם אויך געווען אַ קלייניגקייט. ס׳האָט איהם אַפילו קיין יודישע חופה נישט געפעלט. ער האָט געקאָנט בעשטעהן צושרייבען חנה׳ן אויף זיין פּאַס און נעהמען זי צו זיך, נאָר די צרה איז איהם געווען מיט חנה׳ן אַליין. זי איז געווען אַ ראָדניקאָווער מיידעל, וואָס האָט נאָך געגלויבט אין אַלערליי יודישע און גוי׳שע „נישט גוטע״ און פלעגט לויפען שמחת־תורה אין שוהל אַריין די תורה קושען. דערצו

איז ביי איהר דער טאַטע געווען אַ מין הייליגטהום, וואָס מען האָט געדאַרפט וויסען ווי אַזוי צו רעדען וועגען דעם.

דאָך האָט ער זי איבערגערעדט. זיצענדיג דורך די זומער־נעכט אויפ׳ן הויכען ברעג ערגיץ די קעפ צו אַ ווייסען אויסגעקרומטען שטאַם פון אַ ווערבע געטוליעט, האָט ער איהר אַזוי לאַנג געגעבען צו ער־קלערען אַלצדינג, ביז זי האָט מסכים געווען די זאַך זאָל צוגעהן גאַנץ פשוט. זי האָט זיך אונטערגענומען אַליין זאָגען דעם טאַטען, אַז דער חבר דאַוויד איז איהר חתן. ער דאַרף נישט קיין נדן, קיין קליידער, קיין חתונה. זאָל מען שטעלען אַ חופה נאָר פאַר עטליכע מענשען און שוין.

מיט די ווערטער האָט חנה אָנגעזאָגט דעם טאַטען די בשורה, אַז זי איז אַ כלה. ער איז נישט מבולבל געוואָרען. ער האָט נישט געשטוינט אויפ׳ן אָרט, נישט געבייזערט זיך, ווי חנה האָט עס פאָר־אויסגעזעהן. פאַר לייזער׳ן איז עס שוין נישט געווען קיין נייעס. ער האָט געזעהן פון לאַנג, אַז דאַווידקע איז ביי איהם אין זאַבאָלאָטאָוו אַ בן-בית און האָט אַנ׳אויג אויף חנה׳ן. אויך האָט ער באַלד פער־שטאַנען, אַז דאָס זענען נישט די בחור׳שע חנ׳דלעך פון דער קאַנטאַר־חברה, נאָר אַנ׳ערענסטער ענין און ער האָט מורא געהאַט יעדען טאָג חנה אַליין זאָל איהם אָבגעבען מזל-טוב.

לייזער איז געזעסען אינ׳ם גרויסען חדר נעבען דער קראָם און האָט מיט אינטערעס די טאָכטער געהערט. זי האָט גערעדט מיט זיין לשון, פונקט ווי ער, דאַווידקע, וואָלט הינטער איהר אַקסעל געשטאַ־נען און וואָלט איהר אונטערגעזאָגט יעדעס וואָרט בעזונדער. און ס׳האָט זיך איהם געוואָלט פערשטעהן, ווי אַזוי אָט דאָס יונגע מיידעל זיינס האָט עס אַלצדינג אַזוי איינגע׳חזר׳ט. משונה. אַזוי פיל יונגע־לייט דרעהען זיך דאָ אַרום און דוקא מיט איהם האָט זי זיך עס אַזוי גוט צונויפגערעדט... ער האָט אָבגעזיפצט שווער, כאַפּענדיג זיך פאַר דער לינקער זייט, וועלכע איז איהם פון לאַנג פערקיהלט גע־ווען און האָט איהם וועה געטהון.

—נו און וואָס וועט זיין מיט גאָט?—האָט ער זי ערענסט גע־פרעגט—דאַווידקע שווערט דאָך, אַז קיין גאָט איז נישטאָ. ביזטו אויף דערויף מסכים? קאָנסט אויך געבען אַ שבועה, אַז ס׳איז נישטאָ קיין גאָט אויפ׳ן הימעל?

חנה איז רויט געוואָרען. לויט זיין ערענסטען טאָן האָט זי־

איהם געוואָלט ענטפערען בתממות, אַז ס'שטעהט אין ביכער, דאָס קיין הימעל איז אויך נישטאָ, נאָר בעמערקענדיג זיין געל־איינגעפאַלען פנים מיט'ן טיף-פערקנייטשטען שטערען, האָט זי זיך פערשעמט און דערשראָקען.

—ער וועט דיך הייסען קאָכען אום שבת און מאַכען אַ טרפ'ע קיך, ווערסטו איהם אויך פאָלגען.

—וואָס עפּיס טריפות? ער איז דען אַ גוי?—האָט חנה געשטאַמעלט נאָך אַלץ אַ רויט־פערפלאַמטע פון בושה און שרעק—היינט זענען אַלע יונגעלייט נישט פרום. איך וועל מיך פיהרען אַזוי ווי אין דער היים.

פאָטער און טאָכטער זענען ביידע שטיל געבליבען. לייזער איז געזעסען אויפ'ן באַנק־בעטעל נעבען פענסטער און האָט געקוקט אין גאַס אַריין. ס'איז געווען אַ גרויער ווינטער־פריהמאָרגען. אין דרויסען האָט אַ פייכטע קעלט געגאָגט. נעבען גאַניק איז אַ פויערשע פוהר געשטאַנען צוגעבונדען צום פלויט פון גערטעל און דאָס נאָכגעגעבענע בעל־הבתישע פערדעל האָט רוהיג זיין ביסעל היי געקייט און ביי דער זייט האָט פון אַ חזיר'שען רוקען אַראָב אַ שוואַרצע קראָהע געשריגען, אָנזאָגענדיג אומעטיגע בשורות פון בייזע ווינדטען, פון נאַכט־שטורעמס און פערבלאָנדזעטע דערפראָרענע וואַנדערער.

אין שטוב איז אויך געווען גרוי און טונקעל. חנה האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. זי האָט געדולדיג געוואַרט, נאָר דאָס פנים האָט איהר נישט אויפגעהערט צו פלאַמען.

—שיק אימיצען אַ רוף טהון איהם אַהער—האָט לייזער געזאָגט לסוף.

חנה האָט געכאַפּט אויף זיך אַ שאַל, געוואָרפען פערבייגעהענדיג אַ בליק אין שפּיגעל אַריין און האָט זיך געלאָזט געהן גלייך צו דער טהיר.

—נישט אַליין!—האָט ער אַ קלאַפּ געטהון אָן טיש.

זי איז ווידער צוטומעלט געוואָרען און איז אין מיטען שטוב שטעהן געבליבען.

—גיב אַ טינט און פען, וועל איך אָנשרייבען אַ צעטעלע און דו געה קריג דערווייל עפּיס אַ יונגעל, ער זאָל עס אָבטראָגען.

חנה האָט איהם הכנעה'דיג טינט און פעדער דערלאַנגט און איז אַ דערפרעהטע אַרויסגעשפּרונגען אויף יענער זייט טהיר.

אין עטליכע מינוט אַרום איז פּאַר לייזער׳ן געשטאַנען זיין טאָכטערס חתן דאַווידקע דער שטעפּער. ער האָט איהם אָבגעמאָסטען מיט׳ן בליק פון דער הויך אַראָב, פונ׳ם שפּיגעלדיגען דאַשיק ביז די אויסגעגלאַנצטע שטיוועלעך זיינע און געבעטען איהם זיצען. דערנאָך האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

—נו, ר׳ דוד, מיר עפּיס רעדען וועגען פּרטים.

—פּרטים?—האָט דאַווידקע געקנייטשט מיט די אַקסלען.

—חנה זאָגט, אַז דו נעהמסט זי ווי זי שטעהט און געהט. אַנ׳אמת?

—וואָס דען, פאַר געלד וועל איך זיך פערקויפען, ווי אַ ישיבה־בחור? איך קוק נישט אַרויס אויף אייער נדן.

לייזער האָט פון קעשענע זיין ציגאַרען־טעשעל אַרויסגענומען און האָט גאַסטפריינדליך דאַווידקען מיט אַ ציגאַר מכבד געווען. דער נאָך האָט ער אַליין איינס פערצויגען בהרחבה, ווי ער וואָלט זיך מיט אַ קרעפטיג ביסעל משקה געקוויקט.

—זעהער שען פון דיין זייט. נאָר וואָס זאָל איך טהון מיט׳ן נדן? ביי מיר איז עס מזומן־געלד.

—נו, איהר ווילט געבען נדן?—האָט דאַווידקע געענטפערט לאַכענדיג—אַז איהר וועט געבען, וועל איך נעהמען.

—אודאי וויל איך געבען. ביזט דאָך אָבער נישט ווערט.

—אַ דאגה מיר, וואָס איך בין ביי אייך נישט ווערט—האָט ער ווידער געלאַכט, רוקענדיג דאָס פאַצעטישע היטעלע אַרויף איבער׳ן שטערען—גענוג איז מיר, אַז איך בין ווערט ביי אייער טאָכטער.

—נו, דאָס ביזטו גערעכט. נאָר הער, דוד, מיר רעדען אָפענע ווערטער. ביזט דאָך נישט קיין נאַרישער בחור. און דו האָסט דאָך איידעלע געדאַנקען אויך. מיינסט איך ווייס עס נישט. דאַרפסט אָבער פערשטעהן, אַז דו ביזט מיר נישט קיין גלייכער. נאָר אַז חנה וויל דיך, איז דאָך נישטאָ קיין טענות. ביזטו מיין קינד און איך וויל דיך פאַר קיין מציאה נישט האַנדלען. איך וועל דיר אָבגעבען אינגאַנצען דעם נדן און חתונה מאַכען מיין טאָכטער וועל איך אויך ווי מיר שטעהט אָן, נאָר איך וויל דו זאָלסט מיר געבען אַ האַנד, אַז פון היינט אָן וועסטו זיך אויפפיהרען לייטישער.

דאַווידקע האָט זיך געגעבען אַ שטעל אויף מיט די הענד אין די זייטען:

—דהיינו, ר׳ לייזער?

—האָב נישט מורא. אין חברה־תהילים וועל איך דיך נישט פערשרייבען. איך וויל נאָר דו זאָלסט מיר געבען דיין וואָרט, אַז דו וועסט אין דיין שטוב קיין טריפות נישט אַריינברענגען. נאָר דאָס פערלאַנג איך פון דיר.

—ווילט איהר, הייסט עס, פאַר געלד זאָל איך מיינע פּרינציפּען פערקויפען?—איז דאַווידקע מיט אַמאָל געוואָרען אָנגעצונדען—פאַר געלד מיינע פּרינציפּען?! ניין, ר׳ לייזער. האַנדלען מיט גאָט איז אַ געשעפט פאַר פרומע יודען, נישט פאַר מיר. מיט מיר האָט איהר נישט וואָס צו רעדען וועגען פּרטים. איך דאַרף נישט אייער נדן. איך דאַרף נישט קיין קליידער. אַפילו די חתונה בין איך אייך מוחל. שטעלט אַ חופּה ביי אייך אין ראָדניקאָווע פאַר עטליכע מענשען, וועט אייך קאָסטען אַ קוואָרט בראָנפען מיט אַ פונט לעקעך און שוין. און זי מעג געהן צו דער חופּה אָט אין דעם וואָכענדיגען קליידעל. אָט איז אייך מיינע פּרטים!

לייזער האָט איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט. עפּיס האָט ער זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז אָט דער געוויקסיגער יונג מיט׳ן שפּיגעלדיגען דאַשיק און אויסגעגלאַנצטע שטיוועלעך איז זיין טאָכטערס חתן. ס׳איז איהם אויסגעקומען קאָמיש, נאָר ס׳האָט איהם וועה געטהון. די פערקיהלטע זייט האָט איהם ווידער אָנגעהויבען צו שטעכען.

—ביזט מסכּים, חנה?—האָט ער געפרעגט די טאָכטער מיט גוטען, נאָר אין זיין קול האָבען שטרענג־איינגעהאַלטענע טענער געציטערט—ביזט מסכּים צו געהן אינ׳ם וואָכענדיגען קליידעל צו דער חופּה?

חנה האָט געשוויגען. ס׳איז איהר שווער געווען אויף דער פראַגע צו ענטפערען. דאַווידקעס טעאָריעס וועגען טואַלעטען און לוקסוס—בכלל, וואָס ער פלעגט איהר ערקלערען לויט׳ן פּראָלעטאַרישען שטאַנדפּונקט, האָט זי געוואוסט אויף אויסווייניג, נאָר אין דער מינוט האָט איהר דאָס געהן צו דער חופּה אינ׳ם וואָכענדיגען קליידעל אַזוי פערקלעמט ביים האַרצען, נאָר אויף צו חלש׳ן.

—נו? איך דאַרף עס וויסען.

—מיר איז אַלץ איינס—האָט זי געענטפערט שטיל.

—נו, אויב דיר איז אַלץ איינס, מעג בלייבען ווי ער זאָגט. די מאַמע וועט דיר אָנשיטען בעט-געוואַנד. זי וועט דיר, מסתמא, אָב־

געבען דיין חלק לייוועגד פון קאַסטען. די מיידעלשע קליידלעך דיינע געהערען אויך צו דיר. נאָר מעהר וועל איך דיר אַ שנירעל נישט געבען. געהסט איבער אין דיין מאַנס רשות, זאָל ער דיר מאַכען קליי־דער. דוד, ווען ווילסטו זאָל מען אָבשטעלען די חתונה?

—פון מיינטוועגען כאָטש די וואָך. איך בין גרייט.

—נו, די וואָך נישט. זאָלען אַריבער די חגאות, וועט ווערען אַ ביסעל שטילער אין קראָם. דער וועג וועט זיך שטעלען, נאָר מיר וועלען עס שוין מאַכען בקיצור. און דערווייל, חנה, דערלאַנג עפּיס צום טיש. מיר נעהמען צו ביסלעך בראָנפען. זיץ, דוד. טהו אויס דאָס פעלצעל. ביזט דאָך שוין איצט אַ היימישער.

—איך האָב איצט קיין צייט נישט—האָט דאַווידקע געענטפערט. לייזער האָט זיך ווידער געכאַפּט פאַר דער פּערקיהלטער זייט, נאָר אויף די ליפּען איז איהם אַ לייכטער שמייכעל געלעגען.

—נו, אויב דו האָסט קיין צייט נישט, קאָנסטו געהן. וועסט אַריינקומען אין אָוועגד. איך וועל היינט דאָ נעכטיגען.

נאָר דאַווידקע איז געבליבען. ער האָט דאָס פעלצעל אויסגע־טהון און האָט זיך מיט סטאַט אַוועקגעזעצט ביים טיש ביז חנה וועט לעקען און בראָנפען דערלאַנגען.

---

חנה האָט זיך אומזיסט געשראָקען.

זי איז אינ׳ם וואָכענדיגען קליידעל צו דער חופּה נישט גע־גאַנגען. ביז די חגאות זענען אַריבער און דער ווינטער־וועג האָט זיך איינגעשטעלט האָט איטע אָנגעשאָטען בעט־געוואַנד און אויפ׳ן אַלט־דאָרפישען שטייגער צוטהיילט די לייוועגדען פון קאַסטען פאַר חנה׳ן מיט גיטעלען אויף גלייכע חלקים, ווי אַמאָל צווישען שיינדלען מיט בתיה׳ן, פון וועלכע איין טהייל איז נאָך עד היום געלעגען בעהאַל־טען אונטער׳ן שלאָס. דאָס איבעריגע האָט פערזאָרגט שיינדעל. ביים טאַטען די מיוחסת און אַליין די אינטעליגענטין און די געאַכטע פער־זאָן פון די זאַבאַלאָטאָווער גדולים, איז זי געווען איצט די טאָן־גע־בערין אין דער פאַמיליע. זי האָט נישט געזאָגט קיין דעות אויפ׳ן שידוך, נאָר דאָס וואָכענדיגע קליידעל ביי דער חופּה האָט זי פאַר קיין אופן נישט געקאָנט אַראָבשלינגען. און זי האָט גע׳פּועל׳ט ביים טאַטען פון חנה׳ס וועגען אַ ווייס חופּה־קלייד און וועש אויך לויט

איהר געשמאַק. װײטער האָט זי מיט אַ גרינג האַרץ אָבגעגעבען דער שװעסטער די אַלט-מאָדישע װאָלענס און זײדענס, װאָס איז פון איהר'ט װעגען געלעגען בעהאַלטען בײ דער באָבען אין קופערס. און די פײה איזהרע, הענגענדיג יאָהרען לאַנג אויף בוידעם איבער־געשאָטען מיט פעפער, איז אויך איצט צונוץ געקומען. נאָר דערװײל האָט זיך בײ דער פראָלעטאַרישער כלה אָנגעקליבען צװײ קערב מיט אַזעלכע זאַכען, װאָס דאַװידקע האָט זײ אויף זײן לעבען אין די אויגען נישט געזעהן. נאָר די חתונה איז געװען אַ גאַנץ פשוט'ע, װי ער האָט אַלײן געװאָלט.

—לײזער האָט קײנעם קײן חתונה-בריװלעך נישט געשיקט. אַ חוץ בתיה'ן מיט שמעון-לײבן האָט ער נאָר דעם פעטער אָנגעשריבען אַ לאַנגען מליצה־בריף מיט חקירות און רמזים װעגען די הײנטיגע יונגעלײט בכלל און זײן טאָכטערס חתן בפרט. דערבײ האָט ער זיך געשטיצט אויף זײן אַלטען געדאַנק, אַז די װעלט דאַרף זיך אויס־גלײכען און דעריבער איז ער צופרידען געװען, װאָס דער צװײטער אײדעם זײנער װעט אויך לעבען פון יגיע כפי, כאָטש ער איז אַ פערפיהרטער פון דער רויטער חברה און שװערט, אַז קײן גאָט איז נישטאָ. װײטער האָט ער געשיקט אַ שמש צו עטליכע שכנים און גו־טע פרײנד בעטען מען זאָל קומען אין אַ בעשטימטער צײט צו דער חופה. דאָך האָבען זיך אָויפגעקליבען געסט ביז די פיער מנינים. קלמן מיט דבורה'ן האָבען על־פי־הזקה גענומען אונטערפיהרענס און די אַנדערע פאָר איז געװען זײער זוהן, דער זאַבאַלאָטאָװער רב מיט זײן עלעגאַנט-שטאָדטיגער רב'יצין. ברוך איז געקומען אַלײן, ברענ־גענדיג אַ ברכה פון זײן װײבעל מיט אַ גלאַטען תירוץ, פאַרװאָס זי איז אין דער היים געבליבען. נאָר אויסער איטען, װעלכע איז אומ־געגאַנגען אַ פערװײנטע און אַ צוטומעלטע, האָט קײנער װעגען איהר נישט געפרעגט. דבורה'ס מגושמ'דיגע טאָכטער מיט'ן מאַן דעם אײ־דעלען פעדאַגאָג און כלל-טוהער זענען אויך צוגעפאָהרען מזל־טוב אָבגעבען און צװישען די קרואים נכבדים איז אויך געװען דער אַל־טער הלוש'דיגער רב פונ'ם ז ע בײאיגען שטעדטיל, װעלכען לײזער האָט געלאַדען אַלס גאַסט דעם טיש איהם צו בעשענען, װײל אָפי־ציעל איז ער שוין איצט זײן בעל־הבית נישט געװען. ראָדניקאָװע האָט שוין אָנגעקעהרט צו דער קהלה פונ'ם נײעם ישוב בײ דער סטאַנציע. נאָר דער יונגער זאַבאַלאָטאָװער רב האָט אויס אײדעלקײט

און אַכטונג צו זיין עלטער זיך אָבגעזאָגט מסדר קדושין זיין און איז אַליין אויף דער חתונה אַלס גאַסט געבליבען, צולאָזענדיג דעם גרייז־גרויען קאָלעגאַ זיינעם, וואָס פלעגט איהם אַמאָל יונגעל-ווייז אין אַ בלאַט גמרא פערהערען, דעם כבוד מיט'ן רח"ש צוזאַמען.

---

ס'איז געווען אַ העלער פראָסטיגער ווינטער־טאָג. דער קאַלטער חודש שבט האָט געגלאַנצט מיט בלענדענד־קלאָרען שניי און זונען־ליכט. הינטער'ן דאָרף האָט דאָס פערשנייטע פעלד מיט פערעל און דימענ־טען געפינקעלט און אַנטקעגען די פענסטער האָט געגרינט דער סאָס־נאָווער באָר*) אין זיין אייביגען יוגענד־טרוים אַ פער'חלומ'טער. אי־בער'ן גלאַט־אויסגעפאָהרענעם ווינטער־וועג האָבען זיך פויער'שע שלי־טענס געגליטשט און פון ווייטען האָט זיך אָבגערופען דער גלעקעל־קלאַנג פון די עלעגאַנטע זאַבאָלאָטאָווער שליטלעך.

די חופה איז געווען אויפ'ן הויף פאַר אַנ'עולם נייגעריגע פויערים, וואָס זענען זיך פונ'ם גאַנצען דאָרף מיט ווייב און קינד צונויפגעלאָפען. די העלע ווינטער־זון האָט זיך שוין געהאַט אין וואַלד בעהאַלטען. פון איבער'ן וועג דער „באָר" איז טונקעל געוואָרען. אַרום האָט דער שניי מיט אַ בלויען אָבגלאַנץ געשימערט און איבער'ן ווייטען פעלד מיט'ן איינגעטוליעטען דאָרפישען געסעל האָט זיך גע־שפרייט אַ לויטערער אָווענד־הימעל. און אין דעם בלוי־ווייס־פערהילטען בין־השמשות האָט געשיינט מיט יום-טוב-פראַכט די ניי-זאַבאָלאָטאָווער חופה מיט די בעזילבערטע פראַנזען און שטאַנגען. מיט אַ רייך־בעשיי־דענער גרויסווירדיגקייט האָט זיך אָנגעזעהן דער יונגער רב אין זיין ברייטען שוואַרץ־סאַמעטענעם פלאַשטש אָנגעטהון. דערביי האָבען זיך געזואָרפען אין די אויגען די יונגע עלעגאַנטע רב'יצין מיט'ן ווייסען שטרויס-פעדער פונ'ם גרויסען הוט איהרען און שיינדעל אין העל־צאַרטען קרעפדעשין מיט אַ טייערען פוקס אויפ'ן האַלז. ברוך אינ'ם טכוירענעם פעלץ אויף די אַקסלען האָט געקוקט פון דער מיט אַרויס איבער אַלעמענס קעפ אַריבער און נעבען איהם איז געשטאַנען דער געוויקסיגער פריש־ראַזירטער דאַווידקע אין זיין פאַצעטיש היטעל

---

*) באָר—אַ יינגער וואַלד פון סאָסנע־בוימער.

מיט׳ן שפיגעלדיגען דאַשיק נישט קיין צופרידענער, וואָס מען מאַכט דאָ מיט איהם אַזעלכע לאַנגע צערעמאָניעס.

און איבער די אַלע יונגע און שענע האָט געזיפצט דער אַלטער ישוב. איטע איז צוגאַנגגען אין טרעהרען איבער דער זיבען-און-צוואַנציג יאָהריגער שיינדלען, וואָס זי ווערט פערזעסען און בערעדט דורך לייטישע בייזע צינגער און ראָשע-לאה האָט געשאָלטען די סטאַנציע, ווי תּמיד. וויפיל מען האָט איהר איינגערעדט, אַז די חתונה איז אָהן כלי-זמר, ווייל ס׳איז נישט אין קאָפּ איבער די מסירות פון די „איידעלע קריסטען", מען וויל די קריסטען נישט אויפרייסען די אויגען, נאָר זי האָט זיך נישט געקאָנט בערוהיגען. ס׳איז איהר געווען ווייניג עולם. זי האָט געבענקט נאָך די אַלט-שטעדטילדיגע כלי-קודש, נאָך די פערפּאָרעטע צוטראָגענע סאַרווער און סאַרווערינס. ס׳איז איהר געווען אומעטום פּוסט. און זי איז אַרומגעגאַנגען מיט פערבראָכענע הענד, טענה׳נדיג אַלע מאָל צו דער קריוואָ-דובער שמידערין:

—ט׳איהר נעזעהן אַ שטילע דומע? אונטער׳ן קוימען אַ חופּה. ווי אַנ׳אַלמן מיט אַנ׳אלמנה נישט דאָ געדאַכט. און אַלץ די סטאַנציע. גאָט צאָהלט זיי אָבער פאַר אַלץ... אָ, ער איז אַ גוטער צאָהלער!

ביי דער זייט איז אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקען געשטאַנען די אַלטינקע ראָדניקאָווער הייב-אַם, באַבקאַ יאָכימיכאַ, און האָט אויך געזיפצט אויף די נייע צייטען:

—וואָט טיע אי וועשעליע*)—האָט זי צוגעשאָקעלט מיט דער אונטערגעבונדענער גאָמבע, טוליענדיג זיך אינ׳ם קורצען סוויטקעלע.

איטעס מיידלעך זענען ביי איהר אַלע גלייך טייער געווען. זי האָט חנה׳ן אויך געבראַכט אַ ווייצענעם ברויט איינגעוויקעלט אין אַ געבלייכטער נאַמעטקע און אָפּט איז ביי איהר אַ טרעהר געפאַלען אויף שיינדלען, וואָס זי קאָן זיך קיין חתן גישט צוקלייבען און זי, די אַלטע יאָכימיכאַ, וועט נישט דערלעבען צו באַקען אַ רונד-געפלאָכטענעם קוילעטש אויף איהר חתונה.

---

באַלד נאָך דער חופּה האָט מען זיך צו די טישען געזעצט: די

---

*) אָט איז דיר אַ חתונה.

מאַנסבילען אין שטוב או די ...בער אויפ׳ן אַלטען שטייגער ביי דער אָפענער טהיר פון ... ער. שיינדעל האָט די געסט מכבד געווען און איטע, נאָך אַלץ אַ צוגאַנגענע פון געוויין, האָט מיט דער בייזער מאַמען נעבען אויווען דאָס עסען אויסגעטהיילט. אין שטוב איז געווען שטיל. צוויי הענג־לאָמפען האָבען ליכטיג און היימליך יעדעס ווינקעל בעלויכטען. דער נייגעריגער דאָרפישער עולם, דער־זעענדיג, אַז קיין כלי־זמר זענען נישטאָ, האָט ביסלעכווייז די שטוב פערלאָזען. די אַלטע יאָכימיכאַ איז נאָך געזעסען נעבען אויווען און האָט געזופט צו קאַפּעלעך נאַליווקע פון אַ קליין גלעזעלע, וואָס שיינ־דעל האָט איהר דערלאַנגט פערביינגעהענדיג און ביים פענסטער זענען געזעסען מיט שטיקער טאָרט אין די הענד ברוכ׳ס פוהרמאַן דער געוויסער כוועדאָר און דער אַלטער הויז־פריינד אַפאַנאַס, וועלכער האָט שיינדלען אויפ׳ן דאָקטאָר׳ס שליטעל געבראַכט צו פיהרען. די איבעריגע פוהרמאַנעס זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אויפ׳ן דאָרף צו קרובים און בעקאַנטע.

ביי דעם מאַנסבילשען טיש איז באַלד אַוועק אַ שמועס וועגען דעם זאַבאָלאָטאָווער גירוש און די „איידעלע קריסטען״ מיט לעאָנ׳ס פריצ׳ישע פערד, איבער וועלכע אַ גאַנצע יודישע קהלה איז אומ־גליקליך געוואָרען. דער אַלטער קליינשטעדטילדיגער רב איז אַלס חלוש ביי זיין גלאָז מילך געזעסען און האָט געזיפצט אויף יודישע צרות, דערפרעגענדיג זיך געגוי וועגען די „איידעלע קריסטען״, צי זיי זע־נען עס אַלע אַזעלכע אכזרים.

—דער יצר הרע של זהב פון די אומות־העולם איז תמיד גע־ווען אַ מליץ־יושר פאַר יודען—האָט איהם דער יונגער רב געענטפערט מיט אַ וויץ.

דער איבעריגער עולם האָט איהם אויך בערוהיגט: ווער מיט אַ ווערטעל און ווער בתמימות און דער אַלטער האָט אַלץ געזיפצט, קנייטשענדיג די ברעמען קעגען דעם שניידענדען לאָמפען־ליכט, וואָס האָט איהם זיין שוואַכע ראיה געבלענדעט.

—מען האָט זיך געדאַרפט דערשלאָגען צום מלכות—האָט ער מיט זיין אַלט־צובראָכענער שטים זיין פעסטע מיינונג אַרויסגעזאָגט—נישט צום מיניסטער, נאָר צום מלכות אַליין. פשוט בעטען חסד. אַ מיניסטער ווייס נאָר אַ דין. אָבער דער מלכות אַליין קאָן עובר זיין דעם דין. ער קאָן טהון חסד. און חסד־של־מלכות זענען אַלע דינים גובר.

דער יונגער רב האָט טאַקטיש געשוויגען. ער האָט נישט גע-וואָלט אַרויסזאָגען זיינע פרייע געדאַנקען איבער דער דאָזיגער פראַגע אין דער געגענוואַרט פונ׳ם פשוט׳ן דאָרפישען עולם, וואָס איז דאָ ביים טיש געזעסען. נאָר ברוך האָט זיך ערלויבט צו ענטפערען איהם פריי און איינגעהאַלטען נישט צו בעריהרען זיין כבוד און פרומען אַרט דענקען.

—רב׳י, ס׳איז אָבער דאָ אַ יש אומרים, אַז מיר דאַרפען דוקא שטעהן פאַר׳ן דין. חסד איז פאַר׳ן שולדיגען און דין איז פאַר׳ן גע-רעכטען. מיר האָבען דאָ אַ ישוב פון אַריבער צעהן טויזענד נפשות. על־פי־דין מעג ביי אונז זיין אַ שטעדטיל. ווּעלען מיר אפשר פאָדע-רען דין, ווי צדיקים, איידער בעטען רחמים, ווי רשעים.

—ווען מיר וועלען זיין קנעכט, וועט מען אונז בעהאַנדלען ווי קנעכט!—האָט זיך מיט זיין ביכעל-לשון אַרויסגעכאַפּט דער היציגער דאַווידקע.

דער פשוט׳ער עולם פון טיש האָט זיך צו איהם אומגעקוקט מיט יראת־הכבוד, און דער טאַטע זיינער, אַ קליין־שטעדטילדיג פרייליך יודעל מיט אַנ׳אָבגעבליאַקעוועטער באָרד, אַ ברייטע און אַ צושויבער-טע, ווי אַ בעזים, איז געזעסען אויבען־אָן אין זיינע גענוצטע בגדי־שבת מיט אַ פעט נחת־שמייכעלע אויף די ליפען, וואָס זיינע זוהן קאָן זיך אויס׳טענה׳ן מיט רבנים און נגידים. נאָר דער אַלטער רב איז אין כעס געוואָרען און האָט זיך צוואָרפען מיט די הענד אין דער לופט:

—אַ פאַלשע שיטה! אַ פאַלשע שיטה! ביי עכו״ם ווילט איהר דין? שטות׳ערייען! מיר זענען נישט קיין בני-חורין? ביז וואַנען מיר זע-נען אין גלות מוזען מיר האָבען חסד.

אַרום האָט מען אָנגעשטעלט מויל און אויערן. די ווייבער זענען ביי זייער טיש אויך שטיל געוואָרען און דבורה מיט דער שנור זע-נען שוין פון לאַנג געשטאַנען ביי דער אָפענער טהיר פון קאַמער, אָנגעשטרענגט דאָס געהער צום געשפרעך פוג׳ם גרויסען מחותנים־טיש. נאָר די יונגע רב׳יצין האָט זיך נישט בענוגענט מיט הערען און שווייגען, ווי איהר שענע קלוגע שוויגער פון דער אַלטער וועלט. זי האָט זיך אויך אַריינגעמישט אינ׳ם מאַנסבילשען שמועס, נאָר גע-טהון האָט זי עס אויפ׳ן יודיש-מאָדערנעם שטייגער און מיט אַנ׳עכט ווייבעריש חנ׳דעל. זי האָט איהר בעמערקונג געמאַכט אין העברעאיש

און האָט דערמיט איבעררײַשט אַלע התונה-געסט, סיי מענער, סיי פרויען. אָבגערופען האָט זיך צו איהר ברוך אין רייף־געטאָקטע טענער, ווי זי האָט אַליין גערעדט, און שיינדעל, די שפּאָגעל-נייע העברעאירין, האָט אויך נישט אויסגעהאַלטען איהר מילד־שווייגענדען טאָן. דערלאַנגענדיג דער רב׳יצין אַ גלאָז סאָדע־וואַסער, האָט זי זיך אויך צו איהר געווענדעט אין דער זעלבער אויסשפּראַך. ברוך האָט פון דער זייט געוואָרפען אויף איהר אַ בליק און איז צופרידען געבליבען. זי האָט איהם פאָרגעלייגט טרינקען בעשיידען און העפליך, קאָקעטירענדיג לייכט מיט דער נאַטירליכער פשטות פונ׳ם ביבלישען וואָרט, ווי זי וואָלט מיט פסוקים פון תנ״ך גערעדט. און דער טאַטע איהרער, זיצענדיג אויבען־אָן אין זיין בכבוד׳ער מחותנ׳עשאַפט, האָט אין ז׳ער מינוט זיין נאָגענדען פערבאָרגענעם ווערה פערגעסען... איהם האָט זיך אויך פערגלוסט פון זיין שענער טאָכטערס האַנד אַ העברעאישען טרונק וואַסער.

אויפ׳ן פערגרעבטען דאָרפישען עולם האָט עס אַ שטאַרקען איינדרוק געמאַכט. דערהערענדיג דאָס דאַוונען-און-תהילים־לשון פון מיידלעך און ווייבלעך ביי אַזאַ וואָכענדיגער עבודה, ווי אַ ביסעל וואַסער דערלאַנגען, איז מען אַרום אַזוי נתפעל געוואָרען, אַז מען האָט פערגעסען ברוכ׳ן מיט זיינע נישט-כשר׳ע בעציהונגען צו שיינדלען. דער אַלטער גרייז־גרויער רב איז נאָר מיטאַמאָל שטיל געבליבען און האָט ווידער אָנגעהויבען זיפצען אויף יודישע צרות, קנייטשענדיג די ברעמען אַנטקעגען דעם האָפערדיגען לאָמפּען־ליכט. לינקס איז געזעסען שכנא דער שמיד אַנ׳אויפגערעגטער און אַ פערשוויצטער פון כעס און אין אַ ווינקעל איז דער צוקלעמטער בעניע געשטאַנען. ער האָט זיך איצט פון אייפערזוכט די פינגער געביסען, ווי מיט עטליכע יאָהר צוריק, ווען ער איז אין דער נאַכט פון בתיה׳ס חתונה געלעגען בעהאַלטען צווישען די הויכע זאַנגען אויף יענער זייט טייך. נעבען איוועַן האָט איטע אַלץ געשלונגען איהרע מאַמעשע טרערען און די צאָרנדיגע ראָשע־לאה האָט זיך אַרומגעדרייט איבער׳ן שטוב, שעלטענדיג די סטאַנציע, ווי תמיד.

—נו אי וועשעליע*)—האָט די באַבקע יאָכימיכאַ ווידער בעדויערט—

*) נ׳ אַ חתונה.

טי, סטאַראַ, פּאָסקאַקאַלאַ־בי, קאָלי מאָלאָדיע ניע סקאַצשוט.*)

—אוי טאַקע, באָבע!—האָט זיך אָנגעכאַפּט די כלה און שיינדעל, מורא האָבענדיג, די אַלטע זאָל זי פאַר פרעמדע מענשען נישט בעליי־דיגען, איז געשטאַנען הינטער חנה׳ס אַקסעל און האָט איהר שטילער־הייט אונטערגעזאָגט: אַ פלאַקס־טאַנץ! אַ פלאַקס־טאַנץ!

דערווייל איז שׂכנא׳ס שנור אונטערגעלאָפען און איז אויך צו־געפאַלען מיט תחנונים:

—באָבינקע, מאַכט טאַקע אַ ביסעלע פרעהליכער! כאָטש איין קאַ־זאַצקע. לעבען זאָלט איהר. כאָטש איינע.

—אָט!—האָט די אַלטע אַ פינטעל געטהון בייז מיט די אויגען—אַ שטילע דומע און איך וועל זיך דרעהען, ווי אַ שכור׳ע גוי׳ע.

חנה איז ווידער צוגעשטאַנען:

—באָבינקע, אַפאַנאַס וועט שפּילען אויפ׳ן פייפעל. כוועדאָר׳ן וועל איך געבען אַ טאַץ מיט אַ לעפעל, וועט זיין אַ פּויק, און בעניע וועט זינגען אויף אַ קעמעל. יאָ, באָבע?

שיינדעל האָט געשווינד דעם אָרקעסטער איינגעאָרדענט אויפ׳ן באַנק נעבען אויווען, אַלעמען אין איין שורה, מיט די כלים אין די הענד, נאָר אָנשטאָט בעניען האָט זי אַוועקגעזעצט אַלס קעמעל־זינגער דעם פּיערצעהניאָריגען שטיפער, שכנא׳ס איניקעל. די ווייבער האָבען זיך אין אַ ווינקעל צונויפגעשטעלט מיט נייגעריגע בליקען צום קוקען און די כלה האָט געמאַכט פריי פּלאַץ פון אויווען ביז צו דער טהיר, די באָבע זאָל זיך קאָנען אויסדרעהען עטליכע מאָל, ווי זי האָט ליב.

אַפאַנאַס האָט זיך דער ערשטער גענומען צו דער אַרבייט. זיין פייפעל האָט פערשאַלט אַ בנעימות־דאָרפישע קאַמאַרינסקע און נאָך איהם איז אַוועק דאָס פאָנפעוואַטע קעמעל־געזאַנג אין דער בעגלייטונג פון אַ קלינגענד טאַצען־קלאַפּעריי. ביים מאַנסבילשען טיש האָבען זיך איינינע געסט אויפגעהויבען פון זייערע ערטער. דער קליינשטעדטיל־דיגער פרעהליכער שניידער, דאַווידקעס טאַטע, וועלכער איז שוין געווען אַ ביסעל שכור׳ליך, האָט פערלייגט אַ האַנד אויף לייזער׳ס אַקסעל, מיינענדיג אינאיינעם כאַפּען אַ טענצעל, נאָר בעגעגענענדיג יענעמס אַ קוק, האָט ער זיך פערשעמט און איז אַוועק ערגיץ אָן אַ

*) דו, אַלטע, האָלסט כאָטש אַ טאַנץ געטהון, אז די יונגע טאַנצען נישט.

וייט... ראָשע־לאה איז דערוויייל אַ ביסעל נאָכגעביגער געוואָרען און האָט זיך גענומען פעררייבטען דאָס טיכעל אויפ'ן קאָפּ, נאָר אין דער רגע האָט זי ווידער בייז אַ פינטעל געטהון מיט די אויגען און האָט אָבגעהאַקט מיט כעס:

—טפו זאָלט איהר ווערען! אַ פולע שטוב מיט מאַנסבילען, רבנים זיצען ביים טיש און איך זאָל מיך דרעהען, ווי אַ שכור'ע גוי'ע! אַ חתונה מ'שטיינס געזאָגט.

זי איז מיט פערבראָכענע הענד אַוועק אין ווינקעל און די כלי־זמר האָבען גלייך אויפגעהערט צו שפּילען.

דער זייגער האָט געשלאָגען צוועלף. מען האָט אָנגעהויבען דערגיסען נאַפט אין די לאָמפּען. שיינדעל האָט ניס מיט יאָדערן דערלאַנגט צום טיש, נאָר די חתונה־געסט האָבען געאיילט אַהיים.

## יב.

נאָך חנה'ס חתונה איז לייזער פערבליבען אַליין אין זאַבאָלאָטאָוו און די מיהל אין ראָדניקאָווע האָט זיך אָבגעשטעלט אונטער ראָשע־לאה'ס מיט איטעס השגחה, ווי אין די אַמאָליגע יאָהרען. נאָר געוועןן איז עס אויף דערוויייל, ביז די סטאַנציע וועט ווערען אַ שטעדטיל. דעמאָלט איז ביי לייזער'ן געוועןן אַ פּלאַן אַרויספאָהרען אינגאַנצען פון ראָדניקאָווע. די קלייט אין זאַבאָלאָטאָוו איז געוועןן אַ גוט געשעפט. דערצו איז ביי איהם די פאַמיליע קליין געוואָרען און ס'איז שוין נישט געוועןן וועמען אָבצוטהיילען. בתיה מיט איהר מאַן און קינדערלעך זענען געוועןן ווייט און פלעגען קומען נאָר אויף אַ יום־טוב. חנה איז באַלד פּאַר זיך אַ בעל־הבית'טע געוואָרען. שיינ־דעל איז געוועןן אין זעמסקען שפּיטאָל אויף דער שטעלע און גיטעלע האָט זיך געלערענט אין שטאָדט אין אַ פּראָ־גימנאַזיע, וואוהין דער גלח'־טעס שוועסטער האָט זי אַריינגעגעבען, ווען זי האָט ביי איהר גע־ענדיגט די דאָרפישע פּאָלקס־שולע. פלעגט זי קומען אויף די זומער־קאַניקולען, האָט מען איהר אין דער היים כמעט ווי נישט אָנגעקוקט. זי איז מעהר געוועןן אין זאַבאָלאָטאָוו ביי די שוועסטער, איידער אינ'ם אומעטיגען ראָדניקאָווע ביי טאַטע און מאַמע. אַזוי אַרום איז ביי

לייזער'ן ביסלעכווייז די שטוב פוסט געוואָרען. אָנשטאָט די מיידעל־שע פרעהליכקייט מיט זייער זינגען און טאַנצען האָבען זיך געקריגט צוויי עלטערע ווייבער, אָדער ראָשע־לאה פלעגט גאָר ברוגז ווערען און אַנטלויפען אין שכנות צו שכנא'ן קיין קריוואָ־רוב און דעמאָלט, ווען לייזער האָט געדאַרפט פאָהרען אין שטאָדט אַריין נאָך סחורה, איז איטען אויסגעקומען רופען די באַבקע יאָכימיכאַ צו זיך נעכטיגען.

דאָך האָט מען זיך דערווייל געמוזט האַלטען אין ראָדניקאָווע, ווייל נאָך די מסירות פון די „איידעלע קריסטען" איז זאַבאָלאָטאָוו געוואָרען אַ טריף אָרט פאַר יודען. דעריבער פלעגט לייזער זיין אינ־דערוואָכען נעבען דער סטאַנציע אַ קרעמער און שבת אין דאָרף אַ מיהלנער. אַלע פרייטאָג פאַר ליכט בענשען איז ער אַהיים געפאָהרען און שבת־צו־נאַכט איז ער שוין געווען צוריק ווידער אַמאָל אין דער היים. איטע פלעגט בלייבען אָהן כחות פון די דאָזיגע ביידע היימען. דאָ און דאָרטען האָט זי געדאַרפט זיין אַ בעל־הבית'טע, ווייל פון זינט חנה האָט חתונה געהאַט, איז די היים אויפ'ן סטאַנציע נאָך פוסטער געוואָרען, ווי די אַלטע שטוב אין דאָרף.

דאָס פרעמד מיידעל פון קראָם האָט לייזער אָבגעשאַפט, צו־נעהמענדיג אויף איהר אָרט אַ בחור און מיט איהר איז אַוועק דאָס לעצטע ביסעל פרעהליכקייט, וואָס איז נאָך פערבליבען פון דער לוסטיגער און תמיד־פערליבטער חנה'ן. זי האָט מיט זיך פערנומען די בילדער פון איהרע חבר'טעס, דאָס קאָלירטע קאָמאָד־טישטוך, וואָס זי האָט אַליין געשטריקט, די בלומען-טעפ פון די פענסטער און איה־רע בעשיידענע מיידעלשע קליידער, וועלכע זענען געהאָנגען אויף דער הינטערשטער וואַנד פערוויקעלט אין אַ ווייס ליילעך ציטעריג און ריין, ווי דאָס קלאָר־אָנגעצויגענע בעטעל איהרס. איצט איז עס גע־שטאַנען פעראומערט מיט אַ טונקעלער קאָלדרע דורך מענערישע הענד צוגעדעקט און אַ גרויסע ראַבע קישען צוקאָפּענס. דאָס שיינענדיגע וועק־זייגערל האָט נאָר געצעהלט מאָנאָטאָן זיינע מינוטען און שעה'ן, ווי פריהער. חנה האָט עס איבערגעלאָזט פאַר'ן טאַטען, ווייל ער האָט די לעצטע צייט ליב געהאַט אויפשטעהן פאַרטאָג און זעצען זיך לערנען.

לייזער האָט די לעצטע צייט פיל געלעזען. ער האָט זיך פער־טיפט אין חקירה-ספרים, יענע זאָלען איהם קלאָר מאַכען זיינע געדאַנקען און דעם גייסטיגען פלאָנטער פון זיין נשמה. די ספקות איבער זיין

אויפגעקלערטען לעבענס-שטייגער און דעם גרויסען גלויבען אין דעם גייסט פון דער נייער צייט, האָבען איהם קיין רוה געגעבען. ער האָט געוואָלט אַלצדינג פערשטעהן אין תּוך אַריין גענומען, אַלץ בע-נעהמען פילאָזאָפיש, ווי איהם אַליין וואָלט קיין זאַך נישט נוגע גע-ווען. איהם האָט זיך געוואָלט דערגעהן דעם אמת׳ן מקור, דעם אמת׳ן גרונד, אויף וועלכען דער היינטיגער סדר־עולם איז געבויט און דער-מיט ערקלערען דאָס אויפפיהרונג פון די יונגעלייט, וועלכע האָבען פערפיהרט נאָך זיך זיינע קינדער.

דאַווידקע איז פאַר איהם אַנ׳אָפּענער ספר געווען. אין איהם האָט ער געזעהן אַ היינטוועלטיגען יונגען מאַן, וואָס איז צו נאַרישע אפיקורסים אין חדר געגאַנגען. אָנשטאָט דעם אמת׳ען למוד פון גע-בען צו פערשטעהן, האָבען זיי איהם פּשוט איינגעשמועסט, אַז פאַר גאָט דאַרף מען קיין מורא נישט האָבען, ווייל ער איז לחלוטין נישטאָ. נאָר אָבלייקענענדיג אַזוי פעסט דעם אַלטען גרויסען גאָט, האָבען זיי איהם גלייך פערזאָרגט מיט אַ נייעם און ער איז ווידער אַ בעל־אמונה געוואָרען. דאַווידקע האָט געגלויבט אין זיין סאָציאַלען אמת און יושר, ווי זיין טאַטע דער זאָרגלאָזער קליינשטעדטילדיגער שניידער אינ׳ם אַלטען רבונו-של-עולם און ער איז געווען איבערגע-געבען זיין נייעם גלויבען מיט׳ן גאַנצען לעבען. ס׳איז זיין גאָט גע-ווען און לייזער האָט געזעהן, אַז ער שטעהט פעסט, ער דינט איהם באמונה שלימה, האָט ער פערשטאַנען, אַז מען קאָן זיך אויף איהם פערלאָזען. ס׳איז אַ דרך. איז עס נאַריש, איז עס חוצפּה׳דיג, זענען די לערער שולדיג. אָבער דער עצם-געדאַנק איז דאָך אַ גוטער. ס׳איז דאָך אייגענטליך דער זעלבער אַלטער וויין, נאָר אין נייע כלים. דער רבונו-של-עולם האָט די וועלט בעשאַפען אויף אמת און יושר און זיי האָבען איהם אַליין אָבגעלייקענט, מאַכענדיג זיינע מידות פאַר געטער. אַ שטראַהל פון דער זון האָבען זיי אָנגענומען פאַר דער זון אַליין. מילא בלאָנדזען זיי, ווי יעדער פערפיהרטער דור אין זיין צייט.

נאָר לייזער האָט עס פאַר אַ שיטה אָנגענומען, כאָטש דאַוויד-קעס גאָט־לעסטערונג האָט ביי איהם יעדעס מאָל אַרויסגערופען אין דער פערקיהלטער זייט די וועהטאָגען זיינע. פאַר זיין קינד איז ער אָבער רוהיג געווען. וואָס מעהר יענער האָט זיך אָבגעזאָגט פון די טויזענ-דער נדן, מיט וועלכע ער, דער שווער זיינער, האָט זיך ביי איהם געבעטען פאַר איין קלייניגקייט, בלויז פאַר איין פּינטעלע פון זיין

נייער אמונה, אַלץ זיכערער איז לייזער געווען אין זיין עהרליכקייט און האָט געגלויבט, אַז אַ נסיון יאָט ער קאָנען ביישטעהן, ווי דער בעסטער פרומער יוד. דעריבער איז ער פאַר חנה׳ן רוהיג געווען. זי האָט גענומען אַ מאַן אַנ׳עם הארץ, נאָר אַנ׳עם הארץ, וואָס האָט גאָט אין האַרצען, כאָטש זיינע רביים, די נאַרישע אפיקורסים, האָבען איהם איינגערעדט לא היה ולא נברא.

גאַנץ אַנדערש האָט לייזער געטראַכט פון ברוכ׳ן, וועלכער האָט פערפיהרט נאָך זיך זיין איידעלע געצערטעלטע שיינדלען. דאָ איז שוין דער ענין נישט אַזוי גלאַט געווען. דאָ האָט שוין לייזער גע־בלאָנדזעט.

ברוך איז אויך געווען דער לייטישער היינטוועלטיגער יונגער־מאַן, נאָר אַ מענש גאָר פון אַנ׳אַנדער מדרגה. זיין שיטה איז געווען אַ העכערע פון דאַווידקעס, נאָר אויך אַ געפעהרליכערע. ער, דער למדן און דער אויפגעקלערטער אינטעליגענט, איז צו די נאַרישע אפיקורסים אין חדר נישט געגאַנגען און האָט זיך אין אמונה פון קיינעם נישט געלאָזט איינרעדען. ער האָט זיך אַליין דערקלערט צו אפיקורסות און גאָר פון אַנ׳אַנדער מין. ביי דאַווידקען האָבען זיינע לערער צוגענומען דעם אַלטען גאָט און גלייך אויפ׳ן אָרט געגעבען אַ נייעם, און יענער, דער אפיקורס פון דער העכערער מדרגה, האָט זיך אַליין געמאַכט פאַר אַ גאָט. ער אַליין איז דין, ער אַליין איז אמת, ער אַליין איז יושר, חסד און רחמים. אַליין איבער זיך דער ממונה. אַליין איבער זיך דער שופט. אין דער צייט, ווען עס שטעהט בפירוש געשריבען, אַז דער מענש איז „רע מנעוריו" און אויף יעדען טריט ווערט ער נכשול אין אַנ׳אַנדער עבירה.

לייזער איז געשטאַנען פאַר אַ גרויסען סוד פון דער מענשליכער נשמה. ער האָט געוואָלט וויסען, צי קאָן זיך דער מענש פערלאָזען אויף זיך אַליין, אויף זיינע אייגענע מדת־הדין און מדת־האמת, דער היינטיגער מענש, וואָס גיט זיך אַזוי נאָך זיינע תאוות און איז אַזוי אַריינגעטהון אין תענוגי־עולם־הזה. צי קאָן ער אָהן אמונה, אָהן יראה אויסקומען בלויז מיט זיין אייגענעם שכל הישר און זיין אייגענער מדת־האמת, ער זאָל דערביי נישט אָנריהרען זיין חבר׳ס הויז, זיין חבר׳ס קינד און זיין שם טוב?

לייזער האָט לאַנג געטראַכט וועגען דעם און געוואָלט ערקלע־רען עס על פי חקירה און פילאָזאָפיע. צוליב דעם האָט ער זיך די

לעצטע צייט פערטיפט אין חקירה-ספרים. אין די שטילע בעגינען-שטונדען, ווען דער רוישענדער זאַבאָלאָטאָוו האָט נאָך געשלאָפען און אויף די זאַוואָדען האָבען ריטמיש געקלאַפּט די דאַמף-מאַשינען, אָנגע-פיהרטע דורך די נאָר וואָס צוגעשטעלטע אַרבייטער פון טאָג, איז ער שוין געזעסען פערטיפט אין לערנען. ער האָט פערגעסען די צייט און האָט נישט געהערט וואָס אַרום איהם טהוט זיך. דער ליכטיגער טאָג האָט אַריינגעקוקט אין פענסטער. קינדער האָבען געאיילט אין שולע אַריין. דער בחור האָט שוין פון לאַנג די קראָם געעפענט. פון הינטערן וואַנד האָט זיך געהערט דאָס טהיר-גלעקעל און דאָס זשומען פון דער קאָך-מאַשינקע, וואו ער האָט זיך טהיי געזאָדען—און לייזער איז נאָך אַלץ געזעסען אַ פערטראַכטער איבער'ן ספר. נאָר אַז דער פערשלאָפענער יונג האָט איהם לסוף אַ מ׳טנע גלעזעל טהיי אַריינגע-טראָגען, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זיינע געדאַנקען. דעמאָלט ערשט האָט ער דעם אָבגעהיטען ספר פון ברוכ׳ס ביבליאָטעק אינם פּוסטען קאַמאָד בעהאַלטען און האָט זיך גלייך געשטעלט דאַוונען.

---

לייזער איז געקומען צו אַ טרויעריגען סך הכל. די אַלע חקירה-ספרים, אין וועלכע ער האָט זיך געגריבעלט, האָבען איהם זיינע קשיות נישט פערענטפערט, נאָר דער רעיון איז ביי איהם קרעפטיגער גע-ווארען. זיין אַרט דענקען האָט אַ לאָגישע פאָרם אָנגענומען און ער האָט אַליין געפונען זיין וועג. ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דעם געדאַנק, אַז דער מענש איז דאָך „רע מנעוריו" און אויף זיין יושר אַליין, אָהן אמונה און אָהן יראה, קאָן מען זיך בשום אופן נישט פערלאָזען. איבערהויפּט איז אין דעם נישט בעגלויבט דער היינטיגער מענש, ווייל ער איז אַ גרויסער בעל-עולם-הזה און דערפון האָט ער געדרונגען ווייטער, אַז ברוך יאָ זיין מיט זיין מדת-הדין און מיט זיין מדת-האמת כלו חיב, ווייל ער איז נישט בכח צו בעהערשען אין זיך זיינע תאוות. האָט ער, ברוך, גע׳פועלט ביי זיך אויסצוריי-סען פונם חבר׳ס גאָרטען דעם שענסטען בוים זיינעם אין רעכטען בליהען, אין דער צייט, ווען ער האָט דערויף קיין רעכט נישט גע-האַט, וועט ער עס אויך קאָנען אין אַ שענעם העלען טאָג אַוועקוואַר-פען און לאָזען צוטרעטען פון יעדען איינציגען פערבייגעהער. ס׳איז געווען אַ טרויעריגער סך-הכל פאַר איהם מיט שיינדלען צוזאַמען.

לייזער׳ן האָט געדריקט אַ שווער צובראָכען געמיט, ווען ער איז איינמאָל אין אַנ׳אָוועגד געקומען צו זיין שענער גראָטענער טאָכ־טער איבעררעדען מיט איהר וועגען איהר אויפפיהרונג מיט ברוכ׳ן. דאָס ערשטע מאָל איז עס געווען וואָס ער האָט זיך ערלויבט צו רעדען מיט איהר דערפון, ווייל פריהער איז עס ביי איהם אַ גוטער חלום געווען. ער האָט געגלויבט אין ברוכ׳ס יושר און איז דערביי געווען פער׳שכור׳ט פון איהרע העברעאישע קענטענישען, פון איהר שאַך־שפילען און איהר גרויסען ערפאָלג ביי די זאַבאַלאָטאָווער גדולים נאָר ס׳זענען אַוועק דריי יאָהר פון זינט זי האָט די קורסען געענ־דיגט. איהר איז אַכט-און-צוואַנציג יאָהר געוואָרען האָט ער זיך דער־שראָקען פאַר׳ן היינטוועלטיגען יושר אָהן אמונה, אָהן יראה און איז אַוועק צו שיינדלען זיך דערפרעגען, וואו זי האַלט אין דער וועלט. דערביי האָט ער אויך געהאַט אין זינען צו זיין מיט איהר פּאָרזיכ־טיג און נישט לאָזען זיך פיהרען פאַר דער נאָז, ווי דעמאָלט, ווען זי האָט איהם געזאָגט בתמימות וועגען די אַקושערין-קורסען מיט׳ן געלד, וואָס ברוך וויל איהר לייען אויף אויסצאָהלען.

ער איז צו איהר געקומען אין דער געווענדטענער קאַפּאָטע מיט׳ן גילדענעם זייגער, ווי תמיד. נאָר פאַרנאַכט איז עס געווען, ווען ברוך מיט אשכנזי׳ן זענען נאָך אין קאַנטאָר פערנומען און דער בחור אינ׳ם סטודענטען-היטעל לויפט נאָך אַרום איבער׳ן שטאָדט גע־בען שטונדען. ער האָט זי געטראָפען אין דערהיים, זיצענדיג ביי אַ בוך ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ געלערענט מיידעל. איבער׳ן שטוב האָ־בען פאַרפומען געשמעקט. אַליין איז זי געווען אָנגעטהון אין ווייסען. אין ווינקעל איז געשטאַנען דער וועליסאָפּעד איהרער און ביי די פיס איז איהר דאָס קליינע הינדטעל געלעגען. אַלצדינג איז דאָ ביי איהר געווען אויפ׳ן פּריצ׳ישען שטייגער, ווי זי וואָלט פון לעווי׳ס הויז געוואַקסען.

שיינדעל האָט זיך מיט׳ן טאַטען דערפרעהט נאַטירליך און מילד, ווי אַלע מאָל. ס׳איז איהר נאָר קשה געווען, וואָס ער איז אַזוי פריה געקומען, האָט זי איהם אָנגעהויבען פרעגען, וואָס עס הערט זיך אין דערהיים, אויב די באָבע איז שוין דאָ פון קריוואָ־דוב און צי ס׳איז פאַרהאַן אַ בריף פון גיטעלען. לייזער איז געשטאַנען נעבען טיש מיט די הענד אין די קעשענעס, קוקענדיג איהר גלייך אין די אויגען אַריין:

—טאָכטער, וואָס איז דיר ברוך?

שיינדלען האָט אַ קלאַפּ געטהון אין קאָפּ פון דער דאָזיגער געלאַסענער און ערענסטער פראַגע. זי איז לייכט רויט געוואָרען און האָט זיך צונויפגעקנייטשט, זיצענדיג איבער׳ן בוך, ווי זי וואָלט מורא געהאַט די זעלבע האַנד זאָל איהר ווידער נישט דערלאַנגען אַ קלאַפּ.

—איך פערשטעה דיך נישט—האָט זי זיך געשטאַרקט צו ענטפערען.

—פערשטעהסט מיך נישט? איך רעד, דאַכט זיך, מיט דיר יודיש. אַ יונגערמאַן, וואָס האָט אַ ווייב מיט קינדער, געהט אַריין צו דיר דריי יאָהר אין שטוב. לייט טייטען אויף דיר מיט די פינגער. וויל איך וויסען, וואָס ער איז דיר. איך בין דאָך אַ טאַטע.

שיינדעל איז דערווייל צו זיך געקומען:

—וואָס ווילסטו זאָל ער מיר זיין? ווייניג יונגעלייט געהען אַריין צו מיר?

לייזער׳ן האָט עס פערברענט אויפ׳ן אָרט. ער האָט גלייך דערקענט די תמימות־פאַלשע מינעלע איהרע, ווי זי האָט דעמאָלט אין וואַלד געפרעגט ביי איהם: וואָס איז ער דאָס אַזאַ פריץ, ברוך? איך בין געגאַנגען אין קאַנטאָר בייטען צעטלען, האָב איך מיט איהם גערעדט. נו, טאָכטערקע, האָט ער אַ טראַכט געטהון ביי זיך, איך וועל זיך שוין איצט נישט לאָזען. נ׳מיר זיך אויף פּרובען בתמימות

—פרעגסט וואָס וויל איך זאָל ער דיר זיין? איך וואָלט אודאי געוואָלט, מאַלע וואָס איך וויל. איך וואָלט אַ בעלן געווען נעהמען איהם פאַר אַנ׳איידעם. ס׳וועגדט זיך אָן מיין וועלען?

שיינדעל האָט זיך צולאַכט:

—אַזוי, טאַטינקע? ער געפעלט דיר פאַר אַנ׳איידעם?

—אודאי געפעלט ער מיר. אַז איך האָב אַזאַ געראָטענע טאָכטער, ווי דו, מעג איך וועלען אַזאַ איידעם, ווי ברוך.

—ער האָט דאָך אָבער אַ ווייב.

—נו ביי מיר קאָנסטו פועל׳ן ער זאָל גט׳ן דאָס ווייב און נעהמען דיך. ווי באַלד דו געפעלסט איהם און זי האָט ער נישט ליב. ס׳טרעפט זיך אַזעלכע זאַכען. אויף דערויף איז דאָ ביי יודען אַ גט.

שיינדעל האָט נישט אויפגעהערט צו שמייכלען.

—איז ביי דיר רעכט, ברוך זאָל גט׳ן דאָס ווייב און נעהמען מיך?

—יאָ. איך בין זיך דיר מודה און מתודה. איך וויל דו זאָלסט מיט איהם חתונה האָבען. מיך אַרט נישט פאַר מינען, מיך אַרט נישט פאַר איהרע קינדער. איך וויל פאַר דיר דעם גליק. איך טראַכט שוין לאַנג דערפון.

שיינדלען האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען דאָס האַרץ פאַר פרייד. ס'האָט זיך איהר געוואָלט דערצעהלען איהם דעם אמת. ער איז אַזאַ גוטער טאַטע, אַזאַ איידעלער. בתיה מיט חנה'ן האָבען איהם אַזוי פיל צער אָנגעטהון. זאָל ער פון איהר האָבען דעם נחת. זי וועט איהם זאָגען, אַז ברוכ'ן וועט ער ווירקליך האָבען פאַר אַנ'איידעם.

—יאָ, טאַטינקע. אַזוי וועט עס טאַקע זיין.

לייזער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן טיש, קוקענדיג איהר נאָך פאַרשענדער אין די אויגען אַריין:

—ער האָט דיר געזאָגט, אַז ער וועט דיך נעהמען?

—יאָ.

—און ווען וועט עס זיין?

—ער דאַרף בעוואָרענען פריהער זי מיט די קינדער.

—אַ שענע מעשה. בעוואָרענען האָט דאָך קיין שיעור נישט און איך זעה נישט ער זאָל אַזוי שפּאָרען. לעבט, ווי אַ גראַף. פאָהרט אַרום אָנקוקען די וועלט און אַזוי וועט ער בעוואָרענען זי מיט די קינדער. לעווי'ס מאַיאָנטקעס האָט ער? ער פערדינט די עטליכע טויזענד רובעל אַ יאָהר, פערלעבט ער דאָס. ניין, טאָכטער, וועסט וואַרטען אויף אַזאַ בעוואָרעניש, קאָנסטו זיך אַזוי פערזיצען ביז'ן גרויען עלטער אַריין און דעמאָלט וועט איהם שוין גאָר נישט לוינען צו בייטען. ניין, אויב יאָ רעדען פון בעוואָרעניש, דאַרפס דו דאָס גאָר האָבען אין זינען.

—איך דאַרף נישט קיין בעוואָרעניש—האָט שיינדעל געענטפערט בעליידיגט—איך גלויב איהם אַזוי.

—זאָג איך דיר, טאָכטער, דו זאָלסט איהם נישט גלויבען. ער מעג זיך זיין ברוך, נאָר אין דעם פרט זענען זיי אַלע גלייך. ס'איז רעכט היינט די און מאָרגען אַנ'אַנדערע. געדענקסט אַשכנזי איז נאָכגעלאָפען שרה'לען? אַלע האָבען געזאָגט אַ גליק, אַ גליק, און אַראָבגעקומען די צייהן־דאָקטערקע, איז געוואָרען אויס גליק. איצט איז שוין איהם יענע אויך נמאס געוואָרען און ער איז שוין ביי דיר אַ ן־בית. אַזוי זענען זיי אַלע. דער דרך איז ביי זיי היינט אַזעלכער.

ס'איז גאָרנישט. לאָך זיך אויס פון זיין וואָרט און הער בעסער, וואָס איך וועל דיר זאָגען. איך וועל דיר הייסען רעדען שדוכים. דאָ אַרום דער היים וועסטו איצט נישט קאָנען טאָן קיין רעכטען שדוך. האָסט אויף זיך אַ גרויסען שם רע. וועל איך זיך צונויפשרייבען מיט די גרויסשטעדטיגע שדכנים מען זאָל דיר רעדען אַ שדוך פון ווייט. איך וועל זיך אָנטהון אַ כח און וועל דיר געבען אַ פיינעם נדן. ביזט אַ שען מיידעל מיט אַן אײדעלער מלאכה אין האַנד וועזטו קאָנען נעהמען אַ געענדיגטען. אַ צייהן־דאָקטאָר, למשל, אַן אַפטייקער, אָדער אַזוי אַן אַכטקלאַסניק, וועל איך איהם אַוועקשיקען קיין אויסלאַנד שטודירען. פאָלג מיך, מיין קינד. ברוך איז דאָ נישט שולדיג. דער דרך פון די היינטיגע יונגעלייט איז אַזעלכער. זיי זענען אַוועק אין גוי'שע דרכים. ער קאָן זיך אויסלעבען אַזוי מיט'ן ווייב די יאָהרען און אַלע מאָל זיך ליבען מיט אַן'אַנדער מיידעל.

שיינדעל איז געזעסען מיט די הענד ביי די קניהען אַרומגענומען אַ שווייגענד־פערטראַכטע און אַ צוטומעלטע. דעם טאַטענס ווערטער האָבען איהר וועה געטהון און בעליידיגט אין די בעסטע געפיהלען איהרע.

—ביי דיר זענען אַלע גלייך. אַשכנזי דער נאַרישער אַלטער בחור, ביי וועמען אַלע יונגים האָבען איין פנים און ברוך, וואָס האָט מיך אַרויסגענומען פון ראָדניקאָווע און געמאַכט מיך פאַר אַ מענשען. איצט איז דיר גרינג צו רעדען.

—נו, מיט דעם קאָן ער שוין יוצא זיין. אַבי ער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ בעל־פרנסה, וועט ער דיך שוין קאָנען אַוועקוואַרפען.

שיינדעל איז בייז געוואָרען.

—האָב קיין מורא נישט! ער וועט מיך נישט אַוועקוואַרפען. ער וועט גיכער זי אַוועקוואַרפען.

—קיין ווייב וואַרפט מען נישט. אַ ווייב איז נישט קיין קאָפּאַנקע.

שיינדעל איז נאָך מעהר אַריינגעקומען אין כעס.

—אַ ווייב! אַ ווייב! בין איך אויך אַ ווייב! נאַ, אָט איז אַפילו זיין קדושין־פינגערל. ער האָט מיך מקדש געווען...

זי האָט זיך פאַר'ן אייגענעם קול דערשראָקען. איהם, דעם טאַטען איהרען, האָט זי עס אַריינגעזאָגט מיט גדלות און איז גלייך צוטומעלט געוואָרען. גלייך האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי דאָ אַריבער־

געפּאַלען, נאָר ס'איז שוין געווען צו שפּעט.

—וואָס הייסט ער האָט דיך מקדש געווען?—איז לייזער מבולבל געוואָרען—ער האָט דאָך נאָך דאָס ווייב נישט גע'גט.

—ער זאָגט ס'איז דאָ אַ דין, אַז מען מעג.

—מען מעג נעהמען נאָך אַ ווייב? אַזוי האָט ער דיר געזאָגט? ס'איז אַ ליגענד. ברוך האָט עס דיר נישט געקאָנט זאָגען.

—ער וועט גט'ן מינען, וועט ער מיך צושרייבען און נאָכ'ן יודישען דין מעג מען. אַמאָל די יודען אין ארץ ישראל פלעגען נעהמען אַ סך ווייבער. פערווערט האָט מען דאָך עס נאָר, ווייל זיי פלעגען זיך קריגען.

—אָט וואָס פאַר אַ מלומדת דו ביזט ביי איהם געוואָרען! ביזטו איהם הייסט עס אַ ווייב „כדת משה וישראל”. דעם חרם דרבנו גרשן האָט איהר, הייסט עס, נאָר אָבגעלייקענט. אומגעקעהרט זיך גאָר צום ערשטען מקור? פיין, פיין. און דאַווידקע שווערט, אַז קיין גאָט איז נישטאָ. נישט קשה! אָהן תורת־משה בעגעהט מען זיך נישט. אָט וואר־הין ער האָט זיך אומגעקעהרט!... גוי'שע דרכים און תורת־משה... יאָ, דאָס איז דער אמת'ער שכל הישר. פשוט אָבנאַרען אַ מיידעל קאָן דאָך אַ שכור'ער פריץ אויך און אַ הפקר־יונג אויך. אודאי, אודאי, „כדת משה וישראל” און איך האָב געמיינט, אַז זיי פערלאָזען זיך שוין אינגאַנצען אויף זיך אַליין, אויף זייער אייגענעם מדת־הדין און מדת-האמת...

ער האָט גערעדט, ווי פון היץ. שטעהענדיג אָנגעשפּאַרט מיט די הענד אָן טיש, האָט ער זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען. די פערקיהלטע זייט האָט איהם ווידער געשטאָכען.

—הער נאָר, טאָכטערקע, פון דעסטוועגען פערשטעה איך עס נאָך נישט. צו וואָס האָט ער דיך געדאַרפט מקדש זיין?

—איך האָב עס געוואָלט...

—דו? צו וואָס?

—אַזוי...

—וואָס הייסט אַזוי?...

שיינדעל האָט געשוויגען.

—אַזוי? !.. אַזוי זאָגסטו? !...—האָט ער געשטאַמעלט, ציהענדיג קוים דעם אָטהעם, נאָר אין דער רגע האָט ער זיך געגעבען אַ ריס פון אָרט און איבער'ן שטוב האָט אַ שאַרפער פאַטש אָבגעהילכט...

שיינדעל איז שטיל אויפ׳ן קושעט געבליבען ליגען און לייזער האָט זיך געכאַפּט פאַר׳ן קאָפּ. געבויגען צו דער ערד איז ער אַנט־לאָפען אין גאַס אַריין...

. . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . .

אויף שבת איז לייזער געפאָהרען קיין ראָדניקאָווע, ווי תמיד, נאָר צוריק קיין זאַבאָלאָטאָוו האָט ער זיך שבת־צו־נאַכט נישט אומ־געקעהרט. ער האָט בעפוילען איטען, זי זאָל אָבשאַפען פון קראָם דעם בחור און נעהמען צוריק דאָס מיידעל, וואָס איז פריהער געוועזען מיט חנה׳ן, ווייל ער אַליין וועט זיך מעהר אין נעשעפט נישט מישען. זי, איטע, דאַרף איצט ווערען די קרעמערין און די גאַנצע בעל־הבית׳טע. אַפילו אין שטאָדט נאָך סחורה פאָהרען וועט זי אויך דאַר־פען אַליין. ער, לייזער, וועט נאָר אַכטונג געבען אין מיהל און די איבעריגע צייט וועט ער זיצען און לערנען.

און אַזוי איז עס געבליבען.

איטע מיט ראָשע־לאה׳ן, דערהערענדיג דאָס וואָרט לערנען האָ־בען זיי נישט געוואַגט אַ וואָרט איבערצופרעגען. די אַלטע האָט אויפ־געהערט לויפען קיין קריוואָ־דוב צו שכנא׳ן אין שכינות און איז כסדר געזעסען אין דער היים, כדי צוזעהן לייזער׳ן און אַכטונג געבען אין מיהל, מען זאָל איהם נישט אָברייסען פון לערנען און איטע איז גע־וואָרען אַנ׳אשת חיל אין זאַבאָלאָטאָוו.

איצט האָט זי שוין געאיילט אַלע פרייטאָג צו ליכט־בענשען אַהיים און שבת־צו־נאַכט צוריק ווידער אַמאָל אַהיים.

## יג.

מינע האָט אַ דריטען יונגעל געבוירען.

ביי ברוכ׳ן איז אַ דריטער זוהן צוגעקומען און זיינע בעציהונ־גען צו ווייב און קינד פון איין זייט און שיינדלען פון דער אַנדע־רער — זענען וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערפלאָנטערט געוואָרען. ער איז שוין געוועזען אַ טאַטע פון דריי קינדער. זשאַמיק איז אַלט געוועזען זיבען יאָהר. מען האָט שוין געדאַרפט טראַכטען פון זיין ער־

ציתינג. ער איז געװען שען, בעגאַבט און דערצו זעלטען גוט ענט־װיקעלט. מיט׳ן טאַטען האָט ער זיך געהאַלטען, װי אַ גרויסער. ער האָט איהם גערן איבערדערצעהלט דער מאַמעס אַ מעשה׳לע, אַ נאַריש־קייט פונ׳ם פינפיאָהריגען קלענערען ברודער, געטײלט זיך מיט זײנע קענטענישען אין געאָגראַפיע און זאָאָלאָגיע און איבעראַל געפרעגט קשיות אויף אַלצדינג. לויט זײנע יאָהרען איז ער געװען אַ היבשער למדן. גאָר אונבעמערקט האָט ער זיך אויסגעלערענט לעזען און שרײ־בען. קוקענדיג אויף דער לאַנד־קאַרטע, האָט ער אויס בלוי פּאַפּיר געשניטען די פורימס פון אַלע ימ׳ען און אָזערעס. אויך איז ער גע־װען אַ גרויסער בקי אין אַלערלײ מינים חיות און עופות, װעלכע ער האָט געװאוסט בײ די נעמען און די אײגענשאַפטען פון יעדעס. און אַלצדינג איז ער עס דערגאַנגען בלויז נעבען זײנע שפּילעכלעך בײ זיך אין קינדער־צימער, אָדער אויפ׳ן בערגעל הינטער׳ן לאָנקע, װאו די מאַמע פלעגט מיט איהם און דעם קלײנעם ראוב׳עלען שפּאַצירען געהן און שפּילען זיך מיט זײ בײדען אין זאַמד און אין שטײנדע־לעך. צום טאַטען איז ער אַלע מאָל געקומען מיט פאַרטיגע קענטע־נישען, דערצעהלען חידושים, אָדער שטעלען אַ פראַגע.

נאָר פאַר יענעם איז עס קײן סוד נישט געװען. װי װײט ער האָט זײן מאַמען נישט געליבט און זי איז איהם געװען בלויז אַ בעל־הבית׳טע, האָט ער דאָך געמוזט מודה זײן, אַז זי איז אַ גוטע מוטער. און װען ער האָט זיך גוט בעטראַכט, איז זי געװען אַ װײב אויך נישט קײן שלעכטע. נאַטירליך, װען ער האָט זיך געשטעלט אויף לעאָנ׳ס שטאַנדפונקט, אַז דער מאָדערנער מענש מוז אין דעם פרט נאָכפאָלגען דעם אַלטען גריך, װעלכער האָט געהאַט אײן פרוי אַנערקענט פון געזעץ אַלס װײב און מוטער און צום פערגעניגען האָט ער געהאַט אַנדערע פרויען נישט געזעצליכע, נאָר רײצענדע און שענע, לויט זײן געשמאַק און פערלאַנגען. מינע האָט פערמאָגט די אַלע מעלות פון דער אַזוי גערופענער װײב און מוטער און אַלס אַזעלכע האָט ער זיך אײנגעלעבט מיט איהר.

זי האָט איהם לחלוטין אין קײן זאַך נישט געשטערט. ער איז פרײ געװען צו פאָהרען און געהן, װאוהין זײן האַרץ האָט געגלוסט און זי איז פּסדר געװען פערנומען מיט דער װירטשאַפט און מיט די קינדער, װעלכע האָבען זי פערשלונגען מיט איהר לעבען און ליבע צו אַליך און צו אַלעמען. איהרע נײן מאָס רײד, װאָס ברוך האָט

אין איהר אַזוי פיינד געהאַט, זענען ביי איהר איצט אַוועק אויף די דערצעהלען מעשה׳לעך די קינדער און שמועסען מיט זיי בכלל. אין זכּרון האָבען זיך דערוויילּ ביי איהר עפּיס אָבגערופען פון די מייד־דעלשע גימנאַזיע-קענטעניִשען, וועלכע זענען ביי דער קיך מיט די צוגעצעהלטע טעפּלעך כּמעט ווי פערגעסען געוואָרען. די דעקלאַמאַציע פון די רוסישע דיכטער, מיט וועלכער זי האָט אַזוי גיך אַמאָל געפּאַנגען ברוכ׳ן, זענען איהר איצט אויך צונוץ געקומען. זשאַמקע האָט זיך מיט דעם קונה שם געווען איבער גאַנץ זאַבאָלאָטאָוו. האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט ווען צום פּאָטער אַ ביסעל אין קאַנטאָר, איז דאָרטען צווישען די בחורים אַ שמחה געוואָרען. באַלד האָט מען איהם אַוועקגעשטעלט ערגיץ אויף אַ ביוראָ-טישעל און יעדער בעזונדער האָט איהם אַנ׳אַנדער רוסישע פאַבעל אונטערגעזאָגט צום דעקלאַמירען. זשאַמקע האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטען, נאָר יעדעס מאָל האָט ער זיך געווענדעט צום טאַטען נאָך זיין הסכמה:

—פּאַפּאַ, איך וועל זאָגען פונקט, ווי די מאַמע.

—געוויס—האָט יענער מסכּים געווען אויפ׳ן ריין-זאַכליכען שטייגער, נאָר אינערליך האָבען די ווערטער ביי איהם אַ ריהרענד געפיהל אַרויסגערופען, ווי אַלצדינג, וואָס די קינדער האָבען מיט איהם גערעדט פון דער מאַמען. אָבטיילענדיג ביי זיך זיי פון איהר און זי פון זיי לויט זיין אַרט דענקען און פיהלען, איז ביי איהם תּמיד געבליבען אַ פערבאָרגען ווינקעל אין זיין נשמה, וואו ער האָט זיי פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט צושיידען. אַליין האָט ער עס אָנגענומען פאַר אַ שלעכטער שטימונג, פאַר אַ קרענקליכען צושטאַנד פון זיינע אָבגעשוואַכטע נערוועןְ. זיינע אינערליכע איבערלעבונגען האָבען איהם פון צייט-צו-צייט געבראַכט צו אַ טויבער וואַנד, פון וואַנען ס׳איז קיין וועג נישט נעווען. דעמאָלט האָט ער זיך געפיהלט מיד און אָבגעלעבט. די שענע חלומות וועגען אַ ניי לעבען מיט פרייהייט און ליבע זענען שוין געווען ווייט, די יוגענד איינגאַנצען פערביי און ביי אַזא צובראָכען געמיט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז מינע מיט די קינדער זענען איינס, איין גוף און איין נשמה, ווי זיי וואָלטען צוזאַמען בעשאַפען געוואָרען און ער אַליין איז אויך איינער פון זיי, אַנ׳עלטערער פון זיינע דריי זיהן, וואָס וואַקסען איהם פאַר די אויגען און בעהערשען די גאַנצע שטוב מיט איהם צוזאַמען.

דאָך האָט ער זי פיינד געהאַט, אַט די מוטער פון זיינע קינ־

דער און איבערהויפט פאַר איהר גוטסקייט. פונקט ווי זי האָט די דריי יונגעלעך זיינע אָבגעהיט, אַזוי האָט זי צוגעזעהן איהם אַליין אויך און מיט דער זעלבער געטריישאַפט, ווי זי וואָלט איהם, ברוכ׳ן, אויך אַנ׳איבערגעגעבענע גוטע מאַמע געווען. נאָר מעהר נישט. פון איהרע ווייבליכע בענעהמונגען איז קיין שפור נישט געבליבען. אַפילו די טעמפ-געוואָרענע חנ׳דלעך, וואָס זי פלעגט אַמאָל מאַכען נישט צו דער צייט, האָט זי שוין אויך געהאַט פערגעסען. דערפֿאַר איז זי געשטאַנען אויף דער וואַך, ווי אַ געטרייער זעלנער, דעם מאַן זאָל זיין אַלצדינג בעקוועם און אַנגענעהם, סיי אין דער היים, סיי אונטערוועגענס. אָן זיך האָט זי לחלוטין פערגעסען. זי האָט גאָרנישט פערלאַנגט, גאָרנישט געפאָדערט און נישט בעליידיגט זיך קיינמאָל. ברוכ׳ן האָט עס גע-ערגערט. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל זי איז אַ גאָרנישט, אַ נאַרעלע מיט אַ פויגעלש קעפעל, וואָס ווייס גאָרנישט און פערשטעהט גאָרנישט. אַנדערש וואָלט זי איהם כאָטש געאייפערט. די גאַנצע שטאָדט האָט געגאַפט איבער זיינע בעציהונגען צו שיינד-לען. טאָג אויף טאָג האָבען זי גוטע לייט אָבגע׳גט מיט גוואַלד און בעצייטענס געלייגט דאָס רחמנות אויף איהר מיט איהרע קינדער, די לעבעדיגע יתומים. געווען זאָגאַר אַזעלכע גוטהערציגע מענשען, וואָס האָבען איהר געגעבען אָנצוהערנס, זי זאָל היטען דאָס כשרות אין שטוב, ווייל איבער אַ טריפ׳ער קיך קאָן אַ ווייב בעקומען אַ היתר-גט, מען זאָל אַפילו איהר דעה נישט פרעגען דערויף.

ברוך אַליין האָט עס אויך נישט געהאַלטען פאַר קיין סוד און פלעגט איבערזיצען ביי שיינדלען די שפעטע אָוונד-שטונדען, לאָזענ-דיג זי מיט די קינדער אַליין. נאָר קיינמאָל האָט זי איהם קיין וואָרט נישט געזאָגט דעריבער. קומענדיג שפעט ביינאַכט, האָט ער זי תמיד געטראָפען זיצען אין עס-צימער ביי אַ האַנד-אַרבייט, אָדער לעזענדיג די צייטונג און אייפ׳ן טיש איז געשטאַנען די טאַץ מיט זיין מילכי-גען אָוונד-ברויט און די ספירט-מאַשינקע גרייט ביי דער זייט צו דערוואַרימען עפיס, אויב דערויף וועט זיין דער גוטער ווילען זיינער. דער זייגער האָט געמעגט זיין צוויי-דריי ביינאַכט. די קינדער האָ-בען רוהיג געשלאָפען, געבאָדענע, זאַטע, אין זויבערע נאַכט-וועש אָנ-געטהון, יעדעס מיט זיין תמימות-פנימ׳ל פונ׳ם קינדערשען טרוים אַרויס. דאָס שטוב-מיידעל מיט דער ניאַניע זענען אויך געווען פער-זונקען אין זייערע נאַכט-חלומות, טומעלדיגע און פערהאָרעוועטע, ווי

זייער לעבען בייטאָג. נאָר די בעל־הבית׳טע אַליין איז וואַך געווען. אין אַ קורץ אונטערקליידעל מיט אַ געפּ ,סטער נאַכט־קאָפּטע און די האָהר שטייף פּערדרעהט אויף צום שלאָ .ן געהן, האָט זי אויסגעזעהן, ווי אַ דייטשע נאַריש־עהרליכע עקאָנאָ קע, וואָס האָט, דינענדיג ביי פרעמדע לייטען, פערגעסען, אַ זי אי. אַ פרוי און מעג אויך האָבען פערזענליכע פערלאַנגען.

אַזוי איז מינע געזעסען דורך די נעכט און האָט געוואַרט אויפ׳ן מאַן. אָפט פלעגט ז זיך אויסוויינען, ווען עס האָט איהר שטאַרק צוגעדריקט צום האַרצען. זי האָט דורכ ויס געציטערט, זי זאָל איהם נישט אָנווערען. יעדעס מאָל, ווען ער איז אַוועק פון שטוב, האָט זיך איהר געדאַכט, אַז ער וועט שוין צוריק נישט קומען און זי פערלירט איהם שוין אויף אייביג. זי האָט דורכאויס געלעבט אין דער מורא, אַז ער וועט איבערלאָזען זי מיט די קינדער און ער וועט ערגיץ אַנטלויפען מיט שיינדלען. און לעבען אָהן איהם האָט זי זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלען, ווי אַ מענש קאָן זיך נישט אויסמאָהלען, וואָס עס וועט זיין מיט איהם נאָכ׳ן טויט. זי האָט נאָר געפיהלט, אַז דאָס איז עפּיס אַזוינס, וואָס זי מיט די קינדער וועלען זיך ערגיץ פערלירען איינציגווייז. די שטוב וועט חרוב ווערען. קיינמאָל וועט מען דאָ נישט הערען זיין קול און זיינע טריט פונ׳ם פערמאַכטען קאַבינעט. זי האָט גאָרנישט געמאָהנט. איהר איז גענוג געווען דאָס ביסעלע, וואָס זי זעהט איהם כאָטש אין שטוב.

נאָר ער האָט זי פיינד געהאַט דערפאַר. איהרע מעלות זענען פאַר איהם געווען חסרונות. דאָס לעבען האָבען זיי איהם צובראָכען. איהר בעקוועם איינגעפונדעוועטע היים מיט די ליבע ווינקעלעך און איהר מאַמישע גוטסקייט האָבען פּאַראַליזירט זיין ענערגיע און אָב־געקיהלט זיינע פערלאַנגען. זי האָט איהם איינגעשפּאַנט אינ׳ם טאַטי־שען יאָך און ער איז אַלט געוואָרען פאַר דער צייט. יאָ, ער האָט זי פיינד געהאַט, אָט דאָס גוטע ווייב און די אידעאַלע מוטער פון זיינע קינדער. ער האָט זי פיינד געהאַט פאַר איהר גוטסקייט.

—וואָס זיצסטו אַזוי שפּעט ?—האָט ער זי איינמאָל געפרעגט שטרענג, ווען ער איז געקומען נאָך האַלבער נאַכט פון שיינדלען און האָט זי געטראָפען זיצען ביי דער געגרייטער טאַץ מיט דער קאָך־מאַשינקע נעבען דער זייט.

—איך ווייס...—איז זי רויט געוואָרען—אָט, איך לעז די צייטונג.

ב טאָג האָב איך קיין צייט נישט... און דו דאַרפסט דאָך נאָך עסען אָווענד-ברויט.

—צוליב מיין אָווענד־ברויט וויל איך נישט, דו זאָלסט זיצען דורך די נעכט, איך וועל מיר נעהמען אַליין עסען. איך בעט דיך ווייטער זאָל דאָס נישט זיין.

—נו, אַז דו ווילסט נישט, דאַרף מען נישט—האָט ז געענטפערט רוהיג—עס זיך געזונטערהייט און איך געה שלאָפען.

און דערנאָך האָט זי עס שוין פּינקטליך געהיט. ער פלעגט קו־מען אַהיים איז געווען אומעטום פינסטער, נאָר אין עס־צימער, וואו אויפ׳ן טיש איז די געגרייטע מילכיגע טאָץ געשטאַנען, האָט געברענט אַ קליין לעמפּעל און מינע האָט רוהיג געשלאָפען צוגלייך מיט אַלעמען. יעדעס מאָל נאָר, ווען ער איז אַריין אין שלאָף־צימער, האָט זיך בעוועגט איהר קליין בלאַס פּנימ׳ל פונ׳ם ווייסען טשעפּיקל אַרויס און אַנטקעגען דער מאַט-בלויער שיין פונ׳ם געמאָהלטען נאַכט-לאָמפּ, וואָס איז פון דער סטעליע אַראָבגעהאָנגען, האָבען איהרע ליפּען לייכט געשמייכעלט. ער פלעגט זיך אָבשטעלען און קוקען אויף איהר אַזוי אייניגע סעקונדען. זיין האַרץ האָט געוועקט אַ רחמנות-געפיהל. זי איז געווען אַזוי שוואַך און אַזוי אומבעהאָלפען. אין דער מינוט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער האָט נאָך אַ קינד, פאַר וועלכעס ער איז פערענטוואָרטליך מיט זיין געוויסען און זי מיט די קינדער זענען איינס, איין גוף און איין נשמה, ווי זיי וואָלטען צוזאַמען בעשאַפען געוואָרען.

יאָ, ער האָט זיך איינגעלעבט מיט איהר. זי האָט אַ דריטען יונגעל געבוירען און איהרע בעציהונגען צו איהם זענען געבליבען די זעלבע. זי האָט דעם מאַן אין קיין זאַך נישט געשטערט און האָט איהם אַלצדינג געפאָלגט, ווי אַ גוט בעשיידען קינד פאָלגט אַ טאַטען.

אַזוי האָט די שוואַכע קליינ עפּעלדיגע מינע געוועבט איהר היימ־ליכע שטוב־נעץ און ברוך איז וואָס ווייטער מעהר פערפלאָנטערט געוואָרען אין איהר. זיין מעמד איז געווען גוט. דער גאָלד־שטראָם, וואָס האָט געפלאָסען צו לעווי׳ס זאַבאָלאָטאָוו, זעטיקענדיג די געגענד מיט שפע און פרנסה, איז געווען אין זיינע הענד. דאָס פערזענליכע לעבען זיינס האָט זיך אויך איינגעאָרדענט אויפ׳ן וואויל־בעל־הבתישען שטייגער. ער האָט געהאַט אַ גוט ווייב, שענע גראָטענע קינדערלעך, און אַ שם טוב. און אַלצדינג איז עס געווען אַזוי פעסט און אַזוי זיכער.

## איין שיינדעלען פלעגט עס נאָר ערשיטערען פון צייט־צו־צייט.

האָט ביי איהם אויך גאָרנישט געמאָהנט. זי האָט גאָרנישט געפאָדערט. פונ׳ם טאַטענס פאַטש האָט זי איהם נאָר געהאַט דער־צעהלט און דערביי האָט זי געוויינט אַ ביסעל, נאָר וויינען בכלל איז נישט איהר טבע געוועזן. פלעגט איהר פערלויפען אין אויג אַ טרעהר האָט זי עס די מינוט אָבגעווישט שטיל, שמייכלענדיג, ווי זי וואָלט זיך געשעמט דערמיט. נאָר אויף דערויף האָט ער געמוזט ענטפערען און באַלד. ס׳איז געקומען דער קריטישער מאָמענט, ווען פון דער יוגענד־ליבע, וועלכע ווייס נישט פון קיין חשבונות, איז געוואָרען אַ פשוט׳ע פראַגע פונ׳ם וואָכענדיגען לעבענס־שטייגער. ער האָט געדאַרפט צאָהלען מיט אַ קופּערנעם דרייער פאַר׳ן שענסטען יוגענד־חלום, וואָס וועט זיך אפשר קיינמאָל שוין נישט אומקעהרען, דאָך—צאָהלען. שיינדעל האָט גאָרנישט געמאָהנט. דער בעליידיגטער און צובראָכענער לייזער האָט אויך געשוויגען. ער האָט איהם נאָר אָבגעשיקט צוריק דעם „דור ודורשיו״, וואָס ער האָט ביי איהם דאָס לעצטע מאָל גענו־מען און מעהר האָט ער איהם נישט געזעהן אין די אויגען. אין שטאָדט האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט זיך לחלוטין אויסגעטהון פון דער וועלט. יום ולילה זיצט ער און לערענט און דערווייטערט זיך פון מענשען. ווייטער האָבען נאָך גוטע לייט געוואוסט, אַז שיינדעל טאָר זיך איהם אויף די אויגען נישט ווייזען, אַז זי איז געקומען קיין ראָדניקאָווע איהם געוואָר ווערען, האָט ער אַרויסגעוואָרפען פון שטוב איהר וועליסאָפּעד און אַרויסגעטריבען זי אַליין אויך. נאָר שיינדעל האָט קיין וואָרט נישט גערעדט דערפון. זי האָט עס ביי זיך פער־שוויגען, ווי מינע דעם היתר־גט, מיט וועלכען גוטע לייט האָבען זי געוואָרענט און ברוך האָט געליטען פאַר בייז׳ען. ער איז געוועזן דער אומגליקליכסטער מענש אין דער וועלט. ער האָט געהאַט צוויי פרויען. איינע אַ נאַריש־דערשראָקענע און אַ ציטעריג־געטרייע, ווי אַ מאַמע און די אַנדערע אַ רייצענד־שענע, אַ צאַרטע און אַ ליבענדע, נאָר ביידע האָבען זיי איהם געפּייניגט מיט מסירת־נפש און צום מאָל האָט ער זיך געוואונשען איין שרעקליכע ארורה צו האָבען איידער די ביידע גוטע און שטילע מלאכים צוזאַמען. שיינדעלס מילד־פערשוויגען האָט איהם אַזוי געמאַטערט, ווי מינעס דערשלאָגענע געהאָרכזאַמקייט.

ער האָט זיך מיט איהר אויך ביסלעכווייז איינגעלעבט. געליבט האָט ער זי, ווי פריהער, נאָר דאָס געפיהל איז ביי איהם רוהיגער גע־וואָרען. ס׳איז אויסגעוואַקסען, רייף געוואָרען און ס׳האָט זיך בעפרייט פונ׳ם ווילדען שטורעם, וואָס האָט אין זיין יונגעלש-פערליבט האַרץ געברויזט. ער האָט זי מעהר נישט געאייפערט צו יעדען נאַרישען בחור און האָט אויפגעהערט צו האַסען דעם אַלטען ציניקער, דעם פריצ׳ישען עקאָנאָם. אויך איז ער אונטערוועגענס רוהיגער געווען און האָט נישט בעוואַכט דורך די נעכט דעם טעלעגראַם, ווי ער פלעגט עס אַמאָל טהון משוגענערווייז: ער האָט זיך איינגעלעבט מיט זיין ליבע, ווי מיט די ענטוישטע געדאַנקען איבער זיין אָבגעלעבטקייט און פריהצייטיגער עלטער.

נאָר שיינדעל האָט פון די אַלע זאַכען נישט געוואוסט. זי איז נאָך אַלץ געווען אין ערוואַרטונג אויף בעסערע צייטען. איהר גליק איז נאָך געווען פאָראויס. אַ הייס-פערליבטע, אַ גלויבענדע און אַ גע־טרייע, האָט זי געדולדיג געוואַרט, ער, ברוך, זאָל איהר דאָס געגאַר־טע צוגעזאָגטע גליק ברענגען און אַראָבנעהמען פון איהר דעם בייזען שם-רע, וואָס האָט זי אַליין געמאַכט צו שפאָט און פערשעמט איהר שע־נעם איידעלען טאַטען. צוליב דעם טאַטען איחרען האָט זי זיך ענטזאָגט פון דער פאַלעסטינער רייזע אין דער צייט, ווען איהר אויסלענדער־שער פאַס איז שוין פאַרטיג געווען. אויך האָט זי נישט געוואַגט צו דערפאָהרען מיט ברוכ׳ן ביז די שענע ברעגעס פונ׳ם קרימער האַלב־אינזעל. גענומען אורלויב אויף דער שטעלע און האָט געמאַכט אַ קלאַנג, אַז זי פאָהרט זיך לערנען פאָקען שטעלען. דערנאָך איז זי פון דער נאָהענטער שטאָדט מיט איהם אַוועקגעפאָהרען, ווי אַ יונג רייך פאָר־פאָלק, אין אַ בעזונדער קופע: ער אַ שטאָלצער מיט די נייגעריגע בליקען, וואָס פערבייגעהענדע מענער וואַרפען אויף איהר, און זי אַ גליקליך־צופרידענע, וואָס מען נעהמט זי אומעטום אויף אַלס פרוי פונ׳ם דאָזיגען שענעם הער, וועלכער וואַרפט זיך ברייט מיט געלד און אַלע בעדינטע נייגען זיך צו איהם. נאָר די דאָזיגע דרייסטקייט האָט איהר קוים געקלעקט אויף האַלב־וועג. פאַר׳ן ערשטען זאַבאָלאָ־טאָווער בעקאַנטען, וועלכען זי האָט ערגיץ בעגעגענט אויף אַ סטאַנציע, איז איהר שוין געוואָרען נישט היימליך. קוים איז זי פערפאָהרען ביז כאַרקאָוו און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק. ברוך איז געווען אויסער דין. איהם האָט עס געערגערט. ער איז געווען בייז אויף איהר און

נאָך מעהר אויף זיך אַליין, וואָס זיין ווילען איז אַזוי נאַריש-בעגרענעצט צוליב זיין אייגענער שוואַכקייט. נאָר זי איז געווען רוהיג. זי האָט איהם געקושט און געבענשט אויפ׳ן וועג, אַ ליבענדע און אַ שמייכ־לענדע, טענה׳נדיג האַרציג און שטיל:

—אַנ׳אַנדערש מאָל!... אַנ׳אַנדערש מאָל!... שפּעטער וועלען מיר פאָהרען...

זי האָט אַלצדינג אָנגענומען פאַר ליב. דאָס אמת׳ע לעבען איהרס האָט זיך נאָך ערשט געדאַרפט אָנהויבען און זי האָט געוואַרט אויף דעם יעדען טאָג און יעדע שעה.

נאָר ברוך האָט פערבלאָנדזעט. זיינע בעציהונגען צו ווייב און קינד פון איין זייט און שיינדלען פון דער אַנדערער זענען אַלץ מעהר פערפּלאָנטערט געוואָרען און לסוף איז עס געקומען אַזוי ווייט, אַז שיינדעל אַליין האָט גענומען זוכען מיטלען דערצו.

## יד.

שיינדעל האָט די לעצטע צייט זעהער געליטען.

דער געבורט פון מינעס דריטען קינד האָט מיטאַמאָל ערשי־טערט איהרע געדאַנקען און פון דעמאָלט אָן איז זי אומגעגאַנגען ווי אַ צוטומעלטע. ברוכ׳ן בעשולדיגען אין דעם האָט זי נישט געקאָנט. אין האַרצען איז ביי איהר דערויף קיין פּלאַץ נישט געווען. פאַר אַלע זיינע שולדען האָט ער זי אַליין געהאַט פאַר אַ מליץ, אויף יע־דען חטא זיינעם האָט זי באַלד די נויטיגע סיבה געפונען און ער איז דורכאויס גערעכט געווען. נאָר דער פאַקט אַליין האָט זי בעליי־דיגט, ערנידעריגט און אָנגעגריפען די שענסטע געפיהלען איהרע. זי האָט אָנגעהויבען מינען צו אייפערען און מקנא זיין איהר. די גע־קרוינטע ראָל פון אַ קעניגין האָט מיטאַמאָל ביי איהר דעם חן אָנ־געוואָרען און ס׳האָט זיך איהר פערוואָלט יענערס וואָכענדיגקייט, וואָס זי האָט איהר פריהער צוגעלאָזט גאָר מיט אַ גרינג געמיט.

איצט האָט זי געזעהן, אַז דאָרטען איז דער אמת׳ער בונד. יאָהרען-לאַנג רייסט ער זיך און ווערט אַלץ פעסטער. דערביי האָט זיך איהר געמאָלט די צוקונפט אין זעהער שלעכטע פאַרבען, אַלע־

מאָל ווענען איהר געקומען אויפ׳ן זינען דעם טאַטענס ווערטער, אַז ער קאָן אויסלעבען מיט׳ן ווייב די יאָהרען און ליבען זיך אַלעמאָל מיט אַנ׳אַנדער מיידעל. און קלערענדיג אַזוי, האָט זיך איהר געדאַכט, אַז ער דענקט שוין פון אַנ׳אַנדערער. אין אַ שוידערליכען פיבער פלעגט איהר וואַרפען פון אַזעלכע רעיונות. יעדעס מיידעל, מיט וועלכעס ברוך האָט צופעליג אַ וואָרט אויסגערעדט, איז זי גרייט געווען אָנצונעהמען פאַר איהר קינפטיגער קאַנדידאַטין און האָט שוין יענע בעצייטענס פיינד געהאַט.

די לעצטע צייט איז איהר איינגעפאַלען אַ משוגעת וועגען איהר אייגענער שוועסטער. זי האָט אָנגעהויבען אי פערען ברוכ׳ן צו גיטעלען, צו דער קליינינקער גיטעלען, וואָס איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסען אַ הויך קרעפטיג מיידעל מיט גלייכע יונגע ליניען און אַ רייצענד־שען פנים׳ל, ווי זי, שיינדעל, אַליין. וואָס אַ יאָהר זי איז עלטער געוואָרען, אַלץ עהנליכער איז זי געוואָרען אויף איהר. מיט יעדען זומער, וואָס זי פלעגט קומען אַהיים אויף קאַניקולען, איז אַלץ רייפער געוואָרען איהר שענקייט, אַלץ בולט׳ער איז פון איהר אַרויסגעוואקסען אַ צווייטע שיינדעל, נאָך אַ שענערע און אַ רייצענדערע, ווי די נאַטור וואָלט, איבער׳חזרנ׳דיג זיך אַליין, איהר פאָלקאָמענהייט אַרויסגעוויזען. פונ׳ם ברוין־פאָרמענעם קליידעלע אַרויס מיט׳ן שוואַרצען פאַרטוכעל און אַ געפרעסט שטעהענדיג קראַגעלע האָט זי געבלענדעט די אויגען מיט די לאַנגע צעפ אין אַ העל-גאָלדענעם שימער און קאַרשען-פייכטע בליקען, טיפע און קלוגע, ווי זיי וואָלטען זיך געוואוגדערט אויף איהרע אייגענע פופצעהן יאָהר מיט די קורץ־בעשיידענע מלבושים׳לעך אינ־איינעם. אין זאַבאָלאָטאָוו האָט זי שוין געהאַט אַ שם. מען האָט פון איהר גערעדט אין קאַנטאָר. לעאָן אַליין האָט אויף איהר געזאָגט מבינות און אַשכנזי, וועלכער פלעגט זי זעהן תּמיד ביי שיינדלען, אַלס איהר קליין שוועסטערעל, האָט זיך מיט איהר בעריהמט, ווי זי וואָלט געווען זיין אייגענע טאָכטער. ברוך האָט זיך אויך בעצויגען צו איהר פאָטערליך־מילד. ער האָט מיט איהר נישט שטאָלצירט פאַר זיינע קאָלעגען אויף אַשכנזי׳ס אַלט-בחור׳שען שטייגער, נאָר ער איז אָפט גערען געווען צו ברענגען איהר אַ מתּנה, נאַטירליך עפּיס אַזוינס, וואָס זאָל זיך פּאַסטען צו איהרע בעגריפען און השגות. דערביי האָט ער שטאַרק הנאה געהאַט, ווען זי האָט זיך קינדיש געפרעהט מיט דעם. אויך האָט ער ליב געהאַט אַמאָל פערהערען זי אין איהרע

קלאס־למודים, מיט וועלכע זי האָט זיך זעהער גרויס געהאלטען און וועגדען זיך צו איהר קאָמיש - העפליך אין רוסיש, ווי עס האָבען מיט איהר גערעדט די זאבאָלאָטאָוועד צוויי גימנאזיסטען, נאָכגעהענדיג איהר אויפֿן סטאנציע.

— נו, באישניא, מען זאָגט, איהר זענט זעהר געבילדעט. וואו געפינט זיך די שטאָדט מאָסקווע — אין דייטשלאנד, אָדער אין פראנק־רייך? איהר זענט דאָך א גימנאזיסטקע, איהר דארפט אלץ וויסען.

גיטעלע פלעגט זיך פערגעהן פון געלעכטער. אנ'אנדערש מאָל האָט זי איהם געענטפערט אינם זעלבען טאָן מיט א תמימות - רייצענד חנ'־דעלע, נישט וויסענדיג אליין, ווי עס פאסט איהר. שיינדעל האָט אויך געלאכט פון די דאָזיגע חכמות, נור זיי האָבען איהר וועה געטהון און געגען איהר אייגענעם ווילען ארויסגערופען א שלעכט געפיהל צו דער שוועסטער, וועלכע זי האָט ערשט מיט א פאָר יאָהר צוריק געדארפט פערוויגען, זי זאָל נישט מורא האָבען פאר די גוי'שע בעטלער, וואָס כאפּען קינדער אין טאָרבע אריין. אזוי ארום האָט די אייפערזוכט צו גיטעלען ביי איהר אָנגענומען א קרענקליכע פאָרם. אויף יעדען טריט האָט זיך חושד געווען ברוכ'ן אין פערבאָרגענע כונות בנוגע צו איהר. זי האָט שוין געפּרובט ארויס'גנב'ענ'ען ביי יענער א טייערען פינאל, זיינע א מתנה, און פערברענען עס אין אויווען, צוטרעפענדיג די רגע, ווען אפּא־נאס איז אין קיך נישט געווען. שפּעטער האָט זי צוריסען דעם אלבאָם מיט אָנזיכטס־קארטען, וואָס ברוך האָט געשענקט דער קליינער גיטעלע צום געבורטס טאָג און דערנאָך איז זי געשטאנען נעבען פענסטער מיט א פערביסענעם נקמה־שמייכעל אויף די ליפּען, ווען יענע האָט מיט א צובראָכען הארץ בעוויינט די זעלבע אָנזיכטס קארטען און געקריגט זיך מיט אפּאנאס'ן, למאי ער לאָזט דעם דאָקטאָרס דינסטען דאָ בעל־הבית'־עווען, אז מען געהט אוועק פון שטוב.

זי איז איהר לחלוטין א שונא געווען. זי האָט נישט געקאָנט ליידען איהר קול און איהר געלעכטער. די מיינונגען וועגען איהר שענקייט האָבען זי געערגערט ביז טרעהרען נאָר זי האָט די ליידען איהר נישט ארויסגעזאָגט פאר קיינעם. נישט געווען דער מענש אין דער וועלט, וועמען זי וואָלט זיי אָנגעטרויט און זי האָט זיי געהיט ביי זיך אין הארצען פונם גוטען פריינד מיטן שונא צוגלייך, חייל דאָס רחמנות פון דער זייט האָט איהר פונקט אזוי וועה געטהון, ווי

די נקמה. אַליין האָט זי געמוזט צוטראַכטען וואָס צו טהון. לאָזען געהן אַזוי ווייטער האָט זי מורא געהאַט. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז גיטעלע וועט נאָר ענדיגען די שולע און וועט קומען אַהיים, איז זי, שיינדעל, פערפאַלע. דעמאָלט נעהמט זי ביי איהר צו ברוכ'ן אויף אייביג און דעו צו האָט זי געמוזט אַ מיטעל געפינען. זי וועט עס נישט דערלאָזען בעצייטענס. זי מוז איהם צובינדען צו זיך אויף אייביג, אַזוי ווי מינע, זי מוז צוטראַכטען עפּיס אַזוינס, ער זאָל זיך קיינמאָל, קיינמאָל נישט קאָנען שיידען מיט איהר...

אַזוי האָט זי זיך געפּייניגט וואָכען און חדשים. ברוך איז גע־ווען פערנומען מיט לעווי'ס גרויסע געשעפטען. ער פלעגט אַלע מאָל אַוועקפאָהרען און קומען צוריק. שיקען איהר געטרייע צערטליכע בריף און ברענגען פון יעדער נסיעה די טייערסטע מתנות. אין דער היים איז ער ביי איהר איבערגעזעסען די פרייע צייט, ווי שטענדיג און איז תמיד געבליבען דער לעצטער פון אַלע איהרע געסט און פער־עהרער. גיטעלע איז געוועזען אין שטאָדט און האָט נעבען געלייגט די כחות אויף דעם לעצטען פיער־קלאַסנעם עקזאַמען איהרען, פערגעסענ־דיג אַפילו דעם היזק פון די צוריסענע אַנזיכטס־קאַרטען. נאָר שיינ־דעל האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. איז ברוך געוועזען אין שטאָדט, האָט זי איהם חושד געווען, אַז ער זעהט זיך דאָרטען בסוד מיט גיטעלען און אין דער היים האָט איהר גענאָגט דאָס האַרץ, טאָמער טראַכט ער פון איהר. ממש אַ משוגעת איז איהר בעפאַלען.

בלייבענדיג אַליין, איז זי שעה'ן לאַנג איבער'ן שטוב אַרומגע־גאַנגען מיט פערבראָכענע הענד און פון צייט־צו־צייט איז זי זיך פערגאַנגען אין אַ שטיל געוויין. זי האָט געוויינט פון בעליידיגונג. מינעס קינד האָט איהר וועה געטהון, דעם טאַטענס פּאַטש. אויס איי־פערזוכט צו גיטעלען האָט זי געוויינט און אויס רחמנות אויף זיך אַליין. נאָר לסוף־איז זי צו זיך געקומען. די זעלבע טיפע ליידען, וואָס האָבען זי געבראַכט צו פערצווייפלונג, האָבען איהר אויך ערמונטערט יעדעס מאָל. נאָכ'ן וויינען איז זי באַלד קרעפטיגער געוואָרען. באַלד האָט אין איהר ערוואַכט דער געדאַנק און דער ווילען. וואָס האָט זי אי־בערהויפּט געטריבען צו טהאַטען און מעשים, איז ווידער געקומען צו דיין הערשאַפט. זי האָט מעהר נישט געשפּרייזט איבער'ן צימער, נאָר שטעהענדיג ערגיץ אין אַ מיטען שטוב האָט זי איראָניש געשמייכעלט איבער זיך אַליין. גאַנץ געלאַסען האָט זי זיך אָבגעפרישט מיט קאַל־

איר וואַסער, דערנאָך מיט אָ-דע-קאָלאָן און האָט זיך רוהיג געלייגט אויפ׳ן קושעט צוטראַכטען, וואָס זי האָט צו טהון. אַזוי האָט זי גע־קאָנט אָבליגען אַ טאָג, אויב אַ נישט-געבעטענער גאַסט, אָדער אַ שליח מיט אַ הויך־אויסגעבעטען וואָגען האָט איהר נישט אויפגעוועקט פון איהרע רעיונות. אַפאַנאַסעס צוגעגלעט קעפעל פלעגט זיך אַלע מאָל בעווייזען ביי דער האַלב-אָפענער טהיר און צוריק בעהאַלטען זיך. אַמאָל האָט ער זיך ערלויבט צו זאָגען איהר מיט הכנעה:

—פאַניענקאַ, או דאָקטוראַ וואָן דאַוונאָ אָטאָבידאַלי, אַ נאַש סאָ סטיניעט. מאָזשע פאָדאַט?*)

שיינדעל האָט איהם נישט געהערט. זי האָט פערגעסען דעם מיטאָג איהרען מיט׳ן הונגעריגען עהרליכען אַפאַנאַס׳ן, וואָס זיצט נעבען אויוועג און חלום׳ט פונ׳ם בע׳טעמ׳ט ביסעל געקעכטס אַ טאָג נאָכאַנאַנד. איהר איז עס געוועזן אַלץ איינס. זי איז געוועזן פערנומען נאָר מיט זיך, מיט דער שיינדעל, וואָס האָט געטראַכט פון ברוכ׳ן און דאָס איז איהר גאַנץ לעבען געוועזן. אַלץ און אַלע האָבען זיך געדרעהט אַרום איין פונקט: מינע, איהרע קינדער, גיטעלע, דער טאַטע און בעניע, דער אַלטער גוטער בעניע איהרער. אָט וועט עס וועט איהר ביישטעהן אין אַ נויט. אין פייער וועט ער געהן פון איהר׳ט וועגען. יאָ. זי האָט לסוף געפונען אַ מיטעל...

ליגענדיג אויפ׳ן קושעט אַ פערטראַכטע, די הענד אונטער׳ן קאָפּ צונאַנדגעלייגט, האָט ביי איהר איינמאָל אויפגעבליצט אַ משונה׳דיגער געדאַנק, איבער וועלכען זי אַליין האָט זיך פון אָנפאַנג דערשראָקען. נאָר בעקלערענדיג גוט די זאַך, איז עס איהר אויף אַזוי פיל געפעלען געוואָרען, אַז זי האָט פאַר גרויס פרייס פערזונגען עפּיס אַ לאַנג-פערגעסענעם פריילינכס פון אַ שטעדטילדיגער חתונה, וואו זי איז געוועזן אַלס קינד צוזאַמען מיט׳ן פאָטער. איהר איז איינגעפאַלען אַ פלאַן חתונה האָבען פיקטיוו מיט בעניען און אויף אַזאַ אופן וועט זי אויך קאָנען האָבען קינדער, אַזוי ווי מינע. דעמאָלט וועט ער זיך שוין קיינמאָל מיט איהר נישט שיידען. איהרע קינדער וועט ער נאָך ליבער האָבען פון זשאַמקען. און מיט דער צייט, ווען ער וועט קאָ־

*) פריילין, ביים דאָקטאָר האָט מען שוין לאַנג אָבגעגעסען מיטאָג און אונזערער ערט קאַלט. אפשר דערלאַנגען?

נען גט׳ן מינען, וועט זי זיך אויך גט׳ן מיט בעניען. מיט איהם, דעם גוטען איבערגעגעבענעם בעניען, קאָן זי אַלצדינג אויספיהרען. זי וועט איהם דערצעהלען דעם גאַנצען אמת. ער וועט וויסען אויף וואָס ער געהט און דאָך וועט ער עס טהון פאַר איהר.

זי איז געווען ענטציקט פון איהר איינפאַל. אין די גרויסע שטעדט, האָט זי געוואוסט, קומען פאָר אַזעלכע זאַכען. אויף די קור־סען האָט זי זיך געגנוג אָנגעהערט און אָנגעזעהן... זי דאַרף עס נאָר טהון, ווי אַ מענש. מיט׳ן טאַטען קאָן זי גאָרנישט מאַכען. סיי ווי איז ער ברוגז. מיט ברוכ׳ן אַליין דאַרף זי נאָר זיין פאָרזיכטיג. ער טאָר נישט וויסען איהר אמת׳ע כונה. איהם וועט זי מוזען זאָגען, אַז זי טהוט עס צוליב איהם, ברוכ׳ן, אַליין. אַלס ווייבעל וועט איהר נישט אַהרען, אַז דער גט מיט מינען וועט זיך אָפּלייגען נאָך אויף אַ פּאָר יאָהר און דערווייל וועט זי זעהן, ווי אַזוי ער וועט זיך בע־ציהען צו דעם. מעגליך ער זאָל עס נישט דערלאָזען. אפשר וועט ער זיך דערשרעקען און וועט גלייך גט׳ן מינען. שיינדעל האָט שטאַרק געהאָפּט דערויף.

---

דעם דריטען מאָל האָט זי מיט איהם גערעדט דערפון און ער האָט אַלץ געפרעגט מיט אַ שמייכעל:

—שיינדעלע, ס׳געפעלט דיר?

ס׳איז געווען שפּעט אין אָוועגד. דער בחור אינ׳ם סטודענטען־היטעל מיט׳ן העברעאישען לעהרער זענען געווען נאָר וואָס אַוועקגע־גאַנגען. דער טאָג־טעגליכער בעזוכער איהרער אַשכנזי איז שוין אַ וואָך אין דער היים נישט געווען. זיי זענען געווען אַליין. שיינדעל איז אויפ׳ן קושעט געלעגען אין איהר געליבטער פּאָזע צום טראַכטען. ברוך איז אומגעגאַנגען איבער׳ן צימער און האָט נערוועז גערויכערט איין ציגאַר נאָכ׳ן אַנדערען. אויפ׳ן טיש איז דאָס שאַך־קעסטעל גע־שטאַנען. ביי דער זייט איז געלעגען אַ קליין תנכ׳ל געבונדען אין ביינערנע שוואַרץ־געמאָלטע טאָוולען, אַ פּאָר רוסישע צייטונגען און אַ העברעאישע וואָכען-שריפט. אויפ׳ן עטאַזשערקע האָט דופטיג געעטהעמט אַ בלומען-שטרויס, וואָס אַשכנזי האָט אין דער פריה צוגעשיקט פון שטאָדט מיט׳ן באַהן־קאָנדוקטאָר.

—שיינדעלע, דיר געפעלט עס מיט אַנ׳אמת?

—וואָס זשע איז? דו האָסט אַ בעל־הבית׳טע, ווייל איך האָבען אַ בעל־הבית. מיין קעניג וועסטו זיין.

—איך? נישט בעניע?...

—ניין. ער וועט זיין נאָר מיין בעל־הבית. וועזט שוין זעהן וואָס פאַר אַ לייטישער בעל־הבית ער וועט ביי מיר זיין. דו וועסט איהם געבען אויפ׳ן זאַוואָד אַ שטעלע. ער איז אַ גוטער אַרבייטער. ער האָט זיך די לעצטע צייט צוגעלערענט שלאָסעריי. דו וועסט אונז געבען אַ דירה דאָ נאָהענט פון דאַנען, איך זאָל קאָנען אַלע מאָל זיין אויפ׳ן פונקט. דאָ וועט אַלצדינג בלייבען שטעהן אַזוי ווי איצט און דו וועסט צו מיר קומען אַהער. דאָרטען וועט זיין מיין בעל-הבתיש־קייט און דאָ מיין קעניגרייך. אָט, וועט מיר זיין גוט!

שיינדעל האָט גערעדט האַלב־ערענסט און האַלב־שפּאָטיש, ברוך זאָל עס קאָנען אויסטייטשען, ווי איהם געפעלט און זי, נאָכפאָרשענ־דיג פון דער זייט, וועט דערווייל זעהן, וואָס זי האָט צו טהון. נאָר ער האָט געשוויגען. פון צייט־צו־צייט האָט ער זיך אָבגעשטעלט ביים טיש און האָט דאָס אָפענע שענע תנכ׳ל איבערגעבלעטערט. שיינדעל האָט עס אָנגענומען פאַר אַ גוטען סימן. אַזוי איז ער געווען געשטימט, ווען ער האָט געליטען פון עפּיס, אָדער ווען ער איז פון זיך אַליין נישט צופרידען געווען.

—וואָס עפּיס דוקא בעניע?—האָט ער געפרעגט לסוף, קוקענדיג צו איהר מיט׳ן זעלבען שמייכעל, ווי די זאַך וואָלט נאָך אַלץ ביי איהם געווען אַ מין לצנות—אויב נאָר אַ בעל־הבית, קאָנסטו קריגען אַ שענערען.

—דהיינו?

—נו, אַשכּנזי, למשל...

—שיינדעל האָט זיך הילכיג און גישט נאַטירליך פונאַנדערגע־לאַכט.

—און דו רעכענסט, אַז אַשכּנזי וואָלט מיך גענומען? מיט מיין שם טוב?

—ווען איך וואָלט איהם געהייסען, וואָלט ער דיך גענומען.

—האָסט אַ טעות. ער ווייס אונזערע בעציהונגען בעסער פון אַלעמען. ער וועט מיך בשום אופן נישט נעהמען.

—אַז איך וואָלט איהם געהייסען?—האָט ער זיך געביסען מיט זיין גאַל־אידאָניע, ווי פריהער—קענסט נישט אַשכּנזי׳ן, איך וואָלט

איהם דערמיט די גרעסטע טובה געטהון, ווייל מיט זיין גוטען ווילען וועט ער סיי ווי קיינמאָל נישט חתונה האָבען. איהם געפעלען אַלע מיידלעך, נאָר אַלע מאָל האָט ער מורא וואָס וועלען לייט זאָגען און דערנאָך, אַז זיינע כּלות האָבען חתונה, טהוט איהם באַנג. אַז שרה'לע איז איהם נאָכגעלאָפען אויף יעדען טריט און ניסן האָט געשיקט צו איהם שדכנים, האָט ער נישט געוואָלט. ט'מורא געהאַט לעווי'ס קאַנטאָר וועט דער יחוס נישט אָנשטעהן. דערנאָך, אַז שרה'לע איז אַוועקגעפאָהרען קיין אַמעריקא און האָט דאָרטען באַלד חתונה געהאַט, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער איז אין איהר פערליבט און האָט געשיקט פישמאַנען קיין אָלעסיע צו ניסענען נעהמען איהר אַדרעס. און יענע, די קרובה דיינע, וואָס איז אַוועקגעפאָהרען צו מאיר'ן, האָט איהם מיינסטו נישט באַנג געטהון? ער זעהט זיך שוין אַזוי מיט כּלות פון אַ יאָהר פופצעהן. איך זאָג דאָך דיר, איך וואָלט איהם דערמיט געטהון די גרעסטע טובה. דאָס בחור'שע לעבען האָט איהם שוין גענוג דערעסען.

שיינדעל האָט נישט אויפגעהערט צו לאַכען, נאָר אַלץ אַזוי פאַלש און אָנגעשטרענגט, מיט קוויטשיגע צוגעדריקטע טענער, ווי עס וואָלט איהר אַלע ווײלע אין האַלז ענג געוואָרען.

—נעהמסטו זיך אונטער זיין ביי מיר אַ שדכן?

—אויב דו ווילסט אַ בעל־הבית? פאַרוואָס נישט. ס'איז ביי מיר פון די גרינגסטע זאַכען. און פאַר איהם וועסטו זיין אידעאַל. ער ווייס דאָך שוין, אַז דו געפעלסט לייטען.

—ניין, ברוך, מיינסט עס טאַקע מיט אַנ'אמת?—האָט זי געפרעגט, בייסענדיג זיך די ליפען ביז'ן בלוט.

—אודאי אַנ'אמת. אויב נאָר אַ בעל־הבית פאַר לייטען, דאַרף זיין אַזעלכער, מען זאָל זיך מיט איהם נישט האָבען צו שעמען. מיט אַשכּנזי'ן וועט דיין טאַטע אויך זיין צופרידען.

—און דו?

—איך אויך.

—ווילסטו, הייסט עס, איך זאָל אָבנאַרען אַשכּנזי'ן?

—און בעניען מעג מען נאַרען?

—ניין. בעניען וועל איך זאָגען דעם אמת.

—און דו מיינסט, אַז ער וועט דערויף מסכּים זיין?

—צי בעניע װעט מסכים זײַן ?—האָט זי גיפטיג איבערגעפרעגט— בעניע ?...

ברוך האָט גאָרנישט געענטפערט. אַהיבשע װײַלע זענען זײ בײדע שטיל געבליבען. ס'איז שױן געװען װײַט נאָך האַלבע נאַכט. אַהונד האָט ערגיץ געבילען און דערבײ האָט זיך אָבגערופען אַ שומר'ס פײַפעל. פון הינטערן װאַנד האָט זיך געהערט אַפּאַנאַסעס שנאָרכען. אין צימער איז געװען רױיִג און הײס. אַ שװערער אומעט האָט יע־דעס װינקעל בעהערשט. ער איז געשטאַנען נעבען קושעט, אַ האַנד געטוליעט צו איהר שטערען, קוקענדיג איבער איהר קאָפּ אַריבער.

—שײנדעלע, גענוג צו רעדען נאַרישקײטען. נאָך אַ פּאָר יאָהר. זשאַמקע װעט אָנקומען אין גימנאַזיע, װעט ער שױן סײ װי דאַרפען זײַן אַלײן אין שטאָדט, דעמאָלט װעל איך זעהן מאַכען אַ טאָלק און מיר װעלען חתונה האָבען. נאָך אַ צװײ־דרײ יאָהר. ס'איז דאָ עלטערע מײדלעך פון דיר.

שײנדעל האָט געברענט פון אױפרעגונג און װעהטאָג. דאָס פּנים האָט איהר געפלאַמט און די אױגען זענען איהר געװען װי אין נעבעל פערבאָרגען.

—נאָך אַ פּאָר יאָהר ?... נאָך אַ פּאָר יאָהר ?...—האָט זי איבערגע־פרעגט, טראַכטענדיג פון דער שענער בליהענדער גיטעלען, װאָס װאַקסט מיט'ן קוק און װעט שױן דעמאָלט זײַן גאָר אַ גרױס מײדעל— נײן !... נײן !... איך קאָן עס מעהר נישט לײדען... איך װעל זײַן אַ װײַבעל, װעט מיך נישט אַהרען... און מיט בעניען קאָן איך אַלצדינג אױספּיהרען. איך קאָן זיך מיט איהם גט'ן אַ װאָך נאָך דער חופּה אױך, אין אַ חודש אַרום אױך. װען איך װעל װעלען.

זײַנע ליפּען האָבען זיך װידער פערקרומט אין אַ שמײכעל

—און פאַר גאָט האָסטו קײן מורא נישט ?

—פאַר גאָט ? פאַר גאָט, זאָגסטו ?... איך װײס נישט... נײן ! איך האָב נישט מורא ! אָ, בעניע װעט אַלצדינג טהון פון מײנטװעגען. װעסט איהם געבען אױפ'ן זאַװאָד אַ שטעלע. ער איז אַ גוטער אַרבײ־טער.

—שײנדעלע, ביזט נערװעז. שלאָפסט װײניג. צו שפּעט פערזיץ איך זיך בײ דיר.

—נײן ! נײן ! געה נישט אַװעק !—האָט זי געשטאַמעלט אין שרעק און האָט זיך אײנגעקלאַמערט אין זײַנע בײדע הענד.

דורכ'ן שפאַלט פון לאָדען האָט אַריינגעבליקט דער בלויער בעגינען...

## טו.

ס'האָט געֿ'רעש'ט זאַבאַלאָטאָוו.

אויפ'ן סטאַנציע האָבען זיך רעדלעך געקליבען. מען האָט זיך געֿ'סוד'עט נעבען די טהירען פון די קלייטען און אויף די גאַנקעס פון רוהיג־בעל־הבתישע הייזער. לוסטיגע שניידער־געזעלען האָבען שוין דערפון לידער געזונגען. ביי אַנ'אָפענעם פענסטער זענען ערגיץ אַ צוויי מילד־בעשיידענע נייטאָרינס געזעסען און האָבען געשלונגען די נייעס, וואָס אַ געשיקט לערען־מיידעל האָט ערשט פון גאַס געֿ־בראַכט צו טראָגען. אויפ'ן באַנק נעבען אַפּטייק האָט מען פון אַלע זייטען אַרומגעקרייזט דעם בחור אינ'ם סטודענטען־היטעל. אין קאַנטאָר האָט מען געפייניגט אַשכנזי'ן און דערפרעגט זיך ביי איהם דעם אמת. דאָס נייגעריגקייט פונ'ם עולם האָט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה. ס'איז געשעהן אַזוינס, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט גלויבען און פערשטעהן. שיינדעל איז אין אַ שענעם העלען טאָג אַנטלאָפען מיט'ן קריוואָ־דובער שמידס זוהן אין שטאָדט אַריין שטעלען אַ חופה.

ס'איז געווען איבער וואָס צו שטוינען. דאָס שטעדטיל האָט פערגעסען אַ ווייל'ע דעם גירוש מיט די מסירות פון די „איידעלע קריסטען" און וועגען שיינדעלס חתונה האָבען זיך געשאָטען ציינישע איינפאַלען און בטלנ'יש־אויפגעקלערטע אויבער־סברות. אייניגע האָבען געטאַדעלט אויף איהר געפאַלענקייט, אַנדערע האָבען געדרונגען, אַז זי דאַרף חטאים פערדעקען, נאָר דעם אמת האָט מען דאָך נישט געֿ־וואוסט. פון אַפאַנאַס'ן איז מען קוים דערגאַנגען, אַז די דירה נעבען שפּיטאָל, וואו דער טעכניקער האָט פריהער געוואוינט, שטעהט שוין גרייט פאַר שיינדלען מיט בעניען פון עטליכע וואָכען. אויך האָט דער זעלבער אַפאַנאַס דערצעהלט, אַז מען האָט געבראַכט אַהין זעהר שע־נע שטאָדטיגע מעבעל. אַ שאַפע מיט אַ גרויסער שפיגעל־טהיר האָט מען אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקעל און אַ לאָמפּ הענגט אויף קייטעלעך. ווייטער האָט קיינער פון גאָרנישט געוואוסט צו זאָגען. ברוך אַליין

איז נישט געווען אין דער היים. לייזער איז געזעסען אין ראָדניקאָווע ביי דער גמרא, ווי איהם וואָלט קיין זאַך נישט נוגע געווען און מיט דער פערקלאָגטער איטען האָט קיינער קיין האַרץ נישט געהאַט אַ וואָרט צו רעדען וועגען דעם. זי האָט דורכאויס געוויינט און גע־שאָלטען איהרע שונאים, וואָס רעדען שלעכטס אויף איהרע קינדער. איין שכנא האָט נאָר געליאַרעמט און אַרויסגערופען געלעכטערען אי־בער'ן גאַנצען שטעדטיל. אַלע טאָג איז ער געלאָפען אויפ'ן סטאַנציע געוואָר ווערען, צי דאָס יונגע פאָר-פאָלק איז שוין געקומען און דער־ווייל האָט ער פאַר יעדען איינציגען דערצעהלט פון זיין אומגליק, ווי אַזוי די חצופה לייזערס האָט זיין בעניען פון וועג אַראָבגעפיהרט. אַזוי אַרום האָט מען זיך עס אויך דערוואוסט אין שטעדטיל און טאָג־טעגליך האָבען איהם חברה־ליידיג־געהער געהיט צום פאַרנאַכטיגען צוג, ער זאָל איבער'חזר'ען די געשיכטע מיט אַלע זיינע האַרטע דאָר־פישע קללות אויף שיינדלען מיט בעניען אינאיינעם.

דער אַלטער פערגרעבטער שמיד האָט אויסגעזעהן, ווי משוגע. ער האָט זיך געבייזערט און געשאָלטען די סטאַנציע מיט איהרע פערפיהרענישען און אין מיטען דערינען, דערזעהענדיג אַ בעיאָהרטען פויער פון אַ שכנ'ישען דאָרף, פלעגט ער זיך אַ וואָרף טהון צו יענעם דערצעהלען פון זיין אומגליק מיט האַרץ און טרעהרען אין די אויגען, וואָס זענען איהם געפאַלען אויף דער ווייסער באָרד, ווי גרויסע מוט־נע וואַסער־טראָפען.

ער האָט עס פאַר קיין אופן נישט געקאָנט פערשטעהן. דער שטילער פאָלגענדיגער בעניע זאָל אַזוינס אָפּטהון. ער זאָל אַנטלויפען מיט דער, וואָס האָט שוין אַפילו אָנגעוואָרען די בושה פאַר לייטען. צוליב איהר האָט ער עס אַוועקגעוואָרפען אָלעסיע. אַזאַ גרויסען ריי־כען דאָרף האָט ער געלאָזען מיט אַ נייער שטוב פון געזעגטע בער־ווענעס, כדי צו ווערען אַ טאָג־מענש אויף די זאַוואָדען. זיין עהרליכער שטילער בעניע. נישט אַנדערש, אַזאַ כשוף האָט זי איהם צוגעטהון. פריהער האָט זי אָבגערעדט ברוכ'ן פונ'ם ווייב און איצט האָט זי פערפיהרט זיין בעניע. די אַלטע האָט עס איהם איבערגעגעבען, ווי־שענדיג מיט אַ ברעג פאַרטוך די רויטע אויסגעוויינטע אויגען, דערביי האָט זי זיך פערהוסט און איז כמעט געבליבען אָהן אַנ'אָטהעם. אין איהם, דעם געזונדטען קרעפטיגען זקן מיט אַלע חושים, האָבען אויפ'ן צוויי־און־אַכציגסטען יאָהר מיט אַמאָל די צייהן אויפגעריסען. דעם

גאַנצען לעבען זיינעם האָט ער געפרעגט קשיות, ווי אַזוי טהוט עס וועה אַ ביין און מיט אַמאָל, לויפענדיג אַזוי פון דער סטאַנציע אַ פערביסענער פון כעס, האָט ער אַליין דערפיהלט אַזאַ מין וועהטאָג, ווי מען וואָלט איהם צושרויפט דעם קאָפּ אויף שטיקער. ער האָט ממש נישט געזעהן דעם וועג פאַר זיך און נישט דערקענט קיין מענ־שען, וועלכע ער האָט בעגעגענט. אין אַזאַ צושטאַנד איז ער געלאָ־פען צו לייזער'ן קיין ראָדניקאָווע און, אַז יענער האָט איהם אויף אַלע זיינע טענות און זלזולים קיין איין וואָרט נישט געענטפערט און נישט אומגעקוקט זיך צו איהם פונ'ם אָפענעם ספר אַרויס, איז ער אַזוי פון דאָרטען אַוועק צו פוס אין שטעדטיל אַריין צום רב נאָך אַן עצה.

געקומען אַהין איז ער שפּעט אין אָוונד אַ פערשוויצטער, אַ צוטראָגענער מיט איבערגעקעהרטע אויגען און אַ אויסגעקרימט מויל. אין שטוב האָט מען זיך דערשראָקען פאַר איהם, איבערהויפּט אַז ער האָט אָנגעהויבען דערצעהלען פון זיין אומגליק און האָט זיך אויפ'ן קול צוויינט הייזעריג און טעמפּ, ווי אַ געבונדענער אָקס. קוים האָט מען איהם בערוהיגט. דריי קעלישקעס געפעפערטען בראָנפען האָט ער אויסגעטרונקען איינס נאָכ'ן אַנדערען און עטליכע גלעזער זודיגע טהיי. די רב'עצין האָט איהם אויסגעבעט נעבען אויוון אַ ווייך גע־לעגער און דערלאַנגט אַ זעקעלע הייסע זאַלץ ער זאָל זיך די צייהן דערוואַרעמען. אַזוי איז ער איבערגעשלאָפען די נאַכט. אויפגעשטאַנען איז ער בעגינען פריש און געזונד, ווי אין דער היים און איז אַוועק אין שניידערשען שוהלכעל צום ערשטען מנין. נאָר אין אַ פּאָר שעה אַרום איז ער שוין ווידער געזעסען ביים רב אין שטוב אַ צוטומעל־טער מיט איבערגעקעהרטע אויגען פון כעס און צאָרן. דער רב איז ערשט געוועזען פון בית־מדרש געקומען. ער האָט געגעסען זיין מ־לכי־גען אָנבייסען ביים וואַכענדיג־געגרייטען האַלבען טיש און האָט אויפ־מערקזאַם צוגעהערט דעם אַלטען שמיד'ס עמי־הארצ'ישע טענות און קללות, וואָס האָבען זיך ביי איהם פון צייט־צו־צייט אַרויסגעכאַפּט, פערגעסענדיג אין אויפרעגונג וואו ער געפינט זיך און מיט וועמען ער רעדט. ס'איז געווען אויף איהם אַ גרוי'ס רחמנות צו קוקען, ווי אַזוי ער איז כסדר אַריינגעפאַלען אין פערצווייפלונג און האָט זיך געבעטען מען זאָל איהם העלפען אין זיינע נויטען.

—אַזאַ גרויס דאָרף. אַ גילדענער פינגערל איז אָלעסיע. צוליב

איהרע צוליב דער חצופה. רב׳י, גיט מיר אַנ׳עצה. וואָס זאָל איך טהון? אַלץ די פערפלוכטע זאַוואָדען. פריהער האָט יענער געלאָזען אַ זאַט שטיקעל ברויט אַרום דער היים און איז אַנטלאָפען אויף אַ זאַוואָד און איצט—דער אַנדערער אַזוי. אַ טאָג־מענש וועט ער ווערען און דאָ וועלען דערווייל די גוים נעהמען אַ שמיד. אַ פרעמדען וועלען זיי נעהמען. רב׳י, גיט מיר אַנ׳עצה. אַ כשוף האָט זי איהם געטהון. פריהער אָבגערעדט אַ מאַן פון אַ ווייב און איצט האָט מיין קינד גע־טראָפען דאָס אומגליק.

ער האָט ווידער געיאָמערט מיט אַ הייזעריג־טעמפּען קול, וואַר־פענדיג אַנ׳אימה אויף דער אַלטער שטילער רב׳עצין און דעם רב׳סביידע אייניקלעך די יתומים, וואָס האָבען זיך ביי איהם געהאָדעוועט פון אַ יונג־פערשטאָרבענעם זוהן. ווידער האָט מען איהם געמוזט בע־רוהיגען זיין צייהן־וועהטאָג מיט געפעפערטען בראָנפען און זודיגע טהיי. דערנאָך, אַז ער איז איבערגעלעגען נעבען אויוען אַ צוויי־דריי שעה, האָט זיך שוין דער רב גענומען צו זיינע מיטלען. דאָס ערשטע האָט ער איהם אָבגעזאָגט אַ האַרבּ שטיקעל מוסר און באַלד דערויף אַ פּאָר טרייסט־ווערטער. אַזוי אַרום האָט ער איהם ביסלעכווייז אויפ-געקלערט דעם ענין על־פי־שכל, על־פי־יושר און אַרויפגעפיהרט איהם אויף אַ שטיקעל דרך, ער זאָל אַזוי נישט ווילדעווען.

שכנא איז אַ ביסעל צו זיך געקומען. ער האָט אויפגעהערט שעלטען שיינדלען מיט לייזער׳ן, וואָס ער האָט איהר נאָכגעגעבען די שמד. מיט׳ן וואָרט כשוף איז ער אויך געוואָרען פאָרזיכטיגער. נאָר איבער׳ן רייכען דאָרף, וואָס וועט אַריבער אין פרעמדע הענד, האָט ער נישט אויפגעהערט צו קלאָגען און די בושה פאַר לייטען האָט איהם וועה געטהון. פינף זיהן האָט ער חתונה געמאַכט. אַלע זיינע שנירן זענען עהרליכע און כשר׳ע ווייבלעך און דאָס קומט צו איהם אָן אַזעלכע, וואָס מען טאַדעלט אויף איהר מיט די פינגער. אַ מאַן פון אַ ווייב האָט זי אָבגערעדט... אַ טאַטען פון קינדער...

—נו, נו, שכנא—האָט איהם דער גרייז־גרויער רב אַלעמאָל אָבגעשטעלט—נישט אַזוי די מעשה. מאַלע וואָס פריהער איז געוועזן... אַ יונג קינד. היינטיגע צייטען. דער דרך פון די היינטיגע יונגעלייט איז אַ שלעכטער. מען רעדט אָן. מען פיהרט אַראָב פון וועג. זעהסט דאָך. זי איז ביי זיך געפאַלען. אַ שענע, אַ געלערענטע, מיט אַנ׳-איידעלער מלאכה אין האַנד און ס׳איז ביי איהר רעכט געבליבע

חתונה האָבען פאַר קלענערס פון זיך. דיין זוהן איז איהר אַ גלייכען! אַזאַ מיידעל וואָלט דאָך געקאָנט קומען צום שענסטען שידוך. לייזער אַליין האָט מיר געזאָגט, אַז ער וויל פאַר איהר אַראָבנעמען אַ דאָק־טאָר. נאָר מסתמא איז איהר מזל אַזעלכער. און איצט בין איך בטוח, אַז זי וועט זיין אַן׳ עהרליכע יודישע טאָכטער. דאַרפסט גאָרנישט אַזוי מתרעם זיין. האָסט געטהון אַ בעסערען שידוך פאַר לייזער׳ן. נעהמסט אַ געלערענט קינד, אַ קינד פון אַן׳ איידעלען טאַטען. אפשר איז דיר בעשערט, אַז פון דייגע קינדער זאָלען אַרויסקומען גרויסע מענשען, איז זי דער שליח. זי וועט אויפבויען דיין זוהנ׳ס שטוב מיט חכמה און מיט איידעלקייט. זינדיג נישט, שכנא. דער אויבערשטער טהוט מיט דיר חסד. האָסט איין שנור גענומען אַ בת־תלמיד־חכם און איצט נעהמסטו די אַנדערע פונ׳ם אייגענעם שורש. אין דייער זכות וועלען אפשר פון דיר אַרויסקומען גוטע דורות.

דער אַלטער פערגרעבטער שמיד האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געזיפצט פון צייט־צו־צייט. דעם רב׳ס ווערטער האָבען איהם בערוהיגט און געהיילט דאָס צובראָכענע געמיט, נאָר דער געדאַנק איבער׳ן רייכען דאָרף מיט בעניעס שטוב, וואָס איז דאָרטען אין אַלעסיע אָהן אַ בעל־הבית געבליבען, האָט איהם ווידער געפייניגט און אויפגערעגט ביז משוגעת און פערצווייפלונג.

—נו, נ׳גיב זיך אַנ׳עצה—האָט איהם דער רב ווידער איינגע־רעדט, שטעהענדיג אָנגעבויגען איבער׳ן שטענדער ביי אַנ׳אָפענעם ספר—זעץ אַהין אַריין דעם עלטערען זוהן. האָסט דאָך נאָך קינדער אויפ׳ן ישוב. רוף צו זיך אַרויס אפשר אַנ׳אייניקעל. מיט די גוים וועסטו, ווי עס איז, דורכקומען. ביזט דאָך ביי זיי אַנ׳אַלטער תושב. און מיר גיב אַ האַנד, דו זאָלסט די קינדער קיין צער נישט אָנטהון. דאָס מאָר־פּאָלק וועט קומען צו פאָהרען, שיק נאָך זיי אַ פוהר און ברענג זיי צו זיך אַראָב אויף אַ שבת. גיב דער שנור אַ מתנה און זאָלען זיי זיך פאָהרען געזונטערהייט צוריק. געה איצט גלייך קיין ראָדניקאָווע און בעט איבער לייזער׳ן. האָסט איהם פוגע בכבוד געווען. ער איז אַ יוד אַ תלמיד־חכם און דיינער אַ מחותן, ביזטו מהויב בעטען איהם מחילה. און זאָלסט נישט מאַכען מעהר קיין לייטישע געלעכטער, ווייל ס׳איז שפיכת־דמים. וועסטו מיך פאָלגען? גיב מיר אַ האַנד.

שכנא איז אַ ווײַלע געשטאַנען אַ בייז־פערטראַכטער און האָט איהם שווייגענדיגערהייט דערלאַנגט די גרויסע בייבעריגע האַנד זיינע,

אַ ברוין־אָבגעברענטע, ווי מיט פּאַרמעט בעצויגען. דער רב האָט זי צוגעדריקט מיט זיינע ציטעריגע ווייסע פינגער און האָט געזאָגט ווייך:
—געה לשלום. זאָל זיין מיט מזל.
דער אַלטער שמיד האָט אָבגעווישט מיט'ן אַרבעל די נאָז און איז .עשווינד פון שטוב אַוועק.

---

דאָס יונג פּאָר־פּאָלק, שיינדעל מיט בעניען זענען דערווייל געזעסען אין שטאָדט אין אַ האָטעל און האָבען געוואַרט אין זאַבאָלאָטאָוו זאָל אַ ביסעל אַריבער דער טומעל פון זייער חתונה.
דאָס ערגסטע האָבען זיי שוין געהאַט איבערגעקומען. שכנא'ן האָט בעניע געגעבען צו וויסען דורך דער מאַמען און שיינדעל פון איהר זייט האָט אָנגעשריבען דעם טאַטען אַ בריוועל בלויז פון עטליכע ווערטער, אַז זי פאָהרט אין שטאָדט מיט בעניען שטעלען אַ חופּה. און אַזוי וויל זי טהון. אַנדערש קאָן עס נישט זיין. נאָר זי האָפט, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען ער וועט נאָך פון איהר נחת האָבען און וועט איהר אַלצדינג מוחל זיין... דעם בריף האָט זי אַוועקגעשיקט מיט אַפאַנאַס'ן גלייך צו איהם אין די הענד אַריין. אויך איז זי אַריינגעלאָפען פאַר'ן אַוועקפאָהר צו דער מאַמען אין קראָם און האָט זיך מיט איהר דריי מאָל צוקושט, דערצעהלענדיג איהר אין איילעניש, אַז זי פאָהרט אַוועק אויף עטליכע טעג אין שטאָדט אַריין זיך עפּיס נייען, נאָר דערביי האָט זי צוגעגעבען, אַז טאָמער וועט זי נישט קומען אַזוי גיך, זאָל מען זיין רוהיג. אויפ'ן פּונקט האָט זי בעשטעלט אַנ'אַנדער אַקושערין און דער דאָקטאָר ווייס אויך דערפון.
דאָס אַלצדינג האָט שיינדעל בעוואָרענט פריהער, זי זאָל קומען צוריק שוין נאָך אַלע מהומות אוןביידע צדדים זאָלען שוין האָבען זייערס אָבגעוויינט. נאָר צו דער צייט, ווען שכנא איז געלאָפען משוגענערווייז אין שטעדטיל אַריין צום רט נאָך אַנ'עצה, איז זי מיט בעניען נאָך געווען אין שטאָדט. ס'איז נאָך ערשט געווען דער פיערטער טאָג פון זינט זיי זענען אָבגעפאָהרען און לויט שיינדל'ען האָט זיך געדאַכט, איז נאָך געווען צו פריה אַהיים צו קעהרען זיך.
זי האָט זיך געפיהלט נישט שלעכט. די עטליכע וואָכען, וואָס מען האָט רעמאָנטירט די נייע דירה, וואו דער טעכניקער האָט גע־

וואוינט און ברוך האָט אַלעמאָל פון שטאָדט אַהין צוגעשיקט אַנדער־מעבעל, איז זי דורכאויס געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. די אַר־בייט איז געגאַנגען מיט דער ברייטער האַנד און אַלצדינג, ווי זי האָט אַליין געוואָלט. דערצו איז עס געווען אַ סוד. טאָג־טעגליך האָט זי געמאַכט פלאַנען דאָ מיט ברוכ׳ן, דאַ מיט בעניען און דורכאויס אין דער שטיל. אַשכנזי פלעגט ביי איהר איבערזיצען די אָווענד־שטונדען, ווי שטענדיג און האָט פון גאָרנישט געוואוסט צו זאָגען. איהר שאַך־פאַרטנער, דער בחור אינ׳ם סטודענטען־היטעל, איז כסדר געווען צו־טראָגען און האָט בכלל נישט געזעהן, וואָס אַרום איהם טהוט זיך. אַפילו איהר נייער פערעהרער. דער בוכהאַלטער פון קאַנטאָר, וואָס האָט מיט איהר אַלעמאָל גערעדט אויפ׳ן אויער, כדי אַרויסצורופען אייפערזוכט ביי אַשכנזי׳ן און פלעגט גלייך אַנטלויפען פון שטוב, ווען ער האָט דערזעהן אויף דער שוועל ברוכ׳ן, האָט איהר נאָכ־געשפירט אויף יעדען טריט און ס׳איז איהם אויך גאָרנישט איינגע־פאַלען. אויך פון דער נייגעריגער גיטעלען איז איהר געלונגען זיך אויסצובעהאַלטען. נאָר דער דאָקטאָרינס קרוג האָט איהר געגעבען אָנצוהערענישען, אַריינזאָגענדיג איהר פון צייט־צו־צייט אַ גוטמוטיג שטעך־ווערטעל, אַז אַ קלוג מיידעל האָט שטענדיג חתונה פאַר׳ן ערג־סטען. אַ מאַן, וואָס ער איז נאַרישער, איז אַלץ בעסער. ער איז גע־ווען אַ פערשיקטער סטודענט־פילאָלאָג, וואָס האָט גערוהט אין זאַבאָלאָ־טאָווו סיי זומער, סיי ווינטער און גע׳שכור׳ט פון אומעט און ליידיג־אומגעהן צוגלייך מיט׳ן דאָקטאָר. אין די ניכטערע מאָרגען־שטונדען זיינע האָט ער זי געלערענט שפילען אויפ׳ן גיטאַרע און געוויצעלט זיך דערביי, ווי ער וואָלט גאָך דאָס נעכטיגע ביסעל בראָנפען געהאַט אין קאָפּ. נאָר שיינדלען איז עס דוקא געפעלען געווען און זי האָט איהם געענטפערט אינ׳ם זעלבען טאָן:

—אודאי, אודאי, אַ מאַן וואָס ערגער [illegible] אַ געליבטער וואָס בעסער.

איהר האָט [illegible] געדאַכט, אַז זי איז איצט זעהער אינטערעסאַנט. אַליין האָט זי צוגעטראַכט אַ מיטעל צו איהר פערפלאָנטערטער לאַגע און עס וועט זיין אַלצדינג, ווי זי וויל. בעניע איז אין איהרע הענד. זי האָט קיין מורא נישט פאַר שכנא׳ן, נישט פאַר׳ן טאַטען. איהר אַהרט נישט. וואָס לייט ווועלען אויף איהר זאָגען. ברוכ׳ס דעה האָט זי נאָר געדאַרפט. ווייטער איז איהר אַלץ איינס. אמת, זי האָט גע־

האָפט ביז דער לעצטער מינוט אויף סיורפריזען פון זיין זייט. יעדען טאָג האָט זיך איהר געדאַכט, אַז היינט וועט ער קומען מיט וויכטיגע נייעס, היינט וועט ער איהר ברענגען די געגאַרטע בשורה, אַז ער גט זיך לסוף מיט מינען. ס'איז געווען איהר יוגענד־חלום, און זי האָט ליב געהאַט צו טרוימען דערפון. נאָר לסוף האָט ער איהר געזאָגט מיט אַ בייזער עקשנות:

—נו, ווילסט אַזוי, זאָל זיין אַזוי. זשאַמקע וועט אָנקומען אין גימנאַזיע, וועל איך זעהן מאַכען אַ טאָלק.

ביי שיינדלען האָט זיך אין האַרצען עפּיס אָבגעריסען. אויף אַ ווײלע האָט זי בעהערשט דאָס וויינענדיגע רחמנות-געפיהל איבער זיך אַליין. נאָר זי איז גרייט געווען דערצו און ברוך האָט פון גאָר נישט געטאָרט וויסען... זי האָט גלייך אָנגעהויבען רעדען פון'ם טעכניקערס דירה און פון אַלערליי בעל־הבתישקייט. ער איז אויף אַלצדינג מסכים געווען. מיט געלד האָט ער געשאָטען און וואָס זי האָט אויסגערעדט, איז באַלד פאַר איהר בעשאַפען געוואָרען. דערנאָך, ווען אַלץ איז געווען איינגעאָרדענט און ברוך איז אַוועקגעפאָהרען אויף איניגע וואָכען קיין אויסלאַנד זיך אָברוהען אַ ביסעל, איז זי דעמאָלט צוגעפאָהרען מיט בעניען אין שטאָדט און האָט ביים ראַבינער אין שטוב געשטעלט מיט איהם אַ חופה.

שיינדעל איז מיט זיך יענעם טאָג זעהער צופרידען געווען. זי אַליין האָט זיך געהאַלטען ממש פאַר אַ דעלדין און בעניען האָט זי אויך אַלץ מאָל דערמונטערט. עפּיס איז איהר געווען פרעהליך אויפ'ן האַרצען, איבערהויפּט ווען די ראַבינערין, אַן'עלטערע קרענקליכע פרוי, האָט אָנגעהויבען אויספרעגען ביי איהר מיט בעניען וועגען טאַטע און מאַמע. ער איז געשטאַנען אַ פערשעמטער און האָט נישט געקאָנט ענטפערען קיין וואָרט, נאָר זי האָט אויף אַלץ געגעבען אַ קלאָרע תשובה און מיט אַ גרינג האַרץ געזאָגט איין ליגענד גרעסער פון'ם אַנדערען. מיט אַזאַ גרינג געמיט האָט זי שטילערהייט איבערגעגעבען בעניען ברוכ'ס קדושין־פינגערל, וואָס ירוד האָט איהר אָנגעטהון מיט פיער יאָהר צוריק אויפ'ן צווייטען פינגער פון דער רעכטער האַנד. אַזאַ מזל האָט שוין דאָס רינגעל געהאַט. דאָס צווייטע מאָל האָט מען זי מקדש געווען דערמיט און זי האָט נאָך אַלץ חתונה געהאַט אויף דערווייל.

שיינדעל האָט בעהאַלטען אין רידיקול די כתובה איהרע און

איז אַוועק מיט בעניען אין האָטעל. געהענדיג, האָט זי געקויפט אַ פלאַש וויין מיט לעקעך און אַנדערע קאָנדיטערייען. ס'איז איהר איינ-געפאַלען טרינקען מיט בעניען לחיים. ער איז איהר אַזוי געטריי און אַזוי איבערגעגעבען. נאָר ס'איז עפּיס אויסגעקומען, ווי דעמאָלט מיט פיער יאָהר צוריק. דעמאָלט האָט זי מיט ברוכ'ן אויך געטרונקען וויין. דער דאָזיגער פאַקט האָט ביי איהר אַרויסגערופען אומעטיגע גע-דאַנקען. זי האָט זיך אַפילו דערשראָקען און האָט געוואָלט די פלאַש וויין ערגיץ בעהאַלטען. נאָר דערביי האָט זיך איהר געגלוסט צו לאַ-כען איבער זיך אַליין. דעם צווייטען מאָל האָט זי חתונה און נאָך אַלץ אויף דערווייל. דאָך האָט זי קיין לחיים מיט בעניען נישט גע-טרונקען. זי האָט איהם נאָר אַזוי פאָרגעלייגט אַ גלעזעל וויין, אויב ער וויל. פונ'ם לעקעך מיט'ן געפילטען טאָרט האָט זי אויך קיין יום-טוב נישט געמאַכט. בעניע האָט צוגעביסען צום טהיי און דאָס איבעריגע איז געבליבען אויף מאָרגען. נאָר אינגאָנצען בערוהיגט האָט זי זיך ערשט שפּעט אין אָווענד. אַז דער ליידענדער צוטומעלטער בעניע איז אויפ'ן קושעט אַנטשלאָפען געוואָרען, האָט זי פּאַמעליכען אויפגעעפענט דאָס פענסטער און האָט די פלאַש וויין האַסטיג אַוועק-געוואָרפען איבער אַ גרינעם בעוואַקסענעם דאַך פון אַ קעלער-שטיבעל אין אַ גאָרטען אַריין. דערנאָך האָט זי פערמאַכט צוריק דאָס פענס-טער און האָט זיך געזעצט שרייבען ברוכ'ן, וואָס עס האָט מיט איהר דעם טאָג פּאַסירט און וואָס זי האָט איבערגעלעבט. אויך האָט זי איהם מודה געווען, אַז זי האָט פאַרנאַכט בעניען געגעבען אַ קוש אין שטערען. דאָס ערשטע מאָל אין איהר לעבען האָט זי זיך אַזוינס ערלויבט צו טהון און האָט עס דעריבער פון איהם נישט געקאָנט פערשווייגען. מיט אַ ריינעם געוויסען האָט זי איהם געשריבען, אַז זינט זי געדענקט זיך, האָט זי אַ חוץ דעם טאַטען און איהם, ברוכ'ן, קיין אַנדערע מענער נישט געקושט. נאָר דאָס מאָל? בעניען? איהם האָט זי געקושט אויס דאַנקבאַרקייט און רחמנות. ער איז איהר אַזוי געטריי און אַזוי איבערגעגעבען און אַליין איז ער אַזוי אומגליקליך... מיט אַ ריין געוויסען האָט זי עס איהם געשריבען.

צו דער צייט איז בעניע געשלאָפען אויפ'ן קושעט מיט די אָבגעבליאַקעוועטע קווייטען אין די ווינקלען אַ פערוויגטער אין זיסע חלומות.

ער האָט אויסגעזעהן ווילד. דאָס פנים איז איהם געוועזן שוואַרץ

און אָבגעבערענט און די קרעפטיגע גרויסע הענד אין ברוינע פלעקען פון אָנגעגליהטען און פעררָאסטעטען אייזען. נעבען דעם רעכֿטען אויער האָט זיך איהם געצייכענט אַ בלוט־פערלאָפענער און אויסגעהיילטער בייל, ווי אַנ׳אָבגעריבענע חתימה פון אַ טעמפּ געווועהר. דערביי האָט זיך משונה געוואָרפען אין די אויגען זיין אויבערשטע צוהאַקטע ליפּ מיט די געזונטע קלאָרע צייהן איינס אין איינס, ווי צוויי ציילען געפּיילטע פּערעל פונ׳ם אָפענעם מויל אַרויס. נאָר איבער איהם, דעם ווילדען און פערגרעבטען דאָרפס־בחור, האָט געשימערט אַ צאַרטע שיין פון שיינדעלס וויבליכער השגחה. ער האָט געשלאָפען אויף דופּטיג־קלאָרע בעט־געוואַנד, וואָס איז געוועזען דורך איהרע אייגענע הענד מיט אָ־דע־קאָלאָן בעשפּריצט. אַליין האָט זי איהם אויך צוגעפּאַסט דאָס העמד מיט׳ן אָבגעלייגטען קראַגען ביי זיין ברוין-פּאַרמעטענעם האַלז און פערקעמט איהם די האָהר מיט אַ שרונט אין דער זייט אַריין. אַנ׳אָבגלאַנץ פון איהרע בענעהמונגען האָט אויך זיין אינערליכע וועלט בעשענט. איהר רחמנות-קוש, פון וועלכען זי האָט געשריבען ברוכ׳ן, האָט איהם פערוויגט אין אַזאַ גוטען חלום, אַז ער האָט זיינע ליידען פון בייטאָג פערגעסען. ער האָט פערגעסען דעם טאַטענס כעס, וואָס ערוואַרטעט איהם, זיין אימה און עלענד פון דער וואָכענדיגער חופה און דאָס ווילדע אייפערזוכט צו ברוכ׳ן. אַלץ, אַלץ האָט ער פערגעסען. אַפילו די מורא פאַר גאָט. שיינדעל איז זיין ווייב נאָר פאַר לייטען, דאָך איז זי נעבען איהם. זי האָט איהם דעם קישען בעגאָסען מיט פּאַרפומען, פערגלעט דעם שרונט אָן אַ זייט און געגעבען אַ קוש אין שטערען. בעניע איז געוועזען דער גליקליכסטער אין דער וועלט...

אַזוי זענען אַריבער עטליכע טעג.

בעניע מיט שיינדלען האָבען אַרומגעשפּאַצירט איבער׳ן שטאָדט; זי אין איהרע עלעגאַנטע זומער־טואַלעטען, וואָס ברוך פלעגט איהר ברענגען פון זיינע וויטע נסיעות, און ער—אַ יום-טוב׳דיג־געקליידעטער אין אַ נעטען ענגלישען אַנצוג מיט גרינגע שיך און ברוינע הענטשקעס, לויט איהר אייגענעם געשמאַק צוגעפּאַסט. זי האָט זיך געהאַלטען אין איין קויפען בעל-הבתישקייט: דאָ האַנדטיכער און טישטיכער, דאָ קיך־געשיר און פאַר בעניען האָט זי איינגעהאַנדעלט אַ גאַנץ אויסשטאפירונג. ער איז איהר אומעטום נאָכגעגאַנגען אַ שווייגענדיגער און האָט צוגעקוקט אויף זיין בייזען וואונדער, ווי אַזוי זי קלייבט אַלצ־דינג אויס, פרעגט איהם כלומרשט אַ מיינונג און הייסט איינפּאַקען.

נישט זי קוקט אויף שטאַרקייט, נישט זי דינגט זיך. אָפט פערגעסט זי אַפילו פרעגען אַ פרייז און צאָהלט איין מיט גרויסע נישט צובי־טענע געלד, בעפעלענדיג אויפ'ן פריצ'ישען שטייגער, מען זאָל אָב־שיקען די סחורה אין האָטעל אַריין.

בעניע האָט עס צוגעזעהן און נעשטוינט יעדעס מאָל אויפ'ן אָרט, ווי גרינג זי וואַרפט זיך מיט געלד. פון צייט־צו־צייט האָט איהם אויך אַ רויטקייט בעגאָסען, ווי ער וואָלט זיך פערשעמט פאַר זיך אַליין. איבערהויפט ווען זי איז געבליבען מיט איהם אַליין אין נומער און האָט איהם גענומען מעסטען קעגען שפיגעל די איינגע־קויפטע זאַכען. דעמאָלט איז איהם צוגעקומען עפיס אַזוינס, אַז ער האָט געוואָלט צורייסען אַלץ, וואָס אין צימער געפינט זיך און אַרויס־שליידערען עס דורכ'ן פענסטער. אין די אויגען האָבען זיי איהם געשטאָכען, אָט די אַלע שענע זאַכען, וואָס זי קויפט פאַר די גרוי־סע קנאַקענדיגע געלדער. נאָר ער האָט געשוויגען, געלאָזט זיך מעס־טען אַ רויט־אויפגערעגטער און געביסען זיך די פינגער, ווי זיין טבע איז געווען.

ווידער האָט איהם געפייניגט דעם טאַטענס כעס אין דער היים, זיין וואָכענדיגע חופה מיט ברוכ'ס קדושין־פינגערל און דער אומע־טיגער שבת אָהן „שבע ברכות”. ער האָט מורא געהאַט פאַר גאָט. אפשר האָט מען עס גאָר איגגאַנצען נישט געטאָרט. ער האָט דאָך זי מקדש געווען. געזאָגט די ברכה און ס'איז פאַלש. אָבער דאָך... דאָך איז זי זיין ווייב. דאָך איז ער אַ בעווייבטער...

—שיינדעלע, געדאַרפט קויפען אַ טלית—האָט ער אַרויסגעשטאַ־מעלט פערשעמט.

—אַ טלית ?... אַ טלית ?...—האָט זי איבערגעפרעגט מיט אַ שמייכעל—דאַרפסט איהם טאַקע האָבען. מיינסט איך האָב פערגעסען ?

זי האָט עס ווירקליך פערגעסען. נאָר אין דער מינוט איז איהר איינגעפאַלען געבען איהם איינעם פון די טליתים, וואָס ברוך האָט איהר געבראַכט פון פאַלעסטינע אויף אַ זומער־קלייד. צופעליג האָט זי איינעם מיטגענומען אין שטאָדט צו מאַכען זיך אַן אָריגינעלע דאַמעשע מאַטינקע. אַ גלייכע זאַך. ברוך האָט איהר געמאַכט אַ מתנה, וועט זי עס שענקען בעניען. און ס'איז גלאַט אַ שיינע געשיכטע. בע־שערט דעם טלית, מען זאָל אין איהם דאַווענען. זי וועט שרייבען דער־פון ברוכ'ן. גלייך האָט זי געעפענט איהר פאַנירנע קליידער־שאַכטעל

און איידער בעניע האָט זיך אומגעקוקט, איז שוין דאָס פיין-זיידענע געוועב מיט די טונקעל-בלויע קאַנטען געווען אויף זיינע אַקסלען. שיינדעל האָט איהם דעם טלית אויך אָנגעמאָסטען געגען שפּיגעל.

—שיינדעלע!—האָט ער אויסגעשריען דערשראָקען—מען טאָר נישט! מען טאָר דאָס אַזוי נישט אָנטהון! אַ טלית איז אַ הייליגע זאַך.

ער האָט זי געהאַלטען בייביידע הענד אַ פערציטערטער און האָט איהר געקוקט מיט אַ געבעט אין די אויגען אַריין. אויף שיינד־לען האָט עס געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. ווידער האָט זי זיך דערמאָנט, אַז דעם טלית איז בעשערט מען זאָל אין איהם דאַוונען און באַלד דערויף האָט זי עס אַריינגענומען פעסט אין זינען, נישט צו פערגעסען שרייבען דערפון ברוכ׳ן. אויך איז איהר אין דער מי־נוט איינגעפאַלען אַ געדאַנק בעטען איהם, ער זאָל אַמאָל ביי בעסערע צייטען שענקען דעם אַנדערן טלית איהר טאַטען. אויב שוין יאָ בע־שערט, זאָל מען דאַוונען אין ביידע.

בעניע האָט דערווייל אַראָבגענומען פון זיך דעם טלית און האָט איהם צונויפגעלייגט פאַמעליכען אויף די איינגעפרעסטע קנייטשען פון פריהער.

—נו, דאַווען אין איהם געזונטערהייט—האָט זי איהם געזאָגט מיט אַ שמייכעל—דער טלית איז אַן׳אמת׳ער זיידענער. פון פאַלעסטינע. עס קאָסט דאָרטען אַ סך געלד.

ביי די לעצטע ווערטער איז בעניע רויט געוואָרען און האָט זיך ווידער אָנגעבלאָזען אויף די שענע זאַכען, וואָס זי קויפט פאַר די נייע געלדער, נאָר שיינדעל האָט עס נישט בעמערקט.

איהר איז אין דער מינוט גוט געווען אויפ׳ן האַרצען. זי איז ערשט געווען פון דער פּאָסט געקומען, וואו עס האָבען אויף איהר געוואַרט צוויי בריף פון ברוכ׳ן, ביידע אין איין טאָג געשריבען, ביי־דע מיט גוטע האָפענונגען אויף בעסערע צייטען. ער איז איהר איצט געווען נאָך אַ גרעסערער בעל-חוב, ווי פריהער. ער האָט געבענקט נאָך איהר און געליטען פון איהר איצטיגער לאַגע. נאָר דאָס גליק איהר׳ס איז נאָך געווען פאָראויס. ער, ברוך, וועט עס נאָך איהר ערשט ברענגען, זאָל נאָר זשאַמקע אָנקומען אין גימנאַזיע, דעמאָלט צוברעכט ער זיין איינגעזעסענע פערשימעלטע נעסט, וואו ער איז אַלט געוואָרען פאַר דער צייט און וועט בויען אַ נייע וועלט, אַ שענערע, אַ פרייערע און זי, שיינדעל, וועט איהם בענייען זיינע כחות.

אין דעם נוסח האָט ברוך זיינע ביידע בריף געשריבען און

שיינדעל האָט אָנגענומען איהר מזל פאַר ליב. אמת זי האָט דאָס צווייטען מאָל חתונה געהאַט און אַלץ אויף דערווייל, נאָר זי וואָלט זיך נישט געביטען מיט קיינעם אין דער וועלט.

# טז.

שיינדעל מיט בעניען זענען לסוף געקומען אַהיים: ער אַ שעמעוודיגער, אַ דערשראָקענער פאַר די נייגעריגע בליקען פון פרעמדע און דעם צאָרען פונ׳ם אייגענעם טאַטען, וואָס האָט איהם ערוואַרטעט מיט דער ביינעריגער שווערער האַנד זיינער און זי—אַ דרייסט־גליקליכע פאַר לייטען און אַ צופרידענע מיט זיך אַליין. באַלד אויפ׳ן סטאַנציע האָט זי צוגענומען מזל־טוב, דאנקענדיג מילד פאַר די ברכות, וואָס מען האָט איהר געגעבען פון אַלע זייטען. דער געטרייער אַפּאַנאַס איהרער, וואָס פלעגט לויפען צו יעדען צוג זי בעגעגענען, האָט מיט גדלות פערנומען איהרע רייזע-פעקלעך און זי איז אַוועק גלייך נאָך איהם געאַרעמט מיט בעניען צו זיך אַהיים, איבערלאָזענדיג אַנ׳עולם מענשען, פערגאַפטע און ערשטוינטע אויף זייער בייזען וואונדער.

קעגען דער מאַמען האָט זי זיך אויך געשטעלט ווי אַ העלדין. ווען אַפּאַנאַס האָט איהר נאָר איבערגעגעבען, אַז דאָרטען אין ראָדניקאָווע איז אַלצדינג אין אָרדענונג: דער טאַטע זיצט און לערענט, די באָבע שפינט און גיטעלע זיצט איבער די ביכלעך, איז זי אַוועק מיט אַ גרינג געמיט צו דער מאַמען אין קלייט אָבגעבען איהר מזל־טוב און נאָכפרעגען, וואָס מאַכט דער טאַטע. דערזעהענדיג זי אויף דער שוועל, האָט זיך איטע צוויינט אויפ׳ן קול, גענומען שעלטען די שונאים און טענה׳ן ווי פון אַ מענה־לשון ...רויס, אַז זי קאָן פאַר קיינעם די אויגען נישט ווייזען. שכנא איז אַרומגעלאָפען אַ גאַנצע וואָך איבער׳ן שטעדטיל אויף לייטישע געלעכטער און דער טאַטע קוים וואָס ער לעבט שוין. אַ גאַנצע וואָך לאָזט ער נישט אָב גיטעלען פון זיך. די באָבע שלאָפט נישט דורך די נעכט און וואַרימט איהם קלייען צו דער קראַנקער זייט. זי האָט אויסגעהערט דער מאַמעס ביטער הארץ הכנעה׳דיג און שטיל, נאָר אַז יענע האָט נישט אויפגעהערט צו יאָמערען און אונטער די פענסטער האָבען זיך אָנגע-

הויבען פער׳גנב׳ענען נייגעריגע בליקען, האָט זי איהר געזאָגט בתמימות:

—וואָס בעזווינסטו מיך אַזוי? איך בין דאָך נאָך נישט געשטאָרבען. איך האָב געוואָלט בעניען, האָב איך מיט איהם חתונה געהאַט. בתיה האָט געמעגט נעהמען, וועמען זי האָט געוואָלט. חנה האָט געמעגט, מעג איך אויך. זעהסט נאָר די געווינען. אַזוי ווי איך וואָלט זיך גע׳שמד׳ט.

—לייטישע געלעכטער—האָט איטע געשטאַמעלט אַ צוגאַנגענע אין טרעהרען-ער, קוים וואָס ער לעבט. דער אַלטער גוי איז נאָך געקומען זיך אויס׳טענה׳ן. איהם שטעהט נאָך נישט אָן. שען האָסטו זיך אויפגעפיהרט... מיינע שונאים זאָלען געפּרובט ווערען צו מיין האַרץ.

—נו, נו, ווערסט דאַרפען חתונה מאַכען גיטעלען, וועט איהר צום שידוך נישט שאַטען. קום צו געהן בעסער, ווערסטו זעהן מיין נייע דירה. איך האָב שען מעבעל. איך האָב געקויפט גאַרדינען. ווערסטו קומען, מאַמע? איך בעט דיך, ווייַן נישט. האָסט דאָך געוואָלט איך זאָל חתונה האָבען, האָב איך חתונה געהאַט. איך וועל האָבען אַ יונגעלע, אַ מיידעלע, ווערסטו האָבען נחת... וואָס ווילסטו נאָך? האָסט דאָך געציטערט, איך וועל פערזיצען.

איטע האָט איהר גאָרנישט געענטפערט. זי איז שוין זאַט געווען מיט רייד און קלאָגעניש. זיצענדיג ביי דער אָפענער טהיר אַ פערשטויבטע אין מעהל, האָט זי נאָר געזיפצט פון צייט־צו־צייט און געווישט זיך די נאָז מיט אַ ברעג פון איהר ברייטען פעט־גלאַנצעדיגען פאַרטוך.

—ווערסטו קומען?—האָט שיינדעל ווידער געבעטען און אַזוי ווי זי איז געשטאַנען אַ זויבערע און אַ דופטיגע אין איהרע העלע מוסלינען מיט׳ן גרויסען שוואַרץ-גאַזענעם הוט, האָט זי זיך אָנגעבויגען צו דער פעט־פערשטויבטער מאַמען און האָט זי אַ קוש געטהון אין דער געזאַלצענער פערוויינטער באַק איהרער.

—זאָל די באָבע אויך קומען. מאָרגען וועל איך געהן קיין ראָדניקאָווע געוואָר ווערען דעם טאַטען.

איטע האָט זיך ווידער צוויינט אויפ׳ן קול און שיינדעל איז געשווינד אַוועק פון קלייט.

—איבערגעקומען!—האָט זי געטראַכט, געהענדיג אַהיים. איך שכנא איז איהר נאָך איצט געבליבען אויפ׳ן קאָפּ. שכנא מיט זיינע גראָבקייטען און האַרטע דאָרפישע קללות. ווייטער איז זי מיט זיך

צופרידען געווען. דער ענין איז דורכגעגאַנגען אויפ׳ן בעסטען אופן. אין שטעדטיל איז שוין געווען דער ערשטער טומעל אַראָב. חנה מיט דאַווידקען זענען געקומען איהר אָבגעבען מזל-טוב און האָבען איהר געבראַכט אַ טאָרט. דעם אַנדערען טאָרט האָט איהר געשיקט אַשכנזי, דעם דריטען—די גלח׳טע, דעם פיערטען—דער דאָקטאָר מיט דער דאָקטאָרין, נאָר די באַבקע יאָכימיכאַ האָט נישט דערלעבט צו זעהן אין איהר דעם נחת. איהר נייער פערעהרער, דער בוכהאַלטער פון קאַנטאָר, האָט איהר אַריינגעשיקט אַ שאַכטעל טהיי־געשיר מיט איהר נייעם פאַמיליען־נאָמען אין גאָלד געקריצט און דאָס קוישעלע, וואָס איז געשטאַנען אויף ברוכ׳ס עטאַזשערקע דאָרטען אין איהר מיידעלשער דירה, איז פול געוואָרען מיט וויזיט־קאַרטען פון די שענסטע מענשען אין זאַבאָלאָטאָוו. מען דאָט איהר געוואונשען גליק, אַ צופרידען לעבען מיט בעניען.... ליבע און האַרמאָניע מיט בעניען... איינהייט און פריידען מיט בעניען...

ס׳איז איהר נאָר געווען צום לאַכען. דער ווילדער פערגרעבטער בעניע, וועלכען זי פיהרט נאָך זיך ווי אַ געטרייען הונד, איז ער עס איצט דער האַר איהרער. מען שרייבט צו איהר אויף זיין פאַמיליע. אויף די גילדערנע לעפעלעך איז געקריצט זיין נאָמען און וועט די מאַמע פון איהר אַ נחת דערלעבען, וועט מען קלינגען איבער׳ן שטאָדט, אַז ביי בעניען איז אַ ברית... אַ משוגענע וועלט. דאָך האָט זי, שיינדעל, אָבגענאַרט אַלעמען. נאָר שכנא׳ן דאַרף זי איבערקומען און בערוהיגען דעם טאַטען. וואָלט איהם כאָטש די זייט נישט וועה געטהון. נאָר זי וועט זיך שוין אַנ׳עצה געבען. זאָל שוין קומען ברוך

---

שיינדעל מיט בעניען האָבען אויף זייער יום הדין לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטען. פרייטאָג נאָך האַלבען טאָג איז געקומען פון קריוואָ־דוב אַ הויך־אויסגעבעטע פוהר געשפאַנט מיט אַ האָפערדיג געפאַשעט פערדעל און צוגעדעקט מיט אַ געשטרויפטער טוך פון אייגען געוועב גאָר אויפ׳ן פריצ׳ישען שטייגער און דער פוהרמאַן האָט געבראַכט פון שכנא׳ן אַ בריוועל, וואָס זיין אייניקעל, מאָטעלס וואוילקענדיג בחור׳ל האָט אָנגעשריבען אויף אַ בלעטעל פון אַ רוסישען פאַפיר־העפט וואָרט ביי וואָרט, ווי דער זיידע האָט געהייסען:

לבני היקר מו"ה בעניע נ"י.

איך, דיין טאַטע, בעט דיך און דיין ווייב מרת שיינדעל תחי' איהר זאָלט ביידע קומען אויף שבת. האָב נישט מורא. איך וועל דיר גאָרנישט טהון. איך האָב געגעבען דעם רב אַ האַנד, איך זאָל אַלצ־דינג אָננעהמען פאַר ליב. קום צופאָהרען דו מיט דיין ווייב שיינדעל און איהר וועט ביי מיר זיין גוטע געסט. די מאַמע האָט געמאַכט אַ שענעם שבת און פאַר דיין ווייב האָב איך אָנגעגרייט אַ מתנה ליי־טען־גליין. מאַך נישט קיין שהיות.

פון מיר דיין פאָטער שכנא.

בעניע האָט זיך דערפרעהט און שיינדלען איז איינגעפאַלען דאָס האַרץ. צו אַלצדינג איז זי גרייט געווען, צו זלזולים, צו קללות, צו עפענטליכע סקאַנדאַלען, נאָר נישט פאָהרען צו שכנא'ן אין געסט און צונעהמען ביי איהם מתנות אַלס אַ שנור זיינע. ס'איז געווען אַ מיאוסע געשיכטע. נאָר זי האָט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. זי האָט עס געמוזט אַראָבשלינגען. בפרט ס'געהט צו אַזוי איידעל און אַזוי שטיל. מילא, זי וועט דאָס אויך איבערקומען.

שיינדעל האָט דעם פוהרמאַן מכבד געווען מיט וויין און לעקעך און האָט בעקומען פון איהם אויך אַ ברכה אינאיינעם מיט בענקען, וואָס האָט זיך אויסגעקליבען אַזאַ שען ווייבעל. דערנאָך האָט זי איינ-געפאַקט אין אַ רענצעל די צוויי טאָרטען, וואָס זענען נאָך איהר גע-בליבען שיריים, אַ כאַלאַט אין שטוב צו געהן, בעניען אַ'אַנצוג און דעם געוויסען טלית, אין וועלכען ער האָט אַליין איינגעפלאָכטען ציצית ביי דער לעצטער מינוט. דאָס ביסעל באַגאַזש האָט דער פויער אַריינגעלעגט צופוסענס אין וואָגען. שיינדעל האָט אָנגעטהון אַ מאַנטעל מיט אַ שוואַרץ-זיידענער שאַל אויף'ן קאָפּ און, אָבזעגענענדיג זיך מיט'ן דאָקטאָר און דער דאָקטאָרין, איז זי אין דער בעגלייטונג פון אַפּאַנאַס'ן אינאיינעם מיט בעניען אַרויסגעפאָהרען פון הויף.

שכנא האָט זיך ווירקליך געשטעלט איידעל.

פונקט ווי ער האָט אָבגעהיט דעם רב'ס חנוכה-מתנות, וועלכע ער פלעגט מיט דער ברייטער האַנד אַרויספיהרען איהם אַנטקעגען קיין ראָדניקאָווע, אַזוי הייליג האָט ער ערפיהלט זיין וואָרט בנוגע צו בעניען מיט שיינדלען. ער האָט געלאָזט קוילען די שענסטע צוויי העהנער פון שטוב. פריידע האָט ביי איהם בעקומען אַ פרייען אַרייג־

גאַנג אין שפּייכלער צום קויש מיט די אייער און דעם דייזשעל ביי־נען־האָניג. אויף זיינע אייגענע מבינות האָבען זיך ביי איהר אויך געבאַקען אייערדיגע חלה און אַ קאָרענער לעקעך. אונטער זיין גע־טרייער השגחה האָבען זיך אין אויוועז געטרוקענט יונגע ניס און פרישע יאָדערען. מאָטעלס בחור׳ל האָט ער ספּעציעל געשיקט אויפ׳ן סטאַנציע ברענגען טהיי מיט צוקער און ווייז אויף קידוש. פון זינט שכנא האָט זיינע טעכטער אויסגעגעבען, איז ביי איהם נישט געווען אַזאַ שבת.

שיינדעל מיט בעניען זענען געקומען בעצייטענס, נאָר אין שטוב איז שוין געווען אינגאַנצען שבת׳דיג. דאָס דאָרפישע שטיבעל מיט׳ן געטרוקענטען מאָך אין די שפּאַלטען פון די ווענד, בעהאָנגענע מיט געפלאָכטענע צוויבעל־קרענץ און פאַסמעס כשר־געקליבענע שוועמלעך, האָט חנ׳עוודיג געגלאַנצט מיט דער זאַמדיגער פּאָדלאָגע, בעשענט מיט׳ן געקאַלכטען אויוועז און קלאָר־געגרייטען טיש אויבען־אָן. די קוזניע איז שוין געווען פערמאַכט פון לאַנג. שכנא, אַ שיינענדיגער מיט׳ן אַריבערגעלייגטען קאָלנער פון דער ווייסער העמד און פריש־אויסגעקרייזעלטע פאות, איז געזעסען נעבען פענסטער און האָט מעביר געווען די סדרה אויף עברי־טייטש און פריידע איז שוין אויך געווען אינגאַנצען אַ שבת׳דיגע. אַנ׳אויסגעציהרטע אין איהר וואָלענעם פאַר־טוך מיט׳ן סאַטינענעם טיכעל האָט זי זיך צוגעזעצט מיט פערלייגטע הענד פאַר דער טהיר, אַרויסקוקענדיג די קיה פון פעלד מיט דער קינדערשער פוהר, וועלכע זי האָט שוין אַזוי געגאַרט צו זעהן. ענד־ליך האָט זי זיך דערוואַרט.

זי איז אַרויסגעלאָפען זיי ענטקעגען און האָט זיך געוואָרפען קושען צו דער שנור, בלייבענדיג באַלד אויפ׳ן אָרט אָהן ווערטער און אָן אָטהעם. שיינדעל האָט זי אַריינגעפיהרט אונטער די הענד אין שטוב אַריין און, אַוועקזעצענדיג זי ערגיץ אויף אַ באַנק נעבען דער וואַנד, איז זי אַליין געבליבען שטעהן אַ דערשראָקענע און אַ צוטומעל־טע, זי האָט בעגעגענט אויף זיך דעם אַלטענס אַ בליק און אַ שוידער האָט זי דורכגענומען. ער איז געזעסען נעבען פענסטער אַ גרויזאַמער און אַ שווייגענדיגער און אָנגעלעהנט ביים צווייטען פענסטער איז גע־שטאַנען דער פערלאָרענער בעניע, אויך אַזוי שטום ווי דער טאַטע.

—נו, דיין מזל!—האָט לסוף אַ זאָג געטהון דער אַלטער שטרענג און האַרט, ווי ער וואָלט יעדעס וואָרט געשניטען פון עפּיס—דיין מזל,

וואָס איך האָב געגעבען דעם רב אַ האַנד. וואָלסט שוין, זוהנעלע, קיין לעבעדיגער פון מיינע הענד נישט אַרויס. אָהן מיין דעה! האָסט געלאָזען אָלעסיע און ביסט געוואָרען אַ טאָג־מענש אויפ׳ן סטאַנציע. וואָלטען זיי ברענען די סוחרים, איידער מען האָט זיי דאָ דערקענט. אָלעסיע האָסטו געלאָזען? אָלעסיע? פאַר אַ פרעמדען שמיד? די שטוב זאָל צופוילט ווערען, זאָל אַריבער אין פרעמדע הענד?! יאָ, זוהנעלע, גוטע יאָהרען האָב איך דערלעבט. נו, דיין מזל. האָב נישט מורא. איך וועל דיר גאָרנישט טהון. אַ האַנד איז אַ האַנד. טהו אויס דעם אויבער-בגד און וואַש זיך איין לכבוד-שבת. און דו, טאָכטער, וואָס שטעהסטו אַזוי? דיין טאַטע איז ברוגז. איהם שטעהט נישט אָן דער שידוך. ער איז היינט געוואָרען אַ נגיד און דו ביזט ביי איהם אַ גע-ראָטענע טאָכטער. מאַלע וואָס. מיר שטעהט אויך נישט אָן. איך בין געקומען צו איהם מיט טענות, האָט ער מיר נישט געענטפערט. דער־נאָך האָט מיך דער רב געשיקט איהם איבערבעטען, האָט ער מיר ווידער נישט געענטפערט. ער איז אַ למדן, פאַסט איהם די גאוה און איך בין אַנ׳עם־הארץ, מעג איך בילען, ווי אַ הונד. נאָר מיר שטעהט אויך נישט אָן, כאָטש איך זיץ נישט ביי דער גמרא. נו, וואָס שטעהסטו אַזוי אין מיט׳ן שטוב? דיר שטעהט אויך נישט אָן? האָסט דאָך אויס-געפיהרט וואָס דו האָסט געוואָלט. צוגענומען איהם פון אָלעסיע, פונ׳ם טאַטען, פון דער מאַמען. וואָס ווילסטו נאָך? זיץ, ביזט דאָך אַ גאַסט. חתונה געהאַט, איז פערפאַלען. לעבט אויס די יאָהרען. איצט ביזטו שוין אַ קינד, ווי אַלע קינדער. איך האָב דיר אָנגעגרייט אַ מתנה אויך. פריידע, נעהם נאָר אַרויס די לייכטער פון קופערט.

שיינדלען האָט געטרייסעלט, ווי אין פיבער. די פיס האָבען זיך אונטער איהר געבראָכען. אויטאָמאַטיש האָט זי אויסגעטהון פון זיך דעם מאַנטעל, וועלכען בעניע האָט ביי איהר צוגענומען אויפצוהענגען און אַליין האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקעל מיט דער שוואַר-צער שאַל אויפ׳ן קאָפּ, אַ פערטרויערטע און אַ צוטראָגענע, ווי נאָך אַ גרויסען אומגליק, וואָס זאָל זי האָבען געטראָפען. פריידע איז דער-ווייל צו זיך געקומען. לויט׳ן אַלטענס בעפעהל האָט זי אַרויסגענומען פון קאַסטען די פאָר פראַזשעטענע לייכטער, וואָס זענען געלעגען אָנגעגרייט פון דער נייער שנורס וועגען, און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן טיש נעבען איהרע פיער מעשענע קליין־פערשעמטע לייכטער־לעך, ווי צוויי זיילען פון לויטערען זילבער מיט קרוינען אויף די קעפּ.

—נאַ, אָט האָסטו דיר אַ פּאָר לייכטער—האָט שכנא ווידער גע־טאָקט זיינע ווערטער—איך האָב זיי דיר אויסגעשריבען פון שטאָדט דורך אברהמ׳קע דעם קרעמער. אויף נאמנות. און די אַנדערע פּאָר זאָל דיר קויפען דער טאַטע דיינער. ער איז היינט אַ נגיד. קיין נדן האָט ער דיר נישט געגעבען, זאָל ער דיר קויפען זילבערנע. איך פערמאָג נישט קיין בעסערע. קאָסט אַזוי אויך אַ פּולע געלד. אויף אמת׳ע נאמנות. נו, וואָס זיצסטו דאָרטען אין ווינקעל מיט דער שוואַר־צער פּאַטשיילקע איבער די אויגען. ביזט דאָס אַזאַ צנועה? טהו זיך אָן. אָן; די זון פערגעהט. צייט ליכט־בענשען.

שיינדעל האָט אַראָבגערוקט דעם שאַל איבער די אַקסלען און האָט זיך צוגערוקט נעהענטער צום טיש און, אַז די אַלטע פריידע האָט די ליכט אָנגעצונדען, איז זי אויך אויפגעשטאַנען צו דער זעלבער ווייבערישער עבודה. זי האָט אָנגעצונדען די האַלבע סטעאַרין־ליכטלעך אין איהרע נייע גרויסע לייכטער, וואָס האָבען מיט אַ זילבער־גלאַנץ דעם קאַרגען ישוב׳ישען טיש בעשענט. נאָר מאַכענדיג די ברכה הויך און דייטליך ווי אַ גוטער בעל־עברי, האָט זי אינסטינקטיוו צוגעדעקט דעם קאָפּ, ווי פריהער.

זי איז דעם שבת אויך ווי עס איז איבערגעקומען. זי האָט אויסגעהערט שכנא׳ס גוטע מיינונג וועגען בעניעס זיידענעם טלית. בייטאָג איז שיינדעל געגאַנגען צו מאָטלען אויף כיבוד און געטרונ־קען דאָרטען פרישע טהיי, וואָס איהר שטאָדטיג־געזאָגענע שווערין האָט צוליב איהר בעשטעלט ביי אַ גוי נאָך פון פרייטאָג. אויך האָט זי געלויבט דער שוויגערס קאָרענעם לעקעך, מיט וועלכען זי האָט איהר נישט אויפגעהערט צו קיכלען און געשמייכעלט מילד, ווען מאָ־טעלס קינדער האָבען זיך צו איהר געלאַשטשעט און גערופען זי מוה־מינקע. זי האָט זיך דאָ אויך געהאַלטען, ווי אַ העלדין און דער עולם איז פון איהר צופרידען געבליבען. אמת זי איז ביי די קריוואָ־דובער שמידען נישט געווען קיין פרעמדע. מען האָט זי געקענט פון קינד־ווייז, נאָר די לעצטע יאָהרען האָט מען זי אַלס אַזעלכע פערלאָרען פון די אויגען. מען האָט זי געזעהן אַרומפּאָהרען אויפ׳ן וועליסאָפּעד איבער אַלע דערפער. מען האָט דערצעהלט חידושים פון איהרע קליי־דער, פון איהרע קענטענישען און איהר חכמה. נאָר דאָס איז שוין געווען אַן׳אַנדער שיינדעל. נישט ־ענע, דאָס שטילע ראָדניקאָווער מיידעל, לייזערס טאָכטער, וואָס פלעגט קומען אַמאָל אין קוזניע אַריין צו

די בחורים אָנשארפען א מעסער אָדער א שערעל. איצט איז עס גע־וועז די זעמסקע אקושערין מיט די שטאָטדיג - פרשייטע גענג.. וואָס האָט אָבגערעדט א מאן פון א ווייב און א טאטען פון קינדער. מען האָט גערעדט פון איהר אין אלע ארומיגע דערפער, ווי פון א מכשפה — און מיט א מאָל האָט זי גאָר חתונה געהאט פאר בעניען און איז גע־קומען צו גאסט די זעלבע וואוילע שיינדעל, ווי אמאָל. מאָטעלס ווייבעל האָט זיך א גאנצען שבת גע׳סוד׳עט מיט דער שוויגער און אלעמאָל ארויסגעכאפט זיך מיט התפעלות:

— געבענשט זאָל זיין די שטאָדט. וואָלט עס א דאָרפישע אזוי אָבגעאכט באלד נאָך דער חתונה, וואָלט איהר קיין זאך נישט גע־פעלען געווען און דאָס איז די איידעלקייט, די פראָסטקייט פון איהר. א קליינינקייט אָבגעוועזן צוויי יאָהר אין א שטאָדט און נאָך א געלערנ־טע דערצו.

די אלטע האָט פאר פרייד געלאָזט דערויף א טרעהר און יעדע מינוט געזוכט די נייע שנוהר צו געבען איהר עפעס אין מויל אריין, נור דער אל־טער האָט זיך געהאלטען ביי זיין אָנגעבלאָזענער שטילקייט און האָט איהר בייז נאָכגעקוקט פון צייט צו צייט.

באלד נאָך הבדלה איז שוין ווידער געשטאנען ביי דער טהיר די הויך - אויסגעבעטע פוהר אָבצופיהרען דאָס פּאָר־פּאָלק אהיים. אין שטוב איז געווען טומעלדיג. מאָטעלס קינדער האָבען זיך אלע גע׳־רש׳ט נעבען דער מוהמען, וועלכע האָט זיי צוטיילט דעם לעצטען מאָרט פארן אוועקפאָהר. די שווענערין האָט זיך געהאלטען אין איין בענשען מיט איהר און פריידע האָט געוויינט שטילערהייט, ווי איהר טבע איז געווען סיי אין פריידען, סיי אין ליידען. שיינדעל האָט אָנ־געטהון דעם מאנטעל מיטן שאל אויפן קאָפּ בעניע איז אויך גע־שטאנען גרייט צו דער רייזע. זי האָט זיך אָנגעהויבען זעגענען, פרי־הער מיט דער שוויגער און דערנאָך מיט מאָטעלס ווייבעל, נור דער אלטער האָט זי אָבגעשטעלט:

— ווארט נור א ווייל. קום מיט מיר ארויס אין הויף. איך דארף דיר זאָגען א פּאָר ווערטער...

ער האָט זיך געלאָזט געהן צו דער טהיר און שיינדעל א פּער־ציטערטע נאָך איהם. ס׳איז געווען א פינסטערער אלול־אָוונד. א גע־דיכטער נעבעל האָט זיך געשפרייט פאר די אויגען און האָט אלץ אין זיך פּערבאָרגען ארום. מען האָט נישט געזעהן קיין איין טריט צו

געבען, נאָר דער אלטער איז שטעהן געבליבען אינם שיין פונ׳ם ליכטיגען פענסטער און זי אין דעם זעלבען ליכטיגען אָבגלאנץ קעגען איהם:

— הערסט, טאָכטער — האָט ער געזאָגט הארט אויף זיין שטיי־גער — איך וויל דיר פארן אוועקפאָהרען זאָגען א ווערטער, נאָר דו זאָלסט זיי געדענקען! זאָלסט וויסען, טאָכטער, אז דו ביזט איצט א ווייב פון א מאן. פריהער, וואָס איז געווען, איז געווען... זאָל דיר גאָט מוחל זיין.. פאר דער חופּה ווערען אלע עבירות פערגעבען. נאָר איצט גע־דענק, ווייבעל!... דאָס איז ביי פּאראסקען היינט וואנקע און מאָרגען פעדקע... דו ביזט א יודיש ווייבעל... געדענק!... זאָלסט זיין אנ־עהרליכע יודישע טאָכטער!..

— איך בין אלעמאָל... — האָט זי געשטאמעלט אין שרעק.

— געדענק ווייבעל!... קוק מיר גלייך אין די אויגען אריין...

שיינדעל האָט געקוקט צו דער ערד, אין דער פינסטערניש, צו דעם בלינד־פּייכטען פענסטער. זי האָט זיין בליק נישט געקאָנט אויס־האלטען...

— געדענק, ווייבעל!... ביז א יודישע טאָכטער...

———

שיינדעל איז געקומען פון קריוואָ-דוב מיט א צובראָכען געמיט. פאָהרענדיג האָט זי זיך אומזיסט געבייזערט אויף בעניען. דערנאָך איז זי אָנגעפאלען אויף דעם אונשולדיגען אפאנא׳ן, למאי דער הונד האָט קוויטיגע פיס און שפּעט אין אָווענד האָט זי דעם זעלבען אומ־גליקליכען בעניען אוועקגעזעצט לעזען א בוך. אליין האָט זי זיך אָנ־געטהון אין ווייסען און איז אוועק אין איהר מיידעלשען סאלאָן שריי־בען ברוכ׳ן א בריעף וועגען שכנא׳ס גרויזאמע עטליכע ווערטער און איהרע איבערלעבונגען אין קריוואָ־דוב. נור מיט דעם האָט זיך נאָך ביי איהר דער אָווענד נישט געענדיגט. דערזעהענדיג א זייגער האלב־איינס, אז ביים דאָקטאָר זיצט מען נאָך, איז זי אריינגעגאנגען און האָט אָנגעקלונגען אין קאנטאָר מיט א בעפעהל צו אשכנזי׳ן ער זאָל די מינוט קומען שפּיעלען מיט איהר א פּארטיע, ווייל זי פיהלט זיך עפּעס נישט גוט און קאָן נישט שלאָפען. די האלב געמאכט דערויף א פּירוש און ס׳איז אויפן אָרט בעשאפען געוואָרען א בע׳טעמ׳טער וויץ. א שעהן ווייבעל, צוויי וואָכען נאָך דער חתונה און רופט ארוים אין מיטען

נאַכט אַנ׳אַלטען פערעהרער, ער זאָל מיט איהר שפּילען אַ פּאַרטיע אין שאָך. וואָס קאָן זיין פּיקאַנטער? דער דאָקטאָר מיט זיין אייביג־שכור׳ן קרוב, דעם סטודענט אין אורלויב, האָבען איהר אויך אַריינגעזאָגט אַ פּאָר גוטמוטיגע ווערטלעך וועגען דעם. די דאָזיגע האָבען זי געער־גערט און אַרויסגערופען ביי איהר אַ שלעכט געפיהל צו זיי, די וואוי־לע מענשען, וואָס האָבען זיך איבער אַלצדינג געוויצעלט פון אומעט און פּוסטקייט. אין דער רגע האָט זי ווידער געקלונגען אין קאַנטאָר און האָט ליבליך געדאַנקט אַשכנזי׳ן פאַר זיין גוטסקייט. נישט כדאי שוין צו געהן אַזוי שפּעט. זי וועט עפּיס לעזען.

שיינדעל האָט די נאַכט נישט געשלאָפען. זי האָט פערברענט אַלע וויזיט־קאַרטען מיט די ברכות און וואונשען, וואָס מען האָט איהר נישט אויפגעהערט צו שיקען פון זינט זי איז געקומען מיט בעניען אַהיים...

דערנאָך האָט זי זיך בערוהיגט.

יח.

בעניע האָט אָנגעהויבען אַרבייטען אויפ׳ן זאַוואָד און פלעגט אַלע פרייטאָג ברענגען שיינדלען פון דער וואָך זיין אַרבייטס־לוין. ער איז געווען גוט, שטיל און האָט דורכאויס געהיט איהר געשטעלטע אָר־דענונג בנוגע צו איהם, סיי ביי זיך אין שטוב, סיי אין סאַלאָן צווי־שען איהרע געסט. זעקס אַ זייגער פאַרנאַכט, ווען ער איז געקומען פון דער אַרבייט, האָט ער געוואוסט אַ חק צו וואַשען זיך, קעמען די האָהר מיט אַ שרונט אָן אַ זייט, בעשפּריצען זיך מיט אָ־דע־קאָלאָן און איבערקליידען זיך פון די שיך ביז דער היימיש־עלעגאַנטער בלוזע מיט׳ן אָבגעלייגטען קראַגען, וואָס ער איז מחויב געווען צו טראָגען אין שטוב מיט אַ שנור ביי די לענדען. ווייטער האָט ער נאָך געזאָגט אויף זיך אַ חוב אַלע טאָג לעזען די צייטונג און בעגריסען דער דאָקטאָרין צום ערשטען.

דאָס אַלצדינג האָט בעניע אָבגעהיט אַזוי הייליג, ווי דער טאַ־טע זיינער דעם רב׳ס נדרים. שיינדעל האָט אויפגענומען ביי זיך אין איהר אַלטער וואוינונג די הויך־געשטעלטע מענער־געזעלשאַפט פון

זאַבאָלאָטאָוו, ווי פריהער. מען האָט ביי איהר געשפּילט אין שאָך,
גערעדט פון פּאָליטיק, פון געשעפטען, פון ביכער און גלאַט אַזוי זיך
דברים־בטלים. נאָר בעניע האָט זיך פון דעם אַלעמען געהאַלטען ווייט־
ליך, ווי איהם פּאַסט און שיינדלען שטעהט אָן. ער איז געזעסען אין
דער נייער דירה ביי אַ בוך, אָדער ביי זיין טעגליכער פּאָרציע ציי־
טונג גאָר ווי אַ זייטיגער מענש. נאָר ער האָט געמעגט אַריינגעהן
צו איהר אויך. זי האָט איהם איינמאָל פאָרגעשטעלט מיט אַ מילד־
ווייבליכער עהרען-ווירדיגקייט, אַז דאָס איז איהר מאַן און פון דע־
מאָלט אָן איז ער מחויב געווען צו גריסען זיי אין גאַס, אויפהוי־
בענדיג לייכט דעם הוט און דאָ ביי איהר געבען יעדען די האַנד.
ווייטער איז ער געווען פריי. האָט זיך איהם געוואָלט, איז ער געזע־
סען, אומגעגאַנגען איבער׳ן שטוב, געבעטען ביי אַפאַנאַס׳ן אַ גלאָז
טהיי, אָדער ער איז גאָר אַוועק פון צימער, גאָר אויך אַזוי אומבע־
מערקט, ווי זיין געגענוואַרט. אָפט פלעגט ער אַרומבלאָנדזען אַליין
איבער׳ן אַלטען שליאַך. אַמאָל האָט איהם אויך געצויגען קיין אָלע־
סיע געוואָר ווערען זיין פוסטע שטוב מיט די פערקלאַפּטע פענסטער.
די שענע און עלענדע היים איז פאַר איהם תמיד געווען אָפען. שיינ־
דעל האָט איהם פערזאָרגט מיט אַ בעזונדער שליסעל, ער זאָל זיין
פריי צו קומען ווען ער וויל. זיין געלעגער אויפ׳ן ווייכען דיוואַן
איז אַלעמאָל גרייט געווען צו דער בעשטימטער צייט. אַפאַנאַס האָט
איהם פערזאָרגט מיט אַלצדינג. ווען ער איז אויפגעשטאַנען פאַרטאָג
צו דער אַרבייט, האָט שוין אויף איהם געוואַרט דער געזאָדענער סאַ־
מאָוואַר און מילך מיט פרישע קוכענס. שיינדלען פלעגט ער ערשט
זעהן צום מיטאָג און ביינאַכט האָט ער נאָר געהערט איהרע טריט,
ווי זי געהט דורך פערביי אין שלאָף-צימער אַריין און פערשליסט
נאָך זיך די טהיר, קלאַפּענדיג איין מאָל נאָכ׳ן אַנדערען מיט׳ן שלי־
סעל. אָפט איז זי ביים דיוואַן שטעהן געבליבען און האָט זיך איינ־
געהערט צי ער שלאָפט. זי האָט איהם געקושט אין שטערען פון
צייט־צו־צייט, נאָר אין דער רגע איז זי שוין געווען אונטער׳ן שלאָס
אין איהר איינזאַמען ווייבעלשען שלאָף־צימער מיט די צוויי בעטען
לייטען די אויגען צו פערבלענדען און איהר געליבטער שפּיגעל־שאַפע,
וואו זי האָט זיך געזעהן אין דער גאַנצער גרויס איהרער.

דאָך איז זי רוהיג געווען. זי האָט שוין געהאַט כמעט אַלע
צרות איבערגעקומען. די מאַמע איז צו איהר איינמאָל אַריינגעגאַנגען

צווישען טאָג און נאַכט, אַזוי ווי גע׳גנב׳עטערהייט און האָט איהר געבראַכט אין דער נייער דירה אַ גרויסע חלה, אַלס אַ סימן פון שפע און ברכה. די באָבע האָט איהר אָבגעשיקט דעם חלק לייוונד, וואָס איז געלעגען ביי איהר אין קאַסטען פון זינט בתיה׳ס חתונה און לויט גיטעלע פלעגט דערצעהלען, האָט עס מיט׳ן טאַטען אויך געהאַלטען נישט שלעכט. די קראַנקע זייט איז איהם בעסער געוואָרען און ביי איהר, גיטעלען, דאָט ער זיך נאָכגעפרעגט, ווי אַזוי בעניע האַלט זיך מיט מענשען, וואָס קומען צו איהר אין שטוב אַריין. נאָר געפייניגט האָט זי פריידע מיט איהר גוטסקייט, וואָס זי פלעגט גנב׳ענען פונ׳ם אַלטען די מילכיגס און שיקען עס בסוד אויפ׳ן סטאַנציע צו דער שענער געראָטענער שנוהר איהרער. און ווידעראַמאָל דער טאַטע. לויט גיטעלען האָט זיך געדאַכט, איז ביי איהם געווען אַ פּלאַן פערבעטען זי מיט בעניען אויף סוכות קיין ראָדניקאָווע.

שיינדעל האָט אומגעדולדיג געוואַרט אויף ברוכ׳ן. דער אַלטער שכנא איז איהר נאָך אַלץ געשטאַנען פאַר די אויגען, ווי אַ שאָטען...

---

ברוך איז געקומען צו פאָהרען נאָך אַ זעקס-וואָכעדיגער רייזע איבער די דייטשע שטעדט און קור-ערטער אַן׳אויסגעמאַגערטער, מיט אַן׳איינגעפאַלען עקשנות-פנים און זעהער שלעכט געשטימט. שיינדלען האָט ער געבראַכט אַ מעדאַליאָן בעזעצט מיט טייערע שטיינער, אַ גאָלדען רייפעלע אויפ׳ן קאָפּ לויט׳ן מוסטער, וואָס ער האָט געזעהן ביי אַ יונגער פראַנצויזין אויף אַ באַל אין קיסינגען, שפּיצען פון זעלטענער האַנד-אַרבייט און אויפ׳ן סוף האָט ער זיך נאָך דערמאָנט אויסשרייבען איהר צוויי פאַלמען אין שטוב אַריין, פונקט ווי די דאָזיגע האָבען נאָך געפעלט, ער זאָל איהר אינגאַנצען בעצאָהלען דערפאַר, וואָס ער האָט איהר דערלאָזט חתונה האָבען פאַר׳ן דאָרפישען שמיד מיט דער צוהאַקטער ליפּ.

ער איז צו איהר אַריינגעגאַנגען בייטאָג, אין אַ פּאָר שעה אַרום נאָך זיין קומען, נאָר אויף אייניגע מינוט אַ קוק טהון, ווי זי זעהט אויס נאָך די אַלע איבערלעבונגען, פון וועלכע זי האָט איהם געשריבען כמעט יעדען טאָג און איבערגעבען איהר די קלייניגקייטען, וואָס ער האָט איהר געבראַכט צו פיהרען. זי האָט איהם בעגעגענט מיט פרייד און קושען, ווי שטענדיג. דערצו האָט זי זעלטען גוט

אויסגעזעהן. נאָך איהרע שטימונגספולע בריוולעך פול מיט פחד פאַר'ן אייגענעם שאָטען, האָט עס איהם זעהר געפרעהט. זי איז נאָר געווען אַ ביסעל נערוועז. עפּיס האָט זי זיך געאיילט אַ צוטראָגענע אַוועקצו־געהן ערגיץ. דערנאָך, אַז ער האָט איהר איבערגעגעבען דאָס זיל־בערן זייגערעל, וואָס ער האָט געבראַכט גיטעלען אַ מתנה, האָט זי מיטאַמאָל אינגאַנצען פערגעסען, אַז זי דאַרף אַוועקגעהן און האָט זיך צוגעלייגט אויפ'ן קושעט אַ צופרידענע, וואָס מען רופט זי נישט אין ערגיץ שוין דעם דריטען טאָג און זי קאָן זיך אַזוי, ליגענדיג, לעזען און טראַכטען, ווי זי האָט ליב...

אין אָווענד האָט ער זי ווידער געטראָפען אַ נערוועז־צוטראָגענע. דער דאָקטאָרינס קרוב איז געזעסען ביי איהר און האָט זי געלערענט שפּילען אויפ'ן גיטאַרע, בייזערענדיג זיך פון צייט־צו־צייט אויף זיין גוטמוטיג־שכור'ן שטייגער, וואָס זי איז נאַריש געשטימט און פער־שטעהט לחלוטין נישט, וואָס מען רעדט צו איהר. אַזוי האָט ער זי אויך פער'מסר'ט פאַר ברוכ'ן. דער דאָזיגער האַלב־ניכטערער פאַרשוין איז געזעסען אַ גוטע פיערטעל שעה מיט זיי אינאיינעם און איז געווען אויף אַזוי פיל טאַקטיש אָבצוזאָגען אַ גלאַטען תירוץ, ער זאָל קאָנען גלייך אַוועקגעהן, נאָר שיינדעל האָט איהם אַזוי בעפעהלעריש־מילד געהייסען בלייבען, אַז ער האָט זיך נאָך פעסטער אַוועקגעזעצט אויפ'ן שטוהל און האָט זיך אַליין גענומען פאַר דער גיטאַרע.

אַזוי האָט זי איהם אויפגעהאַלטען העכער אַ שעה צייט. ער איז געזעסען פערוואָרפען דעם קאָפּ אַהינטער, שפּילענדיג אַלערליי רוסישע ניגונים, שטורמישע און אומעטיגע, ווי ער אַליין מיט זיין אַטלעטישען גוף און העל־בלויע קינדערשע אויגען, פייכט־פערנעבעלטע פון שכרות און זי האָט נישט־נאַטירליך געפלאַפּעלט אָהן אַנ'אויפהער. דערווייל איז אָנגעקומען אַשכנזי. שיינדעל האָט זיך מיט איהם שטאַרק דער־פרעהט און איז מיט דעם זעלבען פאַלש־אָנגעשטרענגטען שמועס אַריינ־געפאַלען איהם אין די רייד מיט ברוכ'ן, ווען ער האָט איהם עפּיס איבערגעגעבען געשעפטליך. דעם לעצטען האָט עס אָנגעהויבען צו ערגערען. איז זי געווען נישט-נאַטירליך, האָט זי כסדר גערעדט נאַ־רישקייטען און דאָס מאָל איז זי געווען נאַריש און רעדעוודיג ביז צו משוגעת. ער האָט זיך אַלעמאָל אומגעקוקט צו איהר פון אַ זייט און האָט געקנייטשט מיט די אַקסלען, טראַכטענדיג בייז איבער דעם שוטה אַשכנזי, וואָס קאָן זיך דאָ אַזוי פערזיצען ביז דריי אַ זייגער ביינאַכט.

דאָך האָט ער איהם איבערגעוואַרט. שיינדעל האָט איהם אַפילו שטאַרק געבעטען ער זאָל נאָך זיצען, נאָר דער זייגער האָט געשלאָגען איינס, האָט זיך אַשכנזי אויף דערמאָנט צו זיין טאַקטיש, ווי יענער דער שכור׳ער סטודענט, וואָס האָט איצט ביים דאָקטאָר אין שטוב געזונגען אַ קאַמאַרינסקע, טאַנצענדיג מיט אַ פלעשעל בראָנפען צום האַרצען געדריקט.

—שיינדעלע, ביזט שרעקליך נערוועז. פרעג דעם דאָקטאָר, אפשר זועט ער דיר עפּיס צושרייבען.

ברוך איז געשטאַנען נעבען איהר און האָט געוואַרימט אַ בלאַס־פערקיהלטע האַנד איהרע ביי זיך אויפ׳ן האַרצען. זי האָט אַ שוויי־גענדע און אַ פערטראַכטע געקוקט צו איהם אַרויף, נאָר פון צייט־צו־צייט האָט זי געווענדעט דעם בליק צו די פענסטער מיט די פער־מאַכטע לאָדען, ציטערענדיג אין אַ לייכטען פיבער.

—נו, וואָס וועט זיין? ביזט קראַנק.

שיינדעל האָט פלינק אַוועקגענומען די האַנד איהרע.

—ניין!... ניין!... ס׳איז מיר גאָרנישט. איך בין געזונד. איך לייד נאָר אַ ביסעל קאָפּ־וועהטאָג. זיי אַזוי גוט, ווען מיר אויף אַפּאַנאַס׳ן, וועט ער מיך צופיהרען אַהין... צום שטוב... איך וויל שלאָפען.

—אַפּאַנאַס׳ן? וואָס דאַרפסטו איהם?... איך וועל דיך צופיהרען. אַז איך בין דאָ, דאַרפסטו אַפּאַנאַס׳ן פאַר אַ שומר? משוגע...

—ניין!... ניין! מיט דיר וועל איך איצט נישט געהן... איך האָב מורא... איך האָב מורא... רוף מיר אַפּאַנאַס׳ן. איך בעט דיך. ס׳איז אַ משוגעת. נאָר אַזוי וויל איך. טהו מיר צוליב. אָ, איך בין משוגע!...

ברוך האָט זי פערוואונדערט אָנגעקוקט. זי איז געזעסען אַ פער־שטאַרטע פון שרעק און האָט נישט אויפגעהערט צו שטאַמלען:

—די מינוט... די מינוט... און דו געה גלייך אַהיים. מאָרגען זאָלסטו צו מיר נישט קומען... איבערמאָרגען אויך נישט... איך וועל דיר אָנקלינגען אין טעלעפאָן ווען דו זאָלסט קומען. נו, רוף מיר אַפּאַנאַס׳ן.

—שיינדעלע... שיינדעלע... בערוהיג זיך. איך וועל דיר אַריינ־רופען דעם דאָקטאָר. איך וועל נישט אַוועקגעהן. איך קאָן דיך נישט לאָזען אין אַזאַ צושטאַנד.

ער האָט גערעדט ווייך און בעפעהלעריש. אין יעדען וואָרט

האָט זיך ביי איהם אָבגערופען זיין האַרטע עקשנות און כעס אויף זיך אַליין פאַר זיין אייגענער אומבעהאָלפענקייט. ער האָט ווידער איהר קאַלטע האַנד צוגעדריקט צום האַרצען. נאָר זי האָט זיך אַוועקגעריסען פון איהם:

—ברוך, איך וועל באַלד אָנהויבען שרייען! דו הערסט? רופסטו מיר דעם דאָקטאָר, וועל איך אַזוי שרייען, אַז די גאַנצע שטאָדט וועט זיך אַהער צונויפלויפען. רוף מיר אַפאַנאַס׳ן און דו געה די מינוט אַהיים!... מאָרגען אין דערפריה וועל איך דיר אָנקלינגען. מאָר־גען וועלען מיר איבעררעדען. נו, איך בעט דיך. ברוך... טייערער... איך האָב מורא... ברוך, געה אַוועק!...

ער איז אַרויסגעלאָפען אין הויף וועקען אַפאַנאַס׳ן און, אַז יענער האָט זיך בעוויזען פון זיין פינסטער שטיבעל אַרויס, האָט ער איהם בעפוילען:

—אַפאַנאַס, פיהר צו אַהיים סאָפיאַ לאַזאַראָוונאַ. ס׳טהוט איהר וועה דער קאָפּ. זאָלסט נעכטיגען די נאַכט דאָרטען ביי איהר אין קיך. און אויב עס וועט איהר עפּיס ווערען נישט גוט, זאָלסטו הייסען בעניען אַריינרופען דעם דאָקטאָר און מיר זאָלסטו גלייך קומען זאָגען. דו הערסט. נאָר זאָלסט נישט שלאָפען. זאָלסט זיך איינהערען.

—דאָברע, באַרין, דאָברע—האָט ער איינגעשטימט, טוליענדיג דאָס גלאַט־נאַקעטע קעפּל זיינס אינ׳ם אַלטען פאַלטאָ פונ׳ם דאָקטאָרס ברייטע אַקסלען, וועלכען די דאָקטאָרין האָט איהם נישט לאַנג געשענקט צום ווינטער.

ברוך איז אַריין צוריק אין שטוב און האָט זיך גענומען פאַר׳ן הוט און מאַנטעל. שיינדעל איז געשטאַנען אין ערוואַרטונג ביי דער טהיר, איינגעהילט אין איהר גרויסער שוואַרצער שאַל.

—געה!... געה!...—האָט זי געזאָגט שטיל.

ער האָט איהר אַ קוש געטהון אין האַנד און איז לאַנגזאַם אַרויס אין הויף.

אין עטליכע מינוט אַרום איז שוין שיינדעל געווען ביי זיך אין שלאָף-צימער הינטערן שלאָס. זי איז געשטאַנען נעבען דער שפּי-געל־טהיר פון איהר קליידער־שאַפע מיט צופלאָכטענע האָהר אין גאַנ־צען אַ שימערענדע קעגען דעם זילבערנעם ליכט פונ׳ם עלעקטרישען רעהר און האָט געשמייכעלט צו זיך אַליין, צו איהר אייגען שען געשטאַלט.

—איך לאַך פון דיר, אַלטער נאַר... ווילסט נאָך אודאי אַנ׳-אייניקעל פון דיין זוהן... יאָ, אַלטער נאַר... איך וועל האָבען אַ יונ־געלע און ביי דיין בעניען וועט זיין אַ ברית...

זי האָט שטיפעריש אַ וואונק געטהון צו זיך אין שפּיגעל אַריין:

—געדענק, ווייבעל!...

אינ׳ם צווייטען צימער האָט אַרומגעשפּאַנט בעניע. ער האָט געהערט ־הינטער דער טהיר, אַז זי רעדט עפּיס צו זיך אַליין, נאָר וואָס האָט צו זיין אויער נישט דערגרייכט. מיטאַמאָל איז איהם איינ-געפאַלען אַ משונה׳דיגער געדאַנק, אַז זי האָט דורכ׳ן פענסטער אַריינ־געלאָזען צו זיך ברוכ׳ן. ער האָט זיך איינגעביסען די פינגער פון דער לינקער האַנד ביז׳ן בלוט אַריין און איז אַרויס אַ קוק טהון אַרום שטוב צי די לאָדען זענען פערמאַכט.

אין דרויסען איז געווען שטאָק-פינסטער, אַ תשרי׳דיג רעגענדעל האָט געשפּריצט נאָגענד און שפּאָרעווודיג אין דער שטילקייט פון דער פוילער הערבסט-נאַכט. אין דער לופט האָט געשמעקט מיט נאַסע פער־שימעלטע גראָזען און אָבגעפאַלענע בלעטער. ברוך האָט אַליין גע-בלאָנדזעט איבער׳ן הויכען ברעג מיט אַ היציגען קאָפּ און אַ צובראָכען געמיט. אַ פּאָר מאָל איז ער אַריבער די נייע בריק און האָט זיך פערנומען לינקס צום שפּיטאָל אוןביידע מאָל האָבען זיך איהם גע־דאַכט בעניעס טריט פון ערגיץ. נאָר אַרום איז געווען פינסטער. טהיר און טויער פערמאַכט. דורך אַ שפּאַרינע פון לאָדען אין שיינדעלס שלאָף-צימער האָט זיך נאָר געזעהן פייער.

ער איז שטעהן געבליבען אונטער׳ן פערריגעלטען פענסטער אויס־געבויגען דעם קאָפּ אָן אַ זייט און צו זיין אָנגעשטרענגטען אויער האָט דערגרייכט אַנ׳אָבקלאַנג פון איהרס אַ וואָרט, נאָר דערביי האָבען זיך איהם ווידער געדאַכט בעניעס טריט פון ערגיץ.

ס׳האָט אָנגעהויבען שטאַרקער צו רעגענען און ברוך האָט זיך געלאָזט געהן צוריק.

יט.

—שיינדעלע, געגוג איבערצו׳חזר׳ן שלנא׳ס חכמות. מאַכסט פון

יעדער נאַרישקייט אַ ווערן. האָסט אַ פּאָר מאָל אַ קוש געטהון בעניען, מיינסטו שוין, ווי יענער יוד מיט'ן טריפ'ן באָרשטש, וואָס ער האָט נעגעסען אונטערוועגנס, מיינסט, אַז דערפון וועט שוין חרוב ווערען די וועלט.

ברוך האָט גערעדט ווייך, נאָר זיין קול האָט לייכט געציטערט פון אויפרעגונג.

–ברענגסט מיך אַרויס פון געדולד מיט דיינע קאַפּריזען. פריהער האָט זיך דיר געוואָלט זיין אַ מאָדערנע ווייבעל, ווי דיינע אַמאָליגע חבר'טעס, די קורסיסטקעס. האָסטו חתונה געהאַט מיט בעניען און מיך געמאַכט אויף חוזק. און דערנאָך האָט דיר שכנא דער שמיד אַריינגעזאָגט אַ שטיקעל מוסר, איז דאָס שוין ביי דיר געוואָרען הייליג און ציטערסט שוין פאַר גאָט, ווי פאַר אַ בער. גט זיך און הער מיך אויף צו פייניגען. בעניען איז דאָך אַלץ איינס. איצט, אָדער שפּעטער. די שטעלע אויפ'ן זאַוואָד קאָן סיי ווי בלייבען פאַר איהם און וויל ער, קאָן ער זיך צוריק בעזעצען אין אָלעסיע. קיין שמיד איז נאָך דאָרטען נישטאָ. שכנא וועט דיר שיקען הונדערט דאַנקען און דיין טאַטע וועט זיך אויך שטאַרק נישט מצער זיין, וואָס דו האָסט זיך געג'גט מיט בעניען.

שיינדעל האָט געשוויגען.

זי איז נאָך אַלץ געווען נערוועז און צוטומעלט. צוויי וואָכען זענען אַריבער פון זינט ברוך איז געקומען צו פאָהרען און זי האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט צוגעוויינען צו איהר נייער ראָל פון אַ ווייבעל, וואָס האָט אַ מאַן פאַר לייטען אויף דערוויילּ, און אַ געליבטען מאַן, ווער עס דאַרף זיין דער פאָטער פון איהרע קינדער, מיט וועמען זי טאָר זיך קיינמאָל נישט שיידען...

אַלע האָבען זיך איהר אונטערגעגעבען: די מאַמע, שכנא, די פערגרעבטע באָבע, דער טאַטע אַפילו. דעם ערשטען טאָג סוכות אין דער פרי איז געקומען גיטעלע רופען איהר מיט בעניען קיין ראָדניקאָווע אויף מיטאָג. און זי איז געגאַנגען. זי האָט אויסגעהאַלטען זיין רחמנות-בליק און האָט זיך מיט איהם צוקושט, ווי אַמאָל, ווען זי איז נאָך זיין בעסטע קינד געווען. דער טאַטע האָט געזעצט בעניען אויבען־אָן ביי זיין רעכטער האַנד. דערנאָך האָט ער פאָרגעלייגט דאַווידקען, וועלכער איז מיט חנה'ן אויך געלאַדען געווען אויף וואַרמעס, ער זאָל טרינקען מיט איהם ברודערשאַפט. און פאַר'ן אָוועקגעהן

האָט ער אַראָבגענומען פון זיך דעם גאָלדענעם זייגער און האָט איהם אָנגעטהון בעניען.

ער האָט זיך איהר אונטערגעגעבען אויף זיין שטייגער, ווי איהם פּאַסט, ווי איהם שטעהט אָן, דאָך האָט ער זיך איינגעבויגען פאַר איהר ווילען, ווי אַלע. אַלעמען, אַלעמען האָט זי בעזיגט. נאָר מיט שיינדלען אַליין איז זי נאָך געווען אויפ'ן האַלבען וועג...

ס'איז איהר געווען צום לאַכען. די שיינדעל, וואָס האָט אַליין צוגעטראַכט אַזאַ טייערען איינפאַל, ווי איהר פיקטיווע חתונה מיט בעגיען, אַזוי העלדיש האָט זי צוגענומען ברכות און מתנות פאַר זיך מיט איהר לייטיש-כשר'ן זיוג, ערוואַרטענדיג ברוכ'ן, איהר אמת'ן מאַן און געליבטען פון איהרע יונג-מיידעלשע יאָהרען, מיט וועלכען זי האָט חתונה געהאַט נאָך מיט פיער יאָהר צוריק—די זעלבע שיינדעל האָט איצט מורא געהאַט צו זיצען מיט ברוכ'ן אַליין אין שטוב. נאָר זי האָט געלאַכט פון איהר... בלייבענדיג אַליין אין איהר פערשלאָסענעם ווייבעלשען שלאָף-צימער, איז זי געשטאַנען קעגען דער גרויסער שפּיגעל-טהיר פון שאַפע און האָט איראָניש געשמייכעלט צו איהר:

—איך לאַך פון דיר, אַלטער נאַר... וואַרטעסט אודאי אויף אַנ'-אייניקעל פון דיין זוהן... אָ, אַלטער נאַר!...

זי האָט איהר אַרויסגעשטעלט אַ צונג...

—נאַריש ווייבעל... אַ יודישע טאָכטער דאַרף דען זיין אַ נאַר?..

נאָר צום מאָרגענס איז אויף איהר ווידער אָנגעפאַלען אַנ'אימה. אומעטום האָט זי געזעהן פאַר זיך שכנא'ס בייזע איבערגעקעהרטע אויגען... ווען ברוך איז אַריינגעקומען בייטאָג, האָט זי געעפענט טהיר און פענסטער און האָט גערופען צו זיך די דאָקטאָרין, איהר קרוב, דעם דאָקטאָר אַליין און שפּעט אין אָווענד, ווען איהרע געסט פלעגען אָנהויבען אַוועקצוגעהן ביסלעכווייז, האָט זי זיך געאיילט אַריינצוזאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דער צוועלף-שעה'דיגער פּאָרציע שלאָף, וואָס דער דאָקטאָר האָט איהר צוגעשריבען. דערביי האָט זי געבעטען אַשכנזי'ן, ער זאָל תּפילה טהון, ביינאַכט זאָלען קיין יונגעלעך און קיין מיידעלעך נישט געבוירען ווערען, וועט זי קאָנען שלאָפען פּינקטלעך פון צעהן ביז צעהן. נאָר אַז ברוך פלעגט דאָך בלייבען זיצען, איז זי נאָכ'ן לעצטען גאַסט אַרויסגעלאָפען אין הויף רופען אַפאַנאַס'ן. זי האָט מורא געהאַט צו בלייבען מיט איהם אַליין אין צימער...

אַ משוגעת איז זי בעפאַלען. דאָס האָט זי אַליין מודה געווען.

—שיינדעלע, פאָלג מיך. האָסט דאָך צוליב דעם מיט איהם חתונה געהאַט. זאָלסט זיך קאָנען גט׳ן ווען דו ווילסט. וועסט ווערען פריי פון איהם, איז דאָך דיר גוט, ווי די וועלט. דעמאָלט ביזטו אַ ווייבעל אַ גרושה. נישט חיב פאַר קיין קינד, פאַר קיין עלטערען, דו זאָלסט דאַרפען צו זיי אָנקומען. קיינער וועט מעהר דיינע יאָהרען נישט שאַצען. קיינער וועט דיך מעהר נישט פייניגען מיט קיין חתנים און חתונה האָבען. פריי, ווי אַ פויגעל...

ער איז געשטאַנען נעבען טיש און זי איז געזעסען דערביי געגען דעם אויפרייסענדען ליכט פון אַ געגילטער נאָכמיטאָג־שעה, וואָס דער פייכֿטער טונקעלער הערבסט האָט נאָך געשענקט דער וועלט אַ מתנה און ביידע האָבען זיי געשפּילט אין שאַך, אַזוי וואָלט גע־מיינט יעדער איינציכֿער וואָס וואָלט אין דער מינוט אַריינגעקומען. נאָר פונ׳ם שאַך־ברעט זענען זיי איצט ביידע ווייט געווען. ברוך האָט גערעדט פון אַ וויכֿטיגען ענין און שיינדעל האָט איהם געהערט. זי האָט געוואָרפען פאָרזיכטיגע בליקען אין פענסטער אַריין און ס׳האָט איהר יעדעס מאָל אָבגעקעלט פון זיך אַליין מיט איהרע איינפאַלען און ליגענס, מיט איהר אויסערליכער שטילער בעשיידענהייט און טייוועלשען גיהנום אין האַרצען. ברוך האָט ווידער גערעדט ווייך און בעפעהלעריש:

—בעניע וועט קומען פון דער אַרבייט, זאָלסטו מיט איהם איבער־רעדען. דו הערסט. זאָג איהם וועגען דער שטעלע אויפ׳ן זאַוואָד. ער וועט בעקומען דאָס זעלבע געהאַלט. וועסט איהם אָבגעבען זיינע זאַכֿען מיט די לייכטער, וואָס שכֿנא האָט דיר געשענקט און זאָג איהם צו, אַז דו וועסט זיך מיט איהם שען צוזעגענען. וועסט איהם געבען דריי קושען מיטאַמאָל. איך ערלויב עס דיר פאָראויס.

שיינדעל האָט איהם געהערט מיט קאָפּ. ער איז דירכֿאויס געווען גערעכֿט. די פינף וואָכֿען, וואָס זי האָט געוואוינט מיט [illegible] אין איין שטוב, ווי אַ לייטיש פאָר־פאָלק, זענען געווען איבערגענוג פאַר איהר. זי האָט שוין געקאָנט איצט רוהיג וואַרטען ביז זשאַמקע וועט אָנקו־מען אין גימנאַזיע, אַפילו ביז ער וועט ענדיגען דעם אוניווערזיטעט. איהם אַליין וואָלט זי אויך געגלויבט, כאָטש זיינע וויצען איבער שכנא׳ס מוסר און איהר בייזער מורא פאַר גאָט, ווי פאַר אַ בער, האָ־בען איהר בעליידיגט און ווען געטהון ביז טרעהרען. ביז׳ן טוידט

וואָלט זי איהם געגלויבט נאָר יענע, די קליינע מכשפה, וועט דאָך איהם לסוף אַוועקנעהמען פון איהר. זי פיהלט עס און זעהט. ביי איהם הייסט זי נאָך אַלץ אַ קינד, נאָר זי, שיינדעל, ווייסט שוין וואָס פאַר אַ קינד זי איז. דעם סטודענט האָט זי שוין געפאַנגען אין איהרע נעצע. ער געהט אַרום דורך איהר, ווי אַ משוגענער און קומט שוין אַפילו נישט אַריין שפּילען אַמאָל אַ פּאַרטיע. נאָר דאָס אַהרט איהר נישט. אָט דעם צוטראָגענעם בחור אינ'ם סטודענטען-היטעל האָט זי איהר אַליין רעקאָמענדירט אויף צו לערנען לאַטיין זי זאָל האַלטען עקזאַמען און דערנאָך אָנקומען אין אַפּטייק פאַר אַ שילערין. איהר אייגענער איינפאַל איז עס געוועזען. נאָר ער, ברוך, איז שוין גרייט צו בעטען פאַר איהר דעם אַפּטייקער. זי הנ'ט זיך און קאָקעטירט, ווי אַזוי זי וועט אויסזעהן אַלס פּראָוויזאָרין. דערוויי̆ל מעסט זי זיך צו זיינע פּענסנע און ער טהוט איהר שוין טובות ביי דעם אַפּטייקער. זי, שיינדעל, ווייס שוין וואָס דאָס בעדייט. אַפילו אין אויסלאַנד האָט ער זי געהאַט אין זינען. זי איז דאָ געשטאַנען מיט בעניען אונטער דער חופה און ער האָט ד'אָרטען געדענקט צו קויפען גיטע־לען אַ זייגערעל. פאַר קיין אופן וועט זי עס איהר נישט אַוועקגעבען. זי וועט זאָגען, אַז זי קאָן עס נישט געפינען. ווייזט אויס, מען האָט עס ביי איהר אַוועקגע'גנב'עט און דערוויי̆ל האָט זי עס געדריקט ביי זיך אין פערמאַכטען רידיקול, וועלכער איז געלעגען נעבען איהר אויפ'ן טישעל און דערביי האָט זי נישט נאַטירליך מילד געשמייכעלט:

—מעג איך איהם, הייסט עס, געבען דריי קושען מיט אַמאָל? און וויפיל וועלטען וועלען עס דעמאָלט חרוב ווערען? פון איטליכען קוש אַ וועלט?

—איך רעד מיט דיר ערענסט און דו מאַכסט זיך נאַריש. ביזט פערקראָכען אין אַ זומפּ און האָסט מיך אויך אַריינגעשלעפּט. מען דאַרף מאַכען דערמיט אַנ'ענדע. היינט אין אָוועגד זאָלסטו מיט איהם איי־בעררעדען.

ער האָט גערעדט מיט'ן זעלבען ווייך־שטרענגען טאָן און מיט דער זעלבער אכזריות'דיגער געטריישאַפט זיינער. דערביי האָט ער זיך געאיילט אין קאַנטאָר צו געהן און, קוקענדיג אַלע רגע אויפ'ן זייגער, האָט ער איבערגע'חזר'ט אַלץ די זעלבע ווערטער:

—טאַקע היינט. היינט זאָלסטו מיט איהם איבעררעדען.

—אָבער דריי וועלטען וועלען דאָך חרוב ווערען—האָט שיינדעל

נישט אויפגעהערט צו שמייכלען, נאָר בעמערקענדיג זיין בייז־פער־
עקשנ'ט פנים מיט די צונויפגעדריקטע ברעמען, איז זי מיט אַמאָל
געוואָרען ערענסט און האָט איינגעשטימט אויף זיינע רייד פעסט און
זיכער, ווי ער אַליין האָט גערעדט דערפון.

—יאָ, יאָ. מען מוז מאַכען אַנ'ענדע. איך וועל היינט מיט איהם
איבעררעדען. זאָלסט היינט אין אָוועגד נישט קומען...

---

זי האָט עס גישט געטהון,

זי האָט איינגעשטימט איבערצורעדען מיט בעניען, נאָר זי האָט
מיט איהם גאָרנישט גערעדט. שפּעט ביינאַכט, ווען אַשכּנזי מיט'ן
שכּור'ן סטודענט זענען אַוועק אַהיים, איז זי ווידער געשטאַנען אין
איהר פערשלאָסענעם ווייבעלשען שלאָף־צימער נעבען דער שפּיגעל־
טהיר פון שאַפע און האָט גיפטיג געשמייכעלט:

—אַלטער נאַר!... ווי לאַנג אַנ'אייניקעל פון דיין זוהן... איך לאַך
פון דיר. אַ יודישע טאָכטער מוז עס זיין אַ נאַר?... ער וועט זיך
שוין מיט מיר נישט שיידען... קיינמאָל נישט... קיינמאָל נישט...

זי האָט זיך אַ וואָרף געטהון צום רידיקול, וועלכער איז גע־
לעגען אויפ'ן נאַכט־טישעל און, אַרויסכאַפּענדיג פון דאָרטען דאָס גע־
וויסע זייגערלל גיטעלעס, האָט זי עס געגעבען אַ שליידער גלייך אין
שפּיגעל אַריין.

—אָ, קליינע מכשפה!... ער איז שוין איצט אין מיינע הענד...
איך וועל איהם שוין איצט צובינדען אַזוי ווי מינע...—האָט זי גע־
שטאַמעלט מיט כּעס, נאָר זי האָט גלייך בעמערקט אויפ'ן שפּיגעל־
גלאָז דעם שאַרפען האַלב־רונדען שטריך, וועלכעס האָט די פיין־גע־
שפּיגעלטע טהיר צושפּאָלטען אין דער ברייט אויף צוויי בעזונדערע
טהיילען און זי אַליין אויך אַ צוטיילטע אויף צווייען, ווי דער דאָזי־
גער שאַרפער גלאָז־שטריך וואָלט זיך איהר אין האַלז איינגעשניטען.
זי האָט פערבראָכען די הענד און איז אין פּחד שטום געבליבען...
אַרום איז געוואָרען פינסטער. זי האָט זיך ערגיץ אָבגעקלאַפּט דעם
קאָפּ.. . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . .

אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען גרויסער טאָג.
בעניע איז שוין געווען לאַנג אַוועק צו דער אַרבעט און פון הינטער

דער טהיר האָבען זיך געהערט די פּאָרזיכטיגע טריט פון אַפּאַנאַס'ן, וועלכער האָט געראַמט די שטוב און געהיט זיך נישט צו וועקען די בעל-הבית'טע. זי איז געלעגען אויף דער ערד אויסגעצויגען אין דער לענג פון צימער, אַנ'אָנגעטהאָנענע, אַ פערקעמטע, ווי בייטאָג און האָט געקוקט אַרום זיך, וואו זי איז אין דער וועלט.

דער קאָפּ איז איהר שווער געווען. ס'האָט איהר וועה געטהון דער האַלז-און נאַקען און איננאַנצען איז זי געווען אַ פערשטאַהרטע פון קעלט. פון נעכטיגען אָוונעד האָט זי גאָרנישט געדענקט. ס'איז איהר אויסגעקומען ווילד, וואָס זי ליגט אַזוי אויף דער הוילער ערד ביי זיך אין שלאָף-צימער, נאָר פון נעכטען האָט זי זיך גאָרנישט גע־קאָנט דערמאָנען. דער געדאַנק האָט זיך ביי איהר דורכאויס איבער־געריסען מיט זייטיגע רעיונות, וואָס האָבען צום פּאָריגען מעת-לעת קיין שייכות נישט געהאַט און אַלץ איז געזונקען, ווי אין אַ תהום. דערנאָך, אָנהויבענדיג פון דאָס ניי צו טראַכטען, האָט זיך איהר ווי־דער אַריינגעמישט עפּיס אַ פלאָנטער. זי האָט זיך דערמאָנט אָן אַ גוי, וואָס איז שוין פון לאַנג טוידט געווען, אַ גוי אַ זעלבסט-מערדער, וועלכען זי האָט געזעהן אַמאָל אַ געהאָנגענעם אויף אַ בוים. ס'איז געווען דער אַלטער דאַנילאָ, וואָס האָט אַמאָל געדינט ביי ניסנ'ען אין סמאָליאַרניע.

זי איז אויפגעשפּרונגען פון דער ערד און האָט געשווינד די טהיר געעפענט. דאָס בלאַסע מאָרגען-ליכט פון דער היימליך-אויפגע־ראַמטער שטוב מיט די געווייסטע פענסטער און טהירען האָט זיך אינ'ם טונקעלען שלאָף-צימער אַריינגעריסען און איז געפאַלען אויף דער פּאָדלאָגע ווי אַ גרויער אָבגענוצטער האַנדטוך ביז אַ שטיק אויף דער וואַנד אַרויף. אינ'ם צושפּאָלטענעם שפּיגעל האָבען אויפגעשיינט צוויי קרום-אָבגעהאַקטע הדרים-טיילען, שימערענדע אין ליכט און שאָ־טען און שיינדעל האָט דערזעהן רעם רונדען שטריך אויפ'ן גלאָז, וועלכער האָט זיך איהר ווידער איינגעשניטען אין האַלז, אָבטיילענדיג דעם קאָפּ פונ'ם קערפּער. זי האָט פערבראָכען די הענד און איז אַ דערשראָקענע אַרויסגעלאָפען פון שלאָף-צימער.

אין עטליכע מינוט אַרום איז זי געלעגען אויפ'ן קושעט אַ טוידט־בלאַסע און האָט געפרעגט אַפּאַנאַס'ן מיט אַ שמייכעל:

—ווייסט נישט וואָס ס'בעדייט, אַז ס'חלומ'ט זיך אַ געהאָנ־גענער?

אַפאַנאַס איז געשטאַנען מיט אַ באַרשט אין האַנד און האָט טעפּ געקוקט אין דער זייט אַריין.

—ניכאַיי באָג מילויע. מאַבוטש ניע איק דאָברו.*)

—פון וואַנען ווייסטו דאָס?

—קאַזשוט. ניכאַיי באָג מילויע.**)

אַפאַנאַס האָט זיך איבערגע׳צלמ׳ט און האָט זיך גענומען צוריק צו דער אַרבייט, נאָר שיינדעל האָט איהם ווידער אָבגעשטעלט מיט אַ פראַגע:

—געדענקסט דאַנילאַ דעם סמאָליאַר?

—דאַנילאָ?

—נו, יאָ. דעם וואָס מען האָט געפונען אַ געהאָנגענעם אין וואַלד. ווייסט נישט פאַרוואָס ער האָט זיך אויפגעהאָנגען?...

—באַבאַ זאַמוטשילאַ. אָנאַ הוליאַלאַ, פּאָהאַנאַיאַ.***)

אַפאַנאַס האָט אויפגעהויבען די אויגען אַרויף צו דער ... ווי ער וואָלט דאָס הייליגע בילד געזוכט און האָט זיך ווידער איבערגע׳צלמ׳ט, דערמאָנענדיג גאָט׳ס נאָמען אין דער שטיל. דערנאָך איז ער אַ ווײַלע געשטאַנען אין ערוואַרטונג אויב זי וועט איהם נאָך עפּיס זאָגען און איז אַוועק טהון זיין אַרבייט, ווי פריהער.

שיינדעל האָט איהם מעהר גאָרנישט געזאָגט. זי איז געלעגען אויפ׳ן קושעט מיט די חענד אונטער׳ן קאָפּ אין איהר געליבטער פּאָזע צום טראַכטען און האָט געשמייכעלט איבער זיך אַליין.

—אַ יודישע טאָכטער דאַרף דען זיין אַ נאַר?...

זי איז שוין איצט געווען ביי איהרע קלאָרע געדאַנקען. זי האָט געדאַרפט צוטראַכטען אַ נייעם תירוץ פאַר ברוכ׳ן, איבער וואָס זי קאָן זיך נישט גט׳ן מיט בעניען... אַ נייעם ליגענד וועט זי צוטראַכטען, נאָר זי וועט שוין אויספיהרען איהר׳ס. קיינמאָל, קיינמאָל וועט ער זיך מיט איהר נישט קאָנען שיידען... די קליינע מכשפה וועט איהם ביי איהר נישט אַוועקנעמען... זי דאַרף נאָר צוזוכען אַ נייעם תירוץ... נאָר אין דער רגע האָבען זיך איהר ווידער איבערגעריסען

---

*) זאָל גאָט היטען. אפנים נישט צו נוטען.

**) מען זאָגט. זאָל גאָט היטען.

***) דאָס ווייב האָט פערפייניגט. זי האָט זיך געשפּילט, די ווערימדיגע.

די געדאַנקען. ווידער האָט זי זיך דערמאָנט אָן דעם געהאָנגענעם דאַנילאָ...

ס׳איז איהר קאַלט געוואָרען. אין האַרצען האָט זיך ביי איהר עפּיס איבערגעבראָכען און פון די אויגען האָט זיך אַרויסגעקייקעלט אַ טרעהר. דאָס צובראָכענע געמיט איהר׳ס האָט געוויינט איבער זיך אַליין און האָט פון ערגיץ הילף און רחמים פאַר זיך געבעטען. אין קול האָבען זיך איהר זאַנפטע מתיקות־קלאַנגען אָבגערופען.

—רבונו־של־עולם, העלף מיר... העלף מיר...—האָט זי געבעטען אין דער שטיל און איז אויפ׳ן האַלבען וואָרט פערשוויגען געוואָרען. אין קאָפּ האָט ביי איהר עפּיס אויפגעבליצט און דאָס צובראָכענע רחמנות־געמיט איהר׳ס האָט זיך ווידער פער׳סמ׳ט מיט גאַל. זי איז ווידער געקומען צו איהרע קלאָרע געדאַנקען.

—האָסט מורא פאַר גאָט. ווי פאַר אַ בער...

זי האָט זיך הילכיג פונאַנדערגעלאַכט. אין דער מינוט האָט זי דעם ראָזיגען וויץ ברוכ׳ס געפונען פאַר זעהער געלונגען. זי האָט ווירקליך מורא פאַר גאָט, ווי פאַר אַ בער. נאָר דערביי האָט זי זיך ווידער דערמאָנט אָן דאַנילען און האָט אָנגעהויבען רופען אַפאַנאַס׳ן, ער זאָל איהר זאָגען צי דאַנילאָ איז נישט געווען קיין משוגענער.

נאָר אַפאַנאַס איז איצט אין שטוב נישט געווען. זי האָט איינ־מאָל אויסגעשרינען זיין נאָמען, דאָס אַנדערע מאָל. דערנאָך איז זי אַריינגעלאָפען אין שלאָף־צימער און, עפּענענדיג מיט כעס די קליי־דער־שאַפע, האָט זי גענומען רייסען פאַסען פון אַלצדינג וואָס איז איהר צו די הענד געקומען... — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — —

אַז בעניע איז געקומען מיטאָג עסען, איז די שטוב געווען פערשפּאַרט פון אינעווייניג און די לאָדען פון שלאָף־צימער פערמאַכט. אַפאַנאַס, וועלכער האָט געקלאַפּט מיט ביידע פויסטען אין דער טהיר פון דרויסען, האָט איהם אויף אַלע זיינע פראַגען וועגען דער בעל־הבית׳טע קיין וואָרט נישט געוואָלט ענטפערען. נאָר אַז בעניע האָט איהם לסוף אַראָבגעשטויסען פון גאַניק, איז ער אַוועקגעלאָפען צום שפּיטאָל מיט קולות, מענשען זאָלען זיך צונויפלויפען. מיט דער פּאַ־ניעקע האָט געטראָפען אַנ׳אומגליק.

בעניע האָט דערווייל אויפגעריסען די טהיר און איז אַריין אין

שטוב. ער איז דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר, וואַרפענדיג פערביי אַ בליק אין קיך אַריין און איז אַוועק ווייטער ביז צום שלאָף־צימער, נאָר דאָ איז ער אויף דער שוועל געבליבען שטעהן אַ פערשטיינער־טער. די שאַפע איז געווען אָפען. אויף דער ערד האָבען זיך גע־וואַלגערט וועש און קליידער. אין מיט׳ן שטוב איז אַן׳איבערגעקעהרט בענקעל געלעגען און אין דער הויך אויפ׳ן שטענגעל פונ׳ם עלעק־טרישען רעהר איז געהאָנגען עפּיס אַ האַנדטוך. פאַרזיכטיג האָט ער געגעבען אַ שפּאַן אַריבער די צוואָרפענע זאַכען און זיין געשמידטע ביינעריגע פויסט האָט איינס נאָך דאָס אַנדערע ביידע פענסטער גע־עפענט. אין צימער איז געוואָרען ליכטיג און די פיס האָבען זיך איהם אונטערגעבראָכען, ווי ער וואָלט אַריינגעפאַלען אין אַ תהום. אויף דער ערד נעבען בעט איז געלעגען שיינדעל אַ העסליך־פערענדערטע מיט אַ פערשטיקטען האַלז...

ווען דער דאָקטאָר מיט דער דאָקטאָרין זענען אַריינגעלאָפען און נאָך זיי דער איבערגעשראָקענער אַפּאַנאַס, איז שוין דער ווייסער זיידענער טלית־שטרויף, אויף וועלכען זי האָט זיך אויפגעהאָנגען, גע־ווען ביי בעניען אין די הענד. ער איז געזעסען אויף דער ערד און האָט זי אָנגעקוקט טעמפּ און שטום, ווי אַ פערשטיינערטער. דער דאָקטאָר האָט זיך אָנגעבויגען צו איהר און האָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנד. די דאָקטאָרין האָט אָנגעהויבען שטיל צו שלינגען די טרעהרען און אַפּאַנאַס איז מיט אַ געוויין אין גאַס אַנטלאָפען.

אין אייניגע מינוט אַרום איז שוין געווען אַ רושם אויפ׳ן גאַנ־צען שטעדטיל. קליין און גרויס האָבען זיך געלאָזט לויפען צום טעכ־ניקערס דירה, נאָר בעניע איז געשטאַנען ביי דער טהיר און האָט קיינעם נישט אַריינגעלאָזען און, דערזעהענדיג לויפען ברוכ׳ן אַנ׳איינ־געבויגענעם מיט די אויגען צו דער ערד אינאיינעם מיט אַשכנזי׳ן, האָט ער זיך צו זיי ביידען פערמאָסטען מיט אַפּאַנאַסעס האַק, וואָס איז איהם גראַדע צו די הענד געקומען. אַשכנזי האָט גלייך געלאָזט רופען צוויי אַרבייטער, זיי זאָלען איהם ענטוואָפענען און אַליין איז ער אַריין אין שטוב אַ קוק טהון אויף דער טוידטער סאָפיאַ לאַזאַראָוו־נאַ. דערביי האָט ער אויך געהאַט אין זינען פערשטעלען מיט זיך ברוכ׳ן, נאָר יענער איז אויפ׳ן אָרט ערגיץ נעלם געוואָרען. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען איהם דערנאָך געזוכט און געפונען האָט מען איהם ערשט אין פריהמאָרגען. ער איז געלעגען אויפ׳ן ברעג אין אַ שיפעל

מיט אַ היציגען קאָפּ און פערשמאַכטע ליפּען...
ער איז געוועזען שרעקליך פערקיהלט.

---

שיינדעל איז געלעגען מעהר ווי אַ מעת לעת. איהר טוידט האָט מען ענדעקט פרייטאָג נאָך האַלבען טאָג און די לויה איז געוועזען שבת־צו־נאַכט. נאָר וועדליג לייט האָבען געזאָגט, איז עס נאָך געוועזען מיט חסד. איהרע גרויסע בעקאַנטשאַפטען ביים לעבען האָבען זי נאָך בעגלייט ביז׳ן קבר. דער דאָקטאָר מיט לעאָנ׳ען זענען געוועזען פאַר איהר גוטע מליצים מען זאָל זי נישט פּאַלמעסען. אויך האָט איהר די באָבע געוואָלט טהון אַ טובה, זי זאָל וואָס גיכער צו קבורה קומען, האָט זי איהר אַוועקגעשענקט די תּכריכים, וועלכע זענען ביי איהר געלעגען אויפגעגייטע פון יאָהרען צוליב דעם זעלבען צוועק פאַר זיך אַליין. ווייטער האָבען געצאיילט די שמשים. דעם מת האָט מען געדאַרפט פיהרען מיט דער פוהר אינ׳ם אַלטען שטעדטיל אַריין. די נאַכט איז געוועזען אַ פינסטערע און דער וועג אַ שלעכטער. דעריבער איז שיינדעל באַלד נאָך הבדלה שוין געלעגען אויף דער ערד מיט די פיס צו דער טהיר פון איהר שען־אויפגעפּאַסטען עס־צימער מיט די ביי־אויסגעשריבענע פּאַלמען אין די ווינקלען. צוקאָפּענס זענען איהר געשטאַנען די פּאָר ווייבעלשע לייכטער איהרע מיט אָנגעצונדענע ליכט, וועלכע האָבען געטרעהרט קעגען די אָפענע טהירען און דער־ביי זענען אויף אַ בענקעל געלעגען ראשע־לאה׳ס כשר־בייוועלענע תּכריכים, וואָס זי האָט מיט איהרע אייגענע הענד געוועבט און איינגעבלייכט, כדי צו קומען אין שענע ליכטיגע קליידער פאַר׳ן רבונו־של־עולם. די אַלטע האָט זיך געבראָכען די הענד, טענה׳נדיג, ווי פון אַ מענה־לשון אַרויס און דערביי האָט זי אויף איהר שטייגער געשאָלטען די סטאַנ־ציע מיט איהרע פערפיהרענישען. נאָך איהר האָט איטע געיאָמערט און צוגערעדט, טוליענדיג דעם קאָפּ צו דער טאָכטערס טוידטען גוף און ביי דער אַנדערער זייט די קלאָרע אָבגעצערטע חנה, וועלכע איז ערשט געוועזען אויפגעשטאַנען פון אַ קינד־בעט. גיטעלע האָט געוויינט בעזונדער. זי איז געשטאַנען נעבען פענסטער בעהאַלטען דאָס פּנים אין גאַרדין, ווי אַ ברוגז קינד און איהרע געטאָקטע אַקסלען האָבען זיך לייכט געהויבען, לייזער׳ן מיט בעניען האָט מען נישט געזעהן. זיי האָבען זיך אַרומגעדרעהט אין דרויסען צווישען דעם נייגע־יגען

עולם, וועלכער האָט די שטוב בעלעגערט, ביידע שווייגענדיגע און ביידע פערנומענע מיט ממשות׳דיגע זאַכען. ביידע האָבען זיי זיך קיין פוהר נישט געקאָנט צוקלייבען אַוועקצופיהרען דעם מת צו דער קבורה.

צו דער לויה איז געפאָהרען 8 היבשער עולם, נאָר די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע און דער וועג אַ שלעכטער. וואַלד און פעלד זענען אין זומפען געווען פערטרונקען. אַ נאָגענדע פוילע קעלט האָט דעם פינסטערען חלל אָנגעפיהלט און די פוהרלעך נאָכ׳ן מת, וועלכען מען האָט פאָרזיכטיג געפיהרט אויף אַ ברייטען פויערשען וואָגען מיט אַ פּאָר פערד געשפּאַנט, זענען וואָס ווייטער ווייניגער געוואָרען. איבעריאָגען און אַוועקפאָהרען אַפריהער האָט קיינער נישט געוואַגט און שלעפען זיך אַזוי טריט ביי טריט אינ׳ם חשך און נאַסקייט איז געוואָרען זעהער נישט היימליך. האָבען זיך פּאָרלעך געטוליעט איינס צום אַנדערען אין אַ געדריקטער אימה-שטילקייט און מען האָט ביסלעכווייז געקערעוועט די פערד צוריק. געבליבען זענען נאָר איינציגע לייזער׳ס גוטע פריינד און שיינדעלס נאָהענטע פערעהרער. אויך איז צווישען די דאָזיגע געווען דבורה, ברוכ׳ס שענע און קלוגע מאַמע.

איהר געראָטענער זוהן איז איצט געלעגען אין אַ לונגען-ענטצינדונג מיט אַ געפעהרליכער טעמפּעראַטור. ער האָט גערעדט פון היץ אַזעלכע ווערטער, פון וועלכע איהר שנור האָט אינ׳ם אַנדערען צימער געוויינט אויף איהר ביטערען מזל און זי האָט בעגלייט אין איהר אייביגער רוה די, וואָס איז אין דעם אַלעמען שולדיג געווען. ווי אַ שאָטען אין שוואַרצען געהילט האָט זי זיך אַ גאַנצען אָווענד אַרומגעדרייט נעבען דער שטוב מיט דער דעה אַריינצוגעהן בעטען שיינדלען מחילה. זי איז גרייט געווען זיך מודה זיין, אַז זי, דבורה, איז אפשר שולדיג, וואָס ׳ האָט אַמאָל אויסגעשריבען פאַר איהר זוהן אַ כלה, ווי איהר שטעהט אָן. נאָר אויב אַזוי, זאָל גאָט שטראָפען זי אַליין. זאָל ער איהר אויף דער עלטער געבען יסורים. די שיין זאָל ער ביי איהר צונעהמען. זי וועט אַלצדינג אָנעהמען פאַר ליב. נאָר איהר קינד זאָל נישט געשטראָפט ווערען, ווייל די שולדיגע איז זי נאָר אַליין. דאָס אַלצדינג האָט זי געוואָלט אַרויסזאָגען דער טוידטער שיינדלען, וועלכע איז געלעגען אויף דער ערד מיט די אָנגעצונדענע ליכט צוקאָפּענס. נאָר זי האָט עס נישט אַרויסגעזאָגט. דערהערענדיג דורך דער אָפענער טהיר ראשע-לאה׳ס מיט איטעס יאָמערען און זייערע ווייבערישע טענות, האָט זי זיך יעדעס מאָל בעהאַלטען צווישען

עולם אַ פערשעמטע. אויך האָט עס איהר נישט געלונגען ביים אָפּע-נעם קבר. די קולות פון דיביידע פערגרעבטע ווייבער האָבען זי ווידער געטריבען ערגיץ אָן אַ זייט, אַ פערשטעלטע פון מענשען.

ס'איז שוין געווען שפעט ביינאַכט, ווען דבורה איז געפאָהרען צוריק אַליין אויף אַ פוהר אַנ'איינזאַמע אינ'ם נאַסען שווערען חשך פון די אַרומיגע פעלד און וואַלד. זי איז געווען שטאַרק צובראָכען. די גאוה האָט אין איהר בעהערשט אַלע געפיהלען פון תשובה און חרטה און די שווערע שולד, וואָס איז איהר געלעגען אויפ'ן געוויסען, איז געבליבען ביי איהר אין האַרצען פערבאָרגען. דאָרטען איז איהר שענער יונגער ברוך געלעגען אין היץ. די שנור האָט אינ'ם אַנדערען צימער געוויינט אויף איהר ביטערען מזל און זי, אַ מאַמע, האָט צוליב איהרע קינדער די גדלות איהרע נישט געקענט צוברעכען. פאַר מענ-שען האָט זי זיך דערשראָקען, וואָס זענען אַזוי זינדיג, ווי זי אַליין, מענשען, וואָס לעבען מיט חסד פונ'ם אויבערשטען און זי האָט איצט ביי איהם געבעטען רחמים. זיצענדיג אָנגעשפּאַרט צום אָנלעהן פון וואָגען, האָט זי געקוקט אַרויף אין דער הימעל-פינסטערניש און האָט אויפ'ן קול תהילים געזאָגט, טאָקענדיג די ווערטער און פּסוקים לויט'ן זאַץ און טראָפּ און דערביי האָט זי געטריבען דעם פוהרמאַן פאָראויס, ווי זי וואָלט געוואָלט ענטלויפען ערגעץ פון זיך אַליין.

דערנאָך איז דבורה שטילער געוואָרען. אַריינקומענדיג אין אַ קליין פערשלאָפען דערפעל, וואָס איז געלעגען ביים וועג, האָבען זי אָנגעיאָגט אַנדערע פוהרען פון דער לויה: פריהער דער דאָקטאָר מיט זיין קרוב, דעם אייביג-שכור'ן סטודענט, וועלכע זענען אַוועקגעפאָה-רען פאָראויס, אונטערזינגענדיג עפּיס אַנ'אומעטיג רוסיש לידעל און הינטען האָט זיך געשלעפּט אַ שווערע פויערשע פוהר מיט שכנא'ן און בעניען און מיט זיי דער אָלעסיער סמאָליאַרניק מיט'ן ווייב.

ניסן מיט העניען האָבען אויך געפונען פאַר נויטיג צו בעגליי-טען שיינדלען אין שטעדטיל אַריין. פון זינט זי האָט זיך אָבגעזאָגט פאָהרען קיין אַמעריקע צו מאיר'ן, פלעגען זיי צו לייזער'ן אויף קיין שמחות נישט געהן און העניע האָט געטראָגען אין האַרצען אַ שנאה ווי אויף שיינדלען, אַזוי אויף דער גאַנצער געזינד דעם מיהלנערס. נאָר איצט ביי אַזאַ אומגליק און ס'איז שוין אַוועק אַזויפיל יאָהרען. דעו'צו זענען זיי געשטאַנען אויפ'ן וועג קיין אַמעריקע, האָבען זיי זיך בערעכענט זאָל זייערס אַריבערגעהן, בפרט ס'איז דאָך אויסגע-

קומען צו גוטען. לייזער איז נאָך געווען דער גוטער שליח און דורך זיין האַנד האָט גאָט צוגעשיקט מאיר'ן אַזאַ טייער ווייבעל, ווי סאָניע. זיי זענען איהם איצט געווען די בעסטע גוטע פריינד, ווי ניסן, אַזוי די פערביסענע העניע. פאָהרענדיג איצט פון שיינדעלס לויה אינאיינעם מיט בעניען און שכנא'ן, האָבען זיי נאָר דאָס אייגענע גליק נישט געקאָנט פערשווייגען.

די סמאָליאַרניע האָבען זיי גוט פערקויפט, נאָר פונ'ם געלד האָבען די קינדער נישט געלאָזט אָנריהרען קיין גראָשען. די אַריינגעשיקטע שיפס-קאַרטעס פון צווייטען קלאַס זענען געווען איינגעצאָהלט מיט כשר-עסען אויפ'ן שיף און אַלע קלייניגקייטען בעזונדער. פון טאָג-אויף-טאָג האָט מען דאָרטען געוואַרט אויף זיי און בעצייטענס נישט געקאָנט דורכקומען צווישען זיך איבער טאַטע און מאַמע. שרה'לע האָט געוואָלט זיי זאָלען אויפ'ן ווינטער פערבלייבען ביי איהר אין ניו-יאָרק און מאיר מיט סאָניען זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז דאָס אַלטע פאָר-פאָלק מוז גלייך פאָהרען צו זיי אויף דער פערמע, וואו זיי דאַרפען זיך בעזעצען אויף שטענדיג. דערנאָך, אַז מען וועט זיך איינאָרדענען, וועלען זיי זיך פאָהרען צו איהר אין געסט, ווען זיי אַליין וועט געפעלען. אין יעדען בריוועל, וואָס ניסן פלעגט ברענגען פון דער סטאַנציע, האָט זיך געפיהלט אַנ'אָבקלאַנג פונ'ם דאָזיגען סכסוך און די צופרידענע טאַטע און מאַמע האָבען פאַר די אַלטע קריוואָ-דובער שכנים געהאַלטען אין איין דערצעהלען חידושים פון זייערע אַמעריקאַנער גליקליכע קינדער. דערביי האָט העניע נישט אויפגעהערט צו לויבען די שנור, וואָס פאַר אַ טייערע בעל-הבית'טע זי איז, ווי שען זי פיהרט די קינדערלעך און ווי גוט זי לעבט מיט שרה'לען, וועלכע פאָהרט זומער אין דאָרף אַריין צו זיי אויף דאַטשע. און ניסן האָט באַשטעטיגט. אַז דאָרטען איז אַזאַ וועלט, ווי דאָ. אין דאָרף האָדעוועט מען עופות. בהמות האַלט מען ביי דער שטוב. אַ פערד און וואָגען איז פאַרהאַן. זומער-צייט קומען די שטאָדטיגע אויף דאַטשע. אומעטום איין וועלט.

—נו, אודאי. ווען מען גאָט העלפט, איז אומעטום גוט—האָט איינגעשטימט שכנא.

ער איז איצט געווען פערטיפט אין זיינע אייגענע טאַטישע רעיונות. ביי איהם האָט צוריק אויפגעבליהט די האָפענונג פון זיין שטילען פאָלגענדיגען בעניען צו דערלעבען אַ שטיקעל נחת. ער וועט

איהם צוריק בעזעצען אין אָלעסיע און מיט דער צייט, אַז ער וועט זיך אַ ביסעל פערגעסען, וועט ער איהם הייסען רעדען שידוכים. נאָר דערביי האָט ער נאָך געהאַט אין זינען צו פאָדערען ביי לייזער׳ן די פאָר לייכטער און פון זיין זייט וועט ער זעהן בעניע זאָל אָבגעבען צוריק דעם זייגער.

בעניע אַליין איז געזעסען אַ פערגליווערטער אָהן לשון און אָהן געדאַנקען. אין אַזאַ צושטאַנד איז ער שוין געווען דעם צווייטען מעת־לעת, פון זינט ער האָט דערזעהן שיינדלען ליגען אויף דער ערד אַ העסליך־פערענגדערטע מיט אַ פערבונדענעם האַלז. אויפ׳ן בית־עולם נאָר האָט ער אַ פּאָר מאָל אַ וויין געטהון אויפ׳ן קול, פון וועלכען דער עולם איז אין שרעק פערשטוינט געוואָרען אויף די ערטער. דער־נאָך האָט ער ווידער אָן אַלץ פערגעסען...

---

לייזער האָט זיך [illegible] צוריק פון שטעדטיל נישט אומגעקעהרט. נאָך דער לויה איז ער אַוועק אין קהל-שטיבעל פונ׳ם אַלטען בית־המדרש און האָט זיך דאָרטען געזעצט „שבעה״, ערקלערענדיג פעסט איטען מיט די קינדער, אַז ער פערבלייבט דאָ אין שטעדטיל „קדיש״ זאָגען און אַהיים וועט ער זיך נישט אומקעהרען. דערנאָך, אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען דאַווידקע איז איהם געקומען מנחם־אבל זיין, האָט ער מיט איהם בעפוילען צו איטען, זי זאָל שיינדעלס זאַכען פערקויפען און דאָס געלד צוטהיילען אויף צדקה. גיטעלען זאָל זי נישט לאָזען נעהמען קיין שנירעל פון דאָרטען. אויך האָט ער איהר אָנגעזאָגט, זי זאָל אַרויסנעמען פון לעווי׳ס קאַנטאָר דאָס געלד. וואָס ליגט דאָרטען איינגעלייגט. האַלב דערפון זאָל זי אָבגעבען איהם, דאַווידקען, און די אַנדערע העלפט זאָל זי איינלייגען אין דער שטאָד־טיגער באַנק אויף גיטעלעס נאָמען. און אויפ׳ן סוף האָט ער נאָך פון איהר פערלאַנגט אַ קליינינקייט—זי זאָל נעהמען גט, ווייל ער וויל פון זיך אַראָבוואַרפען דעם עול פון ווייב און קינד און ווערען אַ פרוש. איהר, איטען, זאָגט ער קיין דעה נישט. פערקעהרט, אַ יודענע אַליין, זאָל זי זיך נעהמען אַ מאַן, וועט איהר נישט זיין אַזוי שווער דער יאָך פון פּרנסה. און ער דאַרף גאָרנישט. קיין טעג וועט ער נישט געהן עסען. ער וועט נעהמען אַ צוויי־דריי גמרא־יונגלעך אויף אַ פּאָר שעה אין טאָג, וועט ער שוין אויסקומען מיט זיין חיונה.

דאָס אַלצדינג האָט לייזער אָנגעזאָגט מיט דאַווידקען און יענער האָט עס פּינקטליך איבערגעגעבען דער שוויגער. איטע האָט ערפּיהלט אַלע זיינע פערלאַנגען. צו שיינדעלס זאַכען האָט זי גיטעלען נישט געלאָזט זיך צוריהרען. נאָר אונטערן שאַפע האָט זי געפונען אַ זילבערן זייגערעל מיט איהר אייגענער מאָנאָגראַמע אין בלוי-צאַרטען עמאַל געקריצט. האָט זי עס ערלויבט איהר צונעהמען זיך, רעכענדיג, אַז שיינדעל האָט עס איהר געוועזן געקויפט אַ מתנה. ווייטער האָט זי אַלץ צושענקט אָרימעלייט. מיט׳ן געלד האָט זי אויך געטהון פּונקט, ווי ער האָט געהייסען, נאָר געקומען צום גט, איז זי עפּיס אָבהענדיג געוואָרען. דערצו איז נאָך די מאַמע אויף איהר אָנגעפאַלען מיט קולות:

—ביזט אַ גזלנ׳טע אויף זיך אַליין! האָסט אַ למדן אַ מאַן. געהאַט מיט איהם אַכט קינדער. אין זיין זכות וועסטו אפשר האָבען אַ שטיקעל יענע וועלט. געהסטו אויף די עלטערע יאָהרען נעהמען גט. אָן זאָג איהם בעסער אָן, אַז דו דאַרפסט נישט, ער זאָל דיך שפּייזען. וועסט איהם, חלילה, פון דער תורה נישט אָברייסען. זאָל ער דיר כאָטש געבען די מצוה אויסוואַשען איהם אַ העמד אויף שבת. ביזט דאָך נישט ערגער פון קיין פרעמדער יודענע. האָסטו געזעהן, מיט אַזאַ מאַן זיך גט׳ן.

איטע האָט געפאָלגט דער מאַמעס עצה. זי האָט זיך אָבגעזאָגט פון׳ם מאַנס חיונה און לייזער האָט איהר דערפאַר צוגעטהיילט די מצוה, וואָס זי האָט פערלאַנגט. פון דעמאָלט אָן פלעגט זי שטעהן אַלע דאָנערשטאָג אויפ׳ן בריק נעבען דעם אַלטען שליאַך מיט אַ פּעקעל אונטער׳ן פאַטשיילע, דערוואַרטענדיג פון סטאַנציע די שטעדטילדיגע בעלי-עגלות. אַז יענע פלעגען צופאָהרען, האָט זי זיך גערויטעלט אין פּנים, ווי אַ יונג ווייבעל און האָט שעמעוודיג דאָס ווייסע אָבגעהיטע בינדטעל זיי איבערגעגעבען.

און לייזער האָט געלעבט דאָרטען אין שטעדטיל פריי, ווי אַ פויגעל. געלערענט האָט ער אין קהל־שטיבעל פונ׳ם אַלטען בית־המדרש און געשלאָפען ביים רב אין בית־דין־שטוב אויפ׳ן קאַנאַפּע. זיין חיונה האָט ער געהאַט בכבוד. פון די צוויי־דריי גמרא־תלמידים איז נאָך איהם פערבליבען אויף קליידונג. אויך האָט ער אָבגעשפּאָרט פאַר שיינדלען אַ שטיינערנע מצבה, אויף וועלכער ער האָט אַליין אויס־

געמאָהלט אַנ׳אָבגעהאַקטען בוים און אונטען אָ ז ע  זנגעשריבען מיט גרויסע גע׳כתב׳עטע אותיות:

אשה צעירה בימים מרת שיינדעל בת ר׳ גליעז-

ו

ס׳איז אַוועק דער ווינטער.

ברוך איז געקומען צוריק פון מעראַן, וואוהין די דאָקטוירים האָבען איהם געשיקט היילען זיין לונגען־קאַטאַר, וואָס איז איהם פון דער שווערער קראַנקהייט פערבליבען. ער איז דאָרטען געזעסען דריי חדשים און איז געקומען פאָלקאָם געזונד. די היים האָט ער געטראָפען אין דער בעסטער אָרדענונג. מינע איז געוועזען פערהאַוועט אין׳ שטוב און נאַריש-געהאָרכזאַם, ווי פריהער. די קינדער זענען אונטער־געוואַקסען. זשאַמקע האָט געלערענט העברעאיש און האָט זיך פאַר איהם גלייך אויסגעבעריהמט מיט זיינע נייע קענטעניששען. ראובעלע האָט זיך אויסגעלערענט ציילען ביז הונדערט. דער קליינינקער האָט אַליין אָנגעהויבען אַרומגעהן. זיי האָבען זיך אַלע גוט ענטוויקעלט און אין שטוב איז געוועזען אַ רעש פון דריי שטיפערס.

ווייטער איז אַלץ געוועזען, ווי פריהער. זאַבאָלאָטאָוו איז געשטאַנען אויף דעם זעלבען גוטען מעמד פון לעווי׳ס קאַנטאָר. דער עולם האָט זיך ביסלעכווייז איינגעלעבט מיט׳ן גירוש גאַנץ געמיטליך. די פערמערע פריצה ליסיצקאָוואַ איז אַרויסגעפאָרען אין שטאָדט און האָט זיך דאָרטען געקויפט אַ הויז, וואָס די זאַבאָלאָטאָווער יודען האָבען איהר צוגעשאַרט פאַר אַ מציאה... די „איידעלע קריסטען״ האָט מען אויך ווי עס איז בערוהיגט און אין זעמסטווע איז שוין געוועזען אַ נייע קריסטליכע אַקושערין.

אויך האָט איהם זיין נאַרישע שוועסטער דערצעהלט ווייעס פון גיטעלען, ווי שעהן און געראָטען זי איז. זי האָט אויסגעהאַלטען עקזאַמען אויף לאַטיין און אַרבייט שוין אין אַפּטייק. אַליין איז זי געגאַנגען צו לעאָנ׳ען בעטען אַ פּראָטעקציע צום אַפּטייקער. און איצט לערענט זי ווייטער. זי גרייט זיך צום עקזאַמען אויף אַ רייף־אַטעסטאַט און וויל פאָהרען שטודירען דאָקטאָר. אויך האָט איהר דער פרי-

צישער עקאָנאָם אַ טובה געטהון, איטע זאָל זיך מעגען בעזעצען אויפ׳ן סטאַנציע און ווען נישט די אַלטע ראָשע־לאה, וואָס וויל זיך נישט ריהרען פון ראָדניקאָווע, וואָלט זי געקענט וואוינען פריי אין זאַבאָ־לאָטאָווו.

דערנאָך האָט זי זיך דערמאָנט אינטערעסאַנטע מעשיות פון אשכנזי׳ן, ווי אַזוי ער שרייבט זיך דורך מיט זיינע געוועזענע ביידע כלות. זיי האָבען איהם געשיקט זייער בילד אַרונטערגענומען אין ווייסע זומער־טואַלעטען, אינאיינעם מיט די קינדער. דאָס בילד שטעהט ביי איהם אויפ׳ן טישעל און פאַר יעדען בעריהמט ער זיך דערמיט. אויך ווייזט ער אַלעמען זייערע בריף, ווי אַזוי זיי רופען איהם קיין אַמעריקע, וועלען זיי איהם דאָרטען געבען אַ שענע און אַ רייכע כלה. נאָר ער לאַכט זיך אויס דערפון. ער איז איצט פערליבט אין גיטעלען אינאיינעם מיט דער דענטיסטינס ברודער, געהען זיי ביידע פון אַפטייק נישט אַרויס און צו די אימענינעס האָט ער איהר געשיקט זיבעצעהן ווייסע רויזען, לויט דער צאָהל פון איהרע יאָרהען.

דאָס אַלצדינג האָט ברוכ׳ן דערצעהלט זיין שוועסטער, ווען זי איז געזעסען נעבען איהם אין קאַבינעט אויפ׳ן דיוואַן דעם ערשטען טאָג, וואָס ער איז געקומען צו פאָהרען. ער האָט זי געהערט ווי אַנ׳־עלטערער מענש הערט אויס אַ קינדעריש פלאַפלעריי. ס׳איז איהם אויסגעקומען קאָמיש, וואָס דערוואַקסענע מענשען פערנעהמען זיך נאָך אַלץ מיט די דאָזיגע נאַרישקייטען און יאָגען זיך נאָך יעדעס שענע מיידעל, מיינענדיג אַלעמאָל, אַז זיי זענען שטערבליך פערליבט אינ׳ם דאָזיגען מיידעל און אַז זי אַליין איז אויך פעהיג אַזוי צו ליבען. פשוט׳ע נאַטירליכע אינסטינקטען, וואָס איין מין פיהלט צום אַנדערען, נעהמען זיי אָן פאַר ליבע, רופען עס מיט שענע ווערטער, בעקרוינען עס מיט בלומען און פערשטעהען נישט, אַז זיי שאַפען אַ מטבע, כדי זיך אַליין אָבצונאַרען.

ער, דער געפרובטער ברוך, האָט שוין געוואוסט פון דעם סוד, אַז באמת צו ליבען זענען נאָר פעהיג יחידי־סגולה, אַזעלכע נאַטורען, ווי שיינדעל, וואָס קאָנען נאָר ליבען איין מאָל אין לעבען און שטאַר־בען דערפון. און דער מין ליבע פון איינלעבען זיך איז אַ גאַנץ פשוט׳ער ענין. מען קאָן זיך איינלעבען מיט יעדער געזונטער און יונגער פרוי. ער איז איצט פאָלקאָם מסכים געווען מיט׳ן פרומען זיי־דען. אויב די ליבע צו אַ פרוי איז נישט קיין אייביגקייט, נאָר עפּיס

אַזוינס, מיט וואָס מען קאָן זיך איינלעבען, איז דער מאָראַלישער חוב פונ'ם מענשען צו קעמפּפען מיט זיינע תאוות און פערהיטען דעם אַנדערען צד, דעם שוואַכערע, וועלכער מוז ליידען דערפון. קאָן דער היינטיגער מענש נישט געבען זיין נאָמען און זיין הויז יעדער פרוי, וואָס ער האָט ליב, מוז ער זיך איינלעבען בלויז מיט דער בעשער־טער, ווי דער פרומער זיידע האָט עס געטהון. און לעאָנ'ס שיטה לויט די אַלטע גריכען איז פאַלש, ווייל זי איז געבויט אויף מענש־ליכע ליידען, ווייל די צייטוויילינע הנאה ווערט געקויפט מיט פיין פונ'ם צווייטען און פונ'ם שוואַכערען. ס'איז היידענטום. ס'איז עשו'ס יושר. לייזער איז גערעכט. דאָס זענען גוי'שע דרכים... אויף פרעמ־דע וועגען זענען מיר אַוועק.

נאָר ער, ברוך, איז דערגאַנגען דעם אמת צו שפּעט. זיין בלאָנ־דזען האָט איהם געקאָסט שיינדעלס לעבען, וואָס וועט איהם אייביג פער'סמ'ען זיין געמיט. דערצו איז ער שוין אַליין אויך אָבגעלעבט. נאָר מיט זיך האָט ער בכלל געענדיגט. איהם האָט שוין מעהר נישט געאַהרט, וואָס ער פערבלייבט אַ נישט דערלערענטער בעל־הבתישער גאָרנישט. ער האָט איצט געהאַט וויכטיגערע אויפגאַבען פאַר זיך, אויף זיין פריה־געעלטערטען קאָפּ איז געלעגען דער עול־גידול־בנים. ער איז געווען פערפליכטעט פאַר זיינע קינדער און ער מוז זיי ער־ציהען אין דעם גייסט, זיי זאָלען אויסמיידען זיין בלאָנדזען אין לעבען.

ברוך האָט זיך אויסגערוהט פון וועג און איז צום מאָרגענס אַוועק אין קאַנטאָר.

ס'איז שוין געווען פריהלינג אין דרויסען. דער טייך, אַ גע־לייטערטער דורך די צושמאָלצענע אייז־קריעס, האָט זיך געמינעט געגען דער זון אין בלויע זיידענס און דימענטען. פון דער פייכטער שוואַרצער ערד האָט שוין זואו אַ גרעזעל אָנגעהויבען שפּראָצען. ער איז אַריבער די נייע בריק, ענטפערענדיג גלייכגילטיג אויף די שמייכ־לענדע גוט־מאָרגענס פון אַלע זייטען און איז אַוועק לאַנגזאַם מיט'ן לאָנקע צום קאַנטאָר. נאָר מיידענדיג די אַפּטייק, האָט איהם האַסטיג אַ קלאַפּ געטהון דאָס האַרץ און ער האָט אָנגעהויבען צו געהן גיכער. גיטעלע איז געשטאַנען נעבען דעם גרויסען געגלעזטען פענסטער אָנ־געטהון אין אַ ווייסען כאַלאַט מיט לאַנגע אַרבעל און אַליין האָט זי שוין אויסגעזעהן גאָר אַ גרויס מיידעל. די צעפּ זענען איהר שוין געווען פערלייגט אַרום קאָפּ אין ראַנדן, ווי שיינדעל פלעגט זיך קע־

קעמען אַמאָל אין ראָ־ניקאָווע. דאָס גאָלד־שימערענדע קעפּעל האָט זי געהאַלטען אויסגעבויגען אָן אַ זייט און דעם אָנגעשטרענגטען קורצ-זיכטיגען בליק געווענדעט אין דער ווייט אַריין. זי האָט איהם גע־ענטפערט אויפ׳ן גרוס מיט אַ שמייכעל, נאָר בעמערקענדיג ווער דאָס איז, האָט זי ברוגז צונויפגעצויגען די ליפּעלעך און איז געוואָרען ערענסט.

ברוך האָט זיך אומגעקעהרט צוריק צו דער בריק, ווי ער וואָלט דאָרטען עפּיס פערגעסען און, דורכגעהענדיג ווידער פערביי דער אַפּ־טייק, וואו גיטעלע איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביים פענסטער, דאָס קע־פּעל אויסגעבויגען אַנ׳ערענסט־ברוגז׳ע, האָט איהם דאָס האַרץ ווידער אָנגעהויבען צו קלאַפּען און מיטאַמאָל האָט איהם אין קאָפּ אויפגע־בליצט אַ משונה׳דיגער געדאַנק: ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז נאָך קיין גאַנצע פיער־און־דרייסיג יאָהר נישט אַלט...

ער האָט בייז צונויפגעדריקט די ברעמען און איז אַוועק ווייי־טער, נאָר אין דער רגע האָט ער זיך ווידער אומגעקעהרט צוריק און איז איילענדיג אַריין אין אַפּטייק נאָך אַ פּראָשעק צו קאָפּ־שמערצען. גי־טעלע האָט איהם געגעבען, וואָס ער האָט געבעטען און איז אַ רויט-פערשעמטע שטעהן געבליבען פון ווייטען. ברוך האָט זיך צו איהר פערנויגט און איז אַ דערפרעהטער אַרויסגעלאָפען אויף יענער זייט טהיר, ווי אַ גרויס גליק וואָלט איהם מיטאַמאָל געטראָפען.

דריקענדיג אין האַנד די אָבלאַטקע פּיראַמידאָן, איז ער שנעל אַוועק מיט׳ן לאָנקע באַרג־אַרויף און אַ שטראָם פון נייע כחות האָט זיין גאַנצעס וועזען געקרעפטיקט.

